פנחס ערליך

# ייִדישע ליטעראַטור-אַנטאָלאָגיע



פאַר די ערשטע יאָרן מיטלשול


י.ל. פרץ


מענדעלע מוכר ספרים


שלום עליכם


י. דינעזאָן

מ. ראָזענפעלד




א. רייזען


ח.נ. ביאַליק

ש. פרוג



ש. אַש

י. אָפּאַטאָשו





פאַרלאַג ש. סגל — קאָריענטעס 2854 — בוענאָס איירעס

P. ERLICH

# ANTOLOGIA DE LA LITERATURA JUDIA



**EDITORIAL S. SIGAL**

CORRIENTES 2854 BUENOS AIRES

ARGENTINA

---

Este libro se terminó de imprimir el día 6 de abril de 1960, en los Talleres Gráficos Julio Kaufman S.R.L., Corrientes 1976 - Buenos Aires.

# פאָרוואָרט

עס איז קלאָר פאַר יעדן איינעם וואָס שטייט נאָענט צום יִדישן דער־ציִונגס־וועזן אויף אונדזער אַמעריקאַנער קאָנטינענט, אַז דער הויפּטציל פון דער יִדישער שול, פון דער יִדישער דערציִונג, איז געווינען אונדזער קינד פאַרן יִדישן לעבן.

די יִדישע שול פאַרשטייט קלאָר איר ציל און זי טוט אַלץ, כדי צו אַנט־וויקלען בײַ די קינדער ליבע צו יִדישקייט און אַ ווירדיקע באַציִונג צום יִדישן זײַן.

די יִדישע ליטעראַטור קען אין דעם זין פיל בײַטראָגן, ווײַל די יִדישע ליטעראַטור, באַזונדערס די קלאַסישע, דערציילט דעם תּלמיד וועגן דעם פאָלק, וועגן דער כאַראַקטער און שטרעבונג פון יִדישן מענטש, זײַן קאַמף פאַר מענטשלעכער און נאַציאָנאַלער פרײַהייט, זי אַנטפּלעקט די שיינקייט פון יִדישן לעבן און פון יִדישן שאַפן.

ליטעראַטור בכלל איז אַ מעכטיק מיטל אויסצוברייטערן דעם וועלט־באַנעם פון תּלמיד, זי גיט אים אַ קלאָרן באַגריף וועגן מענטש און געזעל־שאַפט, ווירקט באַזונדערס די ליטעראַטור אַז די דערפאַרונג פון תּלמיד זאָל ווערן טיפער, זי מאַכט קלאָרער און שאַרפער זײַן באַאָבאַכטונג־פעִיקייט, זי איז בכוח אויפצוהייבן דעם תּלמיד איבער אַלע וואָכעדיקע אינטערעסן.

איז ממש אַ ברכה איבער דעם וואָס מיר האָבן דאָ אויף דעם זײַד־אַמע־ריקאַנער קאָנטינענט שוין דערגרייכט צו דעם דאָזיקן פאַרמעסט פון אַרויס־געבן אַ יִדישע ליטעראַטור־אַנטאָלאָגיע פאַר אונדזערע קינדער. אַ סימן, אַז מיר האָבן שוין פאַר וועמען צו שאַפן, אַ סימן אַז מיר האָבן שוין פאַר וועמ־ען פאָרצוברענגען און אין וועמען איבערצופלאַנצן די גײַסטיקע אוצרות, די גײַסטיקע ווערטן, וואָס אונדזערע גרויסע יִדישע קינסטלער האָבן גע־שאַפן. מיר קענען שוין איצט נישט פרעגן „ל מ י א נ י ע מ ל". פאַר וועמען שאַף איך, ווער וועט לערנען, ווער וועט זיך באַקענען מיט דער רוחניותדיקער שיינקייט און דערהויבנקייט, וואָס איז פאַראַן אין אונדזער גרויסער יִדישער ליטעראַטור. יאָ, עס איז שוין פאַראַן, עס האָבן זיך שוין דערצויגן, עס זײַנען שוין אויסגעוואַקסן גרעסערע גרופּן יִדישע קינדער אין די העכערע קלאַסן פון די עלעמענטאַר־שולן און גרויסע קאַדרען ענטוזיאַס־טישע יוגנטלעכע אין די לערער־סעמינאַרן און מיטלשולן וואָס קענען שוין עפענען אַ טיר אין דעם היכל פון דער יִדישער ליטעראַטור.

פאַר מיר, וועמען עס קומט אויס צו שטיין שוין אַריבער צוויי צענדליק יאָר בײַם ייִדישן שולוועזן אויף אונדזער קאָנטינענט, און וואָס באַאָבאַכט דעם שווערן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון אונדזער ייִדישן חינוך־וועזן, איז באמת אַ גרויסע פרייד צו זײַן דער מחבר פון דער ערשטער ייִדישער ליטע־ראַטור־אַנטאָלאָגיע פאַר עלטערע תלמידים, וואָס שפּיגלט אָפּ די ייִדישע פאָלקס־נשמה, זײַן גײַסט, זײַנע איבערלעבונגען, דורך דער קרעפּטיקער פּען פון אַזעלכע ייִדישע קלאַסישע דערציילער, ראָמאַניסטן און פּאָעטן ווי: מענ־דעלע, שלום עליכם, פּרץ, דינעזאָן, פרוג, ראָזענפעלד, רייזען, ביאַליק, אַש און אָפּאַטאָשו.

די ייִדישע ליטעראַטור איז אַזוי גרויס ממש אין־סופיק, פאַרוואָס־זשע האָב איך געמאַכט דווקא דעם דאָזיקן ליטעראַטור־אָפּקלײַב? איז, ערשטנס, גייען דאָ אַרײַן שרײַבער פון איין דור, און ווידער כראָנאָלאָגיש הייב איך אָן מיט דעם אורשפּרונג פון דער ייִדישער שפּראַך, די אַנטוויקלונג פון ייִדיש ביז מענדעלע מוכר ספרים, וואָס האָט אויפגעהויבן ייִדיש און די ייִדישע לי־טעראַטור צו דער העכסטער קולטור־מדרגה. מענדעלע מוכר ספרים האָט געמאַכט די התחלה און עס איז געגעבן געוואָרן דער טאָן, וואָס האָט געמאַכט די גאַנצע מוזיק פון דעם ווײַטערדיקן ייִדישן שאַפן. שפּעטער קומען שלום עליכם און י. ל. פּרץ, וואָס צוזאַמען מיטן זיידן מענדעלע זײַנען זיי די דרײַ הויפּטזײַלן פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

דורך שלום עליכמען קומט אַ גאַנץ פאָלק צום וואָרט. מיט אַ מחייהדיק לשון. זײַנע העלדן זײַנען אַן אוצר פון פאָלקס־חכמה און פאָלקס־שטייגער. אונדזערע קינדער לייענען פאַרכאַפּט שלום עליכמס „מעסערל" און גייען מיט מיט „מאָטל פּייסיס", באַגלייטנדיק אים מיט אַ האַרציקן געלעכטער. י. ל. פּרץ ווידער אַנטפּלעקט פאַר אונדזער קינד נײַע ייִדישע וועלטן, ייִדישע גבורה, מסירת־נפש, קידוש־השם, נאָבלקייט און ערלעכקייט.

דער ליבהאַרציקער יעקב דינעזאָהן וועט מיט זײַן „יאָסעלע" מאַכן אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויף די יונגע ליטעראַטור־לערנער און וועט זיי באַווירקן צו לערנען לשמה.

די פאָלקס־דיכטער ש. ש. פרוג, מאָריס ראָזענפעלד, אברהם רייזען און חיים־נחמן ביאַליק וועלן מיט זייער דיכטונג, מיט זייערע סאָציאַלע און נאַ־ציאָנאַלע מאָטיוון און באַזונדערס מיט די וויי־לידער, מיט די צער־ און צאָרן־געזאַנגען בלײַבן אײַנגעקריצט אין זכרון און די געמיטער פון די יונגע תלמי־דים. (איבערהויפּט ביאַליק אין ייִדיש. אַזוי ווי ביאַליק איז ווינציקער אינ־דיווידואַליסטיש, מער אַלגעמיין־ייִדיש, מער פּראָבלעמען ווי סתם זינגער, איז ער נוציקער פאַר דער דערציִונג און ער איז פּסיכאָלאָגיש צוטריטלעכער פאַר ייִדישע קינדער אין די אַמעריקעס, וואָס רייִנע שפּראַך־עסטעטיק איז פאַר זיי נישט באַגרייפלעך. (א. גאָלאָמב).

און צום סוף שלום אַשס „דאָס שטעטל“, „קידוש השם“, „דער תהילים־ייִד“, „משה“ און יוסף אָפּאַטאָשוס „פּוילישע וועלדער“, „די מלאַווער עדה“ און „פּאַרטיזאַנער“, גרויסע ייִדישע קונסט־שאַפונגען, וואָס דערציילן אונדז וועגן דער גרויסער ייִדישער לעבנס־קראַפט, וועגן דעם ייִדנס פעיִקייט זיך צוצופּאַסן צו אַלע אומשטענדן. צופּאַסונג און טיפסטע דערנידערונג אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר און שטאָלצע הייליקע עקשנות ביז מסירת־נפש ווען עס קומט דער יום־הדין. דאָס לערנען די דאָזיקע ליטעראַטור האָט נישט בלויז באַלערנדיקע צילן, נאָר אויך אַ נאַציאָנאַלן דערציִערישן צוועק און באַטײַט.

די לערנער פון דער דאָזיקער ליטעראַטור־אַנטאָלאָגיע וועלן דאָ געפינען ביאָגראַפיעס פון די אויסגערעכנטע צען גרויסע ייִדישע שרײַבער. די קינדער־יאָרן פון די זעלבע וואָס איך האָב טיילווײַז גענומען בײַ דעם ייִדישן שרײַבער און געלערנטן ד״ר שלמה סיימאָן און ברייטע אָפּהאַנדלונגען און פירושים פון פאַרשיידענע מקורות איבער די ווערק וואָס גייען אַרײַן אין דער ליטעראַטור־זאַמלונג.

דער מחבר דענקט צו האָבן אויסגעפילט אַ וויכטיקן בלויז אין אונדזער וואַקסנדיקן און זיך אַנטוויקלענדיקן ייִדישן שולוועזן. דאַנקט די חברים וואָס האָבן אים סטימולירט צו שאַפן דאָס דאָזיקע בוך, און באַזונדערס דעם פאַרלאַג ש. סגל, וואָס האָט געזאָרגט אַז דאָס בוך זאָל דערשײַנען וואָס שענער און עסטעטישער.

פנחס ערליך.

# די ייִדישע שפּראַך

## דער אורשפּרונג פון דער יידישער שפּראַך

די ייִדישע שפּראַך איז געבוירן געוואָרן אין די געטאָס פון דײַטשלאַנד, אין די פּוילישע געטאָס אָבער האָט זי זיך אַנטוויקלט און באַקומען איר באַשטימטע פאָרם. עס איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן, כאָטש אומגעפער, דעם מאָמענט, ווען זי האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען בײַ די דײַטשישע ייִדן.

פון אייביקע צײַטן האָבן זיך די ייִדן באַנוצט מיט העברעיִשע אותיות בײַם שרײַבן אויף פרעמדע שפּראַכן. גריכיש, לאַטײַן, אַראַביש, שפּאַניש, איטאַליעניש, פראַנצויזיש — אַלע שפּראַכן, מיט וועלכע די ייִדן האָבן זיך באַנוצט אין פאַרלויף פון אַ מער אָדער ווייניקער לאַנגן פעריאָד, פלעגן זיי שרײַבן מיט די אותיות פון דער העברעיִשער שפּראַך, וועלכע איז זיי אַלעמאָל פאַרבליבן טײַער און ליב. דײַטש האָט נישט געמאַכט קיין אויסנאַם פון דעם אַלגעמיינעם כלל. פון 11טן יאָרהונדערט אָן געפינען מיר שוין אין די הגהות און שאלות ותשובות (שו"ת) דײַטשע ווערטער און שפּריכווערטער, וועלכע זײַנען געשריבן מיט העברעיִשע בוכשטאַבן. בײַ ר' שלמה יצחקי (רש"י, 1040-1105), אַ ביסל שפּעטער בײַ אליעזר בן נתן און אַנדערע געלערנטע פון דער אייגענער עפּאָכע, געפינען מיר פיל ענלעכע בײַשפּילן.

פון דעסטוועגן, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די דײַטשישע ייִדן זײַנען געווען אַזוי אָפּגעזונדערט אין זייערע געטאָס, האָבן זיי דאָך נישט געקענט אינגאַנצן איבעררײַסן זייערע מאַטעריעלע, ווי אויך מאָראַלישע באַציִונגען מיט די קריסטלעכע מיטבירגער. זייער שפּראַך האָט געמעגט ווערן אָרעמער און פאַרלירן איר ריינקייט, דאָך האָט זי נישט נייטיק געהאַט — און זי האָט אויך נישט געהאַט די מעגלעכקייט דערצו — צו ענדערן איר פאָרם און יסוד. אייניקע היסטאָריקער גייען אַזוי ווײַט, אַז זיי באַהויפּטן דאָס ביזן 15טן יאָרהונדערט נאָך האָט די שפּראַך פון די דײַטשע ייִדן אָפּגעהיט איר ריינקייט און אַז איר פאַרוואַנדלונג אין אַ „זשאַרגאָן" האָט זיך נישט אָנגעהויבן פריִער פאַר דעם דרײַסיק-יעריקן קריג. יעדנפאַלס איז קלאָר, אַז צו יענער צײַט האָבן די ליטעראַרישע ווערק פון די דײַטשע ייִדן, וועלכע זײַנען אַפילו געווען געשריבן מיט העברעיִשע בוכשטאַבן און אַנטהאַלטן אַ

גרויסע צאָל העברעיִשע טעכנישע אויסדרוקן, לויט דער שפּראַך נאָך זיך נישט פיל אונטערשיידט פון די איִבעריקע ווערק פון דער דעמאָלטיקער דײַטשער ליטעראַטור.

אין די סלאַווישע לענדער, ווײַט פון דעם דײַטשן דירעקטן אײַנפלוס, אונטער אַ פרעמדער זון, אין נײַע לעבנס־באַדינגונגען, האָט דאָס יִדיש־דײַטש אָנגענומען דעם כאַראַקטער פון אַ באַשטימטער שפּראַך. דאָ האָט עס דורכגעמאַכט אַלע הויפּט־פאַזן פון זײַן אַנטוויקלונג און דאָ איז אין אים געשאַפן געוואָרן יענע פײַנע אומוואַנדלונג, אַדאַנק וועלכער דאָס יִדיש־דײַטש אָדער טײַטש, ווי מען האָט עס דערנאָך גאַנץ איינפאַך גערופן, איז געוואָרן די יִדישע שפּראַך, דאָס „יִדיש" פון הײַנטיקע צײַטן.

נאָך די בלוטיקע רציחות פון כמעלניצקי, אין 1648, האָבן פיל יִדן, וועלכע האָבן אָנגעהערט אומגעפער צו 250 פּוילישע קהילות, געמוזט פון דאָסנײַ אָנהייבן זוכן אַ מקום מקלט; פיל פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין דײַטשלאַנד, אַנדערע ווידער זײַנען אַוועק קיין אַמסטערדאַם, וווּ עס איז אויך געווען אַ קהילה פון דײַטשע יִדן. די אָנגעקומענע יִדן האָבן מיט זיך אַוועקגעטראָגן אויך דאָס יִדיש־דײַטש, וועלכעס איז אין פאַרלויף פון צוויי יאָרהונדערטער אומגעענדערט געוואָרן אין זייער נײַעם פאָטערלאַנד. און אַדאַנק אָט דער גרויסער צאָל עמיגראַנטן און דער ווירקונג פון די רבנים און דיינים, וועלכע די פּוילישע יִדן האָבן זײַט אַ געוויסער צײַט געליפערט די דײַטשע יִדן, אַדאַנק דער יִדיש־דײַטשער ליטעראַטור, וואָס איז מייסטנס געשאַפן געוואָרן דורך שריפטשטעלער, געבוירענע אין פּוילן, און וועלכע איז אַרײַנגעדרונגען כמעט אין אַלע יִדישע פאַמיליעס, — האָט דאָס יִדיש־דײַטש אין אַ נײַער געשטאַלט, צוריקגעקערט זיך אין זײַן געבורטסלאַנד און איז אָנגענומען געוואָרן דורך די, וואָס זײַנען דאָרטן פאַרבליבן. ווען אויך מיט איניקע אונטערשיידן אין דיאַלעקט, וואָס מיר וועלן באַטראַכטן ווײַטער אַ ביסל, איז דאָך דאָס יִדיש־דײַטש, אויף וויפל עס איז גערעדט געוואָרן אין דײַטשלאַנד, דאָס הייסט כמעט ביזן אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט און שפּעטער, געבליבן אין זײַנע הויפּט־יסודות דאָס אייגענע אין דײַטשלאַנד, ווי אין פּוילן און אין אַנדערע סלאַווישע לענדער.

## עלעמענטן פון דער יידישער שפּראַך

יִדיש־דײַטש, ווען עס איז אַרײַנגעבראַכט געוואָרן שוין אין די סלאַווישע לענדער דורך די דײַטשע יִדן, איז געווען ווי מיר האָבן שוין פריִער באַמערקט כמעט אַ ריין דײַטש. העברעיִשע ווערטער טרעפן זיך דאָרט זעלטן און זיי פלעגן באַטראַכט ווערן ווי פרעמדע ווערטער; די מחברים האָבן

אפילו געזאָרגט דערפאַר, אַז די ווערטער זאָלן געשטעלט ווערן אין קלאַ־מערן, כדי צו באַצייכענען, ערשטנס, זייער פרעמדן מקור, צווייטנס זייער קדושה. עס איז שווער ביים צושטאַנד, אין וועלכן עס געפינען זיך איצט די פילאָלאָגישע פאָרשונגען פון יידיש־דייטש, צו באַשטימען מער אָדער ווייניקער גענוי, וועלכע דייטשע דיאַלעקטן האָבן אָנטיילגענומען אין דער בילדונג פון דער שפראַך. הויפּטזעכלעך איז צו באַמערקן די גרויסע און וויכטיקע ווירקונג פון דער שוואַבישער און בייערישער גרופּע דיאַלעקטן אויף דאָס יידיש־דייטש. דאָך האָבן אויך אַנדערע גרופּן פון דיאַלעקטן, ווען אַפילו ווייניקער, אָנטיילגענומען אין דער בילדונג. די צוזאַמענמישונג פון פאַרשיידענע דיאַלעקטן איז פאָרגעקומען באַזונדערס אין די סלאַווישע לענדער, וווהין די דייטשע יידן, צוזאַמענגעקומענע פון אַלערליי פּראָווינצן, האָבן מיטגעבראַכט און באַנוצט די פאַרשיידענע דיאַלעקטן פון זייערע פריערדיקע היימאַטס־לענדער. דאָס איצטיקע יידיש־דייטש האָט נאָך ביז איצט אין זיך אַ באַשטימטע צאָל דייטשע ווערטער און אויסדרוקן, וועלכע זיינען שוין לאַנג פאַרשוווּנדן פון ליטעראַרישן דייטש און וועלכן מען קאָן שוין אָפט נישט אָנטרעפן אַפילו אין די דייטשע דיאַלעקטן גופא.

דער דייטשער עלעמענט איז געבליבן דער שטאַרקסטער און דער איינ־פלוסרייכסטער אינעם יידיש־דייטש. ער האָט צוגעשטעלט דעם גרעסטן טייל ווערטער און גראַמאַטיקאַלישע פאָרמען.

עס וואָלט אָבער זיין פאַלש, ווען מען וואָלט דעם דייטשן עלעמענט באַטראַכטן אַלס דעם איינציקן, וואָס האָט געווירקט אין דער בילדונג פון דער שפראַך. דער סלאַווישער עלעמענט, און באַזונדערס דער העברעישער, האָבן אויך נישט ווייניק געשאַפן, בעת די שפראַך האָט זיך געבילדעט. אין די סלאַווישע לענדער טאַקע איז פאָרגעקומען, הויפּטזעכלעך, די איינשמעל־צונג פון העברעישע ווערטער און אויסדרוקן אין דאָס יידיש־דייטש, וועלכע האָט געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַר זיין שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג. מען שאַצט, אַז די העברעישע שפראַך האָט אַריינגעבראַכט אַן ערך 20 פּראָ־צענט פון די ווערטער אין יידיש־דייטש. און די ראָלע, וועלכע דער דאָזיקער עלעמענט האָט געשפּילט, ווייזט זיך אַרויס נאָך קלערער, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז ער האָט צוגעשטעלט באַזונדערס די ווערטער, וואָס נוצן אויף צו באַצייכענען אידייען פון מאָראַלישער און אינטעלעקטועלער באַדייטונג, ווי מיר וועלן דאָס זען וויי־טער. די העברעישע ווערטער האָט מען אַרויסגענו־מען נישט נאָר פון תנ״ך, נאָר אויך, באַזונדערס, פון דער תלמודישער און נאָך־תלמודישער ליטעראַטור. און ווירקלעך, דאָס שטודיום פון רבנישער לי־טעראַטור איז אין פּוילן געווען שטאַרק פאַרשפּרייט. יעדער יונגערמאַנטשיק, כמעט אָן אויסנאַם, איז געגאַנגען צו אַ מלמד אָדער אין קהלשע חדרים, ווו תלמוד איז געווען דער הויפּט־פאַך פון לערנען, און דער גרעסטער טייל פון

די תלמידים האָבן פאַרבראַכט זייער לעבן אין לערנען, וואָס האָט זיך גע־רעכנט פאַרן העכסטן ציל פון מענטשלעכן לעבן.

יידיש־דייטש איז אין אַ גוטער שעה געוואָרן אַ נויטווענדיקער עלע־מענט ביים לערנען. נישט נאָר דער רבי האָט פאַרטייטשט דעם תלמיד דעם פסוק אין דער שפּראַך, וואָס דער תלמיד האָט פאַרשטאַנען, דאָס הייסט אין יידיש־דייטש, נאָר אַפילו צווישן מענטשן, וועלכע האָבן שוין נישט געדאַרפט זוכן דעם טייטש פון די ווערטער, איז אויך געווען אַ געוווינהייט, כמעט אַן אַלגעמיינע, צו איבערזעצן, מבאר צו זיין אין יידיש־דייטש דאָס, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין קורצן, ברמזים, דורך די תנאים, אמוראים און זייערע מפרשים. טעכנישע ווערטער, פאַרשיידענע ספּעציעלע אויסדרוקן, און באַ־זונדערס לאָגישע און דיאַלעקטישע באַגריפן, האָט מען אַרויסגענומען פון דער רבנישער ליטעראַטור, און זיי איינגעפירט אין יידיש־דייטש. אַנדערע ווערטער ווייטער, האָבן זיך שוין נישט גענייטיקט אין דער פאַרמיטלונג פון דער ישיבה, אַריינצוגיין אַלס תושבים אין דער פאָלקס־שפּראַך; זיי זיינען פון זיך אַליין אַריין; זייער פּלאַץ איז געווען אָנגעצייכנט פון אָנהייב אָן, ווייל די זאַך, וועלכע זיי האָבן באַדייט, האָט עקזיסטירט אין לעבן אָדער אין ריינעם געדאַנק פון די יידן נאָך פאַרן יידיש־דייטש, און נאָר די ווערטער אַליין האָבן געקענט אַרויסגעבן די גאַנצע קראַפט, אַלע אָריגינעלע שטריכן און דעם גאַנצן אמתן כאַראַקטער פון יידן.

## די דיאַלעקטן

מען האָט אונטערשיידט אין יידיש־דייטש פאַרשיידענע דיאַלעקטן. די באַדייטנדסטע צווישן די דיאַלעקטן זיינען:

1) ליטווישער יידיש, אויף וועלכן מען האָט גערעדט כמעט דורכאויס אין ליטע און ערטערווייז אויך אין רוסלאַנד גופא.

2) יידיש־פּויליש, אויף וועלכן מען האָט גערעדט אין רוסיש־פּוילן און אין באַשטימטע ערטער אין ליטע און גאַליציע.

3) דער דרום־דיאַלעקט, אויף וועלכן מען האָט גערעדט אין דרום־רוסלאַנד, ר׳מעניע און באַשטימטע טיילן פון גאַליציע.

עס איז כמעט באַשטימט, אַז די וואַריאַציעס האָבן דעם זעלבן מקור, וואָס די אייגענע וואַריאַציעס אין דער דייטשער שפּראַך גופא. די דייטשע יידן, קומענדיק פון פאַרשיידענע פּראָווינצן, האָבן, ווי מיר האָבן עס שוין אויבן געזאָגט, מיטגעבראַכט מיט זיך די פילע דיאַלעקטן פון די פּראָווינצן, און די דיאַלעקטן, קומענדיק שטענדיק איינע מיט די אַנדערע אין באַרירונג, האָבן געקעמפט צווישן זיך, ביז ס׳האָט געזיגט דער שטאַרקערער צווישן זיי, און די איבעריקע האָבן זיך אָדער צוזאַמענגעמישט מיט אים אָדער זיינען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן.

אין דער ליטעראַטור איז מער פון אַלץ פאַרשפּרייט דער ייִדיש־ליטווי־שער דיאַלעקט, צוזאַמענגעשטעלט מיט באַשטימטע עלעמענטן פון דעם דרום־דיאַלעקט. אין די אַמעריקאַנער ליטעראַרישע ווערק, און הויפּטזעכלעך אין דער טעגלעכער פּרעסע, הערשט דער ייִדיש־ענגלישער דיאַלעקט פון אַמע־ריקע. נאָר, אין אַלגעמיין, זײַנען די דיאַלעקטן־פאַרשיידנקייטן, אויף וויפל זיי האָבן געפונען זייער אויסדרוק אין דער ליטעראַטור, און נישט אין צײַ־טונגען, נישט גרויס, און שטרעבן ביסלעכווײַז צו פאַרשווינדן, אַדאַנק דעם איינפלוס פון די ייִדיש־דײַטשע קלאַסישע ווערק.

## סכעמע פאַר דער געשיכטע פון ייִדיש

טעאָרעטיש וואָלטן מיר געמעגט דעם אָנהייב פון ייִדיש זוכן אין דער צײַט, ווען ייִדן האָבן זיך ערשט געגומען באַזעצן אין די דײַטשע לענדער. ערשט אין 11טן יאָרהונדערט, קענען מיר, הייסט עס, פון אַן ערך דעם יאָר 1000 רעכענען די געשיכטע פון דער ייִדישער שפּראַך.

די אַלגעמיינע ליניעס אין דער געשיכטע פון אונדזער שפּראַך זעען אויס אַזוי: געבוירן געוואָרן איז ייִדיש אין באַסיין פון ריין. קײַלעכדיק גערעכנט איז דאָס געוועזן מיט אַ טויזנט יאָר צוריק. אין די ווײַטערדיקע יאָרהונדער־טער פון מיטלאַלטער האָט ייִדיש זיך אויסגעשפּרייט — דורך דעם וואָס ייִדן האָבן מיטגענומען די שפּראַך אויף זייערע וואַנדערונגען — אויף מזרח, פאַר־נעמענדיק דרום און מיטל־דײַטשלאַנד, די מזרחדיקע אַלפּן־לענדער, בעמען, מערן, פּוילן און ליטע. אין 15טן יאָרהונדערט האָט ייִדיש קאָלאָניזירט צפון־איטאַליע, אין 16טן — אוקראַינע; אין 17טן י״ה איז שוין געוועזן אַן אײַנגע־פונדעוועטער ייִדיש־רעדנדיקער ישוב אין האָלאַנד און אין צפון־דײַטשלאַנד. אַרום מיטן 18טן י״ה, דאַרף מען רעכענען, איז די טעריטאָריע פון ייִדיש אויפן אייראָפּעיִשן קאָנטינענט געוועזן צום גרעסטן: זי האָט געגרייכט פון האָלאַנד און עלזאַס ביז די מזרח־גרענעצן פון אַלטן פּוילן. דורך די אַסימי־ליר־פּראָצעסן פון די לעצטע פאַר הונדערט יאָר איז אָפּגעפאַלן פאַר ייִדיש צפון־איטאַליע, דערנאָך די דײַטשע לענדער. אָבער מיטן וווּקס פון דער מזרח־ייִדישער עמיגראַציע מעבר לים האָט ייִדיש געוווּנען צפון־אַמעריקע און קלענערע קאָלאָניעס אין אַזיע (ארץ־ישראל), דרום־אַמעריקע און אַפילו אויס־טראַליע. פון אַן אייראָפּעיִשער שפּראַך איז ייִדיש געוואָרן אַ וועלט־שפּראַך. די סאָציאָלאָגישע ראָלע פון ייִדיש האָט זיך אויך שטאַרק אויסגעברייטערט אַנטקעגן 18טן יאָרהונדערט: ייִדיש איז געבליבן די אויסדרוק־פאָרם פאַר די טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע שיכטן, נאָר פאַר איינס איז זי געוואָרן די שפּראַך פאַרן וועלטלעכן לעבן פון נײַע גרויסע סאָציאַלע פאָרמאַציעס אינעם ייִדישן קיבוץ.

מיר נעמען אָן פיר תקופות אין דער געשיכטע פון יידיש. די ערשטע — בראשית — יידיש — איז פון די סאַמע אָנהייבן ביז אַן ערך 1250. די צווייטע — אַלט־יידיש — נעמט אַרום די צייַט פון אַן ערך 1250 ביז אַרום 1500. די דריטע — מיטל־יידיש — ציט זיך פון 1500 ביז אַרום 1700. די פערטע — נייַ־יידיש — הייבט זיך אָן אַרום 1700 און דערגייט ביז הייַנט.

## יידיש איז אויסגעוואַקסן פון העברעיש

### ווי אַ יונגער צווייַג פון אַן אַלטן בוים

צו די ערשטע זאַכן, וואָס זייַנען (אָנגעהויבן פון דרייַצנטן יאָרהונדערט) געשריבן און (אָנגעהויבן פון זעכצנטן יאָרהונדערט) געדרוקט געוואָרן אויף אַלט־יידיש, געהערן די „גלאָסאַרן", ד"ה די פאַרטייַטשונגען פון הארבע ווערטער אין תנ"ך. פון אָט די פאַרטייַטשונגען זייַנען אַרויסגעוואַקסן די ערשטע יידישע חומש־איבערזעצונגען (אויגסבורג און קאָנסטאַנץ, 1544). אָבער אייידער נאָך די איבערזעצונגען פון חומש זייַנען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, איז אין קראָקע, אין יאָר 1534, אָפּגעדרוקט געוואָרן דער ספר של ר' אנשל (מרכבת המשנה) אַ מין קאָנקאָרדאַציע, וואָס פאַרטייַטשט לויטן אלף־בית אַלע ווערטער פון תנ"ך. די ספרים, מיט וועלכע עס הייבט זיך אָן די געדרוקטע יידישע מוסר־ליטעראַטור — ציִען זייער יניקה פון העברעיש... פון וואָס פאַר אַן אַנדערע קוואַלן וואָלטן זיי דען געקאָנט שעפּן? דאָס יידישע לעבן און די יידישע קולטור איז, אַזוי ווי דאָס לעבן און די קולטורן פון אַנדערע פעלקער אין מיטלאַלטער, געווען אָנגעזאַפּט מיט רעליגיע — און ווו איז דער מקור פון אונדזער רעליגיעזן גערדאַנק, פון אונדזער רעליגיעזן לעבנשטייגער, אויב נישט אין תלמוד, אויב נישט אין דער העברעיש־אַראַמייאישער ליטעראַטור? ממילא איז קיין חידוש נישט, וואָס תנ"ך, גמרא, מדרש אאַז"וו זייַנען דער וויכטיקסטער אויסגאַנגס־פּונקט פון אונדזער ליטעראַרישן שאַפן אין דער פאָלקסשפּראַך.

## פון דייטשמעריש צו יידיש אין אַמעריקע

„פון דייַטשמעריש צו יידיש און צו דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע", — כדי צו האָבן אַ בילד דערפון דאַרף מען זיך מטריח זייַן אויף אַ שטיקל שפּאַציר. דער שפּאַציר וועט זייַן אויף צוריקוועגס, אויף אַ מהלך. אַן ערך, פון אַ 50 יאָר צוריק.

מיר אַליין, וואָס איך בין שוין אָט דעם וועג דורכגעגאַנגען, ווייַזט זיך

הײַנט אויס, אַז דער דאָזיקער 50־יעריקער מהלך איז גאָר־גאָר נישט קיין ווײַטער; אַז עס איז נישט מער ווי אַ שפּאַן, נאָך ווייניקער איידער אַ שפּאַן: ממש צוגעמאַכט די אויגן און צוריק זיי געעפנט, און שוין — אַריבערגע־שפּרונגען דעם 50־יאָריקן מהלך און מיר זײַנען דאָרט אויפן אָרט און לייענען אַ ייִדישע צײַטונג.

און די צײַטונג איז אַ נומער פון דער אַמאָליקער „אידעשע גאַזעטען" (יאַנואַר 20, 1892) — די פּאָפּולערסטע ייִדישע צײַטונג אין אַמעריקע.

לייענען מיר דאָרט צווישן אַ שטיקל ייִדישע נײַס אין אַזאַ לשון, מיט אַזאַ אויסלייגעכץ: „אין ראָבערט פּולערמאַנס דזשולערי־סטאָר איזט הערײַן געקאָממען אַ פײַן־געקליידעטער יונגערמאַן, אַלס פּולערמאַנס פרויא איזט אַליין אין סטאָר געוועזן, אונד האָט פערלאַנגט, מען זאָל איהם אָהרינגע צײַ־גען. דיא פרויא האָט איהם צוואַי פּאָר טהײַערע אָהרינגע געצײַגט, וועלכע ער האָט גוט בעטראַכטעט, אונד ער האָט דאַן פערלאַנגט, זיא זאָל איהם דיא דריטע פּאָר צײַגען, וועלכע עס איזט געלעגען אין שוי ווינדע..."

בכלל איז דײַטשמעריש אין יענער צײַט געווען אַ סימן פון פײַנערן גע־שמאַק, פון קולטורעלן געשמאַק, אַזוי צו זאָגן.

מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען וועגן דעם לשון פון די אַמאָליקע ייִדישע בריוו, וואָס בחורים און מיידלעך, — און סתם ייִדן און ייִדענעס פון אַ געוויסן מין — האָבן געשריבן, בשעת זיי האָבן געוואָלט אַרויסווײַזן זייער „הײַנט־זוועלטיקייט" און ווי געבילדעט זיי זײַנען. אַפילו אונדזער גרויסער דיכטער מאָרים ראָזענפעלד זינגט אויך אין אַזאַ לשון אין יענער צײַט.

אין זײַנעם אַ ליד, „דער סקעלעט", וואָס איז געדרוקט אין 1892, לייענען מיר אַזאַ לשון:

„עס האָט מיך ערגריפען אַ שוידער,
אַלס איך האָב זײַן אַטליץ דערזעהן..."

און ווײַטער:

„זײַן אויסזעהן וואַר גוואַלדיג..."

אין יענער צײַט האָט נאָר איין שרײַבער אין די „אידעשע גאַזעטען" געשריבן אַ גוטן ייִדיש — דער ליטוואַק געציל זעליקאָוויטש, דער „ליטווי־שער פילאָזאָף". ער האָט שטענדיק געהאַט אַ געזונטן חוש פאַר ייִדיש. איז ער דאָרט געווען דער איינציקער ייִדישער שרײַבער, וואָס האָט נישט גע־דײַטשעוועט.

אויך אויף דער ייִדישער בינע האָט מען אין יענער צײַט געדײַטשעוועט. פאַר די ייִדישע אַקטיאָרן האָט נישט עקזיסטירט קיין „לבנה", נאָר „מאָנד"; קיין „זון", נאָר „זאָננע"; קיין „נאָר", נאָר „זאָנדערן"; קיין „מויל", נאָר „מונד"; קיין „און", נאָר „אונד"; קיין „פון", נאָר „פאָן"; קיין „גרויס", נאָר „גראָס"; קיין „געווען", נאָר „וואַר"; קיין „געזאַנג און טענץ", נאָר „געזענ־גע און טענצע".

איך דערמאָן זיך, אַז אַפילו מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען איך האָב איינמאָל טענות געהאַט צו אַ געוויסן באַרימטן סטאָר, הלמאי ער האָט פאַר־דייטשעוועט זײַן ראָל אין מײַנער אַ פּיעסע, וואָס ער האָט דעמאָלט געשפּילט, האָט ער מיר געענטפערט:

—אַך, לאָזט צורו! וואָס ווילט איר, ווען איך שפּיל אַ ראָלע פון אַ גע־בילדעטן מענטשן, זאָל איך רעדן ווי אַ „משה"?

און איך געדענק, אַז ער האָט דערבײַ נאָך צוגעגעבן: — און איבער־הויפּט האָט איר געמעגט וויסן, אַז אַן אַרטיסט, אַ קינסטלער, מוז אימער גע־ברויכן אַ פײַנערע שפּראַך אויף דער בינע... און „געברויכן אַ פײַנערע שפּראַך" האָט געמיינט דײַטשעווען...

## פון זשאַרגאָן צו יידיש

אונדזער דור האָט דערלעבט צוויי ווונדער: די אַלטע נאַציאָנאַלע שפּראַך, וואָס איז שוין העכער צוויי טויזנט יאָר געווען נישט מער ווי אַ תפילה־ און בוך־שפּראַך, ווערט אין ארץ־ישראל, אַ לעבעדיקע שפּראַך אין הויז, שול און גאַס; און די לעבעדיקע פאָלקסשפּראַך פון מיליאָנען ייִדן, וואָס מען האָט נאָך נישט לאַנג באַהאַנדלט ווי אַ שטיפקינד אין דער ליטעראַטור, ווערט אַ רײַכע ליטעראַטור־שפּראַך און דרינגט אַרײַן פון איר בעלעטריסטישן תחום אין פּובליציסטיק און וויסנשאַפט. שוין איצט קאָן מען אויפן גרונט פון גע־וויסע פאַקטן און דײַטלעכע סימנים פּאָרויסזאָגן, אַז אין דער נאָענטער תקופה וועט העברעיִש ווערן די הערשנדע שפּראַך אין ארץ־ישראל, וואָס וועט צו־שטעלן העברעיִשע ליטעראַטור פאַרן גאַנצן „גלות", און אין מזרח־אייראָפּע מיט אַמעריקע וועט הערשן די ייִדישע שפּראַך אין דער פּרעסע, ליטעראַטור און אין אַ גרויסן טייל פון דער פאָלקסשול. אַז זי וועט אַזוי גיך פון אַ „המון־שפּראַך" אויסוואַקסן צו אַן אמתער פאָלקסשפּראַך. אַ ייִדישער וויסנשאַפט־לעכער אינסטיטוט מיט גרויסע אַקאַדעמישע בענדער, פול מיט וויסנשאַפט־לעכע פאָרשונגען אין געשיכטע, עקאָנאָמיק, פילאָלאָגיע, עטנאָגראַפיע, פאָל־קלאָר — פאַר אַ ווילדן פאַנטאַסט וואָלטן מיר געהאַלטן יענעם, וואָס וואָלט אונדז אַמאָל נביאות געזאָגט וועגן אַזאַ מעגלעכקייט. און דאָך ווערט דאָס באַשאַפן פאַר אונדזערע אויגן, און דאָס איז נאָר אַ קליינע התחלה!

מען דאַרף נישט פאַרקריכן אין שפּראַך־שאָוויניזם און מיינען אַז נאָר דערמיט וועלן מיר ראַטעווען די ייִדישע קולטור. מען דאַרף נישט מבטל זײַן אויך די אייביקע ראָלע פון אונדזער אַלט־נײַער נאַציאָנאַלער שפּראַך און דעם גרויסן ווערט פון די אייראָפּעיִש־אַמעריקאַנישע שפּראַכן, וואָס זײַנען פּאַקטיש שוין געוואָרן קולטור־שפּראַכן פאַר פאַרשיידענע טיילן פון אונדזער פאָלק. אָבער אָנווײַזן אויף דער גרויסאַרטיקער דערשײַנונג — דאָס אויפ־

לעבן פון דער פאָלקסשפּראַך אין דער גרעסערער העלפט פון דער יידישער נאַציע — זײַנען מיר מחויב, ווײַל דאָס איז אַ וויכטיקער היסטאָרישער פאַקט.

מיר איז באַשערט געווען אין די יונגע יאָרן שטיין בײַ דער וויג פון אונדזער נײַער ליטעראַטור אין דער יידישער פאָלקסשפּראַך און שפּעטער צוקוקן זיך, ווי דאָס קליין קינד, וואָס האָט אין יענער צײַט געהייסן „זשאַרגאָן", איז אויסגעוואַקסן און האָט געקראָגן דעם ריכטיקן נאָמען: יידיש. זעלטן ווער עס ווייסט, אַז מיר געהערט יענער אַנאָנימער אַרטיקל וועגן דער נייטיקייט פון אַ צײַטונג אין אונדזער פאָלקסשפּראַך, וואָס איז געווען געדרוקט אין זומער 1881, אין נומער 35 פון דעם פּעטערבורגער רוסיש-יידישן וואָכנבלאַט „ראַזסוויעט".

אין יענעם פּאַטאַלן יאָר פון אונדזער געשיכטע איז די פראַגע געבוירן געוואָרן און די קומענדיקע צענדליקער יאָרן האָבן אויף איר געגעבן אַ קלאָרע תשובה. די יידישע פאָלקסשפּראַך איז אַרויס פון פאַרוואָרפענעם ווינקל אין אונדזער ליטעראַטור און האָט פאַרנומען אין איר אַן אָרט אויבנאָן.

## יידיש

ס'איז אַ געזעץ — ווען אַ פאָלק וויל באַלעבן אַ פרעמדע שפּראַך, וויל זי מאַכן פּראָדוקטיוו, דאַרף ער די שפּראַך איבערשמעלצן, איבעראַרבעטן, דאַרף באַשאַפן אַ נײַע שפּראַך, זײַן שפּראַך. און דאָס האָבן מיר געטאָן מיט די דײַטשע דיאַלעקטן. מיר האָבן זיי באַלד בײַם איבערנעמען געיידישט, אַרײַנגעבראַכט אַ שלל מיט נײַע ווערטער, מיט נײַע באַגריפן. כ'מיין די העברעיש-אַראַמעיִשע האַנדלס-טערמינען און סחורות-באַצייכענונגען וואָס זײַנען געווען באַקאַנט, ווו נאָר יידן האָבן געפירט מסחר. מען דאַרף נישט פאַרגעסן אַז דער יידישער גרויסהאַנדל מיטן ווײַטן מזרח איז געגאַנגען דורך דײַטשלאַנד און סלאַווישע לענדער. אָט די ווערטער, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער יידישער עקאָנאָמיק, האָבן זיך פריִער אַרײַנגעוואָרצלט אין די דײַטשע דיאַלעקטן. ווי די ווערטער, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צו יידישקייט און ריטואַל.

אָבער, פון די צוגעקומענע ווערטער איז נאָך נישט געוואָרן קיין יידישע שפּראַך. מען האָט די העברעיִשע און דײַטשע עלעמענטן געדאַרפט צונויפפּאָרן און איבערשמעלצן. „כבוד" איז העברעיִש. „זײַן" איז דײַטש. אָבער „מכבד זײַן" איז נאָר יידיש. פונקט ס'זעלבע „גטן זיך", „דרשה-געשאַנק", דאָס זײַנען יידישע ווערטער, וואָס איר וועט זיי נישט געפינען נישט אין דײַטש און נישט אין העברעיִש.

אַ חוץ העברעיִש-אַראַמעיִשע עלעמענטן זײַנען אויך צוגעקומען ראָמאַנישע. ווייסט איר אַז אַזוינע עכטע יידישע ווערטער, ווי בענטשן, דאַוונען,

נ״טל, סאַרווער, טשאָלנט, פּאַטשיילע, אַלטער, אַלקער, אימפּעט, פּלעט, גוי־דער, ווירע, מילגרוים — און נאָך צענדליקער און צענדליקער שטאַמען נישט פון דײַטש, נאָר פון פראַנצויזיש, פון איטאַליעניש? קען נאָך זײַן ייִדישער ווי יענטע, שפּרינצע, אַנשל? און יענטל שטאַמט גאָר פון פראַנצויזישן דזשענ־טיל — איידל־געבוירענע.

און נישט בלויז ווערטער זײַנען צוגעקומען, נישט בלויז די אויסשפּראַך איז געוואָרן אַן אַנדערע, נאָר די קאָנסטרוקציע און דער זאַץ־בוי, דער גאַנ־צער סינטאַקסיס האָט זיך געענדערט. פונעם „לשון אשכנז״ איז געוואָרן ייִדיש־טײַטש, פון „ייִדיש־טײַטש״ איז געוואָרן „לשוננו — אונדזער שפּראַך״, פון „אונדזער שפּראַך״ איז געוואָרן „ייִדיש״.

און ייִדיש האָט גענומען וואַקסן, גענומען אויסשפּרייטן איר טעריטאָ־ריע. מען האָט גערעדט ייִדיש אין איטאַליע, אין פראַנקרײַך, אין האָלאַנד, אין סקאַנדינאַוויע, אין סטאַמבול און אין ארץ־ישראל. מען האָט גערעדט ייִדיש אין בעמען, אין מערן, אין פּוילן, אין ליטע, אין אוקראַיִנע, אין נײַ־רוסלאַנד ביז אַראָפּ צום שוואַרצן ים.

דערנאָך זײַנען געקומען די קינסטלער פונעם גרויסן פאַרנעם — מענ־דעלע, פּרץ, שלום עליכם — וואָס האָבן צוגעגעבן ייִדיש וואָגיקייט, פאַנטאַ־זיע, צוגעגעבן שעפּערישע מעגלעכקייט און חשיבות. און איבער די קינסט־לער, איבער דעם ברייטן פונדאַמענט הייבן זיך וועגט העכער און העכער, ס׳וואַקסט אויס אַ ריזיקע געבײַדע מיט ליכטיקע שפּיצן טיף איבער די וואָלקנס. די ליכטיקע שפּיצן באַלײַכטן יעדן ייִדישן ישוב פון איבער דער גאַנצער וועלט.

ייִדיש איז אַ וועלטשפּראַך, ווײַל ייִדן זײַנען אַ וועלטפאָלק. און נישט פון הײַנט איז ייִדיש אַ וועלטשפּראַך. אין 1750 האָט פּראָפעסאָר קרײַזאַנדער, אַ קריסט, געשריבן: „מיט ייִדיש קאָן מען אויספאָרן די גאַנצע וועלט״.

# פון אייזיק מאיר דיק ביז מענדעלע מוכר ספרים

## דער פאָלקס־ראָמאַן

דער פאָטער פון דער ייִדישער פאָלקס־דערציילונג איז אײַזיק־מאיר דיק (1808—1894). דאָס איז געווען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע פיגורן אין דער משכּילישער וועלט. אַן אויסגעצייכנטער העברעיִסט, שטאַרק באַהאַוונט אין דער אַגדתא־ליטעראַטור, וועלכע ער האָט געקענט דורך און דורך, איז ער נישט געווען פרײַ פון אַ געוויסן קנאה־געפיל יעדעס מאָל, ווען ער האָט פאַרגליכן זײַן שיקזאַל פון אַ ייִדישן שריפטשטעלער מיטן שיקזאַל פון זײַנע חברים העברעיִשע שרײַבער, וועלכע האָבן געשריבן אויף אַ שפּראַך, וואָס איז באַשטימט צו לעבן אייביק... ייִדיש איז פאַר אים געווען נאָר אַ באַר־באַרישער זשאַרגאָן און, אַלס איבערצײַגטער משכּיל, האָט ער זאָגאַר גע־האַלטן פאַר זײַן הייליקן חוב, אַז ער דאַרף מיטהעלפן מיט אַלע כּוחות, דאָס עס זאָל אינגאַנצן פאַרשווינדן די שפּראַך, וועלכע איז נאָך זײַן מיינונג, גאָר קיין שפּראַך נישט. אין איינעם פון זײַנע ראָמאַנען דערציילט ער די מעשׂיות און נסים וואָס האָבן זיך געטראָפן מיט אַ יונגן משכּיל, וועלכער, אַנטלויפנדיק פון די רדיפות פון די פאַנאַטיקער, איז אַוועק אין דער פרעמד און, נאָך אַ משך פון אַ קורצער צײַט, האָט ער דערגרייכט אַ גלענצנדע לאַגע, אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער שנעל־קייט אַ סך אייראָפּעיִשע שפּראַכן. דער מחבר, ווענדנדיק געבן אַ מוסר פון זײַן געשיכטע, דריקט זיך אויס וועגן ייִדיש אויפן פאָלגנדיקן אופן: „דער שיקזאַל פון דעם מענטשן, באַווײַזט אונדז, ווי ריכטיק איז דער דײַטשער שפּריכוואָרט, אַז אַ מענטש, וואָס קאָן נישט צוויי שפּראַכן, איז גאָרנישט קיין מענטש, אַ מענטש וואָס קען צוויי שפּראַכן, איז ער אַ דאָפּלטער מענטש, און ווער עס קען דרײַ, איז דרײַ מאָל אַ מענטש. אַזוי פון דעם שטאַנדפּונקט קומט אויס, אַז אַ ליטווישער ייִד קען נישט זײַן שפּראַך און ער רעדט אַ זשאַרגאָן, וואָס איז גאָרנישט קיין שפּראַך, דאָס איז אַ צונויפמיש פון העב־רעיִש, אַלטדײַטש, רוסיש, פּויליש, פראַנצויזיש, ענגליש און שפּאַניש. דער זשאַרגאָן איז אַזאַ שפּראַך, וואָס קיין פאָלק רעדט אויף אים נישט און פאַר־שטייט אים נישט”. אַזאַ טענה קלינגט, דעם אמת גערעדט, זייער טשיקאַ־ווע, ווען זי ווערט אַרויסגעזאָגט דורך אַ שריפטשטעלער, וואָס האָט געפונען

אַ לייענער־פּובליקום פאַר דרייַ הונדערט מעשיות און מעשהלעך, וועלכע ער האָט געשאַפן אין ייִדיש. מען מעג אַפילו מודה זייַן, אַז ייִדיש רעדן נישט און פאַרשטייען נישט קיין פרעמדע פעלקער, אָבער אַזאַ מזל האָבן שוין אַלע שפּראַכן פון קליינע פעלקער, ווי למשל סערבן, בולגאַרן, האָלענדער, פלעמען, לעטן, ליטווינער, פאָרטוגעזן אאַז״וו.

נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דיק האָט געוואָלט מיאוס מאַכן אין די אויגן פון זייַנע לייענער דעם זשאַרגאָן, האָט ער דאָך זייַן גאַנצע ליטעראַרישע טעטיקייט, וועלכע האָט זיך געצויגן אַ משך פון כמעט פופציק יאָר חוץ צוויי אָדער דרייַ אומבאַדייַטנדע אַרבעטן אין העברעיִש (זען „ספר זכרון", אויסג. „האסיף", וואַרשע 1889) געווידמעט נאָר דעם ייִדיש־דייַטש.

און וואָס פאַר אַ מיינונג מיר זאָלן נישט האָבן וועגן דעם ליטעראַרישן ווערט פון זייַנע ווערק, מוזן מיר דאָך אָנערקענען, אַז ער האָט אפשר מער, ווי אַן אַנדערער, מיטגעהאָלפן דער ווייַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור, און אָט מיט וואָס: ער האָט אייַנגעפירט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווו וועלטלעכע ביכער זייַנען געווען זעלטן, די רעאַליסטישע דערציילונג אין דעם פאַנטאַזיע־ראָמאַן; ער האָט זייער פיל ווערק געשריבן און האָט אַרום זיי אַרומגעקליבן דעם פּראָסטן עולם; דינסטמיידלעך, משרתים, בעלי־מלאכות און אַרבעטער, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין העברעיִש און וואָס זייַנען אין פאַרלויף פון פיל, פיל יאָרן געווען זייַנע טרייַע לייענער.

א. מ. דיק איז געווען אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער מענטש און ער האָט נישט געזוכט פון זייַנע מעשיות קיין פאַרדינסטן. דאָס איז איבערהויפּט געווען אַן אוממעגלעכע זאַך אין זייַנע צייַטן; פון ליטעראַרישע פאַרדינסטן האָט מען נאָך דענסטמאָל נישט געוווּסט, ווי בייַ די ייִדישע שריפטשטעלער, אַזוי אויך בייַ זייערע העברעיִשע קאָלעגן. ער האָט אויך נישט געשריבן פון כבוד וועגן, ווייַל אין דער משכילישער וועלט, צו וועלכער ער האָט געהאַט דעם כבוד צו געהערן, האָט זיך גערעכנט פאַר אַן אומכבוד צו שרייַבן אויף ייִדיש, און זייַנע ווערק, ווען זיי זייַנען נאָר נישט דערשינען אַנאָנים, זייַנען געווען באַצייכנט בלויז מיט די אָנפאַנגס־בוכשטאַבן פון זייַן נאָמען א. מ. ד.

שרייַבנדיק אויף ייִדיש האָט דיק געהאַט נאָר איין ציל: זייַן נוצלעך דעם המון, וואָס האָט נישט פאַרשטאַנען קיין אַנדערע שפּראַך, אויסער זייַן מוטערשפּראַך. ווען ער ווענדט זיך אין זייַנע ראָמאַנען און דערציילונגען כמעט אַלעמאָל צו זייַנע „ליבע לעזערינס" איז עס נאָר דערפאַר, ווייַל זייַנע ביכער זייַנען הויפּטזעכלעך געווען באַשטימט פאַרן ווייַבערישן עולם; די מאַנסלייַט, ווי מען האָט אַמאָל געהאַלטן, פאַרשטייען מער אָדער ווייניקער העברעיִש. עס קען אויך זיין, אַז דער פאַרפאַסער האָט גערעכנט, אַז פאַר אַ מאַנסביל איז נישט קיין פּאַסיקע באַשעפטיקונג, צו לייענען אויסגעטראַכטע מעשיות, וועלכע זייַנען געשריבן אויף צו אַמוזירן דעם פּראָסטן מענטשן און אין וועל־

כע א. מ. ד. האָט אָפּט גערן אונטערגעטראָגן דעם לייענער מוסר־געפילן, וואָס ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלטן זיי געווען אַביסל צו ביטער...

## אייזיק־מאיר דיק האָט געשאַפן דעם ייִדישן ביכערמאַרק

עס איז ביז דיקן נישט געווען וואָס צו לייענען אויף ייִדיש, אַחוץ די חסידישע און אַנדערע פרומע מעשיות. כמעט אַלץ, וואָס איז געשאַפן גע־וואָרן אויף ייִדיש אין דער ערשטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, און וואָס האָט געטראָגן אַ מער אָדער ווייניקער וועלטלעכן כאַראַקטער, איז ווי גע־זאָגט, אָדער קיינמאָל נישט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, אָדער — שפּעטער אַ סך. אַזוי, אַז עס איז נישט געווען כמעט קיין ייִדישער ביכערמאַרק. א. מ. דיק האָט אים געשאַפן. ער האָט געשאַפן אי דעם מאַרק, אי דעם גרעסטן טייל ביכער אָדער ביכלעך, וואָס מען האָט אָנגעהויבן צו פאַרקויפן אויף אים אין די 50ער און 60ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. אַ גאַנצע ליטעראַטור האָט ער אָנגעהויבן אויף ייִדיש. אָנגעהויבן פון די 60ער יאָרן איז אין משך פון אַ געוויסער צייט נישט אַריבער קיין וואָך, אַז ראָמס דרוקעריי אין ווילנע זאָל נישט אַרויסגעבן דיקס אַ ביכל. און דאָס איז געווען נישט סתם אַזוי אַ מעשה־ביכל. אַחוץ עפּעס אַ דערציילונג פון פאַרצייטן אָדער פון זיין אייגע־נער צייט, האָט דיקס אַ ביכל געהאַט אין זיך אַלערליי בילדונגס־עלעמענטן: ידיעות פון געשיכטע, פון נאַטור־געשיכטע, רייזע־באַשרייבונגען, פאַרשיי־דענע אַנדערע שילדערונגען, מיטטיילונגען און אָנווייזונגען, וואָס האָבן גע־האַט אַן אויפקלערערישע באַדייטונג. יעדע מעשה, וואָס דיק האָט דערציילט אָדער איבערדערציילט, איז געווען עפּעס אַ מין השכלה־ענציקלאָפּעדיע — אין מיניאַטור. און אַזוי ווי ער האָט געשריבן אָדער איבערגעאַרבעט אַזוינע מעשיות אין די צענדליקער, אין די הונדערטער, האָט מען מיט זיי אַליין גע־קענט אָנפילן אַ קליינע ייִדישע ביבליאָטעק. כדי עס זאָל לייכטער זיין זיך צו אָריענטירן אין אָט דער מאַסע ווערק, וואָלט מען זיי געקענט איינטיילן אין פאָלגנדיקע פיר מינים: 1) היסטאָריש־לעגענדאַרישע דערציילונגען; 2) פּאָפּולער וויסנשאַפטלעכע און סתם אַזוי אינפאָרמאַטיווע מעשה־ביכלעך; 3) כראָנאָלאָגיש־פאָלקלאָריסטישע מעשיות, און 4) לעבנסשטייגער־דערציי־לונגען.

אין אַ סך פון זיי — און דאָס איז אפשר דער וויכטיקסטער פון אַלע ביז אַהער אויסגערעכנטע פּונקטן — טרעט דיק אַרויס ווי זייער אַ געמיטלעכער און אַמוזאַנטער דערציילער. עס איז אמת, אַז ער האָט, ווי אַלע משכּילים, געוואָלט עפּעס אויפטאָן און זיין נוצלעך, נישט נאָר אנגענעם, מיט זיין דער־ציילן; ער האָט געפּרעדיקט נייע אידייען, נייע לעבנס־פאָרמען. אָבער טיף אין הארצן האָט ער מער הנאה געהאַט פון דערציילן אַ מעשה, ווי פון זאָגן

מוסר און פרעדיקן נײַע אידייען. נישט געקוקט אויף די אַלע אָפּווייכונגען, וואָס זײַנען דאָ אין זײַנע מעשיות, איז דיק אין דער ייִדישער השכלה־ליטע־ראַטור געווען דער ערשטער, וואָס האָט ליב געהאַט צו דערציילן אַ מעשה פון דער מעשה־זוּעגן און אויסצומאָלן אַ כאַראַקטער פון דעם כאַראַקטער־זוּעגן. דערמיט איז ער אַנדערש געווען פון אַלע אַנדערע השכלה־שרײַבער, וואָס זײַנען געווען פאַר אים, אַחוץ עטינגערן... גיט אַ קראַץ יענע, וועט איר אונטער דעם דערציילער געפינען אַן אויפקלערער, אַ לערער, אַ קעמפער. גיט אַ טרייסל א. מ. דיקן, וועט פון אונטער דעם אויפקלערער, דעם לערער, דעם קעמפער אַרויסקריכן אַ בעלעטריסט, אַ קינסטלער.

## נחום־מאיר שייקעוויטש — שמ״ר

דער מער באַרימטער צווישן די שריפטשטעלער פון דעם סאָרט ראָמאַנ־טישע ראָמאַנען מיט העכסט אויסערגעוויינלעכע אינטריגעס, וועלכע ווערן אַלץ מער פאַרפּלאָנטערט און קאָמפּליצירט מיט יעדן באַנד, איז שײַקעוויטש, וואָס איז מער באַקאַנט אונטער זײַן ליטעראַרישן פּסעוודאָנים שמ״ר (גע־בוירן אין נעסוויזש, מינסקער גוברניע, אין 1849סטן יאָר, געשטאָרבן אין אַמעריקע אין 1905). שײַקעוויטש איז געוואָרן אַ ייִדישער ראָמאַניסט דורך אַ צופאַל, וועלכער איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין גאַנצער צוקונפ־טיקער ליטעראַרישער קאַריערע.

אַלס יונגער משכיל, האָט זיך שײַקעוויטש אין אַ שיינעם טאָג באַוויזן בײַם באַרימטן העברעיִשן שריפטשטעלער און פילאָלאָג ש. י. פין אין ווילנע, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ פאַרלאַג. שײַקעוויטש האָט אים געבראַכט אַ העברעיִשן ראָמאַן, וועלכן פין האָט אָנגענומען. אין צווישנצײַט האָט די צענזור געמאַכט שוועריקייטן בנוגע צום פאַרעפנטלעכן דעם ראָמאַן. נאָכ־דעם האָט פין, ווייסנדיק די באַדערפעניש פון מאַרק און פאַרויסזעענדיק, אַן צווייפל, דעם סאָרט ליטעראַטור, פאַר וועלכן שײַקעוויטשעס טאַלאַנט וועט מער פּאַסן, פאַרגעלייגט אים צו שרײַבן אַ דערציילונג אין ייִדיש.

אויף מאָרגן איז די דערציילונג געווען פאַרטיק און פין האָט פאַר איר באַצאָלט דרײַ רובל. אויפן דריטן טאָג האָט שײַקעוויטש, ווען דער האָנאָ־ראַר, וואָס ער האָט באַקומען מיט אַן אָוונט פריִער, איז זייער געפעלן גע־וואָרן, צוגעשטעלט אַ נײַע דערציילונג פאַר וועלכער ער האָט באַקומען דאָס זעלבע געצאָלט ווי פאַר דער ערשטער. מיט אַ טאָג שפּעטער האָט פין אָפּ־געקויפט אַ נײַע און די לעצטע דערציילונג, און שײַקעוויטש האָט זיך גע־ווענדט צו נײַע אַרויסגעבער, וועלכע האָבן, פאַר האָנאָראַרן כמעט גלײַכע מיט די ערשטע, אָפּגעקויפט בײַ אים זײַנע נײַע מעשיות. אויף אַזאַ אופן איז שמ״ר, וועלכער איז צו דער צײַט (אַרום 1875סטן יאָר) שוין געווען אַ פאָטער

פון אַ פאַמיליע און אָן לעבנסמיטלען, געוואָרן אַ „ראָמאַנען־פאַבריקאַנט", און איז געבליבן אַזעלכער ביזן לעצטן טאָג. ער האָט געשאַפן מער ווי הונדערט ראָמאַנען און שפּעטער, ווען דאָס ייִדישע טעאַטער איז געשאַפן געוואָרן דורך גאָלדפאַדענען האָט ער צוגלייַך געשריבן אַ גרויסע צאָל פּיעסן, וועלכע ער האָט געשטעלט אין טעאַטער וואָס ער האָט אַליין אָנגעפירט אָדער אַנדערע. אין אַמעריקע האָט ער אַרויסגעגעבן אַ הומאָריסטישן זשורנאַל אין פאַרלויף פון 3 יאָר און האָט מיטגעאַרבעט אין אַ גרויסער צאָל אַנדערע זשורנאַלן, נאָר צוגלייַך האָט ער אויך ווייטער פאָרגעזעצט זייַן אַרבעט צו שרייַבן ראָמאַנען. דער גרעסטער טייל פון זיי אַנטהאַלטן הונדערטער זייַטן און אָפט באַשטייען זיי פון פיל בענדער.

ווי דיק, האָט אויך שמ"ר ליב געהאַט אַריינצושטעלן אין זיינע דערציילונגען שטיקלעך מוסר, אַלס משכיל און פאַרפאַסער פון ראָמאַנען אין העברעיִש, האָט ער גערעכנט אַז זייַנע ייִדישע ראָמאַנען וועלן באַקומען אַ געוויסן עלעגאַנטן אויסזען, ווען ער וועט אַוועקשטעלן איבער יעדן קאַפּיטל, אָפט אַפילו פון אָנהייב, אַ העברעיִש ליד, וואָס זאָל ווי אַ מין אובערטורע, פאָרויס דערקלערן דעם געדאַנק אָדער די מאָראַל, וועלכע מען קען פון דעם ווערק אַרויספירן. אין זייַנע ראָמאַנען אָבער שפּילט נישט די מאָראַל אַזאַ איבערוועגנדיקע ראָל, ווי דאָס איז דער פאַל אין א. מ. דיקס ווערק. זייַן ראָמאַן איז פאַר אַלעם אַ ראָמאַנטישער ראָמאַן, אַ פאַנטאַזיע־ראָמאַן און אַלעם איבעריקעס שטייט אויפן צווייטן פּלאַן.

שמ"ר איז געווען דער צווייטער פּראָפעסיאָנעלער ייִדישער בעלעטריסט נאָך א. מ. דיקן, אָבער זייַן פּראָדוקטיוויטעט איז געווען נאָך גרעסער, ווי דיקס. זייַנע ערשטע נייַן מעשה־ביכלעך — דרייַ רובל אַ שטיק — זאָל ער האָבן אָנגעשריבן אין משך פון נייַן טעג. מיט נישט קיין קלענערער שנעלקייט און פלינקייט האָט ער פאַבריצירט זייַנע ראָמאַנען און דערציילונגען אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

„קיין ייִדישער שרייַבער איז נאָך נישט געווען אַזוי באַרימט ווי ער. קיינער איז אַזוי פיל נישט געלייענט געוואָרן ווי ער. מיר דוכט זיך, אַז באַלד ווי איך בין געקומען אויף דער וועלט, איז דאָס ערשטע וואָרט, וואָס איך האָב דערהערט געווען: שמר... מייַנע קוזינען האָבן געשמרט... מייַנע פעטערס, מייַנע מומעס, האָבן געשמרט... די שכנים בייַ אונדז אויפן הויף, די באַקאַנטע קרעמערקעס אויפן מאַרק, די ייִדישע דינסטמיידלעך בייַ אונדז אינעם הויז — אַלע, אַלע האָבן געשמרט, געדענק איך פון מייַנע קינדער־יאָרן. האָט זיך באַוויזן, דערמאָן איך זיך, דער האָרבאַטער פאַקנטרעגער מיט שמ"רס אַ נייַעם ראָמאַן בייַ אונדז אויפן הויף, האָבן אים די ווייַבער שיר צעריסן. יעדע פון זיי האָט אים די ערשטע געוואָלט קריגן אויף „פּראָקאַט", געשפּאָרט דעם האָרבאַטן ר' וועלוועלען די דרייַ אָדער פינף קאָפּיקעס אין האַנט אַרייַן

און האָבן אים געצופּט און געריסן, און האָבן זיך אַרומגעקריגט איינע מיט דער אַנדערער, ווי איבער אַ ווילדער מציאה... זיי האָבן אים געלייענט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און דערנאָך דערציילט איינע די אַנדערע מיט התפּעלות וועגן די גוטע און שלעכטע העלדן פון שמ״רס ראָמאַנען.

דעם עולם איז געפעלן געוואָרן שמ״ר, ווייל שמ״ר האָט געגליכן דעם עולם. ער האָט נישט געקוקט אויף אים פון אויבן אַראָפּ. ער האָט אים פאַר־גונען דאָס ביסעלע פאַרגעניגן.

ער האָט פריִער ווי אַלץ, געוואָלט אַז דער לייענער זאָל זיך אַמוזירן. און ער האָט זיך נישט געשעמט דאָס צו זאָגן. מער נאָך, ער האָט זיך געחנט דערמיט. „איך בין נישט אויסן שרייבנדיק מיין ראָמאַן, איר זאָלט זיך פון מיינע ווערטער אַ שיינעם מוסר אָפּרעכענען, ווי אַלע ראָמאַניסטן טוען. ניין, איך שווער אייך ביי באָרד און פאות, אַז איך האָב דאָס נישט געמיינט... איך האָב דעם ראָמאַן געשריבן מיט דעם איינציקן ציל אייך פאַרגעניגן צו פאַרשאַפן" („דער בלוטיקער אַדיע"). און ער האָט געזוכט צו פאַרווייַלן די לייענער אויף אַלע מעגלעכע אופנים.

דער פאָלקס־לייענער האָט, אַזוי ווי דאָס קינד, ליב אויסטערלישע, אוי־סערגעוויינלעכע, יום־טובדיקע, פאַרביקע, פאַנטאַסטישע פּאַסירונגען; אַזוי ווי דאָס קינד, וויל ער — אַ גוטן סוף... שמ״ר האָט עס געוווּסט. דערפאַר איז ער אַזוי באַליבט געווען ביי יענעם גרויסן קינד, וואָס הייסט: פאָלק.



# מענדעלע מוכר ספרים

## ביאָגראַפישע שטריכן

שלום-יעקב אַבראַמאָוויטש האָט פריִער געהייסן ברוידי. נאָך מסירות און פאַרפאָלגונגען, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין דער פריִער יוגנט איז ער געווען געצוווּנגען צו בײַטן דעם פאַמיליע-נאָמען.

אויך זײַן פסעוודאָנים מענדעלע מוכר ספרים איז אַ געביטענער. אין

1864 האָט ער אַרײַנגעשיקט אין „קול מבשר" (ערשטע יִדישע צײַטונג אין 19טן יאָרהונדערט, דערשינען אין אדעס ווי אַ בײַלאַגע צום העברעיִשן „המליץ") זײַן ערשט יִדיש ווערק, „דאָס קליינע מענטשעלע", און אויף דעם אָנגעגעבן דעם פסעוודאָנים סענדערל מוכר ספרים (אַ נאָמען וואָס איז פֿאַרבונדן מיט זײַנע אייגענע באַגעגענישן). דער רעדאַקטאָר פון דעם וואָכנבלאַט, אַלעקסאַנדער צעדערבוים, מורא האָבנדיק מ'זאָל אים נישט אָננעמען פֿאַרן שרײַבער פון דער שאַרפער סאַטירע אויף קהל (סענדערל קלינגט דאָך ענלעך צו אַלעקסאַנדער), האָט אויסגעמעקט „סענדערל" און נישט בעטנדיק בײַם מחבר קיין דערלויבעניש אים אַ נאָמען געגעבן „מענדעלע"... און אַזוי איז פֿאַרבליבן דער פסעוודאָנים פון שלום-יעקב אַבראַמאָוויטש — מענדעלע מוכר ספרים, פּאָפּולער און באַליבט בכל תפוצות ישראל, פון אַלעמען אָנערקענט ווי דער זיידע פון דער נײַער יִדישער און העברעיִשער ליטעראַטור.

מענדעלע מוכר ספרים, אָדער שלום-יעקב אַבראַמאָוויטש, ווי ער האָט באמת געהייסן, איז געבוירן געוואָרן אין דעם יאָר 1836, אין דעם שטעטל קאַפּוליע, מינסקער גובערניע. זײַן פֿאָטער איז געווען אַ גרויסער למדן און איינער פון די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט.

שלום-יעקב האָט צוערשט געלערנט אין חדר, נאָכדעם אין פֿאַרשיידענע ישיבות. צו פֿערצן יאָר האָט ער שוין געהאַט גרויסע ידיעות, נישט נאָר אין תנ"ך און אין דער העברעיִשער שפּראַך, נאָר אויך אין תלמוד. צו יענער צײַט איז בײַ אים געשטאָרבן דער פֿאָטער, און די מוטער זײַנע האָט צום צווייטן מאָל חתונה געהאַט פֿאַר אַ מילנער, פון דעם דערבײַיִקן דאָרף. שלום-יעקב האָט אַ געוויסע צײַט געלערנט אין פֿאַרשיידענע שטעטלעך, און שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט בײַ זײַן מוטער אין דאָרף, און האָט געלערנט מיט די קינדער פון זײַן שטיף-פֿאָטער.

די נאַטור אַרום מיל איז געווען זייער אַ שיינע, און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויף דעם יונגן אַבראַמאָוויטשן. דאָרט, אין דאָרף, האָט מאַקע אַבראַמאָוויטש אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט, און צוערשט האָט ער, ווי אַלע אַנדערע שרײַבער פון יענער צײַט, אָנגעהויבן שרײַבן אויף העברעיִש.

צו זיבעצן יאָר האָט זיך אַבראַמאָוויטש אַוועקגעלאָזט אין דרום-רוסלאַנד. דאָס האָט ער באַגלייט זײַנע אַ מומע, אַן עגונה, וועלכע איז געפֿאָרן אין יענער געגנט זוכן איר פֿאַרשוווּנדענעם מאַן. געפֿאָרן זײַנען זיי מיט אייגעם אַ שנאָרער, אברהמל דער הינקענדיקער, וועלכער האָט זיי אויפן וועג אויסגענוצט און געשיקט בעטלען און שנאָרן פֿאַר אים. לסוף אָבער, האָט זיך אַבראַמאָוויטש באַפֿרײַט פון דעם שנאָרער און איז געבליבן אין דער שטאָט קאַמענעץ. דאָרט האָט ער זיך באַקענט מיטן העברעיִשן דיכטער גאָטלאָבער, וועמענס טעכטער עס האָבן אַבראַמאָוויטשן געלערנט רוסיש,

דײַטש און רעכענען. שפּעטער האָט אַבראַמאָוויטש אויסגעהאַלטן עקזאַמען און איז געוואָרן אַ לערער אין אַ ייִדישער רעגירונגס-שול.

אין דער זעלבער צײַט הייבט אַבראַמאָוויטש אָן פיל זיך אָפּצוגעבן מיט ליטעראַרישער טעטיקייט. ער גייט ביסלעכווײַז אַריבער אויף ייִדיש. אין זײַנע ליטעראַרישע ווערק, גיט אַבראַמאָוויטש איבער אַ בילד סײַ פון זײַן אייגן שטעטל, ווו ער האָט פאַרבראַכט זײַן יוגנט („שלמה רב חיימס"), סײַ פון די פאַרשיידענע קבצנים און שנאָרער, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן אומוואַנדערנדיק מיט אברהמל דעם שנאָרער („פישקע דער קרומער"), סײַ פון די פאַרשיידענע ייִדישע קהל-לײַט, וואָס האָבן שטאַרק עקספּלאָטירט דעם פּשוטן ברייטן עולם („די טאַקסע"). מענדעלע מאָלט אויך אין זײַנע ווערק די באַוועגונג, וואָס איז אין זײַן צײַט אָנגעגאַנגען בײַ ייִדן — אָנצוהייבן לערנען נישט נאָר רעליגיעזע זאַכן, נאָר אויך וועלטלעכע — די השכלה-באַוועגונג („דאָס קליינע מענטשעלע" און „ווינטש-פינגערל"). ער האָט אויך אָנגעשריבן „די קליאַטשע", „מסעות בנימין השלישי", „דער פּריזיוו" א. א.

אַבראַמאָוויטש איז אין משך פון אַ סך יאָרן געווען דער פאַרוואַלטער פון דער גרויסער ייִדישער האַנטווערק-שול אין אָדעס, אונטערן נאָמען „אַרבעט". אין 1910 איז מיט גרויס פּאַראַד געפײַערט געוואָרן אַבראַמאָוויטשעס פינף און זיבעציק-יעריקער יוביליי. ער איז געשטאָרבן דעם 8טן דעצעמבער 1917.

אַ גרויסע און וויכטיקע ראָל האָט דער „זיידע" מענדעלע געשפּילט אין ייִדישן לעבן. ווען ער איז געקומען מיט זײַן ערשט ווערק, איז דאָס געווען דער אָנהייב פון לייגן דעם פונדאַמענט פאַרן בנין וואָס מיר רופן: מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור.

ער איז געווען דער ערשטער, דער אָנהייבער פון אַ שיינער תקופה אין ייִדישן לעבן, וואָס האָט אונדז געבראַכט צו דער מדרגה פון אַ פאָלק מיט אַ גרויסער און רײַכער קולטור אויף ייִדישן לשון.

אויך ביז מענדעלען האָבן מיר געהאַט ייִדישע שרײַבערס און עס זײַנען דערשינען אַמאָל אויך ייִדישע ביכער, אָבער ערשט מיט זײַן קומען איז אָפּגעריייניקט געוואָרן דאָס ייִדיש-לשון, איז דאָס ייִדישע וואָרט קינסטלעריש דערהויבן געוואָרן.

ווען „זיידן" זאָגט פּרץ, אַז ער איז „דער ערשטער, וואָס האָט אַ ייִדישן סטיל באַשאַפן".

— מענדעלע מוכר ספרים האָט אונדז איבערגעלאָזט אַ גרויסע ירושה — ווערק וואָס זײַנען קינסטלעריש אויף אַ גאָר הויכער מדרגה און שפּיגלען אָפּ דאָס לעבן פון ייִדן אין 19טן יאָרהונדערט. לאָמיר לערנען די ווערק פון „זיידן" מענדעלע.

# שלומקע

שלום-יעקב, אָדער ווי ער איז איצטער באַוווּסט, מענדעלע מוכר ספרים, איז געווען דאָס זעקסטע קינד ביי ר׳ חיים-משה און שרה-נעסין.

ווען דאָס יינגל איז נאָך גאָר יונג געווען, האָט דער טאַטע דערקענט, אַז ער איז אַ כלי, אַ געראָטן קינד, אַנדערש פון אַלע איבעריקע קינדער זיינע. אמת טאַקע, שלומקע איז אַ גרויסער שטיפער און נאָכקרימער, ער האָט אָבער אַ שאַרף קעפּל און אַ וווּנדערבאַרן זכרון.

אין חדר האָט מען אים אָפּגעגעבן גאָר יונג, ווי עס האָט זיך געפירט ביי יידן מיט הונדערט יאָר צוריק. זיין ערשטער רבי איז געווען משה פלאַ-קעס. געוויינלעך פלעגט אַ קינד אָפּזיצן ביי משה פלאַקעס אין חדר צוויי יאָר. אין די צוויי, דריי יאָר פלעגט דאָס יינגל אויסלערנען זאָגן גוט עברי און אָנהייבן חומש. אָבער שלום האָט אין איין יאָר אויסגעלערנט דעם רבינס גאַנצע תורה. ער האָט געזאָגט עברי „גיך ווי אַ וואַסער" און אָנגעהויבן חומש.

דאָס יינגל איז ביי אַלעמען געווען באַליבט פאַר זיין לעבעדיקייט, פאַר זיינע קלאָץ-קשיות און נאָך מער פאַר זיינע אָנשטעלן. גלייך ביים ערשטן בליק פלעגט ער אויפכאַפּן ביי יענעם אַ מינע, אַ וואָרט, וואָס איז אַנדערש ווי ביי אַנדערע, און באַלד אויפן אָרט קענען נאָכמאַכן אַבי וועמען מיט אַלע קנייטשעלעך: אָט ווי יענער רעדט, ווי יענער שטייט און גייט, אַזוי אַז ם׳פלעגט זיך האַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער.

ער איז אויך געווען אַ גרויסער שטיפער. שלומקע אין חדר און שלומקע אין דרויסן זיינען עפּעס גאָר אַנדערע, פאַרשיידענע יינגלעך. לערנט ער, איז געלערנט. ער איז מיטן גאַנצן קאָפּ אַריינגעטאָן אין לערנען. קוים האָט ער אָבער צוגעמאַכט זיין ספר און איז אַרויס אין דרויסן, איז ער ווי איבערגע-ביטן געוואָרן. ער האָט געברענט, געשטיפט, געשטורעמט — אַ יינגל מיט די ביינער.

אָפט האָט ער אָפּגעטאָן זאַכן, וואָס האָבן גוט איבערגעשראָקן די על-טערע מענטשן אַרום אים. דערציילט מענדעלע:

— ס׳איז געווען פרילינג-צייט. פלוצים ווערט אַ כמאַרע. צווישן גערט-נער אויף פריש גרין גראָז לויף איך באָרוועס אין איין העמדל, מיט אַ היטע-לע אויפן קאָפּ. איך לויף געשווינד אָפּשטעלנדיק זיך אָפט. די אייגעלעך וואַרפן זיך אין אַלע זייטן, די אויערלעך הערן זיך צו, אויפגעשטעלט ווי ביי

אַ העזעלע. דאָס מאָל עפּענען מיר זיך צום ערשטן מאָל אויף די אויגן מײַנע. איך בלײַב פֿאַרגאַפֿט פֿון דעם בילד, וואָס איך זע. איינער אַליין געפֿין איך מיך דאָ, קיין לעבעדיק באַשעפֿעניש איז אַרום נישטאָ, נאָר הימל און ערד. אַ פּלויט פֿון איין זײַט און אַ פּלויט פֿון דער אַנדערער זײַט. אָט גיט אַ זעץ, אַ קלאַפּ אויבן אין דער הויך. דאָס קול קײַקלט זיך אין סוף וועלט, צעפּאַלט זיך אויף אַ סך שטאַרקע קולות דאָרט. און פֿײַערדיקע שלאַנגען פֿליִען מיט אַ צוק אין הימל. אָט דאָס קלאַפּן די רעדער פֿון גאָטס רײַטוואָגן, טראַכט איך בײַ מיר, גאָט פֿאָרט עס דאָרט אין הימל, קלאַפּט מיט דער בײַטש, אַזש פֿונקען פֿליִען. אַ זייל שטויב הייבט זיך אויף פֿון דער ערד, עס יאָגט זיך, עס דרייט זיך ווי אַ דריידל. נאָר באַלד גיט אַ גאָס אַ רעגן, אַ ליבער וואַרע־מער רעגן, גאָר אַ דערקוויקעניש. גרויסע טראָפּנס פּויקן אויף גרינוואַרג פֿון גערטנער. רעטעך, ציבעלע, קנאָבל יונגעטשקע בייגן אײַן די קעפּלעך, ווי קינדער בײַ דער מאַמען אין שויס, און צוואָגן זיך מיט פֿאַרגעניגן. אין דרויסן יאָגן פֿון הונדערטער ערטער קליינע רינקעלעך, נעמען זיך אויפֿן וועג צונויף פֿליסנדיק ווײַטער, ווײַטער, זשומענדיק אין די אויערן. און אָט טוט זיך אַ ווײַז דאָס ראָד פֿון רײַטוואָגן, אַ ראָד אַ גרויס דאָרט אין הימל, נאָר אַ האַלבער דערגנבויגן זעט זיך אַרויס, וווּנדערשיין געפֿאַרבט, אַ פֿאַרגעניגן צו קוקן.

אָט דאָס וווּנדערלעכע בילד, דערציילט מענדעלע, האָט זיך מיר אײַנ־געשניטן אין האַרצן. דאָס לשון פֿון דער נאַטור אַרום מיר האָב איך דעמאָלט פֿאַרשטאַנען. איך האָב פֿאַרשטאַנען דאָס לשון פֿון קרײַטעכצער און געוויקסן פֿון גאָרטן, דאָס ליד וואָס די רינקעלעך וואַסער זינגען און וואָס אַ פֿראַש קוואַקעט ליגנדיק אין בלאָטע ביזן האַלדז. איך האָב איר אָפּגעענטפֿערט קוואַ־קענדיק הויך אויף אַ קול ווי זי. און אַז איך בין געקומען אין הויף פֿון אונ־דזער הויז, איז אַרויס דאָס קעלבל פֿון שטאַל, אויסגעגלײַכט די ביינער, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, אויפֿגעהויבן דעם עק און זיך געלאָזן אין געלאָף. ס'איז אויך אַרויס די הון מיט אירע הינדעלעך און געפּיקט אין מיסט. און דער האָן איז אַרויס פֿאָרויס האָפֿערדיק און געקרייט מיט שטאָלץ זײַן קוקע־ריקו. און אַ קאַץ איז אַראָפּ פֿון דאַך, געדראַפּעט זיך אויף דער וואַנט און געמיאַוקעט. איך האָב געוווּסט וואָס זיי ווילן. איך האָב איטלעכן אָפּגעענט־פֿערט אויף זײַן לשון: געקוואַקעט ווי אַ זשאַבע, געמעקעט ווי אַ קאַלב, גע־פּישטשעט ווי די הינדעלעך, געקרייט ווי דער האָן און געמיאַוקעט ווי די קאַץ.

די שטוביקע זײַנען אַרויסגעלאָפֿן פֿון הויז און דער טאַטע האָט דער־לאַנגט אַ פּאַטש. די מאַמע האָט געשריִען און זיך געבייזערט און דער רבי האָט דערנאָך זײַנס צוגעגעבן — וואָס מיינט זיך אַ יִינגל אַ שטיפֿער פֿאַר־פֿאַלן צו ווערן אין אַזאַ גאָס־רעגן?

דאָס ייִנגל האָט נישט פאַרשטאַנען די שרעק פון טאַטע־מאַמע און האָט נישט באַנומען וואָס דער רבי וויל פון אים.

אָבער דער טאַטע איז געווען אַ מבין אויף זײַן געראָטענעם שטיפער. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז בײַ דעם געהעריקן סדר לערנען און בײַם ריכטיקן מלמד אין די הענט קען פון אַזאַ קינד מיט דער צײַט ווערן אַ לײַט.

# קאַפּוליע

קאַפּוליע, דאָס שטעטל ווו מענדעלע מוכר ספרים איז געבוירן געוואָרן, איז געווען אַ פּאַרוואָרפן ווינקל אין מינסקער גובערניע, ווײַסרוסלאַנד, ווײַט פון טראַקט, מען זעט נישט קיין פּאָסט, מען הערט נישט קיין גלעקער.

דאָס שטעטל איז געווען קליין און אָרעם. עס האָט געהערט צו אַ פּריץ. אָבער ס'איז געווען אַן אײַנגעפונדעוועטע ייִדישע קהילה מיט אַן אַלטן בית־עולם און מיט אַ פּנקס, ווו מ'האָט פאַרשריבן אַלע וויכטיקע געשעענישן. ס'איז געווען אויך אין שטאָט אַ תלמוד־תורה, אַ הקדש, אַ שטוב ווו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן די פאַרבײַפאָרנדיקע אָרעמעלײַט, אַ קהל־שטיבל און אַ באָד. ס'איז געווען אַ פאַרצײַטיק שטעטל פול מיט אַמאָליקע ייִדישע פירעכצן און מנהגים.

דער דלות איז געווען גרויס. אַ ייִד האָט געקענט אָפּקומען אַ טאָג מיט אַ פּאָר קאַרטאָפל און ברויט. קיין שיך האָט מען נישט געטראָגן. אין בית־המדרש זײַנען כמעט אַלע געגאַנגען אין הילצערנע פּאַנטאָפל. דער שטאָט־גביר אַליין האָט מער נישט פאַרמאָגט ווי פינף הונדערט רובל. אַ ייִד, וואָס האָט פאַרדינט צען קאָפּיקעס אַ טאָג, האָט זיך גערעכנט פאַר אַ בעל־פּרנסה. אַ קרופּניק, אַזאַ מין געקעכטס פון וואַסער מיט אַביסל גרויפּן, פאַרווײַסט מיט אַ פּאָר טראָפּנס מילך, האָט מען געהאַלטן פאַר אַ געהויבענעם מאכל.

קאַפּוליע איז געווען אָרעם אין סחורה, אָבער רײַך אין תורה. די אײַנוווינער זײַנען אַלע געווען לומדים, ווילקענער: דער בית־המדרש און די קלויז זײַנען געווען פול מיט באַלעבאַטים יונג און אַלט, וואָס זײַנען געזעסן און געלערנט. אויך ישיבה־בחורים זײַנען געווען אין שטעטל, און אין בית־המדרש האָבן זיך שטענדיק געפונען אַ פּאָר פּרושים — יונגעלײַט פון דער פרעמד, וואָס האָבן פאַרלאָזן ווײַב און קינדער און זײַנען געקומען קיין קאַפּוליע לערנען תורה און עסן טעג, ד"ה עסן יעדן טאָג אין אַן אַנדער שטוב. אַלע פאַרנאַכט צווישן מנחה און מעריב האָבן זיך די בעלי־מלאכות פון שטאָט פאַרקליבן אַרום באַזונדערע טישן צו הערן פון פירזאָגער — בײַ איין טיש מדרש, בײַם צווייטן — עין יעקב, בײַם דריטן — אַ שטיקל חומש מיט רש"י, בײַם פערטן — שטראָף־רייד פון אַ מוסר־ספר. אין אַזאַ שטעטל אַז עמיצער איז געווען אַ פּרנס, איז עס געווען נישט אומזיסט. מסתמא איז

ער גוט, פרום און געלערנט: אַ ייִד מיט אַלע מעלות. אַזאַ ייִד איז געווען מענדעלעס פֿאָטער.

## ביי שלומקען אינדערהיים

ר׳ חיים־משה, מענדעלע מוכר ספרימס פֿאָטער, איז געווען, ווי מען זאָגט, אי צו גאָט אי צו לײַט. זײַן צײַט האָט ער אָפּגעגעבן צו פּרנסה, צו תורה און אויך צו שטאָטישע זאַכן. יאָרן לאַנג איז ער געווען קרוינישער רב, אָפּיציעלער רעגירונגס־רב, נישט באַלוינט צו ווערן דערפֿאַר. אויך פֿלעגט ער אומזיסט זאָגן אַ שיעור גמרא פֿאַר יונגעלײַט. זײַן הויז איז אַלעמאָל געווען פֿול — דער אַרײַן, דער אַרויס. אין שטאָט האָט מען קיין זאַך נישט געטאָן אָן אים, ווי ערגעץ אַ שפּאַרעניש, אַ לאָדעניש, איז ער געווען דער פֿאַרמיטלער.

ר׳ חיים־משה האָט געצויגן זײַן חיונה פֿון דעם וואָס ער האָט געהאַלטן די קאָראָבקע אין שטעטל. אין אַמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד איז געווען אַ טאַקסע אויף כשר פֿלייש. ר׳ חיים־משה האָט געדונגען די טאַקסע אויף כשר פֿלייש. ר׳ חיים־משה האָט געדונגען די טאַקסע פֿון דער רעגירונג און האָט דערפֿאַר געהאַט דאָס רעכט אויפֿצומאָנען די צינזן אויף כשרע פֿליישן.

אין הויז פֿלעגן אָפֿט פֿאָרקומען אסיפֿות. די שענסטע באַלעבאַטים פֿלעגן זיך צונויפֿקומען בײַ ר׳ חיים־משהן אין הויז צו באַטראַכטן קהלשע זאַכן. דורך דער שטוב זײַנען דורכגעגאַנגען אַלע פֿון שטעטל: באַלעבאַטים און קבצנים, לומדים און פּראָסטע מענטשן. אַ קינד מיט אַן אויג צו זען און אַן אויער צו הערן, האָט זיך געקענט געניטן אָנהערן און אָנזען אין אַזאַ שטוב. עס האָט געהערט רייד, ווערטלעך, המצאות, קרעכצן און זיפֿצן און זיך צו־געקוקט צו תנועות, העוויות, מינעס פֿון אַלערליי פּאַרשוינען.

צו חיים־משהן פֿלעגט מען קומען נישט נאָר האַלטן זיך אַן עצה און שמועסן וועגן געשעפֿט און קהלשע זאַכן, מען פֿלעגט צו אים אויך קומען ווען עמיצער איז שטאַרק פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן. קיין דאָקטאָר איז אין שטעטל נישט געווען, פֿלעגט מען קומען צו ר׳ חיים־משהן אַז ער זאָל אַזוי גוט זײַן און גיין באַטראַכטן דעם חולה. ר׳ חיים־משה איז געגאַנגען און באַטראַכט דעם חולה און געזאָגט וואָס צו טאָן. אין שטעטל האָט מען אים געהאַלטן פֿאַר אַ מעטער, אַ גרויסן קענער אין דאָקטאָריע. ער אַליין האָט זיך אויך געהאַלטן פֿאַר אַ גאַנצן דאָקטאָר. פֿון וואַנען האָט זיך אַזוינס צו אים גענומען? דערויף איז דאָ אַ טעם. פֿון נאַטור איז ער געווען אַ שלאַפֿער מענטש. עס האָט אים נישט אויסגעלאָזט קיין קראַנקייט, איז ער געפֿאָרן זיך דאָקטאָרן. איינמאָל, ווען ער איז שטאַרק פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן, האָט מען צו אים גע־בראַכט דעם גרויסן שלאָס־דאָקטאָר. מען האָט דעמאָלט געזאָגט אַז דער

דאָקטאָר, וואָס היילט דעם פּריץ, האָט ר׳ חיים־משהן געמאַכט פון טויט לעבעדיק. אָט דאָס האָט ר׳ חיים־משהן געמאַכט פאַר אַ שטיק דאָקטאָר.

מענדעלעס מאַמע, שרה־נעסי, איז געווען אַן איידעלע, שוואַכע פרוי, מיט קליינע ווײַסע הענט מיט דינע בלויע אָדערלעך, אַ פאַרטראַכט בלייך פּנים מיט דינע ליפּן. אַז זי גייט, דוכט זיך אַז זי שוועבט. זי איז געווען אַ ווילקענעוודיקע, געקענט אַלע תחינות, געווען געניט אין „צאינה וראינה", „מנורת המאור" און נאָך אַזעלכע ספרים. אין שול איז זי געווען די פירזאָ־גערן פאַר די ווײַבער וואָס האָבן נישט געקענט דאַוונען. איר לייענען איז געווען פול מיט געפיל, איר ניגונדל האָט גערירט, געצופּט בײַ דער נשמה, אַ שטיין וואָלט פון אירע טרערן צעגאָסן געוואָרן.

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט פלעגן ווײַבער אָפט קומען צו זיצן בײַ שרה־נעסין אין הויז מיט עפּעס אַן אַרבעט, מייסטנס מיט אַ זאָק אין האַנט, אַר־בעטן און רעדן. דערבײַ האָט מען דערציילט משונהדיקע מעשיות, וואָס זײַ־נען פאַרלאָפן אין דער וועלט.

## פון דעם „זיידנס" קוואַל

פאַר מײַנע אויגן שטייט עד־היום, ווי לעבעדיק, דעם זיידנס כאַראַק־טער־קאָפּ מיט דער זילבערנער גרויער האָר, וועלכע שטעלט אים אַוועק אין איין פּרעכטיקער שורה מיט: הוגאָ, איבסען, טאָלסטאָי, טורגעניעוו און זייער גלײַכן.

איך זע נאָך זײַנע באַוועגלעכע, פּלאַסטישע קנייטשן איבער זײַן ראָזיקן, פרישן געזיכט, זײַן הויכן שטערן, זײַן שמייכעלע, זײַן קוק איבער די שפּאַ־קולן, די מינעס און גרימאַסן, וועלכע גייען איבער זײַן רירעוודיקער שפּיץ נאָז, וואָס איז געווען פּעיִק אויף צען פאַרענדערונגען אין איין מינוט. זײַנע שטאַרע פּאָזעס, ווען ער האָט געזוכט נאָך אַ פּאַסיק וואָרט, נאָך אַ פּאַסיק בילד. אַ שאָד, וואָס אַלע זײַנע נאָענטע אײַלן זיך נישט צו פאַרצייכענען יעדן געדאַנק, יעדן אַפאָריזם, וואָס זיי האָבן געהערט פונעם זיידן אַליין, פון אַנ־דערע, וואָס האָבן געלעבט מיט אים צוזאַמען אָדער אין זײַן סביבה. דאָס איז ביז אַהער געטאָן געוואָרן נאָר אויפן שפּיץ מעסער. וואָלטן זיך אַלע זײַנע מקורבים דערצו גענומען, וואָלטן מיר אפשר געהאַט נאָך שיינע עטלעכע גע־קליבענע בענד, אַ צוגאָב צו מענדעלעס שריפטן; נישט ווייניקער אינטערע־סאַנטע ווי די, וועלכע דער זיידע האָט מיט זײַן אייגענער פעדער געשאַפן.

אָבער נישט אַלץ, ווײַט נישט אַלץ, האָבן זײַנע נאָענטע פרײַנט באַ־האַלטן אין זכרון! אַ סך, דאָס בעסטע פון דעם זיידן, איז פאַרלוירן געגאַנגען, אויף אייביק פאַרלוירן.

# בילדער ביי מענדעלע מוכר ספרים

## אַ י ר י ד

אַ יריד — אַ יריד! עס קאָכט. דער עולם איז גרויס. ייִדן מאַכן געשעפטן, שטאַרק פאַרטראָגן, פשוט זיי לעבן. אַ ייִדעלע אויף אַ יריד איז אַ פישעלע אין וואַסער.

ייִדן ירידעווען, לויפן, האַנדלען, שטייען נישט איין אויף איין אָרט. צווישן די סוחרים זע איך בערל טעלעצע, אַמאָל אַ באַהעלפער, דערנאָך אַ משרת, היינט ר׳ בער — שטייט מיט אַ גרויסער קלייט, פלאַמט אויפן יריד. ס׳איז אַ טאַראַראַם, אַ קאָכעניש.

דאָרט זע איך לויפט אַ ייִדל, אַ צווייטער, אַ דריטער, אויך פאָרלעך, פאַרשוויצט שטאַרק, דאָס מיצל אויפן שפּיץ קאָפּ. דאָ אַ טאָפּ, דאָרט אַ טאָפּ, אַ מאַך אַהין, אַ מאַך אַהער, אַ דריי מיטן גראָבן פינגער און אַ קיי דאָס שפּיצל בערדל, געפּאַלן, אַפּנים, אויף אַ המציאה.

עס לויפן גאַר אָן אַ נשמה מעקלער, שדכנים, טאַנדעטניקעס, מאַכליאַר־קעס, קורעלאַפּניצעס, ייִדענעס מיט קוישן, ייִדן מיט טאָרבעס, מיט פינף פינגער, באַלעבעסלעך מיט שטעקלעך, באַלעבאַטים מיט בייכלעך. איטלעכן פלאַמט דאָס פּנים, נישטאָ קיין צייט, אַ רענדל אַ מינוט.

### דער פּלאַץ אין גלופּסק

דער פּלאַץ איז דאָס האַרץ פון גלופּסק, וואָס דאָרט קלאַפּט זיך תמיד טאָג און נאַכט, און וואָס דאָרט איז איר חיות, דאָס גאַנצע לעבן. דאָרט שטייען קלייטן, קלייטלעך, שאַפּקעס און די באַקאַנטע גניבה־שאַפּקעלעך, ווו בעל־מלאכות זעצן דאָרט אָפּ דעם יתור — שטיקלעך מאַטעריע, טאַסמעס, בענד־לעך, סאַמעט און שטיקלעך פעלץ.

דאָרט רידעוועט זיך שטאַרק, עס שווירבלט און גריבלט, אַ געדיכטער עולם, אָן עין־הרע. ייִדן שטופּן זיך און כאַפּן, נעבעך, פון יעדער זייט דיש־לעס פון וואָגנס און פאַרקעס.

דאָרט הערט מען תמיד אַ קול: „הייסע רעטשאַניקעס, קנאָבל, ציבע־לעס, ייִדישע קינדער!״ — פון אָפּגעריסענע ייִנגלעך, וואָס גייען אַרום און שרייען מיט עפּעס אַ משונה־ניגון.

דאָרט כאַפּט מען אַמאָל פאַרנאַכט אַ דאַוון, מען איז מחדש הויך די לבנה און מען שרייט דערביי צו אַלעמען, וואָס גייט נאָר פאַרביי: „שלום־עליכם, פעטער!״.

דאָרט שטייען טרעגערס אַרומגעגאַרטלט מיט גראָבע שטריק, אויסגע־דינטע סאָלדאַטן מיט אַלטע כאָלעוועס און אויסגעריבענע שינעלן, טאַנדעט־

ניקעס מיט אַלטע תחתונים, קאַפּטנס, לייבלעך און נאָך אַלערליי שמאַטעס.

אין מיטן שטייט דער „פּאַני סטאַראָזש" און עסט געשמאַק אַ שטיק יידישן קוילעטש, וואָס ער באַקומט שבת פֿאַר די ליכט־אָפּשנייַצן און היט זיך להבדיל ווי אַ שמורהניק, בשעת ער גיט אַ ביס, עס זאָל חלילה קיין ברעקל נישט אַראָפּפאַלן. קעשענע־גנבים דרייען זיך דאָרט אַרום צו מאַכן די קונץ. עפּעס אַ פאַרשמירט מיידל מיט צעשויבערטע, צעפּאַטלטע האָר שפּרינגט פּלוצים פֿון דער העלער הויט אַרויס, רעוועט, בעט אַ נדבה אויף אַ צעריי־ פּעטן קול, כאַפּט אָן פֿאַר דער פּאָלע און שרייַט, כאָרכלט ווייַנענדיק, גלייַך ווי איר וואָלט איר געקוילעט און צוגענומען בייַ איר געלט.

אַ פּעקל ווייַסע חברה לויפט דאָרט מיט אַ הורא נאָך עפּעס אַ משוגע־ נעם, וואָס זינגט טרויעריקע לידלעך האַלב יידיש, האַלב פּויליש און טראָגט אויפן קאָפּ אַ צעקנייטשט קאַפּעלושל. דאָרט שטייט אַ בחור מיט עפּעס אַ מין קעסטעלע. יידן קוקן אַהינצו אין לאָך, און ער רעדט דערבייַ מיט פּיס־ קעס זייַן געוויינלעכן פּזמון: „דאָס איז לאָנדאָן. דער פּויפּסט פֿאָרט דאָ רייַטנ־ דיק אין רויטע הויזן און אַלע שטייען פֿאַר אים אָן אַ היטל! איצט זעט, ווי נאַפּאָלעאָן מיט זייַנע פֿראַנצויזלעך שלאָגן זיך מיט דעם פּרייַס און די פּרייַסן צעלויפן זיך ווי טאַראַקאַנעס! אָט אַצינד קומט פֿאָר, ווי איינע פֿאָרט אינ־ איינעם מיט דעם תוגר אין איין קאַרעטע. דער גראָספֿעציר האַלט די בייַטש און טרייַבט אָן. די פֿערד האָבן זיך איבערגעשראָקן, אויסגעקערט די קאַ־ רעטע. דער תוגר, נעבעך, איז געפֿאַלן, זיך אַ גוטן זעץ געטאָן. נו, אַ סוף! געגוג שוין צו קוקן פֿאַר אַ האַרטן גראָשן!"

דאָרט זיצן שורותווייַז אויסגעזעצט יידענעס מיט מולטערס, פֿול אָנ־ געלייגט מיט אוגערקעס, כל־נדרי־באַרלעך און מיט נאָך אַנדערע זאַכן. אין דער זייַט שטייט אויף הינערשע פֿיסלעך אַן אַלטע אייַנגעהויקערטע בודקע, אָן טיר און פֿענצטער, וואָס כפי אַלטע גרייַז־גרויע יידן דערציילן, איז אַמאָל דאָרט געשטאַנען אַ בודאָטשניק און די גאַנצע שטאָט איז דעמאָלט געלאָפֿן אָנקוקן די בוזיקע מיט דעם סאָלדאַט אויף חידושים.

לעבן דער אַלטער בודקע, מיט וועלכער גלופּסק איז זיך מיחס ווי מיט עפּעס אַן אַלטן „קרעפּאָסט",* דאָרט אונטער עפּעס אַ מין דעכל באַדעקט מיט עטלעכע פֿאַרשימלטע ברעטלעך מיט איבערגעפֿוילטע שטרוי און ראַגאָ־ זשעס, אָנגעשפּאַרט אויף פֿיר קרומע אויסגעבויגענע סלופּעס, זיצט דוואָשע די סעדעכע, אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייַטן מיט מולטערס. ביי איר געפֿינט זיך תמיד איר גרויסער פֿייַערטאָפּ, וואָס ווינטער זיצט זי אויף אים ווי אַ קוואָטשקע אויף די אייער דעם גאַנצן טאָג כסדר, נאָר וואָס זי כאַפּט אים אַמאָל פֿון אונטער זיך אַרויס אונטערצובלאָזן די קוילן און אַרויסנעמען פּו־ נעם אַש געבראָטענע קאַרטאָפֿליעס.

---

* אַ פֿעסטונג.

## דאָס אַמאָליקע שטעטל

צווישן דעם רינג הײַזער אויפֿן מאַרק, דעם שענסטן פּלאַץ אינעם שטעטל ק. שטייט אַ הילצערנע שטוב מיט אַ גאַניק, כמעט איין פּאַסאַן, איין געשטאַלט מיט די אַלע אַנדערע הײַזער דאָרט, נישט מער וואָס זי איז אָפּגעטינקעוועט, ווײַס אָפּגעשמירט פֿאָרנט אויף דער גאַס אַרויס.

דאָס קלײנשטעטלדיקע אַלט־פֿרענקישע לעבן, איבערהויפּט אין געבײַ פֿון די הײַזער, איז, קען מען זאָגן, ווי דאָס לעבן און דאָס בויען נעסטן בײַ פֿייגל — פּראָסט, איין שניט פֿאַר אַלע גלײַך. עס וועט געווען זײַן פֿון אַ זכר ווען אָפּצומאָלן איין הויז פֿונעם רינג אינעם שטעטל ק. למען ידעו דורותיכם...

## אַ הויז אינעם שטעטל

לאָזן קינדס קינדער וויסן, אין וועלכע הײַזער די זיידעס זײַנען געווען און האָבן אָפּגעלעבט זייערע יאָרן אינאיינעם מיט קינדער, קליינע און גרויסע, און פֿאַרפֿאַלקן אויף קעסט!

בײַם עפֿענען די טיר קומט מען גלײַך פֿון דער גאַס אַרײַן, אַזוי ווי מען שטייט און גייט, אין אַ חדר, אַ גרויס, אַ לאַנגס — דער עיקר דירה, וואָס הייסט אייגנטלעך שטוב.

אין דער הינטערשטער וואַנט פֿון שטוב, אינעווייניק, אַקעגן דעם אַרײַנגאַנג, פֿירט אַ טיר אין אַ פֿינצטער הויז אָן פֿענצטער, אָן אַ באַלקאָן — אַן אָרט פֿאַר האָלץ וכדומה נייטיקע זאַכן אין דער באַלעבאַטישקייט, און אַמאָל איז עס אויך אַ שטאַל פֿאַר דער בהמה בשעת די גרויסע פֿרעסט, ווינטער, אָדער ווען זי איז קעלביק, אַ שטייגער, און קען, נעבעך, נישט נעכטיקן ווי געוויינלעך אין דרויסן. בײַ דער זײַט פֿון דער דאָזיקער הינטערטיר, לינקס, שטייט אַ גרויסער אויוון אויף צו קאָכן און באַקן, און אונטער דעם פּריפּעטשיק איז דאָ אַן אָרט — אַ קאָטוך פֿאַר עופֿות, וואָס לייגן דאָרט אייער און קוואָקען, וואָס נעכטיקן דאָרט בײַנאַכט, קריכן גאַנץ פֿרי אַרויס און שפּאַצירן זיך פֿרײַ אין שטוב אַרום, פֿול אין איטלעכס ווינקעלע, אויפֿן טיש, אויף בענק.

האַרט לעבן דעם אויוון — אַ הרובע פֿון גרינע קאַפּלעס, אַ הויכע, אַ לאַנגע, מיט צוויי בענק: די פֿליישיקע און די מילכיקע באַנק, אַט די דאָזיקעביידע אויוונס און אַ ווענטל מיט טירלעך נאָך זיי, וואָס ציִען זיך איבער דער גאַנצער לענג שטוב, צעטיילן זי אין צוויי העלפֿטן: איין העלפֿט איז די הויפּט־דירה, און די אַנדערע באַשטייט פֿון אַלקערלעך פֿאַר זיך און שכנים. אַנטקעגן דער הרובע הענגט פֿון סופֿיט אַראָפּ אַ ליימען קוימענדל, עפּעס ווי אַ מין גלאָק, מיט צוויי דראָטענע קייטלעך, איינס אַנטקעגן דאָס אַנדערע:

אונטן בײַם ראַנד װערט צום קוימענדל צוגעטײלט עפּעס אַ מין אײַזערנע סקאָװאָראָדע (לוטשניק), אויף װעלכער עס װערט צעלײגט אַ פּײַערל פֿון דאָרע שפּענדלעך צו באַלײַכטן אַלע אָװנט די שטוב. נאָר פֿרײַטיק־צו־נאַכט װערט זי באַלױכטן פֿון חלבדיקע בענטשליכט אין מעשענע לײַכטער אויפֿן טיש און אין דעם 6־רערנדיקן קופּערנעם הענגלײַכטער אויבן מיט אַן אָד־לער. דער „לוטשניק" גיט װי די זון ליכט און טראָגט אַרײַן פֿרײלעכקײט, לעבן, אין שטוב. אַרום אים פֿאַרברענגט מען די װינטערנעכט אין געזעל־שאַפֿט מיט עפּעס אַן אַרבעט אָדער גלאַט אַזױ זיך אַ געשפּרעך.

װײַבער, הײמישע און אַמאָל אויך אײנע אָדער אַ פּאָר נאָענטע שכנות אין דער מיט, זיצן זיך אויף דער פּלײשיקער, אויף דער מילכיקער באַנק, פּליקן פֿעדערן און באַרעדן די װעלט. שבת־צו־נאַכט װערט צוגערוקט אַ טיש, מען לײענט פֿאַר פֿון „ספר הישר", פֿון „גדולת יוסף" — און מען עסט לאַטקעס. און גלאַט אַזױ אַ נאַכט, װען מען פֿרעגלט שמאַלץ, זיצט מען אויפֿ־גערוימט, דערצײלנדיק מעשיות — און מען עסט גריװן.

בײַ די װענט זײַנען אױסגעשטעלט לאַנגע הילצערנע בענק: אויבנאָן שטײט אַ לאַנגער פּירפּיסיקער, רויט־געפֿאַרבטער טיש, מיט שװאַרצע און װײַסע קעסטלעך, אײנס איבער דאָס אַנדערע געהיפּערט, אין דער מיט טיש אויף צו שפּילן אין דאַמקעס, דאָרט אין אַ װינקל, פֿון דער העלפֿט װאַנט ביז צו דער סטעליע, שטײט פֿעסט אײַנגעפּאַסט אַ װינקל־שאַפֿעלע מיט געגלײז־טע טירלעך, פֿון װעלכע עס קוקן אַרויס אַ בעכער מיט קידוש־גלעזלעך, אַ הדסל פֿון דראָט־אַרבעט, אַ חנוכה־לעמפּל, אַ פּושקעלע פֿאַר דעם אתרוג, אַ מײער־קעפּל אויף חידושים, אַ טאַץ מיט שעלעכלעך אויף אײַנגעמאַכטס, טעמבעקאַװע און װאַרשעװער זילבערנע לעפֿל. גאַנץ הויך אויף דער װאַנט הענגט אַ שפּיגל, אין װעלכן ס'איז נישט מעגלעך זיך אָנצוקוקן, ביז מען שטעלט זיך נישט אויף אַ בענקל. דערפֿאַר, אַז מען איז אויף דעם בענקל, זעט מען כאָטש דאָס געמעל אויף די פּאָרטרעטלעך, װאָס הענגען אים בײַ די זײַטן: עפּעס אַ ייִד, אַ גאון אין טלית און תפֿילין, אַ מין גענעראַל אויף אַ פֿערד, האַלב צעביסן פֿון פֿליגן; אויך אַ מזרח מיט צאַצקעלעך און משונה־װילדע חיות, װאָס זײַנען נאָך לעת־עתה אין אונדזערע לענדער נישטאָ.

## נישט דאָס בין איך אויסן...

**רײנקײט אין גלופּסק**

...אויף גלופּסק איז אין יענעם יאָר קײן כאָלערע נישט געקומען... נישט דעריבער, װײַל מען האָט אפֿשר אױסגערײניקט דעם טײַך, צוגענומען די בערגלעך עיפּושדיקע בלאָטע און די געפֿגרטע קעץ פֿון די גאַסן, אָדער באַ־

לעבאַטים האָבן געמאַכט אַ האַסלע, אויף להכעיס דעם גאַנצן אַלטן מנהג, ווײַטער נישט אויסצעשיטן דעם מיסט, אויסצעגיסן פּאָמוניצעס אונטער דער נאָז פֿאַר די הײַזער? חלילה! ווי קען מען אויף אַזאַ ייִדישער קהילה אַזוינס גאָר טראַכטן! נאָר וואָס דען? ס'איז גלאַט געווען גאָר ריינע נסים...

ייִדן האָבן אַפילו דענסטמאָל זיך געקלאָגט אויף די בײַכער, צוביסלעכ־ווײַז אויך אונטערגעשטאָרבן. נאָר דאָס איז געווען גלאַט אַזוי אַן איבערגאַנג. מען האָט עס צוגעשריבן די גרינע אוגערקעס... דער אָרעמער עולם האָט מיט אַ הייסן הונגער זיך צוגעכאַפּט צום יונגן גאָרטנוואַרג און... ס'איז, געלויבט גאָט, מיט חסד... נישט דאָס בין איך אויסן.

י. ח. ראַווניצקי

## דער „זיידע" אויף דער פרייער נאַטור

געדאַרפט האָט מען זען דעם אַלט־יונגן ר' מענדעלע אויף זײַנע שפּאַ־ציר־גענג אין דער אומגעגנט אַרום און אַרום, וואָס ער פֿלעגט גאַנצע שעהן־לאַנג מאַכן אַלע טאָג, און אָפטמאָל צוויי מאָל אַ טאָג, ווי דאָס וועטער זאָל נישט זײַן שלעכט. פריש און מונטער, גלײַך, אויסגעצויגן ווי אַ פּאַלמען־בוים, מיט אָפענע, קורץ־שאַרפזיכטיקע אויגן, האָט ער מיט גרויס הנאה נישט אויפגעהערט זיך נײַגעריק אײַנצוקוקן אין יעדן פעלד־בלימעלע און גרעזעלע, אין יעדן פייגעלע און זומער־פליגעלע. אַלץ אַרום אין דער נאַטור האָט פֿאַר אים געלעבט און גערעדט יעדעס מיט זײַן לשון, און ער צוזאַמען מיט איר, מיט דער לעבעדיקער נאַטור, איז געווען פול מיט לעבן, מיט יוגנט־זאַפט. נישט אומזיסט האָב איך געהערט פון אים נישט איינמאָל בײַ אַזעלכע שפּאַציר־גענג (דעם זומער האָב איך געהאַט דאָס גליק מיט אים צו וווינען אין נאָענטער שכנות): „וויבאַלד איך פיל אַזוי די נאַטור און קען נאָך פון איר אַזוי געניסן מיט אַזאַ אמתער הנאה, איז עס אַ גוטער סימן, אַז דער לעבנסקוואַל אין מיר האָט זיך נאָך נישט אויסגעשעפּט און איך האָב נאָך זאַפט אויף לאַנגע יאָר".

## נאַטור־בילדער ביי מענדעלען

### אין פעלד

...עס טוט מיר אַ שײַן עפּעס אַ בילד־שיינע פּאַנאָראַמע: פעלדער גע־שפּרענקלטע מיט בלײַענדיקע רעטשקע, ווײַס ווי שניי, לעבן געלב־גילדענע ראַצעמאַרענע פּאַסן פון ווייץ און מאַט־גרינלעכע הויך־געוואַקסענע קו־קורוזעס!

אַ שיינער גרינער טאָל, באַדעקט פון ביידע זײַטן מיט וועלדלעך נים־

ביימער. אונטן פלייצט אַ טײַכל, ריין, קלאָר ווי קריסטאַל, אין וועלכן עס טוקן זיך די שטראַלן פון דער זון און באַלייגן עס מיט פינקלדיקע גילדענע פליטערלעך.

די שאָף און די קי אויף דער פּאַשע דאָרט זעען פון דערווײַטנס אויס ווי טונקעלע רויטע געפלעקטע פינטעלעך.

## בײַנאַכט אין וואַלד

אַ לאַנגער שמאָלער טאָל האַקט איבער דעם וואַלד אין צוויי טיילן. דער טאָל איז באַוואַקסן מיט טשערעט און מיני ביימלעך, שטעכעדיקע ווי דערנער, און ציט זיך מיט איין זײַט צום שליאַך, מיט דער אַנדערער — ערגעץ אַנדערש, העט־ווײַט צו אַלדי שוואַרצע יאָר.

דער וואַלד שטייט און שלאָפט, איבערגעדעקט פון אויבן עפּעס מיט אַ טונקעלן פאָרהאַנג, אַרום און אַרום איז שטיל. נאָר צײַטנווײַז הערט מען, ווי צוויי הויכגעוויקסיקע ביימלעך, נאָענטע שכנים, שושקען זיך מיט אַראָפּ־געלאָזענע קעפּ צווישן זיך, איינער דעם אַנדערן אַ קיצל געבנדיק הינטער־ווײַלעכץ מיט די צווײַגן; אָדער ווי אַ פּאָר בלעטלעך ערגעץ פלאַטערן, באַ־רירן זיך גלײַך ווי עס גרימט זיי עפּעס און לאָזט זיי נישט רוען.

דאָס רעדט דער וואַלד פון שלאָף, דאָס חלומט זיך אים נעכטיקער טאָג מיט אַלע לייד און פרייד אין אים.

דער שאָרך פון דאָרע ריטלעך דאָרט — דאָס קומען אים צו חלום ביי־מער, נעבעך, וועלכע מ׳האָט פאַר דער צײַט אויסגעהאַקט; דער קלאַפּ בײַם אַראָפּפאַלן עפּעס פון דער הויך — דאָס באַטײַט אַ נעסט מיט יונגע אומ־שולדיקע פייגעלעך, וואָס דער שפּאַרבער, דער זשוליק, האָט פלוצים צע־שטערט. און דאָס טאַקע פלאַטערן די בלעטעלעך דאָרט אויף דער טויטער מוטער מיט אירע דערהרגעטע קינדער, וואָס קומען אַצינד אים צו חלום...

## האָט מענדעלע מוכר ספרים אַזוי געזאָגט...

...טרויעריק איז מײַן ניגון אין דער קאַפּעליע פון דער ייִדישער ליטע־ראַטור. אין מײַנע חיבורים ליגט אויסגעדריקט אַ ייִד מיט די ביינער, וואָס וועןן ער זינגט אַפילו אַמאָל אַ פריילעכס, דאַכט זיך גאָר אויס פון דערווײַטנס: עפּעס קלאָגט ער, פאַרגייט זיך וויינענדיק. אין זײַנע זמירות הערט זיך עפּעס אַן אומעטיקער שטייגער פון איכות. לאַכט ער, שטייען אים אין די אויגן טרערן; וויל ער אַביסל לוסטיק זײַן, רײַסט זיך אים דערבײַ טיף פונעם האַרצן אַ ביטערער זיפץ — און תמיד אַלץ: אוי, וויי, ווײַ געשריִען!

...מיר איז באַשערט געווען זיך אַראָפּצולאָזן אויפן נידעריקסטן טרעפּל

פון ייִדישן לעבן אונטן אין די קעלערס. מיין „יש — בכאן" איז: שמאַטעס און פוילע סחורה. איך האָב שטענדיק צו טאָן נאָר מיט אביונים, קבצנים, אומגליקלעכע, נעבעך; אויך מיט מענטשעלעך דראבעס, פּאָקוסניקעס וכדומה אַזעלכע מיני נפשות, קליינינטשקע, נידעריקע פאַרשווינען.

מיר חלומען זיך נאָר בעטלערס. פאַר מײַנע אויגן שוועבט תמיד אַ טאָרבע — די אַלטע, גרויסע ייִדישע טאָרבע הענגט מיר תמיד, ווי יענעם מרה־שחורהניק אַ לונג און לעבער אויף דער נאָז. וווהין איך זאָל מיך נישט קערן און ווענדן, זע איך פאַר מיר די טאָרבע; וואָס איך זאָל נישט וועלן עפּעס דערציילן אָדער זאָגן, קוקט מיר אָפיר די טאָרבע...

אוי, אַלץ די טאָרבע, די ייִדישע טאָרבע!

אַפילו אַ גרעזעלע קריכט נישט אַרויס פון דער ערד, ביז וואַנען אַ מלאך שלאָגט עס נישט און זאָגט: וואַקס, קריך אַרויס!...

עס שלאָגן די מלאכים אַלע מיני קבצנים אונדזערע זאָגנדיק: וואַקסט, קבצנים, אביונים, דלפנים, געבוירענע, אָפּגעקומענע, אָפּענע, פאַרבאָרגענע, שפּראָצט, וואַקסט ווי גראָז, ווי קראָפּעווע! גייט, ייִדישע קינדער, גייט איבער די הײַזער!

ווען צוויי ייִדן זאָלן אַ שטייגער פאַרוואָרפן ווערן ערגעץ אין אַ העק אויף אַ וויספּע, ווו חוץ זיי איז נישטאָ קיין לעבעדיק באַשעפעניש, איז גאַנץ זיכער, אַז איינער וועט מיט דער צײַט מאַכן עפּעס אַ קלייטל, דער אַנדערער — אויך עפּעס אַ שטיקל געשעפט. ביידע צווישן זיך וועלן האַנדלען, איינער דעם אַנדערן וועט באָרגן, געבן אין קאָמיסיע און איינער פונעם אַנדערן ציִען דאָס שטיקל פרנסה.

אַ ייִד, אַבי ער שרײַט זיך אַביסל אויס מיט אַ פּזמון, רעדט זיך אָן ווי אַ פּויק און זאָגט אָפּ אַ סליחה, דאַכט זיך אים, ער האָט שוין אַלצדינג אָפּגעטאָן און איז ווי אַן אָפּגעשמיסן קינד נאָכן אויסוויינען זיך, ווײַטער זיך גאַנץ צופרידן.

עס זעט אויס, אַז אַזוי איז דאָס מזל מײַנס און אַזוי איז שוין מיר באַשערט, אַז מיר זאָל עס גיין אין דער וועלט אַלץ מיט שטורעמס. מײַן לעבן איז אַ שטורעמדיקער ים; מײַנע יאָרן — רווישנדיקע כוואַליעס, און די נשמה מײַנע — דאָס געשלײַדערטע שיפל.

## פּאָרטרעטן ביי מענדעלען

### אַלטער יקנה"ז

אַלטער יקנה"ז איז אַ יאָדערדיק ייִדל, אַ געשפּיקעוועטער, מיט אַ דיק בײַכל. זײַן פּנים איז געדיכט באַוואַקסן מיט שמוציק־געלע האָר, פון וועל־

כע ס'איז דאָ גענוג אויף פאות, אויף אַ באָרד און אויף וואָנצעס אי פאַר זיך, אי אויף נאָך עטלעכע ייִדן צו באַטיילן.

אין דעם ים האָר ליגט אַ וויספּע — אַ ברייטע פליישיקע נאָז, וואָס איז דאָס רוב יאָר פאַרלייגט. נאָר ווען עס מאַכט זיך אין איר אַמאָל עפּעס אַ פאַרענדערונג, אונטער אַ פאַר־פּסח, אַ שטייגער, בשעת עס לאָזט אומעטום, עס גייט די קריִע, און דער באַלעבאָס אירער נעמט זי אין דער אַרבעט מיט אַלע פינף פינגער, — דענסטמאָל בלאָזט זי הילכנדיקע תקיעות ווי אַ שופר; דענסטמאָל קלינגט מיט איר גאַנץ טונעיאַדעווקע. אינאיינעם מיט די אינ־דיקעם דאָרט גיט זי דענסטמאָל קאָנצערט. אַלע אין שטעטל בלײַבן פאַר־גאַפט און עס שיטן זיך איר שמעק־טאַבאַקע פון אַלע זײַטן מיט ווינטשעוואַ־ניעס יקנה"זן אָן אַ צאָל: אַ סים, אַ סים!

איבערהויפּט אין די ייִדישע שטעטלעך צעשפּילן זיך די נעז אין יענער צײַט. מסתמא שמעקט דאָך עס מיט עפּעס און עס האָט אַ טעם...

אַלטער יקנה"ז איז אַ טונעיאַדעווקער מוכר ספרים, מיינער אַ באַקאַנ־טער פון אַלטע יאָרן. ער איז אַ מענטשל פאַר זיך, נישט שטאַרק איבערגע־שפּיצט, נישט קיין גרויסער בעל־דברן, שטענדיק אָנגעבלאָזן, ווי ברוגז אויף דער וועלט, הגם ער איז בטבע נישט קיין שלעכטער מענטש.

## פ י ש ק ע

קיין שטאַרק גרויסן פאַרשוין קען מען פישקען נישט אָנרופן. ער האָט אַ גרויסן פלאַטשיקן קאָפּ, אַ ברייט גרויס מויל מיט געלע קרומע ציין, רעדט שטשיפּילאַווע, קען נישט קיין „ריש" שאַרף אַרויסזאָגן און הינקט שטאַרק אויף אַ פוס.

## כאַסיע־גרוניע

אין שטוב דרייט זיך אַרום אַ דיקע, אַ ברייטע, אַ האָרעפּאַשנע מויד מיט אַ פּאָר באַקן ווי די פּאַמפּושקעס. אויפן קאָפּ — זייער ווייניק האָר און צוויי קליינע צעפּעלעך פון הינטן. די הענט האַלט זי ביז די עלנבויגנס שטײַף צו ביידע זײַטן, די אָרעמס אויסגעשטרעקט גלײַך פאָרנט ווי צוויי האָלאָבליעס, צווישן וועלכע זי רוקט זיך, שליטלט זיך נישט צו הייבן קיין פיס, אַרויס־שיקנדיק דעם קאָפּ אַביסל פריִער פאַר איר.

## דער „רויטער קאָלנער"

אין מיטן שטוב שטייט אַ רויטער קאָלנער מיט מעשענע קנעפּ, עפּעס אַ מין מענטש מיט אַ בויך און אַן אָנגעבלאָזן פנים. גלאַנצט מיט די קליינע

אויגן, און בשעת עס פאַרוואָרפט זיך אים דאָס שוואַרצאַפּעלע, קוקט אַרויס דאָס ווײַסלעכע פון אויג פאַרלאָפן מיט בלוט.

ער דרייט די לאַנגע וואָנצעס און רעדט אויפן גיידער, בייזערנדיק זיך צו צוויי פאַרשוינען מיט אָנגעבויגענע קעפּ אין דער זײַט פון דער טיר.

**שמעון דובנאָוו**

## מענדעלע מוכר ספרים

דער פּרינציפּ פון אונטערריכט אויף דער מוטער־שפּראַך איז נאָך דאַן געווען אַ „הילכתא דמשיחא", אַ ווײַטער טרוים, ווײַל בײַם צאַרישן רעזשים, נאָך פאַר דער קאָנסטיטוציע, האָט ווען יידיש אַלס אונטעריכט־שפּראַך נאָך נישט געקענט זײַן קיין רייד. ווען אַבראַמאָוויטשן וואָלט באַשערט געווען צו דערלעבן ביז דער פולער אויטאָנאָמיע פון דער ייִדישער שול, וואָלט ער געווים געהאַלטן פאַר יידיש אַלס אונטעריכט־שפּראַך אין דער אָנפאַנגשול, נאָר בײַ דער געהעריקער גאַראַנטיע סײַ פון גרינטלעכן לערנען פון דער מלוכה־שפּראַך, וואָס דעם האָט ער צוגעגעבן אַ גרויסע באַדײַטונג. וואָס שײַך דעם שול־פּראָגראַם, וואָלט ער פאַרלאַנגט צו לערנען העברעיִש, תנ"ך, און די אמונה־יסודות פון ייִדנטום, מיט דער גאַראַנטיע גוט אַוועקצושטעלן דאָס לערנען פון די אַלגעמיינע קענגשטאַנדן.

נאָך צוויי מאָל האָב איך זיך געזען מיט אַבראַמאָוויטשן: אין סוף פון 1909, און 1913, ווען איך האָב פאַרבראַכט אַ פּאָר וואָכן אין אדעס. בײַ דער ערשטער באַגעגעניש האָט זיך דער „זיידע" אינגאַנצן געפונען אונטער דעם אײַנדרוק פון זײַן זומערדיקער טריומף־נסיעה איבער די שטעט פון ליטע און פוילן, ווו מ'האָט אים אַזוי רוישיק אויפגענומען. דעם לעצטן מאָל האָבן מיר באַגײַט אונדזערע אַלטע געשפּרעכן, אין די דעצעמבער־טעג פון 1913. אויף אַ צײַט האָט ווי אויפגעלעבט דאָס אַמאָליקע. עס איז געווען אַ טומל־דיקער ליטעראַריש־מוזיקאַלישער חנוכה־אָוונט. עס זײַנען זיך צונויפגעקו־מען פיל אַלטע פרײַנט. און ווידעראַמאָל האָבן מיר זיך צונויפגעקליבן דעם 20סטן דעצעמבער אין אָוונט אין דער וווינונג פונעם זיידן — דעם „אימע־ניניק", וואָס האָט אויסגעזען נאָך גאַנץ מונטער, נישט געקוקט אויף זײַנע 80 יאָר. נאָך איין באַנקעט לכבוד דעם גאַסט איז פאָרגעקומען אין סימאָנס זאַל, ווו ס'איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע ליטעראַרישע משפּחה פונעם אַלטן און נײַעם אדעס. איך בין געזעסן צווישן אַבראַמאָוויטשן און פרוגן, און אויף אונדז האָט ווי געשוועבט דער שאָטן פון דער וווּנדערלעכער לוסט־דאָרפער זומער־נאַכט אין 1891.

אָנהייב יאַנואַר 1914 האָבן מיר זיך געזעגנט אויף שטענדיק און אויף אייביק. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט זיך אָנגעהויבן דער אַלוועלטלעכער מבול, — דער וועלטקריג. דער ערשטער איז אַוועק פון דער וועלט מיין יוגנט־חבר פרוג, און צום סוף מענדעלע, מיט וועלכן ס'איז פאַרבונדן געווען דער אדעסער פעריאָד פון מיין לעבן.

מיט יעדן פריינט, וואָס גייט אַוועק אין דער אייביקייט, גייט אויך אַוועק אַ טייל פון אונדזער אייגענעם לעבן. אויף אָט די חורבות פון לעבן שטעלן מיר איבערן וועג דענקמעלער אין פאָרם פון זכרונות. אָט אַזאַ דענקמאָל שטעל איך אויך דאָ פאַר מיין אומפאַרגעסלעכן פריינט.

ד"ר יוסף קלויזנער

# ר' מענדעלעס שיחות־חולין

דער מענדעלע שבעל־פה איז געווען עפּעס מער פון דעם מענדעלע שבכתב. אין דער צייט, וואָס מענדעלע שבכתב איז געווען אַ שטאַרקער אי־בערקלייבער, געזעסן אויף יעדן וואָרט פיל צייט, און אַרויסגעלאָזט פון זיין פעדער אין משך פון צענדליקער יאָרן בלויז איינציקע בענדער, איז מענדעלע שבעל־פה געווען אַ מעין־המתגבר, אַ קוואַל, וואָס האָט גאָרנישט אויפגע־הערט צו שטראָמען: עכטע חריפות, וואָס שלאָגט אַרויס פון די טיפע טיפע־נישן, צעגיסט זיך און פאַרפּליצט, ווי די שטראָמען אין פרילינג־צייט, ווען די שנייען צעגייען.

מענדעלע האָט שטאַרק געגלייבט אין דער וויכטיקייט און אין דער ווירקונג פון דער ליטעראַטור. איינמאָל האָט ער גערעדט וועגן די יידישע שריי־בער, באַמערקט, אַז זיי גלייבן נישט אין זיך, און לסוף האָט ער מיט אויפ־רעגונג און ציטער געזאָגט:

— הער, קלויזנער! מיר זיינען דער האַמער און דאָס פאָלק — די קאָ־וואַדלע: לאָמיר קלאַפּן ביז דאָס פאָלק וועט זיך אויפכאַפּן!

ער פלעגט אָפט שמועסן מיט מיר וועגן דער שפּראַכן־פראַגע. ער, דער אַנטדעקער פון דעם נייעם העברעישן סגנון, וואָס האָט אין זיין יוגנט באַ־שאַפן אַן אַ שיעור נייע ווערטער פאַר זיין „תולדות הטבע" (נעמען פון פייגל: עפרוני, גדרון, חרטומן, זנבנוע א. א.) און אויף דער עלטער — אין אַלע זיינע העברעישע דערציילונגען (גפרור, שלגית, חזרזר, אורמנית, צו־קרב א. א.).

— די העברעישע מאַמע אונדזערע איז אַן אביונטע — האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט — נאָר איך כאַפּ אָן די מאַמע פאַרן פאַרטוך און זאָג איר: „כ'וועל דיך נישט אָפּלאָזן ביז דו וועסט מיר נישט געבן אַלץ, וואָס איך דאַרף!" — און זי גיט מיר! זי גיט מיר מיט גוואַלד! איך טרעט נישט אָפּ פון איר ביז זי שטעלט מיר נישט צו אַלץ, וואָס איך געפין אין אַן אַנדער

שפּראַך! געווען אַ מעשה, איך האָב געדאַרפט דאָס וואָרט אין העברעיִש „קרעלן", „פּאַטשערקעס". גיי, געפין דאָס וואָרט אין דער אַלטער שפּראַך! — איך האָב נישט אָפּגעטראָטן פון שרײַבטיש, ביז איך האָב געפונען. איך האָב איבערגעריסן דאָס שרײַבן אויף אַ גאַנצער וואָך, נאָר געזוכט אין אַלע ווינקלען פון דער ליטעראַטור — און איך האָב געפונען דאָס דאָזיקע וואָרט אין גמרא: „זגוגיתא". ווען איך וואָלט דאָס וואָרט נישט געפונען, וואָלט איך ווײַטער נישט געשריבן.

ז. שניאור

# קום, קליינער!

— אָפטמאָל, ווען איך זיץ און שרײַב — האָט מיר איינמאָל מענדעלע דערציילט — ווען איך זיץ און שרײַב און זוך אַ וואָרט, אַן אויסדרוק, וואָס זאָל קורץ און שאַרף אַרומכאַפּן דאָס, וואָס איך וויל זאָגן, קומען צוגיין אַ סך, אַ סך ווערטער, אַ סך, אַ סך אויסדרוקן, סינאָנימען... און שטעלן זיך אויס אַנטקעגן מיר אין איין שערענגע.*

עס שטעלן זיך אויס זאַטע, מיט זיך צופרידענע ווערטער; רויע, גראָבע אָן מאַנירן; שטיפערישע ווערטער, שקצים... רײַך־באַפּוצטע, אָנגעפּאַרבטע; שטאָלצע, יחוסדיקע, מיט אַלטע שטאַם־צעטלען אין די הענט; ווערטער צי־גײַנער, ווערטער מלכים... יעדער פון זיי וויל זיך מיר אַרויסווײַזן פון דער שענסטער זײַט. אַנדערע שמייכלען, אַנדערע בעטלען, אַנדערע גיבן אַ פּאַטשעסט: „ראַד סטאַראַטסיאַ, מענדעלע!" די יחוסדיקע, די זאַטע, די רײַכע צעזעצן זיך בהרחבה, ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן: „מענדעלע, אָן מיר קענסטו נישט אויסקומען!... מענדעלע, אַז דו וועסט זײַן מיט זיבן קעפּ, וועסטו זיך פון מיר נישט אַרויסדרייען!... מענדעלע, כ'קען רויִק שלאָפן. אַז דו וועסט דאַרפן, וועסט מוחל זײַן, מיך אויפוועקן!"...

נאָר ערגעץ ווו הינטער דער פאַרביקער ראָטע, פאַרקוועטשט הינטער די בײַכיקע און רײַכע ווערטער, שטייט זיך, נעבעך, אַ פאַרשעמט ווערטעלע, אַ באַשיידנס, אַ קליינס, אַ צאַרטס, אַ ציטערדיקס. עס פילט זיך שלעכט צווישן אַזאַ עולם מיט גבירים. דאָס פינגערל אין מײַלעכל... טרערן שטייען אים אין די אויגן.

דערזע איך עס — לאָז איך שטיין אַלע זײַנע קאָנקורענטן און גיב אים אַ ווונק מיט איין אויג און מיט איין פינגער:

— אָ, קום נאָר אַהער, קליינינקער! שעם זיך נישט, נעענטער, נעענטער. אָט אַזוי! נאָר דיך, טײַערינקער, דאַרף איך האָבן. נאָר דיך!

---

* אַ רײַ.

יעקב פיכמאַן

# ביים אָונט־שיין

די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט עפּעס אַ גוטמוטיקייט. עס האָט אַ פּנים געהאַט, ווי מיר אַלע וואָלטן ביי דער זייט פון דעם געבענטשטן זקן געפילט די טריט פון דעם נייעם לעבן, דאָס לעבן פון פּאָעזיע און שיינקייט, וואָס קומט אָן. גלייך ווי די קללה פון די טעג, וואָס דער זיידע איז אַמאָל אַן עדות געווען, וואָלט זיך פלוצים אָפּגעטאָן פון אונדז. ער איז פאַר אונדז געווען ווי אַן אַלטער סאָלדאַט, וואָס קערט זיך אום זיגרייך פון שלאַכט, און ווייסט, אַז ער האָט רעכט אויף רו, — אַז ער האָט זיינס געטאָן. און נישט נאָר אין דעם אָרט רעדן זיינעם, נאָר פיל מער נאָך — אין זיין שטים, אין זיין געלעכטער איז געווען אַזוינס, וואָס האָט דערמאָנט דאָס פאָלקסטימלעכע געשטאַלט פון די אַמאָליקע „בעלי־אגדה“...

איך האָב דערציילט וועגן לעבן אין ארץ־ישראל. ביאַליק, ווי זיין שטייגער, האָט זיך דערוואַרעמט און שוין אָנגעוואָרפן אַ פּלאַן פון אַ גרויסער נאַציאָנאַלער ליטעראַרישער אַרבעט אין ארץ־ישראל, ווו עס זאָלן נעמען אָנטייל אַלע אונדזערע שרייבער. און דער זיידע האָט געטרוימט וועגן אַ שטיבל מיט אַ גאָרטן אין איינער פון די ארץ־ישראל־קאָלאָניעס, און האָט זיך שוין געפרייט מיט די קליינע גרינע אוגערקעס, וועלכע ער וועט אַרויסגיין קלייבן יעדן פרימאָרגן אין זיין גאָרטן, אויף די קליינע עופהלעך, וואָס ער וועט האָדעווען פון זיין האַנט... מענדעלע איז געווען אַזוי טריי זיין אייגענער פאַנטאַזיע — אויך אין ארץ־ישראל האָט אים געלאָקט נישט דאָס עקזאָטישע, נאָר דער היימישער פייזאַזש פון אַ באַשיידענעם גאָרטן — די ברכה פון דער פּשוטער אידיליע. אָט דאָס פרידלעכע, אידילישע, וואָס האָט אַלץ מער באַהערשט זיין שאַפונג אין דער לעצטער תקופה; די געלייטערטע אידיליע, וואָס האָט אַזוי מילד באַלויכטן דעם אָוונט פון זיין אייגענעם לעבן.

מ. ספּעקטאָר

# מענדעלע מוכר ספרים

הויך און שלאַנק־געוואַקסן, מיט זילבערנע האָר אויף דעם קאָפּ און אין דער באָרד, קוקט ער אויף גאָטס וועלט מיט גוטע און קלוגע אויגן.

איר מעגט זיין מיט אים ווייניק באַקאַנט, איר מעגט אים זען דאָס ערשטע מאָל, וועט איר האָבן גרויס נחת, ווען אייך קומט אויס צו רעדן מיט אים.

יעדעס וואָרט זיינס טראָגט אַריין אין יעדן האַרץ ליבשאַפט און וואַרעמקייט.

ווען ר׳ מענדעלע גייט זיך „זעצן שרייבן“, מאַכט ער הכנות ווי צו אַ הייליקער אַרבעט...

אויף דעם טיש, ווו ר׳ מענדעלע זעצט זיך שרײַבן, מוז זיך געפונען אַ מדרש, אַ ש״סל און אַ תנ״כל.

דאַכט זיך, וואָס געהערן זיך אָן די ספרים צו דער „קליאַטשע״, צו „פיש־קע דעם קרומען״ א. ד. ג. פון אַבראַמאָוויטשעס טיפן; דאָך אָן די ספרים קומט נישט צו אים דער רוח־הקודש, די „מוזע״, ווי די פּאָעטן זאָגן.

ווען דער כתב־יד איז שוין אינגאַנצן בײַ אים פאַרטיק און עטלעכע מאָל „אָפּגעפּיילט״ און „איבערגעפּײַלט״ — האָט ער נישט ליב באַלד עס אַוועק־געבן צום דרוקן.

אַ כתב־יד, זאָגט ר׳ מענדעלע, אַז ער איז שוין אינגאַנצן פאַרטיק מיט אַלע „פּליטערלעך״, האָט ליב עס זאָל זיך „אָנוואַרעמען״, „אויסוואַרעמען״...

ש. ניגער

## דער סופר מענדעלע

...אַ שרײַבער שרײַבט פשוט, אויף פּאַפּיר, מיט געוויינלעכע טינט־און־פען. אַ סופר מוז, ווי גאָר אין אַמאָליקע צײַטן, האָבן פּאַרמעט, יריעות, זײַן גענדזענע פעדער טונקט ער אין פעטן „גערדיכט־שוואַרצן־גלוש־טינט״. איי־דער ער נעמט זיך צו דער הייליקער עבודה, מאַכט ער גרויסע הכנות: ריי־ניקט דעם גוף דורך טבילה, די נשמה מיט תפילות...

אַזוי שרײַבט אַ סופר. און אַזוי, מיט אַזאַ פײַערלעכקייט, אויף אַזאַ מין פאַרצײַטיקן שטייגער, האָט מענדעלע געשריבן זײַנע ווערק אויף ייִדיש.

אָבער ייִדיש, ווי געזאָגט, האָט ער פון אָנהייב אָן געשריבן אַזוי, ווי ווען ער וואָלט אויף דער דאָזיקער מאַרק־און־קיך שפּראַך זיך געקליבן שרײַבן תפילין און מזוזות. און אָט דעם דרייסטן פאַרלאַנג זײַנעם צו מאַכן פון דעם קיך־לשון אַ בוך־שפּראַך, איז מער צו באַוווּנדערן, ווי זײַן פּרוּוון זיך שאַפן אַ נוסח פון אַלטעגלעכן לעבן אויף דער שפּראַך פון די נביאים.

מענדעלע איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער, וואָס האָט גע־פּיילט ייִדיש און געשליפן, ווי מען פּײַלט און שלײַפט אַ דימענט, ער זאָל בע־סער גלאַנצן. מענדעלע האָט אויפגעפּאַסט די ייִדישע שפּראַך אין דער גיל־דענער ראַם פון אירע אייגענע כללים. ער האָט דרך־ארץ געהאַט פאַר דער שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק רעדט אויף איר. האָט ער נישט געשעמט זיך, נאָר פאַרקערט, געגרויסט זיך מיט איר כשרן געזיכט. דערפאַר איז זײַן שפּראַך אַזוי געמאָסטן און געוויגן, דערפאַר איז זי אַזוי קערנדיק און תמציתדיק... יעדער זאַץ זאָגט צו אונדז: אַן עק צו דער „זשאַרגאָן״־הפקרות! דרך־ארץ פאַר דער פעסטקייט און געשטעלטקייט פון דער פאָלקסשפּראַך און פון דעם פאָלקסגײַסט! יעדער זאַץ זאָגט צו אונדז: דאָ איז נישט קיין מאַרק, נישט קיין יריד, ווו יעדערער, וואָס וויל, קען טומלען. דאָ ליגט אַ פאָלקס־אוצר: ווער עס וויל צוגיין נאָענט, זאָל אויסטאָן די שיך!

# דאָס קליינע מענטשעלע

די מאַמע מײַנע האָט געלעבט אין דחקות און נישט געהאַט פּשוט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. זי פֿלעגט אַרבעטן זאָקן, פֿליקן פֿעדערן, און אונטער אַ פּסח וועלגערן מצה. זי פֿלעגט טאָג ווי נאַכט נעבעך אַרבעטן, טאָן, און פֿון איר גאַנצער אַרבעט קוים געהאַט וואַסער אויף קאַשע. ווײַבערישע מלאכות האָבן אין דער וועלט נישט קיין ווערט און ווערן זייער ווייניק באַלוינט. וואָרעם וואָס זײַנען דען ווײַבער אינגאַנצן? וואָס פֿאַר אַ פּנים, וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט, מ׳שטיינס-געזאָגט, די גאַנצע ייִדענע, אַז זי איז שוין אַפֿילו אַ בריה? פֿון ווײַבער, אַזוי איז בײַם עולם שוין אײַנגערעדט, קען קיינמאָל קיין גוטס נישט אַרויסקומען, זייערע אַלע מלאכות האָבן קיין שום ממשות. עפּעס רעכטס אין תּוך אַרײַן, גוט און נוצלעך, איז נישט פֿאַרן ווײַבערישן מוח... פֿונעם טאַטנס ירושה איז געוואָרן אַ גוטער סך-הכל: צוויי מיידלעך מיט אַ ייִנגל זײַנען געשטאָרבן, מען קען טאַקע זאָגן, פּשוט פֿאַר הונגער, איין גרויסער בחור האָט ערגעץ זיך אַוועקגעשלעפּט און איז פֿאַרפֿאַלן געוואָרן ביז אויף הײַנטיקן טאָג, מען ווייסט עד-היום נישט ווו זײַן געביין איז אַהינגעקומען. נעבן דער מאַמען איז געבליבן אַ קראַנק, שלאַף מיידל, אינגאַנצן אַ צעבראָכענער שאַרבן, און איך, שלימזל, וואָס איך בין איר געזעסן אויפֿן האַלדז. אַן אַפּעטיט האָב איך געהאַט אָן עין-הרע, זייער אַ גוטן. דאָס ביסל עסן, וואָס איך פֿלעג אַלץ פֿון אירם נעבעך אַוועקנעמען, האָט מיר נישט געקלעקט אויף אַ צאָן. איך פֿלעג אַלץ בעטן עסן, עסן! כאָטש וואָס עס איז, אַבי עסן! די מאַמע נעבעך האָט געליטן און נישט געוווּסט וואָס מיט מיר צו טאָן. לײַט פֿלעגן זי ראָטן, מיך אַוועקצוגעבן עפּעס צו אַ בעל-מלאכה, נאָר זי פֿלעגט פֿאַרוואָרפֿן מיטן קאָפּ און דערבײַ רעדן מיט האַרץ:

„אַ-אַ, די כּפּרה בעסער זאָל ער ווערן איידער אָפּצוגעבן אים צו אַ בעל-מלאכה, צו פֿאַרשוואַרצן מיר דאָס פּנים און דאָס פּנים פֿון זײַן טאַטן עליו-השלום!... ער, דער טאַטע זײַנער, וועט דאָך דאָרט נישט קענען רויִק ליגן אין קבר. ס׳טײַטש, רב טעבל דעם מלמדס אַ זון זאָל זיין אַ בעל-מלאכה, אײַנגעקויפֿט אין דער חברה פּ״ץ! ס׳איז דאָך נאָר אַ וויטיק אַזוינס צו הערן. אַ נישט דערלעבן, נישט דערהאַרן, רבונו של עולם, זאָלן עס מײַנע שונאים״.

גאָט האָט צום סוף דער מאַמען געהאָלפֿן, מיך אַרײַנצוגעבן אין אַ קלייט פֿון צעלניק. זי איז געווען איבערגליקלעך און האָט געמיינט, איר זון איז שוין אַ סוחר.

נאָר איר זון אָבער איז גאָר געוואָרן אַ הונט! איך וועל עס אײַך באַלד טאַקע מפרש זײַן.

מײַן עובדא איז געווען אָנצוכאַפּן איטלעכן, וואָס איז דורכגעגאַנגען, מיט אַ ליאַרעם, מיט אַ געשריי און שלעפּן אים אין קלייט אַרײַן. איז עמיצער פאַרבײַגעגאַנגען אויף דער גאַס, פלעגט מען מיך אָנרייצן אַזוי ווי אַ הונט און איך האָב באַדאַרפט אַרויסלויפן, שרײַען אין איין אָטעם: אַהער, פּאַני! וועב־לענע טיכלעך, ליַווונט, שלייקעס, מעסערלעך, קאַלאָשן אַמעריקאַנישע, ים־שוימענע שטעקעלעך, מאַנדל־זייף, פּאָמאַדע! וכדומה נאָך אַזעלכע זאַכן. תחילת איז דאָס מיר געווען אַביסל פּריקרע, ווי גייט מען עס גלאַט אַרויס שרײַען אויף דער גאַס און פאַרשטעלן יענעם דעם וועג, ס׳איז דאָך עפּעס משונה ווילד! איך פלעג אַביסל אונטערפאַלשעווען, מאַכן די שפּיל בקיצור און אַרײַנברענגען דורך דעם אין כעס מײַן באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע, וואָס פלעגן מיך זידלען, אויסמישן גלײַך מיט דער בלאָטע און אויפוואָרפן מיר, אַז איך פרעס אומזיסט זייער זאַלץ און ברויט, כאָטש איך נעבעך האָב געהאָרעוועט, געאַרבעט איבער מײַנע כוחות און געטאָן אַלערליי מלאכות אין קלייט און אין שטוב, דערצו נאָך בין איך געווען אַ משרת בײַ די על־טערע משרתים, פלעג זיי פאַלגן אין פײַער, אין וואַסער אַרײַן, קריכן זיי אונטער די נעגל און בין נאָך זייער גערן געווען, אַז איך האָב דערבײַ פון זיי נישט געכאַפּט קיין פּסק און טרוקן פון זייערע הענט אַרויס. ווער שמועסט, ווען אַ משרתל פון דעם אַנדערן קלייט פלעגט אַמאָל אויסרײַסן אַ קונה בײַ מיר פון די הענט, דאָ האָב איך שוין געמעגט זיך געזעגענען מיט דעם לעבן. אַלע בײַ אונדז אין קלייט זײַנען אויף מיר אַרויף, דער מיט דער צונג, דער אַנדערער מיט דער האַנט און מען האָט מיר געגעבן וויפל אין מיר איז אַרײַן. מײַן מאַמע און דער טאַטע, ר׳ טעבל דער מלמד, עליו־השלום, האָבן דערנסט־מאָל אויך גוט געלייזט, מען האָט זיי חלילה נישט פאַרגעסן. געגעבן אי אין דער מאַמען, אי אין דעם טאַטן אַרײַן, העט־העט ביז אברהם אבינו! פון עסן אין אַזאַ ביטערן שווערן טאָג איז גאָר קיין רעדע נישט געווען, איך האָב גע־פּאַסט, נישט טועם־טעם געווען, מען האָט מיר אַפילו מתיר געמאַכט עסן ווערעם, קרענק. נאָר אַזוי ווי עסן ווערעם, קרענק איז נישט פאַר קיין מענטש־לעכן מאָגן, האָב איך פאַרבראַכט דעם טאָג פּשוט אין אַ תענית. און אַזעלכע תעניתים פלעגן מיר אָפּט זיך מאַכן אַ פּאָר מאָל אין וואָך. אַז איך האָב אַ קוק געטאָן, ס׳איז שלעכט, האָב איך אַ נעם געגעבן זיך צו מײַן זאַך בשלמות, ווי באַלד אַז עמיצער, וואָס דאַכט זיך נאָר אַז ער איז אַ קונה, האָט זיך אַ ווײַז געגעבן פון דערווײַטנס, אַז מײַנער האָט ווי אַן אָפּגעריסענער הונט פון דער קייט, געשווינד אַקעגן אים זיך אַ לאָז געטאָן, פאַרשריגן אים דעם קאָפּ מיט דעם גאַנצן צעטל סחורות, אים פאַרלאָפן דעם וועג און געשלעפּט פאַר די פּאָלעס. איך פלעג אַפילו אַמאָל פון אַזעלכן באַקומען אַ קלאַפּ אָדער אַ שפּײַ אין פּנים, נאָר איך אָבער, פלעג מיר טאַקע טאָן דאָס מײַניקע, גלײַך ווי מיר איז גאָרנישט געשען. מיט דער צײַט האָב איך דרינען מיך אַזוי אײַנ־

געוואונט, אַז דאָס שרײַען איז בײַ מיר געווען אַ חדווה, אַ פרייד. איך פלעג זייער הנאה האָבן, ווען עס פלעגט מיר זיך מאַכן אַרײַנדערטאַפּן עפּעס אַ פריץ, אים פאַרדולן דעם קאָפּ און צווישן דעם צעטל מיני צעלניק־סחורה אים אויך רעכענען מיט אַ געשריי: מאָזשע פּאַני פּאַריזשעסקי האַרצוויטיק מײַנע אויף דײַן קאָפּ! פּאָמאַדאַ, מכות, צרעת דיר, פּאַני!

דער דאָזיקער ענין המסחר מײַנער אויף דער גאַס פלעגט מיך אָפּט ברענגען אין אַ סכסוך מיט משרתים פון אַנדערע קלייטן, וואָס פלעגן אויך אָנכאַפּן קונים און שרײַען. מיר האָבן זיך געריסן אין דרויסן, אַקוראַט ווי אונדזערע באַלעבאַטים האָבן זיך געריסן צווישן זיך אינעווייניק אין די קלייטן איבערן לייזעכץ, נישט מער נאָר מיט דעם חילוק: בײַ זיי האָט מען געוואָרפן מקחים, אַראָפּגעלאָזן די פּרײַזן, און בײַ אונדז, משרתים, האָט מען געוואָרפן קלעפּ, אַראָפּגעלאָזן פּעטש. און אַזוי ווי איך בין געווען דער קלענסטער, דער שוואַכסטער, איז פאַרעכנט געווען פאַר אַ מצווה, די אַלע בעסטע קלעפּ מיט די הייסע פײַערדיקע פּעטש, על־פּי מענטשלעכקייט, מיר איינעם צוצעלאָזן. אַזעלכע מתנות אָבער זײַנען מיר נישט וויל באַקומען, און פון אַזעלכע מצוות על־פּי מענטשלעכקייט, בין איך אויס מענטש געוואָרן. הגם צו אַזעלכע מיני מסחרים איז אַ מענטש נישט אַזוי שטאַרק נייטיק, אָן דעם קען מען אויך זײַן אַ „מענטש", אַ משרת הייסט עס, נאָר כוח, געזונט אָבער באַדאַרף מען דאָך טאַקע האָבן, און איך בין געוואָרן, פּשוט איז פּשוט, אויס מענטש, דאָס הייסט אָן כוח, אָן קראַפט, קוים וואָס איך האָב מיר געהאַלטן אויף די פיס. אַ קאַטאָוועס וואָס איך בין נעבעך אויסגעשטאַנען! אין שטוב האָב איך באַדאַרפט טאָן, העלפן אין באַלעבאַטישקייט, אין קלייט האָב איך באַדאַרפט אַרבעטן, ראַמען, קערן, איטלעכן באַדינען, איטלעכן צופרידנשטעלן, און עסן פלעג איך יסורים, קלעפּ האָב איך געלייזט אי פון פרעמדע אי פון אייגענע. דער גרויסער משרת אין קלייט פלעגט מיר נאָך מער פון אַלע טאָן צום טויט. אים איז עפּעס נישט געפעלן געווען, וואָס איך נעכטיק אין דער קיך, וווּהין ער פלעגט זיך שטילערהייט אַרײַנכאַפּן. ער פלעגט זיך אַלץ זוכן צו מיר, ווי מיך פון דאָרט משלח צו זײַן און בכלל מײַנער פּטור צו ווערן. איך בין אים געווען עפּעס ווי אַ דאָרן אין די אויגן. פון דעסטוועגן וואָלט איך עס אפשר אַלצדינג איבערגעטראָגן, ווען עס זאָל נישט געווען זיך מאַכן די מעשה מיט אַ קנעפּל.

איך האָב אַמאָל דערזען אין קלייט, וואַלגערנדיק זיך אַ מוטערפּערלן קנעפּל, וואָס האָט געפינקלט, געלויכטן מיט אַלערליי קאָלירן און פאַרשײַנט די אויגן אַזוי, אַז איך האָב באַקומען צו אים אַ גרויסן יצר־הרע. דערבײַ איז מיר אַרויף אויפן זינען מײַן קראַנקע שוועסטער, איך וועל עס איר געבן אַ מתנה, זי וועט אַ שבת, אַ יום־טוב, דערמיט זיך אויספּוצן און זיך באַרימען פאַר אירע חברטעס. דער דאָזיקער געדאַנק האָט מיר נאָך אונטערגעגעבן

חשק, און אַז איך האָב גענומען דאָס קנעפּל און אַרײַנגעלייגט עס אין קעשענע, איז דער גרויסער משרת, וואָס האָט עס אַלצדינג פון דער ווײַטנס צוגעזען, באַלד צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ געשריי: „אַזוי, שייגעץ, גנבֿ אייינער, דו לייגסט אין קעשענע? זעט איר, באַלעבאָסטע — האָט ער געזאָגט — יענע זאַכן, וואָס האָבן געפעלט, איז אויך זיין מלאכה!" דאָס האָט ער שוין געזאָגט בכיוון, כדי אַרויפצוּוואַרפן אויף מיר זײַנע אייגענע חטאים, אַ פּנים, און איך געדענק ווי פון שלאָף, אַז ער פלעגט אַמאָל טאַקע אונטעררוקן דער דינסט קלייניקייטן... קורץ, מען האָט מיר געמאַכט אַ ווײסטן פינצטערן סוף, גוט אויסגעפּאַטשט און אַרויסגעטריבן.

**מענדעלע מוכר ספרים**

## דאָס ווינטש־פינגערל

מען באַדאַרף וויסן וואָס הייסט אַזוינס בײַ אַ יִנגל פאָרן, בכדי צו פאַרשטיין הערשעלעס האַרץ בײַם קלײַבן זיך אין וועג אַרײַן. גליקלעכער פון אים איז אויף דער גאַנצער וועלט נישט געווען אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך צוגעגרייט פאָרן דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן אין אַ פרעמדער שטאָט אינאיינעם מיט די עלטערן.

לייזער־יאַנקעלעכע האָט זיך אויך נאָכגעשלעפּט. געהייסן האָט עס, זי פאָרט אויף קבֿר־אָבֿות, נאָר באמת האָט עס געשמעקט מיט אַ געשעפטל, אויך מיט אָנקוקן, דאַכט זיך, עפּעס אַ חתן, פאַר ציפּע־סאָסיען, אָדער פאַר עמיצן אַנדערש — דאָס איז שוין איר זאַך, קיינעמס עסק נישט. און בכדי אויסצושלאָגן די הוצאות, האָט זי מיטגעפירט אַביסל סחורה, אָפּצוזעצן עס אין גלײַכן געלט דאָרט, אין גלופּסק. אונדזער הערשעלען האָט זיך געדאַכט, אַז גלופּסק איז ערגעץ אין עק וועלט, עפּעס נעבן די הרי־חושך, ווו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ און דער טאָג פאָרן אַהינצו וועט זיך ציִען לאַנג, זיך גאָרנישט אויסלאָזן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַ נאַכט פריִער האָט הערשעלע קיין אויג נישט געקענט צומאַכן, זיך געוואָרפן אויף זײַן געלעגער פון איין זײַט אויף דער אַנדערער, טראַכטנדיק אַלץ פונעם גרויסן גליק, וואָס אים שטייט פאָר. עס האָט זיך אים געדאַכט ווי גאַנץ גלופּסק שטייט אַצינד און קוקט אַרויס אויף זײַן טאַטן, אַלע אין איין קול: ווו איז ער, ר' לייזער־יאַנקל? ווען קומט ער, ר' לייזער־יאַנקל? אַ מעשה, א מעשה! נאָך איז נישטאָ ר' לייזער־יאַנקל! און פּלוצים ווערט אַ גרויס פרייד, אַ גדולה — ר' לייזער־יאַנקל פאָרט! ר' לייזער־יאַנקל איז שוין געקומען! ער איז נישט אַליין, ער האָט מיטגעבראַכט אויך זײַן בחורל, אַ כלי־שלימה! עס איז אַ צונויפלויפעניש, אַן ערד־טרעטעניש, מען שלאָגט זיך איבער דעם טאַטן מיט דעם קינד, איטלעכער רײַסט

זיי צו זיך אויף אכסניא, אויף וואָרמעס, אויף אַ קערמישל. מען טײַט אויף זיי פֿון דער ווײַטן מיט די פֿינגער: אָט זײַנען זיי, אָט גייען זיי, ר׳ לייזער־יאָנקל מיט זײַן בחורל! זיי שטעלן אויס אַ שטיקל דאַוונען, אַ „נעריצך״, זינגען אַ מאַרש, אַ וואָלעכל, פֿאַרבײַסן מיט קליוואַנער בעטלער — און דער עולם ווערט משוגע, שפּרינגט אויס דער הויט הערנדיק אַזוינס.

קוים וואָס הערשעלע דערלעבט טאָג, איז ער געשווינד אויפֿגעשטאַנען, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, געכאַפּט דאָס תּפֿילין־זעקעלע, דורך וועלכן דאָס מזל זײַנס איז אים אַזוי דערהויבן געוואָרן, און געלאָפֿן אין בית־המדרש, אין דער גיך אָפּדאַוונען. אויסער דעם האָט ער טאַקע נאָך געהאַט עטלעכע נייטיקע געשעפֿטלעך, וועלכע ער האָט באַדאַרפֿט פֿאַרן אַוועקפֿאָרן מיט זײַנע חברים דאָרט אָפּאַרבעטן. די חברים זײַנען אויך באַצײַטנס געקומען אין בית־מדרש אַרײַן, ווײַל דער חודש אלול, ווי אַלעמען באַקאַנט, איז איבערהויפּט אַ צײַט, ווען פּאַר יינגלעך שטעלט זיך דער גרויסער יריד און אַבי געזונט, מיט אַרבעט האָט מען נישט צו זאָרגן, געשעפֿטן זײַנע ברוך־השם דאָ איבערן קאָפּ: מען באַדאַרף דערטאַפּן מיט קונצן דעם שופֿר און זיך פּרוּוון בלאָזן הינטערוווײַלעכס דאָרט אין דער ווײַבערישער שול; דערבײַ מוז מען פֿירן די גאַנצע תּכסיסי מלחמה מיט דעם שמש, וואָס ער איז דענסטמאָל דערצאָרנט און בייז ווי צען רוחות. אויך באַדאַרף מען זײַן אויפֿן הייליקן אָרט, אויפֿן פֿעלד, ס׳איז דאָך דאָרטן עפּעס דאָ אַ בוים מיט כּל־נדרי־באַר־לעך. הײַנט איז דאָך אויף דער וועלט עפּעס אויך דאָ אַ וועלדל מיט נים־ביימער, ערשט צײַטיק־געוואָרענע, מען מוז גיין רײַסן, אָנשטופּן פֿולע פּלודערן. געלויבט איז גאָט, וואָס אונטער אַזאַ צײַט מיט אַזויפֿיל וויכטיקע געשעפֿטן איז מען נאָך כאָטש פֿרײַ, פּטור פֿון לערנען — די מלמדים לויפֿן דענסטמאָל, גייען צו־קינד, קוואָקען אויף אַ קנעלונג און „בוטשקען״ זיך און בײַסן זיך פּאַר די נעז נעבעך. הערשעלע האָט געקוקט שטאָלץ אויף זײַנע חברים אַרום אים אין פּאָליש פֿונעם בית־המדרש, טראַכטנדיק בײַ זיך: אויך מיר מענטשן, מ׳שטיינס־געזאָגט, זיי בלײַבן דאָ און איך — איך פֿאָר! מען זאָל אים דענסטמאָל געוועזן זאָגן אַ שטייגער: הערשעלע! דער פּריץ שענקט דיר דאָס גאַנצע שטעטל קאַבצאַנסק מיט זײַן שלאָס, אַבי בלײַב דאָ, פֿאָר נישט, וואָלט ער געשפּיגן קלעק און נישט געוואָלט אַפֿילו הערן. — ער געזעגנט זיך מיט דער חברה און לאָזט זיך גיין לעבעדיק, פֿריילעך.

אַ טאָג איז דענסטמאָל געוועזן זייער אַ שיינער, ווי עס גיט זיך אויס אַמאָל אין אלול איינער פֿון די געשענקטע טעג. נאָך גאַנץ פֿרי האָט פֿון איר געצעלט דאָרט בײַם עק הימל אַרויסגעשײַנט די זון מיט איר ליכטיק פּנים און, צעטרײַבנדיק ביסלעכווײַז דעם פֿריש־קילבלעכן טומאַן, זיך געשפּיגלט אין די טוי־טראָפּנס, וואָס האָבן געפֿינקלט, געשפּילט אין אַלערליי קאָלירן ווי די בריליאַנטן. די שאָטנס רוקן זיך מיט דרך־ארץ טריט בײַ טריט אַלץ צוריק

און וואָס ווײַטער, ווײַטער ווערט העלער און העלער. פרײלעך סווישטשען די וואָראָבײטשיקעס, אונטערשפּרינגענדיק מיט די דינע פּיסלעך אויף די דער־בער, אויף די פּלויטן, דאָס — צונויפלויפן זײ זיך, פּעקלעכווײַז אינאײנעם, עפּעס אַמפּערט מען זיך איבער אַ קערנדל, עפּעס שמועסט דאָ קהל איבער וועגן זײערס אַ וויכטיקע זאַך און דאָס — צעלויפן זײ זיך אין באַזונדערע פּאָרלעך, טאַנצנדיק איטלעכער אַקעגן זײַן באַשערטער, וויטען זיך, ליובען זיך, צאַפּלען, פּלאַטערן מיט די פֿליגעלעך — און פּיק, פּיק אין קעפּל... מע־קענדיק לויפן ראַפּטאָם ציגן פון אַלע געסלעך אַהין, ווו עס פּאַרקלײַבט זיך די טשערעדע, פון דאָרט גײט זי אויפן גאַנצן טאָג אַוועק אין פעלד אַרײַן; די פּאַרשײַטע ציגן, די שקצים שפּרינגען ראַשנדיק פּאַריסן די ווײדעלעך העט פּאַרויס, די קי רירן זיך פּאַמעלעך מיט סטאַטיק, נישט געאײַלט, צו־נײגנדיק מיט די קעפּלעך, ווי פּײַנע באַלעבאָסטעס, רויִק שטיל, נאָר עטלעכע פּאַרדרײען אַרונטער די קעפּ אָון לאָזן אַרויס ווי פון אַ צעשפּאָלטענעם שופר אַ הײזעריקן, אַ קיִעש־נאַרישן „מע” גלאַט אַזוי זיך אַ גרוס גאָר פרײַנטלעך דעם גאַנצן שטעטל יידן, אָדער אַ „זײַ געזונט” די פּאַרבליבענע קעלבלעך. שאָקלענדיק זיך פון אײן זײַט אויף דער אַנדערער פירט דער גאָנער זײַן גאַנץ געזינדל יונגע גענדזלעך, וואָס ערשט אַרײַן אין די פעדערן, בלאָזט פון זיך אַ שרעק, גאַגאָטשעט, שטרעקט דעם האַלדז, פּאַרוואַרפנדיק מיטן קעפּל און לאָזט זיך מיט דער קאָמפּאַניע אַראָפּ אַהין צום וואַסער. — דער טאָג איז שוין ליכטיק, ווי הערשעלען אויפן האַרצן. הערשעלע שפּילעט אויף גײענ־דיק דאָס קאַפּאָטקעלע, שטרעקט אויס די הענט כאַפּן די לאַנגע שנײ־ווײַסע פּעדעס, וואָס טראָגן זיך אַרום אין דער לופט, ווי דינע פּיאַטינע,* פּאַרקוקט זיך אויך אויף די טויבן, וואָס שוועבן, דרײען זיך העט אין דער הויך מיט אויסגעשפּרײטע פליגעלעך, רײן־קלאָר גלאַנצנדיקע, גאָלד זילבער — און ער האָט הנאה, ס'איז אים עפּעס גוט, גרינג אויף דער נשמה. ער פילט, אַז הײַנט איז ער גליקלעך. די געשעפטן זײַנע האָט ער, געלויבט איז גאָט, אָפּגעאַרבעט נאָך בעסער ווי געוווּנטשן. ער איז פרײַ, ער פּאָרט. ס'איז יום־טובדיק גוט אַרום און אַרום. רבונו של עולם! טראַכט ער — און די אויגן באַנעצן זיך אים פּאַר פיל פרײד — איך דאַנק דיר און לויב דיר פּאַר דײַנע חסדים. נו, מ'באַדאַרף זיך נעמען צו דײַן דינסט: פרום זײַן, לערנען, דאַווענען געשמאַק — זײַן אַ ייִד. גײענדיק אַזוי אויפגערוימט, שטאַרק צופרידן מיט אַ האַרץ פול פרײד, קומט אים פלוצים צו די אויגן דאָס טײַערע געשטאַלט, די ליכ־טיקע צורה פון בײלען.

בײלע איז זיך געשטאַנען נעבן דער פריזבע בײַ איר שטוב, ווו זי האָט אַרויסגעשטעלט טריקענען דאָס געוואַשענע געפעס און אויסגעהאָנגען אויף אַ שטריקל עטלעכע איבערגעשווענקטע שטיקלעך גרעט. זי איז געווען נאָך

* שפּינוועבס.

נישט אָנגעטאָן, נאָר אין איין אונטערשט קליידל, פון הינטן פאַרשטעקט, באָרוועס. די אַרבל פונעם העמד וויַיט פאַרקאַטשעט אויף די פולעטשקע, די־קע אָרעמס ביז איבער די עלנבויגנס. דער בוזעם אַביסל אָפן, דער גאַנצער האַלדז, מחילה, אין דרויסן און די האָר צעפּאַטלט, ווי געוויינלעך אַ בריה אַ מיידל פרימאָרגן.

אונדזער הערשעלע, שטאַרק אויפגערוימט, שמחת־תורהדיק, לויפט צו אין גרוים חדווה האַסטיק צו זיַין בת־מלכה, פרעגט אים בחרם ווי אַזוי דאָס איז געשען, עפּעס נאָר טאַקע ווי דער גוטער־יאָר וואָלט אים פון הינטן צו איר אַ שטופּ געטאָן. ער געזעגנט זיך מיט איר, נעמענדיק זי ביַי דער האַנט, ווי זי וואָלט געווען אַ מאַנספּאַרשוין, און רעדט עפּעס פאַר פיַיער, פאַר וואַ־סער, נישט רעכט צו געדענקען וואָס. ביילע בליַיבט פאַרגאַפט, ווייסט נישט וואָס צו טאָן. און אַז די ערשטע היץ איז אַריבער, לאָזט הערשעלע אָפּ ביי־לעם האַנט מאַכנדיק, נאָך אַלץ נישט רעכט ביַים זינען, מיט אַ נאַריש גע־לעכטערל: הע... ביַי אַ מיידל די האַנט!... אַ ייִדענע, הע, שלום עליכם!... נאָר ווי ער קומט באַלד אינגאַנצן צו די געדאַנקען נעמט אים אָפּ דאָס לשון, ער ווערט רויט און בלייך. ביילע שטיקט זיך שטילערהייט פאַר געלעכטער, מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, אַוועקרוקנדיק זיך אין דער זיַיט, און הערשעלע טראָגט זיך אָפּ געשווינד ווי אַ גנב.

הערשעלע איז געווען עפּעס גאָר צעדרייט, ביַי זיך אין האַרצן מיאוס אַראָפּגעפאַלן. ס׳טיַיטש, וואָס האָט ער געטאָן?... ערשט זאָגט ער צו, דעם רבונו של עולם צו דינען, זיַין אַ ייִד — און פּלוצים אַזאַ מעשה, אַזוינס „אים" אָפּצוטאָן!... פע! — ער שפּיַיט, קראַצט זיך פאַר פאַרדראָס אין דער פאה און מאַכט נאַ־נאַ!...

## מסעות בנימין השלישי

### הקדמת מענדעלע מוכר ספרים

אמר מענדעלע מוכר ספרים, זאָגט מענדעלע מוכר ספרים, געלויבט דער בורא, וואָס באַשטימט דעם גאַנג פון די גלגלים אין די הימלען אויבן און דעם גאַנג פון אַלע זיַינע באַשעפענישן אויף דער ערד אונטן. אַפילו אַ גרעזעלע קריכט נישט אַרויס פון דער ערד, ביז וואַנען אַ מלאך שלאָגט עס נישט און זאָגט: וואַקס! קריך אַרויס! מכל שכן אַ מענטש, ער האָט אַוודאי אַ מלאך, וואָס שלאָגט אים און זאָגט: גיי, גיי, קריך אַרויס! און מכל שכן נאָך מער די פיַינע מענטשעלעך, שיינע ייִדעלעך. — קיין נאַר כאַפּט זיך פריִער פון איטלעכן נישט אַרויס מיט אַ וואָרט, ביַי אונדז, קיין שוטה ווערט נישט קיין בעל־עצה, קיין עם־הארץ — אַ חסיד, קיין גראָבער יונג — אַ משכיל, ביז

וואַנען עס שלאָגט נישט איטלעכן פון זיי זײַן מלאך, נייטנדיק אים דערצו. עס שלאָגן די מלאכים אויך אַלע מיני קבצנים אונדזערע, זאָגנדיק: וואַקסט, קבצנים, אביונים, דלפנים, געבווירענע, אָפּגעקומענע, אָפּענע, פאַרבאָרגענע. שפּראָצט, וואַקסט ווי גראָז, ווי קראָפּעווע! גייט, ייִדישע קינדער, גייט — איבער די הײַזער!...

נאָר נישט דאָס אָבער בין איך אויסן. איך בין אויסן צו דערציילן דאָ אויך, רבותי, ווי איינער פון אונדזערע ברידער איז פאַרגאַנגען העט, העט אין די ווײַטע מקומות און האָט דערמיט קונה־שם געווען.

אַלע ענגלישע און דײַטשע גאַזעטן זײַנען פאַראַיאָרן פול געווען מיט דער ווונדערלעכער נסיעה, וואָס בנימין, אַ פּויליש ייִדל, האָט געמאַכט אין די ארצות המזרח ערגעץ. „ס׳טײַטש, ס׳טײַטש, — האָבן זיי זיך געחידושט, — אַ ייִד, אַ פּוילישער ייִד, אָן כלי־זין, אָן מאַשינעס, נאָר מיט אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס און מיט אַ טלית און תפילין־זאַק אונטערן אָרעם זאָל אָנשפּאַרן אין אַזעלכע ערטער, ווו גרויסע באַרימטע ענגלישע רײַזנדע האָבן אַהין נישט געקענט צוקומען! נישט אַנדערש אַז דאָס איז געשען נישט מיט קיין מענטש־לעכן כוח, עפּעס נאָר מיט אַזאַ כוח, וועלכן דער שכל קען כלל נישט משיג זײַן, דאָס הייסט, דער שכל איז פּונקט נישט אַזוי בכוח, אַזוי ווי דער דאָ־זיקער כוח איז נישט בשכל. נאָר בכל האופנים, ווי די מעשה איז שוין דאָרט געווען, בנימינען האָט די וועלט צו דאַנקען פאַר די חידושים, גרויסע זאַכן, וואָס זײַנען דורך אים אַנטפּלעקט געוואָרן און פון איצט וועט די מאַפּע אָדער די לאַנדקאַרטע באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים. ער פאַרדינט מיט רעכט דעם מעדאַל, וואָס די געאָגראַפישע געזעלשאַפט אין לאָנדאָן האָט אים געגעבן!...

די ייִדישע גאַזעטן האָבן די דאָזיקע רייד אויפגעכאַפּט מיט בײדע הענט און געהאַט דערמיט צו זינגען און צו זאָגן דעם גאַנצן פאַראַיאָריקן זומער, אַזוי ווי איטלעכן, וואָס לייענט די דאָזיקע גאַזעטן, איז באַקאַנט. זיי האָבן אויסגערעכנט אַלע חכמים, וואָס זײַנען בײַ ייִדן געווען פון אדם הראשון אָן ביז אַצינד, בכדי צו באַווײַזן, וואָס פאַר אַ קלוג פאָלק ייִדן זײַנען. האָבן אויך אויסגעשטעלט אַ צעטל פון די נוסעים (רײַזנדע) אין אַלע צײַטן פון בנימין דעם ערשטן, מיט אַ זיבן הונדערט יאָר צוריק, און בנימין דעם צווייטן מיט דער גאַנצער חברה נוסעים, וואָס וואַנדערן הײַנט בײַ אונדז אַרום. און בכדי מפליג זײַן די נסיעה פון אונדזער איצטיקן בנימין, האָבן זיי, ווי דער שטײ־גער איז פון ייִדן, דערוויַיל פון יענע בלאָטע געמאַכט און געזאָגט, אַז די גאַנצע כנופיא הײַנטיקע נוסעים זײַנען טאַקע נאָר פּראָסטע שלעפּערס, ווייסן נישט פון זייער חיות, די גאַנצע נסיעות זייערע, מ׳שטיינס־געזאָגט, באַשטייען נאָר דערינען: אַרומצושלעפּן זיך, ווי מקבלים, איבער די הײַזער. זיי האָבן אַלע אַ פּנים ווי מאַלפּעס אַקעגן איצטיקן בנימין, אַקעגן בנימין דעם דריטן, דעם עכטן אמתן נוסע. זיי האָבן אויף אים און אויף די ספרים, וואָס מען האָט

געמאַכט פון זײַן נסיעה, געזאָגט ווי געוויינלעך דעם געוויסן פסוק: לא באַ כבושם הזה, דאָס טײַטש: ס׳איז נאָך אַזעלכע בשמים, אַזעלכע שמעקנדיקע געווירץ בײַ יִדן קיינמאָל נישט געווען. געבענטשט און אײַנגעוויקלט מיט דימענטן זאָל ווערן דער דאָזיקער, — האָבן זיי אַלע פּה אחד געזאָגט, — וועלכער עס וועט דעם טײַערן אוצר פון בנימינס נסיעה, וואָס געפינט זיך אין אַלע פרעמדע לשונות, איבערטראָגן אויך אין לשון הקודש, נעכײַ לאָזן יִדן, נעבעך, אויך פאַרזוכן די פּאַטיקע, וואָס רינט פון יִדישן בינשטאָק, און זאָל זיי דערפון ליכטיק ווערן אין די אויגן.

ואני מענדעלע, און איך מענדעלע, וואָס מײַן כוונה איז תמיד נוצן צו ברענגען אונדזערע יִדעלעך כפי מײַן מעגלעכקייט, האָב איך מיך נישט גע־קענט אײַנהאַלטן און געזאָגט: איידער די יִדישע מחברים, וואָס זייער מינדסטער פינגער איז גרעבער פון מײַנע לענדן, איידער זיי וועלן זיך אויס־שלאָפן אַרויסגעבן די ספרים פון בנימינס נסיעה אין לשון קודש, וועל איך דערווײַל מיך פרווון כאָטש אַ קיצור פון זיי אַרויסגעבן אויף פּראָסט יִדיש. איך האָב אָנגעגורט מײַנע לענדן ווי אַ גבור, און ווי אַלט און שלאָף איך בין, לא עליכם, האָב איך מיר פאָרט שטאַרקע מי געגעבן אַרויסצובאַקומען פּו־נעם גרויסן אוצר אַזעלכע ענינים, וואָס טויגן פאַר די קינדער ישראל, און צו דערציילן זיי פרײַ כפי מײַן שטייגער. איך האָב עפּעס געפילט, ווי מ׳שלאָגט מיך פון אויבן מיט די ווערטער: הקיצור, מענדעלע, כאַפּ זיך אויף, מענדע־לע, און קריך אַרויס פון אונטערן אויוון! גיי נעם אָן פולע הויפנס געווירץ פון בנימינס אוצר און מאַך דערפון פּאַטראָוועס צו דײַנע ברידער אַזוי ווי זיי האָבן ליב. איך בין מיט גאָטס הילף אַרויסגעקראָכן און צוגעברייט די געשמאַקע שפּײַז, וואָס איך שטעל איצט דאָ פאַר אײַך אַנידער. עסט, רבותי, לאָז אײַך ווויל באַקומען!

## ווי בנימין מיט סענדערלען פאַרלאָזן טונעיאַדעווקע

אויף מאָרגן גאַנץ פרי, איידער דער פּאַסטוך האָט נאָך פאַרנומען די בהמות אין דער טשערעדע אַרײַן, איז אונדזער בנימין שוין געשטאַנען גרייט נעבן דער ווינטמיל מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם. אינעווייניק אין דעם פּעקל זײַנען געלעגן אַלע זאַכן, וואָס זײַנען נייטיק געווען צו דער נסיעה, היינו: טלית און תפילין, אַ סידור דרך החיים, אַ „חוקל״, אַ תהילים און יענע אַלע ספרים, אָן וועלכע ער האָט זיך נישט געקענט רירן, אַזוי ווי אַ בעל־מלאכה אָן זײַן געצײַג. די שבתדיקע קאַפּאָטע זײַנע איז אויך דאָרט געלעגן, — מען מוז דאָך פאַר דער וועלט אַ פּנים האָבן און יוצא זײַן פאַר לײַט. אין קעשענע האָט ער געהאַט אַ פּופּצנטהאַלבן גראָשן, וואָס ער האָט פאַרן אַוועקגאַנג אַרויסבאַקומען בײַ זײַן פלוניתטע אונטער דעם קישן.

הכלל, ער איז געווען, ברוך השם, פאַרזאָרגט מיט אַלצדינג און שוין געקענט זיך לאָזן אין וועג אַרייַן.

די זון איז דערווייַל אויפגעגאַנגען זייער שיין און האָט אַראָפּגעקוקט מיט איר ליכטיקן פּנים אויף דער וועלט. איין קוק אירער האָט צוגעגעבן אַ שטיק געזונט, מחיה געווען יעדע זאַך באַזונדער. ביימער און גראָז האָבן עפּעס ווי זיס געשמייכלט איידער די גרויסע טרערן טוי פון בייַנאַכט זייַנען זיי נאָך נישט אויסגעטריקנט, אַקוראַט ווי קליינע קינדער צעלאַכן זיך פּלוצים פריילעך אין מיטן געוויין פון אַ בלישטשנדיק צאַצקעלע, בשעת טרערן ווי די באָב שטייען זיי נאָך אין די אויגן. די פעלד־פייגעלעך האָבן געשווינד זיך געטראָגן אין דער לופט, געשפּילט און געזונגען אַרום בנימינען, גלייַך ווי זיי וואָלטן געזאָגט:

„קומט, לאָמיר זינגען און שאַלן און דערפרייען דעם פייַנעם פּאַרשוין נעבן דער ווינטמיל. דער איז בנימין איינס, דאָס איז בנימין דער טונעיאַדעווער, דער אלכסנדר מוקדון פון זייַן צייַט, וואָס ער פאַרלאָזט זייַן פּאָטערלאַנד, וואַרפט אַוועק ווייַב און קינדער און גייט אין שליחות, ווזהין די אויגן טראָגן! אָט שטייט דער גרויסער בנימין, וואָס ער איז ווי די זון אַרוים פון זייַן געצעלט און פרייט זיך ווי אַ גבור צו לויפן אין וועג מיט זייַן פּעקל אין דער האַנט! ער איז שטאַרק ווי אַ לעמפּערט און גרינג ווי אַן אָדלער צו טאָן דעם רצון פון אונדזער פּאָטער אין הימל! זינגט, שפּילט: טרילילילי, טרריל, טריל! שאַלט, זינגט און דערפרייט זייַן האַרץ!”...

בנימינען איז טאַקע באמת פריילעך געווען אויפן האַרץ, ער האָט בייַ זיך געטראַכט: „איך בין דאָך דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט, וואָס פעלט מיר אָן עין־הרע? וואָס גייט מיך אָפּ? מייַן ווייַב האָב איך, געלויבט השם יתברך, פאַרזאָרגט. זי האָט אַ שטיקל פּרנסה. איך אַליין בין אַ פרייַער פויגל, גלייַך ווי די אַלע פעלד־פייגעלעך דאָ. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר אָפן. מיט מייַן געניטשאַפט, מיט מייַן באַהאַרצטקייט און מיט מייַן שטיקל ידיעה אין די שבע חכמות וועט אַזאַ ייִד ווי איך נישט פאַרפאַלן ווערן. הייַנט בין איך דאָך דערבייַ עפּעס אַ ייִד, אַ שטיקל בעל־בטחון. אַוועקגעלייגט שוין אַלע מעלות אין דער זייַט, לעבן דאָך ייִדן אָפּ אַ וועלט מיט בטחון און גאָט פירט זיי אויס.”

בנימינען איז עפּעס זייער גוט געווען אויפן האַרץ אַזוי, אַז די לעפּצן זייַנע האָבן זיך געעפנט און ער האָט בנעימותדיק אויפן בייַ־קול אונטערגעזונגען אַ מאַרש פונעם מלך עליון. זייַן מאַרש האָט זיך פאַרמישט מיט דעם געזאַנג פון די פייגעלעך, מיט דעם זשוזשען פון די פליגן, מיט דעם שמוצערן פון די גרילן און האָבן אין אַ קאָנצערט זיך דערהויבן ביז צום כסא הכבוד פון זייַן ליבן נאָמען הויך אויף דעם זיבעטן הימל!

דערווייַל איז אַוועק אַ היפּשע צייַט און סענדערל איז נאָך נישטאָ. דאָס

האָט אָנגעהויבן בנימינען אַביסל צו אַרן און צעשטערט זײַן שמחה. ער האָט געקוקט אין אַלע זײַטן, זיך אַרויסגענומען די אויגן קוקנדיק, נאָר אומזיסט די מי, מען הערט נישט, מען זעט נישט, נישטאָ סענדערל!

האָט אים אפשר דען די רשעטע זײַנע מכבד געווען מיט עפּעס אַ מלאכה? נאָר דערצו איז נאָך אָבער איצט נישט די צײַט, גאַנץ טונעיאַדעווקע שלאָפט נאָך אַצינד געשמאַק. קאָרטאָפּליעס הייבט מען אָן צו שיילן העט שפּעטער, יִדענעס נעמען זיך צום וואַרמעס ערשט נאָכן אָפּקריגן און אָפּשעלטן זיך מיט די מענער, ערשט דערנאָך, ווען מען שמײַסט שוין אָפּ קינדער און מען הענגט אַרום טריקענען די בעבעכעס...

אונדזער בנימין האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן און אים איז געוואָרן נישט פריילעך, שטאַרק נישט פריילעך. אומקערן זיך אַהיים פּע, דאָס איז־מיאוס! אלכסנדר מוקדון האָט צעבראָכן די בריק, איבער וועלכער ער איז אַריבער קיין אינדיע, בכדי ער זאָל נישט קענען צוריקגיין. לאָזן־זשע זיך אַליין אָן סענדערלען, ניין, דאָס איז פריקרע, זייער פריקרע! סענדערל איז אים געווען שטאַרק נייטיק, זינט ער האָט מיט אים זיך סקאָמפּאַניעט, איז אים עפּעס ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. אָן סענדערלען זיך אַוועקלאָזן וואָלט אויסגעקומען עפּעס משונה ווילד, עס וואָלט נאָר אַ פּנים געהאַט ווי אַ שיף אָן אַ רודער, אָדער ווי אַ מלוכה אָן אַ מיניסטער.

פּלוצים האָט זיך געלאָזט זען פון דער ווײַטנס עפּעס ווי אַ מענטשן־געשטאַלט. דאַכט זיך סענדערל און פאָרט נישט סענדערל, דאַכט זיך גאָר איינע אין אַ ציצן קליידל און אַ טיכל אויפן קאָפּ.

בנימינען האָט אַ טיאָכקע געטאָן דאָס האַרץ און ער איז געוואָרן טויט־בלייך ווי די וואַנט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גייט זײַן ווײַב. ניין, זי גייט נישט, זי לויפט, זי יאָגט, אָט קומט זי צולויפן, כאַפּט זיך אויף אים אַרויף מיט גרויס כעס, לאָזט צו אים אויס איר שווער ביטער האַרץ און שלעפּט אים אַהיים מיט אַ יאָמער, אַ קלאָג.

„איין גאָט נאָר ווייסט — אַזוי דערציילט בנימין אַליין — ווי איך בין דענסטמאָל געשטאַנען אין איינע צרות, אין געהאַקטע ווונדן, הונדערט פּי־פּערנאָטערן וואָלטן מיר דענסטמאָל ליבער געווען צו באַגעגענען, איידער מײַן ווײַב; וואָרעם אַ פּיפּערנאָטער בײַסט נאָר דאָס לײַב, דעם גוף, און אַ ווײַב בשעת כעס גריזעט און בײַסט די נשמה. השם יתברך אָבער האָט מיך געשטאַרקט, איך בין באַלד טאַקע באַהאַרצט אַנטלאָפן, זיך פאַרבאָרגן הינ־טער דער ווינטמיל און געלאָקט דאָרט ווי אַ לייב לאָקט אויף זײַן פאַרצי־קונג".

אין עטלעכע מינוט אַרום איז בנימין אַרויסגעשפּרונגען פון זײַן פאַר־באָרגעניש מיט אַ שרעקלעכן שפּרונג און מיט אַ געשריי, ווי אַ רייַנער משו־גענער:

„האַ, סענדערל!"

סענדערל איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ ציצן כאַלאַט. אונטערגעבונדן ביידע באַקן מיט פֿאַרשמאַלצטן טיכל, אונטער ביידע אויגן בלוי, צעגראַבלט, אַ שטעקן אין דער האַנט און אויף די פּלייצעס אַ היפּש פּעקל.

ער האָט אין בנימינס אויגן געהאַט דענסטמאָל דעם זיבעטן חן ווי אַ שיינע אויסגעפּוצטע כלה אין די אויגן פֿונעם חתן.

בנימין שילדערט זײַן שׂמחה דענסטמאָל מיט די ווערטער: „ווי אַ הינד וואָס גלוסט אויף קוואַלן וואַסער, ווי אַ דאַרשטיקער אין דער מדבר, וואָס געפֿינט לעבעדיקע, קוועלנדיקע וואַסער, וואָס רינט אַראָפּ פֿון אַ שפּיץ סקאַלע, אַזוי האָט מײַן גלוסטיק לײַב זיך געטאָן טאָן דערפֿרייען אויף סענדערלען, מײַן באַשערטן, מײַן געטרײַען געזעל".

„וואָס איז די מעשׂה, סענדערל וואָס האָסטו געלאָזט אויף זיך אַזוי לאַנג וואַרטן?"

„ס'טײַטש, איך בין דאָך געגאַנגען צו דיר אַהיים — האָט סענדערל בתמימות געענטפֿערט — ביז וואַנען איך בין דערגאַנגען און ביז וואַנען איך האָב אויפֿגעוועקט דײַן זעלדען, איז דערווײַל אַוועק אַ היפּשע צייט".

„אויפֿגעוועקט זעלדען! — האָט בנימין אַ געשריי געגעבן משונה־ווילד נישט מיט זײַן קול — סענדערל, למאַי, משוגענער, האָסטו אַזוינס געטאָן?"

„וואָס טײַטש למאַי?! — האָט סענדערל פֿאַרוווּנדערט זיך אָנגערופֿן — למאַי, אַז איך האָב דיר פֿריִער אָנגעקלאַפּט אין ספּיזשאַרנע און דו האָסט זיך נישט אָנגערופֿן, האָב איך מיך גענומען קלאַפּן אין דער שטוב־טיר, סטוק, סטוק, גו, איז זעלדע, נישט טויט, נישט לעבעדיק, אויפֿגעשטאַנען און איך האָב זי געפֿרעגט מכּוח דיר".

„סענדערל, מיר זײַנען פֿאַרבײַ: דו האָסט פֿאַרקאָכט אַ גוטע קאַשע. ס'טײַטש, זעלדע וועט נאָכלויפֿן, זעלדע, און וועט..."

„אײַ, שרעק זיך נישט, בנימין! זי האָט מיך אָפּגעשיקט צו אַלדי שוואַרציאָר מיט אַזאַ כּעס, גלײַך ווי איך וואָלט איר געקוילעט די קאַפּאָטע. „גיי מיט מײַנעם אינאײינעם אין דער ערד אַרײַן ביידע!", האָט זי געזאָגט און צוגעמאַכט די טיר. איך בין אַ היפּשע צײַט געבליבן שטיין אינדרויסן ווי צעמישט. דערנאָך ערשט האָב איך מיך דערמאָנט אָן דער ווינטמיל און זיך געשטויסן, דו מוזסט שוין, אַ פּנים, זײַן דאָ, און דעריבער טאַקע האָט, אַ פּנים, דײַנע געזאָגט: „גיי מיט מײַנעם אינאײינעם אין דער ערד אַרײַן ביידע!" זי האָט, אַ פּנים, מוז געדרונגען זײַן, געזען, ווי דו ביסט אַוועקגעגאַנגען".

„וואָס, וואָס, סענדערל! זי האָט געזען? אפשר גייט זי, גייט זי אפשר?"

„חלילה, בנימין! זי האָט גאָר פֿאַרקייטלט די טיר. אַז איך האָב פֿאַרן אַוועקגיין ווידער אָנגעקלאַפּט און געפֿרעגט: זעלדע, זעלדע, וואָס זאָגסטו עפּעס אָן צו דײַן מאַן, זעלדע? אָדער האָסטו אפשר, אַ קשיא אויף אַ מעשׂה,

וואָס אים מיטצוגעבן, זעלדע? האָט זי נישט געענטפערט קיין גוט וואָרט. אַ פּנים, זי האָט זייער אַ האַרטן שלאָף, און שלאָפט געשמאַק אָן עין־הרע. נו, האָב איך געזאָגט: זעלדע, דו שלאָפסט, שלאָף־זשע, שלאָף געזונטערהייט! זײַ מיר געזונט, זעלדע! האָב איך געזאָגט און בין מיר אַוועקגעגאַנגען”.

סענדערלס לעצטע ווערטער האָבן אַזוי ווי טראָפּנס אָפּגעמונטערט בני־מינען. ער האָט אָנגעהויבן פרײַ צו אָטעמען און געסאַפּעט גלײַך ווי אַ שטיין איז אים פונעם האַרצן אַראָפּ. דאָס פּנים האָט אים געשײַנט און זײַנע אויגן האָבן געפלאַקערט פאַר גרויס פרייד.

„אַצינד, סענדערל! — האָט ער עפּעס ווילד אַ קוויטש געגעבן, — אַצינד מיט דער רעכטער פוס!”

אין דער צײַט האָט פון אַ לוזשע אין דער זײַט זיך אַרויסגעלאָזט אַ קול פון זשאַבעס, גלײַך ווי זיי האָבן זיך געזעגנט מיט אונדזערע פאַרשוינען און זיי צוגעקוואַקעט אַ מאַרש, טונעיאַדעווקער זשאַבעס שרײַען משונה שטאַרק אין זייערע פאַרשימלטע בלאָטעס, זיי זײַנען באַרימט אין דער וועלט גלײַך מיט דניעפּראָוויצער וואַנצן און טאַראַקאַנעס...



# שלום עליכם

שלום עליכם, מיט זײַן ריכטיקן נאָמען: שלום ראַבינאָוויטש, איז געבוירן געװאָרן דעם 18טן פעברואַר 1859, אין אַ שטעטל נעבן פּערעיאַסלעװ (פּאָלטאַװער גוב.). זײַן פאָטער איז געװען אַ נגיד, אַ פּאָסעסאָר און אַ שטיק משכיל. באַלד אין שלום עליכמס קינדער־יאָרן, האָבן זיך זײַנע עלטערן פריִער אַריבערגעצויגן אין שטעטל װאָראָנקאָ און דערנאָך קיין פּערעיאַסלעװ. דאָרט

איז שלום עליכם געגאַנגען אין דער אָרטיקער דיסטריקט-שול און האָט אַחוץ דעם פּאַר זיך — אונטער דער השגחה פון זײַן פאָטער — ווײַטער געלערנט די ייִדישע לימודים. בײַ 15 יאָר האָט שלום עליכם געדרוקט זײַנע ערשטע אַרטיקלען אין „המליץ" און אין „הצפירה". בײַ 21 יאָר איז ער געוואָרן ראַבינער אין שטעטל לובני (פּאָלטאַווער גוב.). דאָרט האָט ער געלעבט ביז 1883 און אין יענער צײַט האָט ער אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט אין ייִדיש מיט עטלעכע לידער אין צעדערבוימס „יודיש פאָלקסבלאַט". דאָרט איז ער אויך באַלד געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער און שפּעטער־צו זײַנען דאָרט אַרויס אַלס באַזונדערע בײַלאַגן זײַנע עטלעכע ווערק: „העכער און נידעריקער", אַ דראַמע „קאַנטאָר-געשעפט", „קינדער-שפּיל", „ר' סענדער בלאַנק" א. א. אין 1887סטן יאָר גייט אַרויס אין פּעטערבורג איינע פון שלום עליכמס ערשטע קינדער-דערציילונגען, „דאָס מעסערל". אַ יאָר שפּעטער דערשײַנט אין בערדיטשעוו „אַ בינטל בלומען" (פּאָעזיע אָן גראַמען) און „שמרם משפט", דער באַוווּסטער פּאַמפלעט קעגן שמרם ווערק. דורך אָט די אַלע ווערק האָט שלום עליכם באַלד זיך קונה־שם געווען און איז באַליבט געוואָרן בײַם ייִדישן לייענער-עולם.

סוף אַכציקער יאָרן ירשנט שלום עליכם אַ באַדײַטנד פאַרמעגן פון זײַן שווער און ציט זיך אַריבער קיין קיִעוו. דאָרט האָט זיך שלום עליכם פאַרנומען מיט מסחרים פון בענק און פון דער בערזע, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעלאָזט פון זײַן ליטעראַרישער אַרבעט. זײַן פאַרמעגן האָט אים ערשט געגעבן די מעגלעכקייט נישט נאָר אַליין צו שרײַבן, נאָר אויך צו שאַפן אַ טריבונע פאַר אַלע שרײַבערס פון יענער צײַט. אין יאָר 1888 הייבט ער אָן אין קיִעוו אַרויסגעבן גרויסע ליטעראַריש־קריטישע יאָרביכער מיטן נאָמען „די ייִדישע ביבליאָטעק", אין וועלכע עס נעמען אָנטייל די בעסטע ייִדישע שריפטשטעלער פון דעמאָלט. „די ייִדישע פאָלקס-ביבליאָטעק" זײַנען די ערשטע זאַמל-ביכער אויף ייִדיש מיט אַזאַ רײַכן תוכן. זיי באַדײַטן אַ וויכטיקן שריט אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער ליטעראַטור. שלום עליכם אַליין האָט דאָרט אָפּגעדרוקט לידער, אַרטיקלען, רעצענזיעס און אַלס באַזונדערע בײַלאַגן זײַנען אַרויס זײַנע צוויי ראָמאַנען „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי". „די ייִדישע פאָלקס-ביבליאָטעק" האָט געהאַט אַ גרויסן „מאָראַלישן" דערפאָלג, אָבער נאָכן דריטן באַנד זײַנען זיי אָפּגעשטעלט געוואָרן, ווײַל די אומגעלונגענע בערזע-מסחרים פון שלום עליכם און די הוצאות אויף די ליטעראַרישע אונטערנעמונגען האָבן דערווײַל פאַרשלונגען זײַן גאַנץ פאַרמעגן.

אין יאָר 1890 מוז שלום עליכם פאַרלאָזן קיִעוו און באַזעצן זיך אין אָדעס. דאָרט פאַרנעמט ער זיך מיט מעקלערײַ, פאַרזיכערונגס-אַגענטור וכדומה. אין 1892סטן יאָר גיט ער אַרויס „דער קול מבשר צו דער ייִדישער

פאָלקס-ביבליאָטעק", ווו ער האָט אַחוץ עטלעכע הומאָריסטישע קליינינקייטן אָפּגעדרוקט זײַנע ערשטע „בריוו פון מנחם מענדל מיהופּעץ", געשריבן אונ-טערן רושם פון די פֿאַרשווינען, מיט וועלכע ער האָט „באַגעגנט זיך אינעם 1892סטן יאָר אויף דער אדעסער קליינער בערזע" און דאָס וויגליד „שלאָף פֿײַן קינד", וועלכעס איז דערנאָך געוואָרן אַן אמתדיק פּאָפּולער פֿאָלקס-ליד. אין 1893 פֿאָרט שלום עליכם צוריק קיין קיעוו און כאָטש ער בלײַבט נאָך אַלץ בײַ זײַנע מסחרים, הערט ער נישט אויף צו שרײַבן. אין ספּעקטאָרס „הויזפֿרײַנט" פֿאַרעפֿנטלעכט ער דעם אָנהייב פון „טוביה דער מילכיקער", המשכים פון מנחם מענדלס בריוו א. נ. א. מיטן דערשײַנען פונעם „ייד", הייבט זיך אָן פאַר שלום עליכמן אַ צײַט פון נײַער פּרוכטבאַרער ליטעראַרי-שער טעטיקייט. אין „ייד" גופא איז ער געווען איינער פון די טעטיקסטע מיטאַרבעטער, אין דער „יידישער פֿאָלקס-צײַטונג", אין די שפּעטערע טאָג-בלעטער „פֿרײַנט", „טאָג", „וועג" און אין אַנדערע אויסגאַבן און זאַמלבי-כער געפֿינען זיך אומעטום שלום עליכמס ווערק.

1905, נאָכן שרעקלעכן אָקטאָבער-פּאָגראָם, פֿאַרלאָזט שלום עליכם קיעוו. זײַן משפּחה ציט זיך איבער אין דער שווייץ און ער אַליין פֿאָרט קיין אַמע-ריקע. אין אַמעריקע שרײַבט ער אַ סך אין די דאָרטיקע צײַטונגען און באַ-טייליקט זיך אויך אין די פֿאַרשיידענע אויסגאַבן און צײַטונגען פון רוסלאַנד. דאָרט האָט ער, אַחוץ קלענערע זאַכן, אָנגעשריבן די ערשטע קאַפּיטלען פון „מאָטל פּייסי דעם חזנס" און דעם גרויסן ראָמאַן „דער מבול". אַ פּאָר יאָר איז שלום עליכם געווען אין אַמעריקע, דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט קיין אייראָפּע. דאָ ווערט ער אײַנגעלאַדן אין די וויכטיקסטע יידישע צענ-טערן צו האַלטן פֿאָרלעזונגען און אומעטום נעמט מען אים אויף מיט גרויס התלהבות. דערבײַ באַקענט מען זיך צום ערשטן מאָל מיט שלום עליכמען אַלס מײַסטערהאַפטער פֿאָרלייענער פון זײַנע ווערק. אָבער אויף דער נסיעה, וועלכע איז ממש געווען אַ הערלעכער טריומף פֿאַר דעם גרויסן באַליבטן פֿאָלקס-שרײַבער, פֿאַרקילט זיך שלום עליכם און ווערט געפֿערלעך קראַנק. צוליב דעם מוז ער פֿאַרלאָזן רוסלאַנד און פֿאָרט קיין איטאַליע, אין דעם קו-ראָרט נערווי.

אין אָקטאָבער 1908 איז אומעטום גאָר יום-טובדיק געפֿײַערט געוואָרן דער 25-יאָריקער ליטעראַרישער יובל פון שלום עליכמס ליטעראַרישער טע-טיקייט.

שפּעטער פֿאָרט שלום עליכם ווידער קיין אַמעריקע און שרײַבט אַ סך אין די דאָרטיקע צײַטונגען און זשורנאַלן. ער אַרבעט אויך כסדר מיט אין די פֿאַרשיידענע צײַטונגען און אויסגאַבן פון רוסלאַנד. אָבער שלום עליכם איז נישט אינגאַנצן געהיילט געוואָרן פון זײַן קראַנקייט. ער האָט נאָך במשך פון אַ יאָר געליטן פון איר און אין מיטן דער בלוטיקער וועלט-מלחמה, י'

אייר תרע"ו (13 מאַי 1916), האָט אונדזער גרויסער לאַכער אונדז פאַרלאָזט אויף אייביק. צענער טויזנטער יידן פון ניו־יאָרק, זיינע כתרילעווקער און יעהופּעצער ברידער פון נעכטן, האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו. שלום עליכם האָט אָנגעזאָגט אין זיין צוואה, מ׳זאָל אים נישט לייגן צווישן אַריסטאָקראַטן, נאָר צווישן זיינע ברידער. ער האָט אויך איבערגעלאָזט אָט דעם זייער כאַראַקטעריסטישן נוסח פון זיין מצבה:

דאָ ליגט אַ ייִד אַ פּשוטער
געשריבן ייִדיש־דייטש פאַר ווייבער
און פאַר דעם פּראָסטן פאָלק איז ער
געווען אַ הומאָריסט, אַ שרייבער.

דאָס גאַנצע לעבן אויסגעלאַכט,
געשלאָגן מיט דער וועלט כפּרות,
די גאַנצע וועלט האָט גוט געמאַכט
און ער — אוי וויי — געווען אויף צרות.

און דווקא דעמאָלט, ווען דער עולם האָט
געלאַכט, געקלאַטשט (געקוויכט) און פלעגט זיך פרייען
האָט ער געקרענקט — דאָס ווייסט נאָר גאָט —
בסוד, אַז קיינער זאָל נישט זען.

## די שטוב

ס'איז פּריוואַטיק נאָכמיטיק. אין נחום ראַבינאָוויטשעס הויז (אָדער ווי מען רופט אים אין וואָראָנקע נחום וועוויקס) איז טומלדיק און רוישיק. דער טאַטע, נחום, און די מאַמע, חיה־אסתר, זײַנען נאָך אין קראָם, אָבער אַלע קינדער זײַנען אין שטוב; פון דעם עלטסטן, אַ בחור בײַ וועמען עס ווײַזט זיך שוין אַ בערדל, ביז דעם קלענסטן — אַ פּיצעלע וואָס קען נאָך נישט גיין, און פּויזעט אַרום איבערן דיל.

„ס'איז אַ ליאַרם, אַ געשריי, אַ געפּילדער. אַ פולע שטוב מיט קינדער. האַלב נאַקעטע, פאַרשמאַיעטע". יעדעס קינד טוט עפּעס. דער טראָגט זיך אַרום מיט אַ קעפּל פון אַ הערינג, דער קנאַקט ניסלעך. איינער האָט אָנגע־טאָן דעם טאַטנס קאַפּאָטע מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און פאָרט רײַטנדיק אויף אַ בעזעם. איינער טרינקט מילך פון אַ קריגל און נאָך איינער קראַצט די וואַנט מיט אַ טשוואָק.

מיטאַמאָל הערט זיך פון קיך אַ מוראדיק מיאַוקען פון דער קאַץ. די קינדער לויפן אַרײַן אין קיך. זיי זעען: פרומע די מויד האָט צוגעבונדן די קאַץ צום פיסל פון טיש און שלאָגט דאָס אָרעמע באַשעפעניש מיטן שטעקן פון בעזעם. די קולות פון אומגליקלעכן באַשעפעניש גייען אין הימל אַרײַן, און פרומע שלאָגט אָן רחמנות און רעדט צו דער קאַץ מיט אַ ניגון:

— נאַ דיר, נאַשערין, איינמאָל, נאַ דיר צוויי מאָל, נאַ דיר צען מאָל, זוײַם ווײַטער ווי כאַפּן שטיקער פליייש!

שלום, דאָס מיטלסטע ייִנגל, איז געוואָרן אַ פאַרציטערטער. ער איז צו־געלאָפן צו דער דינסט, און מיט טרערן אין די אויגן זיך גענומען בעטן:

— פרומעניו, האַרצעניו, ליובעניו, וואָס טוסטו? אַ צער־בעלי־חיים. גאָט וועט דיך שטראָפן. שלאָג מיך בעסער ,שלאָג מיך, אַבי נישט די קאַץ.

און דאָס ייִנגל האָט אונטערגעשטעלט דעם רוקן אָט דער דעספּאָטי־שער מויד.

## הערט מעשיות און קרימט נאָך

צוויי זאַכן האָט דאָס ייִנגל שלום ליב געהאַט: הערן מעשיות און נאָכ־קרימען אַלעמען. אים איז קיינמאָל נישט מיאוס געוואָרן הערן מעשיות און ער איז קיינמאָל נישט מיד געוואָרן נאָכקרימען מענטשן. דערציילן מעשיות

פלעגט אים זײַן חבר שמואליק דער יתום. ער האָט געהאַט אַ וועלט מיט מעשׂיות.

„קײנער האָט נישט געהאַט אַזױפיל מעשׂיות אױף צו דערצײלן, װיפל שמואליק. האָבן מעשׂיות אױף צו דערצײלן איז אָבער נאָך נישט אינגאַנצן. דאָס דערצײלן אַלײן איז אױך אַ זאַך. דערצײלן אַ מעשׂה דאַרף מען קענען, און שמואליק האָט געקענט דערצײלן מעשׂיות אַזױ װי קײנער נישט!"

פרײַטיק נאָך האַלבן טאָג, אָדער שבת נאָכן עסן, פלעגן זיך די צװײ יינגלעך פאַרקלײַבן אױפן הױכן װאָראָנקאָװער באַרג, װאָס דער שפּיץ זײַנער דערגרײכט כמעט ביז דער כמאַרע. בײדע חברים האָבן זיך אױסגעלײגט מיטן פּנים אַראָפּ צום גראָז, אָדער מיטן פּנים אַרױף צום הימל, און שמואליק האָט גענומען דערצײלן אַ מעשׂה נאָך אַ מעשׂה. אַ מעשׂה פון אַ פּרינץ װאָס האָט געפונען אַ שלאָפנדיקע פּרינצעסין אין אַ קרישטאָלענעם פּאַלאַץ; אַ מעשׂה מיט צװעלף גזלנים אין װאַלד. אַ מעשׂה פון אַן אָקרענט (אַ שיף), װאָס האָט זיך אַװעקגעלאָזט אין פאַרגליװערטן ים; מעשׂיות װעגן שדים און שרעטעלעך.

יעדע מעשׂה האָט געהאַט איר טעם און ריח. אָבער די מעשׂה װעגן דעם אוצר, װאָס איז באַהאַלטן אונטער דעם װאָראָנקאָװער באַרג, איז געװען די שענסטע. שלום איז קײנמאָל נישט מיד געװאָרן הערן.

שלום איז געװען צוגעבונדן צום חבר צוליב זײַנע מעשׂיות. ער איז געלעגן שטיל, מיט די אױגן האַלב פאַרמאַכט, און זיך צוגעהערט צו שמואליקס דעם יתומס זיס קול. שלום האָט אָפט זיך פאַרגעשטעלט אַז ער אַלײן איז דער פּרינץ, װאָס זוכט די פאַרלױרענע פּרינצעסין. ער אַלײן זוכט און געפינט דעם אוצר. און אַז ער געפינט דעם אוצר, מאַכט ער רײַך דאָס גאַנצע שטעטל.

שלום פלעגט אַראָפּ פון באַרג אַ שטילער, אַ פאַרחלומטער. זײַן קאָפּ איז געװען פול מיט פאַנטאַזיעס און חלומות.

## זיך געענדיקט זײַן קינדהײט

פיר יאָר האָט שלום פאַרבראַכט אין דער רוסישער שול. אַ גרױסער תנ"ך־קענער, אַ „סטיפּענדיסט". שאַרף, קלוג, אַ געשליפן צינגל. אַפילו די שטיפמאַמע האָט פאַר אים אָפּשײַ. דאָך עפּעס אַ סטיפּענדיסט, האָט אַ פּאָר אײגענע גראָשן. חוץ דער סטיפּענדיע גיט ער לעקציעס אין רוסיש — אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש.

אין שטעטל האָט מען גערעדט:

— דוכט זיך אַ װױל יינגל, שלום, נחום ראַבינאָװיטשעס, אָבער עפּעס

גאָר קיין מענטש נישט, שטיפט נאָך אַלץ ווי אַ קליין קינד און דאָ איז ער שוין אַ בחור פון אַ יאָר פופצן.

און שלום האָט זיך נישט געפּילט ווי קיין דערוואַקסענער ביז...

„איינמאָל קומט ער פון קלאַס אַהיים און פּילט, אַז דער קאָפּ איז אים עפּעס אָנגעגאָסן מיט בליַי. פאַר די אויגן שוועבן אום רעדלעך מיט עפּעס מאָדנע פיגורן. די רעדלעך בייַטן זיך, די פיגורן ווערן צעגאַנגען אַזוי ווי שניי אויף דער זון, און אויף זייער אָרט קומען אַנדערע פיגורן. קיין וואָרמעס וויל ער נישט עסן. די שטיפמאַמע חידוש זיך — געפּגרט אַ בער אין וואַלד, זאָגט זי מיט איר געוויינלעכן גיפט. ער קען זיך נישט האַלטן אויף די פיס, ער לייגט זיך אויף דער קאַנאַפּע. דער טאַטע גייט צו, טאַפּט אים בייַם קאָפּ, עפּעס פרעגט אים דער טאַטע און ער ענטפערט, נאָר וואָס מען האָט אים געפרעגט און וואָס ער האָט געענטפערט ווייס ער נישט".

שלום איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס.

„אין דער צייַט וואָס ער איז קראַנק געווען, האָט ער זיך אַזוי פאַרענ־דערט, אַז ווען ער איז אין אַ פאָר וואָכן אַרום אַראָפּ פון בעט, קוים דער־שלעפּט זיך אין זאַל אַרייַן אַ קוק טאָן אויף זיך אין שפּיגל, האָט ער זיך קוים דערקענט".

„אָבער נישט נאָר אין אויסזען אַליין האָט ער זיך פאַרענדערט. ער האָט זיך אינגאַנצן איבערגעאַנדערשט. ער האָט דערפּילט אינעווייניק, אין דער נשמה, איז פאָרגעקומען אַ קריזיס. און עס טוט אים באַנג, האַרציק באַנג, זייַן נאַרישע פאַרגאַנגענהייט".

אין בוך „פונעם יאַריד" — שלום עליכמס אויטאָביאָגראַפיע — זאָגט דער פאַרפאַסער, אַז מיט דער קראַנקייט האָט זיך געענדיקט זייַן קינדהייט.

ש. דובנאָוו

# שלום עליכם

## (זכרונות)

זומער־צייט פונעם יאָר 1887 האָב איך געפירט אַ גאַנצע מלחמה מיט די ראָמאַנען־מאַכערס פון שמ"רס חברה און מיט אַלערליי דילעטאַנטישע מחברימלעך איןביידע אונדזערע שפּראַכן. איינמאָל קוק איך איבער די בי־כער, וואָס די רעדאַקציע האָט מיר צוגעשיקט, און געפין דאָרט אַ קליין העפט: „דאָס מעסערל" — אַ טרויעריקע מעשה פון די קינדער־יאָרן, — אַ סעפּאַראַט־אָפּדרוק פון דעם פּעטערבורגער „יודישן פאָלקסבלאַט", — אונ־טער אַ פרייַלעכן פסעוודאָנים „שלום עליכם". עפּעס ווי אַ פריש ווינטעלע

האָט אויף מיר אַ בלאָז געטאָן פון אָט די עטלעכע בלעטלעך, פון דער טרויע־ריקער קינדער־מעשה, וואָס איז לעבעדיק, הומאָריסטיש געשריבן. איך האָב דאָס אַרויסגעזאָגט אין מײַן קריטישן איבערבליק אין יולי־העפט פון „וואָס־כאַד". אויף שלום עליכמס „מעסערל" האָב איך אָנגעוויזן, ווי אויף אַ יוצא מן הכלל, ווי אויף „אַ לעבעדיקן גראַשן אין אַן אָרעמאַנס טאָרבע". שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אָט די עטלעכע ווערטער פון דעם יונגן „קרי־טיקוס" (מײַן פּסעוודאָנים) האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם יונגן הומאָריסט, האָבן אים צוגעגעבן חשק צו זײַן אַרבעט.

אין אַ יאָר אַרום האָט זיך שלום עליכם אָנגעהויבן דורכשרײַבן מיט מיר וועגן ליטעראַרישע ענינים. ער האָט דאַן געוווינט אין קיִעוו. איך האָב גראָד פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין דער דאָזיקער שטאָט אין הארבסט פון יאָר 1887, נאָר מיט שלום עליכמען האָב איך זיך נישט באַגעגנט. ערשט איבער אַ יאָר זומער האָב איך באַקומען פון קיִעוו אַ בריוו מיט דער פירמע: סאָלאָ־מאָן נאָומאָוויטש ראַבינאָוויטש (אויף רוסיש) און מיט דער אונטערשריפט „שלום עליכם" און מיט דער זעלבער פּאָסט זיין „בינטל בלומען" — לידער אין פּראָזע. פון יענער צײַט אָן, אין משך פון אַ פּאָר יאָר, פלעגט שלום עליכם מיר אָפט שרײַבן בריוו וועגן זײַנע ליטעראַרישע פּלענער, באַזונדערס וועגן זײַנע צוויי ראָמאַנען, וואָס ער האָט דאַן געשריבן — „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי", וועגן דער „יִדישער פאָלקס־ביבליאָטעק" — אַ גרויסן זאַמלבוך, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין יאָר 1888, א. ד. גל. ער פלעגט זיך אָפט קלאָגן אויף זײַנע שונאים — די „פײַנט פון זשאַר־גאָן", באַזונדערס אויף ישראל לעווי, דעם פּעטערבורגער דרוקער, וואָס האָט אַרויסגעגעבן דאָס „יודישע פאָלקסבלאַט", אינאיינעם מיט צעדערבוימען. אין דעם „בלאַט" גופא האָט שלום עליכם עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד געדרוקט זײַנע ערשטע דערציילונגען, אָבער נאָכדעם ווי דער מיטאַרבעטער פון „פאָלקסבלאַט" איז אַליין געוואָרן אַ רעדאַקטאָר פון אַ יאָרבוך, האָט מען אים אָנגעהויבן זידלען אין „פאָלקסבלאַט", און בכלל דעם „זשאַרגאָן" און די גאַנצע יִדישע ליטעראַטור. דאָס איז געווען, איבערהויפּט, אַ משונהדיקע זאַך: אַ יִדישע, „זשאַרגאָנישע", צײַטונג האָט זיך געשטעלט אַ ספּעציעלע אויפגאַבע — באַווײַזן דעם פאָלק דורך „זשאַרגאָן" דווקא, אַז דאָס איז גאָר קיין שפּראַך נישט, נאָר גלאַט אַזוי עפּעס אַ צרה, אַ צוטשעפּעניש, וואָס מען מוז מוז פון איר פּטור ווערן צוליב דער אַלטער נאַציאָנאַלער שפּראַך, אָדער דער רוסישער מלוכה־שפּראַך. איך האָב דאַן געשריבן אין „וואָסכאָד" אַ פּאָר פּרינציפּיעלע אַרטיקלען וועגן דער באַדײַטונג פון דער יונגער נײַער פאָלקס־ליטעראַטור, — האָט מען מיך, דאַכט זיך, אויך אין „פאָלקסבלאַט" באַשפּיגן.

צוויי יאָר האָט געדויערט אונדזער בריוובײַט מיט שלום עליכמען, און אויפן דריטן יאָר האָבן מיר געמאַכט פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט. זומער אין

יאָר 1890 איז מיר אויסגעקומען צו זײַן אין קיִעוו בײַ דעם באַרימטן אויגן־דאָקטאָר מאַנדלשטאַם. איך האָב באַנוצט די געלעגנהייט און אָנגענומען די פּריװאַטלעכע אײַנלאַדונג פון שלום עליכמען — פאַרברענגען בײַ אים א וואָך־צוויי אויף זײַן זומער־וווינונג אַרום קיִעוו.

דאָ האָב איך זיך ערשט צוגעקוקט צו שלום עליכמס אויסנווייניקסטן לעבן. איך האָב אים געזען אין זײַן רײַכער שטאָט־קוואַרטיר, אויף דער יע־ליזאַבעטישער גאַס אין קיִעוו, און אין דער פּרעכטיקער דאַטשע, אין גרויסן סאָסנע־וואַלד פון באָיאַרקע. שלום עליכם האָט דאַן איבערגעלעבט די לעצ־טע צײַט פון זײַן באַלעבאַטישן גליק. ער איז געווען פּאַרטאָן אין בערזע־געֿ־שעפטן, אין די לופט־עסקים, וואָס ער האָט שפּעטער אַליין אויסגעלאַכט אונטער דעם נאָמען יכנה"ז. פון דעם קאַפּיטאַל, וואָס ער האָט אין עטלעכע יאָר אָנגעקליבן, האָט ער שוין אַ היפּש ביסל אָנגעװאָרן בײַ פאַרשיידענע בערזע־אָפּעראַציעס, און אין דעם זומער, ווען איך בין בײַ אים געווען צו גאַסט, איז ער שוין געווען נאָענט צו אַ יורד. אין אונדזערע לאַנגע שמועסן, בײַם שפּאַציר־גאַנג צווישן די גרויסע אַלייען, האָט מיך שלום עליכם אַביסל באַקאַנט געמאַכט מיט זײַן שווערער לאַגע און מיט די בערזע־קונצן בכלל. אָפּטמאָל פלעג איך אים זען אַ צעטראָגענעם, מיט אַ קאָפּווייטיק, מיט נאַסע האַנטעכער אויפן קאָפּ. אָבער אַפילו אין דער צײַט האָט אים זײַן געווײנלע־כע הומאָריסטישע שטימונג נישט פאַרלאָזן, דער לאַכנדיקער שלום עליכם האָט זיך פעסטער אײַנגעוואָרצלט אין מײַן זכרון, איידער דער טרויעריקער...

ג. מײַזיל

## שלום עליכמס לעבן אין געווען זײַן שרייבן

און ווי זײַנע מענטשן, אַזוי שלום עליכם אַליין — אַ קוואַל, וואָס הערט גאָרנישט אויף צו שלאָגן. וויפל ער שרײַבט נישט, אַלץ מער ווילט זיך אים שרײַבן. ער ווערט גאָרנישט מיד און אויסגעשעפּט. און ער שרײַבט שטענ־דיק און בײַ יעדער געלעגנהייט, און וויפל ער זאָל נישט שרײַבן, האַלט ער אַלץ פונפאָרנט. זאָגט טאַקע שלום עליכם וועגן זיך אין זײַן אויטאָביאָגראַ־פיע, אַז „ער קען שרײַבן צו יעדער צײַט, אויף יעדן אָרט און בײַ אַלערליי אומשטענדן: אין סאַלאָן, אין קיך, אין וואַגאָן, אין רעסטאָראַן, אַפילו פאָרנ־דיק אויף אַן „איזוואָשטשיק" און אַפילו ליגנדיק אין בעט". „רבונו של עולם — רופט אויס שלום עליכם — אַזאַ מאַסע טעמעס און סוזשעטן! וואָלט נאָר געווען פרײַע צײַט, און וואָלטן נאָר מענטשן געלאָזט שרײַבן".

אין אַ בריוו צו ביאַליקן און ראַווניצקין דערציילט שלום עליכם, אַז ער האָט געקענט שרײַבן „אַפילו אויף אַ לאָקשן־ברעט אָדער אויף אַ טעצל פון אַ

סאַמאָוואַר, אָדער אויף אַ דנאָ פון אַ פעסל, אָדער גאָר זיצנדיק אין טראַמ־וויַי". „איר ווייסט דאָך — שרײַבט ער אַמאָל צו י. ח. ראַווניצקין — ווי אַזוי איך בין מסוגל צו שרײַבן — אַפילו אויף אַ שפּיץ פון אַ נאָדל און אויף אַ שאַרף פון אַ שווערד".

שלום עליכמס לעבן איז געווען זײַן שרײַבן, און שלום עליכמס שרײַבן — דאָס מיינט שלום עליכמס לעבן.

יעקב פיכמאַן

## שפּילנדיק געלעבט און שפּילנדיק געשאַפן

אין די ענגע זאַלן פון אונדזער ליטעראַטור, ווו אָפטמאָל פאַרכאַפּט דעם אָטעם פון שטענדיקער אָנגעשטרענגקייט, און אַלע גייען אַרום ווי אײַנגע־שפּאַנט, ווי לאַסטפערד אין שווערע רײַטוועגן, איז שלום עליכמס געבענ־טשטע שאַפונג געווען איר איינציקע לופט־קאַמער, איר אָפן פענצטער, דער לעגענדאַרער אוצר פון אירע פאַרשלאָסענע ווינטן. דאָס איז געווען דער איינ־ציקער פריילעכער פּוסגייער, וואָס האָט שפּילנדיק געלעבט און שפּילנדיק געשאַפן — אַליין געלאַכט און געמאַכט לאַכן אַנדערע און האָט מיט זיך אַליין פאַרקערפּערט דעם דיכטער מיטן לייענער, דעם זעער און דעם געזעע־נעם. נאָר אויף אים אַליין איז נישט געלעגן די קללה פון שווערקייט, וואָס דריקט אַפילו די גרעסטע פון אונדז.

דעריבער אָטעמען מיר אַזוי לייכט אין זײַנע שאַפונגס־געצעלטן. עס זײַנען נישט קיין שטיינערנע מויערן. צווישן איין וואָרט און צווייטן ליגן דאָ גאַנצע פּאַסן פון געררוימען שטח, גאַנצע פעלדער פון פרײַער לופט. זײַנע ביכער האָט ער נישט געשריבן, זיי זײַנען אַליין געשריבן געוואָרן, און נישט מיר לייענען זיי, נאָר זיי ווערן געלייענט פון זיך אַליין...

## מיט אַ „שטיקעלע" שלום עליכם האָט מען מכבד געווען די געסט

שלום עליכם דער שרײַבער האָט געהאַט אַ באַזונדערן מזל בײַם ייִדישן עולם. ער איז גיך באַליבט געוואָרן בײַ אַלע שיכטן פון ייִדישן פאָלק, ער איז געוואָרן דעם צום מערסטן געלייענטער שרײַבער בײַ ייִדן. שלום עליכם איז געוואָרן אַ היימישער און שטענדיק־אָנגעלייגטער גאַסט אויף אַלע שמחות, צונויפקומענישן. מיט אַ „שטיקעלע" שלום עליכם האָט מען מכבד געווען די געסט, מיט שלום עליכמען האָט מען משמח געווען דעם עולם, סײַ דעם פּראָסטן און סײַ דעם אויפגעקלערטן.

# פונעם יאַריד

פונעם יאַריד קען הייסן פונעם לעבן, וואָס איז געגליכן צו אַ יאַריד. יעדער איז אַ בעלן דעם מענטשנס לעבן צו פאַרגלײַכן, נאָך זײַן השגה נאָך, צו עפּעס אַ זאַך. למשל, איינער אַ סטאָליער האָט אַמאָל געזאָגט: „דער מענטש איז געגליכן צו אַ סטאָליער: אַ סטאָליער לעבט און לעבט, דערנאָך שטאַרבט ער, — אַזוי איז אַ מענטש אויך...". פון אַ שוסטער האָב איך אַליין געהערט אַ מיינונג, אַז דאָס לעבן איז געגליכן צו אַ פּאָר שטיוול: כל־זמן די פּאָדעשוועס טראָגן זיך, זײַנען די שטיוול — שטיוול, און אַז די פּאָדעשוועס טראָגן זיך אָפּ, איז מיטן קאָפּ אין דער ערד. ס'איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַ בעל־עגלה זאָל פאַרגלײַכן אַ מענטשן צו, להבדיל, אַ פערד. דעריבער וואָלט גאָר קיין חידוש נישט געווען, ווען אַזאַ מענטש, ווי איך, וואָס האָט אָפּגעטאַרעראַמט אַ האַלבע מאה יאָרן און גייט באַשרײַבן די געשיכטעס פון זײַן לעבן, זאָל אים אײַנפאַלן צו פאַרגלײַכן זײַן פאַרגאַנגענהייט צו אַ יאַריד.

# די בר־מצווה

אַרײַנטראַכטנדיק זיך אינעם לערנען אין יענעם מין „חדר", בײַ יענע מינים מלמדים, וואָס זײַנען באַשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך, האָבנדיק פאַר זיך די רביצין, וואָס מען דאַרף איר העלפן, טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, וואָס מען דאַרף זיי פאָלגן אַ גאַנג, און כלערליי מינים שקאָצערײַ, פון באָדן זיך זומער אין טײַך ביז שפּילן ווינטער אין קוויטלעך און קנעפּלעך, הײַנט גלאַט דאָס אַרומלויפן און אַרומשפּאַצירן איבער דער שטאָט, — איז שווער צו פאַרשטיין, פון וואַנען האָט זיך גענומען בײַ די קינדער דאָס, וואָס זיי האָבן געקענט? מ'דאַרף נישט פאַרגעסן דאָס אויך, אַז דעם רבין האָט מען גענאַרט, דעם טאַטן האָט מען גענאַרט און אַפילו דעם רב, צו וועלכן מ'האָט געפירט די קינדער פאַרהערן, האָט מען אויך אָפּגענאַרט. הײַנט ווו האָט זיך גענומען מאַטעריאַל אויף אָפּצונאַרן אַ גאַנצע שטאָט מיט ייִדן, וואָס זײַנען זיך צונויפגעקומען אויף דער בר־מצווה צו נחום ראַבינאָוויטשעס זונדל? דער העלד פון דער דאָזיקער ביאָגראַפיע געדענקט דאַכט זיך קלאָר, אַז ער האָט נישט אָנגעהויבן צו וויסן פון דעם, וואָס מען האָט אים אויסגעשטעלט, ער זאָל זאָגן אויף זײַן יום־טוב — און דאָך האָט געקלונגען די שטאָט מיט זײַן בר־מצווה. טאַטעס האָבן מקנא געווען. מאַמעס האָבן זיך געווּנטשן אַזעלכע קינדער.

ס'איז געווען אַן אמתער יום־טוב. אַ גרויסאַרטיקער יום־טוב, און אין

אים האָבן זיך באַשעפטיקט אַ סך הענט, אונטער דער קאָמאַנדע פון דער באָבע מינדי, וואָס האָט אויסגעזען אין איר שבתדיקן אָנטאָן, מיטן שטערנטיכל, ווי אַן אמתער קאָמאַנדיר. זי האָט געקאָמאַנדעוועט, וועמען מען זאָל רופן און וועמען נישט; ווער ס׳זאָל זיצן אויבנאָן און ווער נישט; וואָסערע טעלער מען זאָל שטעלן; וואָסערע בראָנפן און וואָסערע וויינען מען זאָל טרינקען. מיט אַלעמען האָט זי זיך איבערגעקריגט, אויף אַלעמען אָנגעבייזערט, נישט געשאָנעוועט אַפילו דעם בר־מצווה העלד, ער זאָל זיך האַלטן ווי אַ מענטש, נישט האָבן קיין טבע צו בייסן די נעגל, כאָטש צווישן מענטשן, נישט לאַכן אַליין און נישט מאַכן לאַכנדיק די איבעריקע קינדער, קורץ — נישט זיין קיין ימח־שמוניק.

— גאָט האָט רחמנות געהאַט, האָסט דערלעבט די בר־מצווה, איז שוין צייט, זאָלסט ווערן אַ שטיקל מענטש! — האָט זי איינגעטענהט מיט אים, באַשפּיגן די פינגער און אויסגעגלעט דאָס לעצטע רעשט פון די פּאהלעך, וואָס זי האָט קוים „אָפּגעוואָיעוועט" (אויסגעקעמפט) ביי איר זון. נחום ראַבינאָוויטש האָט שוין לאַנג חשק געהאַט זיי גאָר אינגאַנצן אָפּשערן, האָט די באָבע מינדי נישט דערלאָזט.

— אַז איך וועל שטאַרבן און מיינע אויגן וועלן עס נישט זען, — האָט זי אים געזאָגט — וועסטו דעמאָלט מאַכן דיינע קינדער פאַר גויים. און איצט, כל־זמן איך לעב נאָך, וויל איך זען אויף זייער פּנים כאָטש אַ סימן פון ייִדישקייט.

אַחוץ דעם גרויסן עולם, וואָס מען האָט צונויפגערופן גלייך פון שול אויף בר־מצווה, איז זיך צונויפגעקומען די גאַנצע משפּחה. פאַרשטייט זיך, אַז דער רבי משה־דוד רודערמאַן, אין דער שבתדיקער געוועזענער קאַפּאָטע, מיטן אָפּגעבליאַקעוועטן פּלושן היטל, ווי אַ לאַטקע אויפן קאָפּ, איז אויך געווען בתוך הבאים. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן זייער קליין און פון דער וויטן. פון דער מעשה אָן מיטן זון, וואָס האָט זיך געוואָלט שמדן, איז ער געוואָרן ביי זיך שטאַרק אַראָפּגעפאַלן. ער האָט זיך כמעט גאָרנישט צוגערירט נישט צום קידוש, נישט צום פאַרביסן, געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקעלע, איינגעבויגן אין דריען, און שטילערהייט געהוסט אין די ברייטע אַרבל פון דער שבתדיקער געוועזענער קאַפּאָטע.

נאָר אָט איז געקומען די מינוט פונעם עקזאַמען. דער בר־מצווה־בחורל האָט זיך באַדאַרפט אַוועקשטעלן און אַרויסווייזן דעם עולם וואָס ער קען, האָט מיטאַמאָל דער רבי רודערמאַן אויפגעכאַפּט זיך; זיין פּלייצע האָט מיטאַמאָל אויסגעגלייכט זיך; די געדיכטע שוואַרצע ברעמען האָבן זיך אויפגעהויבן און זיינע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן, איינגעזויגן אינעם תלמיד, און זיין גראָבער פינגער האָט מיט אַ קוועטש, ווי דאָס שטעקעלע פונעם דיריזשאָר, אונטערגעזאָגט דעם תלמיד די אויסגעשטעלטע ווערטער.

און דער תּלמיד, דער בר־מצווה הייסט עס, איז תּחילת שיעור נישט אומ־געפאַלן פאַר שרעק, געפילט אַ מאָדנע טרוקנקייט אין מויל און אַ שווינדל אין די אויגן. עס האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער גייט אויף אייז. אָט־אָט צעשפּאַלט זיך דאָס אייז און טראַך — ער טוט אַ פאַל מיטן גאַנצן עולם. נאָר וואָס ווייטער־ווייטער, איז ער, אונטער דעם רבינס קוק און אונטער דעם רבינס קוועטש מיטן גראָבן פינגער, געוואָרן ביי זיך שטאַרקער און שטאַר־קער, און ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען, ווי אויף אַן אייזערנעם בריק, און ער האָט דערפילט אַ וואַרעמקייט אין אַלע אברים, און עס איז אַוועק ביי אים ווי אַ מזמור.

האַלטנדיק אין מיטן דער אַרבעט און דרייענדיק מיטן פינגער נאָכן רבינס גראָבן פינגער, האָט דער בר־מצווה פון דעסטוועגן גוט געקוקט אויפן עולם, געזען דעם אויסדרוק פון אַלע פּנימער, נישט דורכגעלאָזט קיינעם. אָט איז יצחק־ביגדור, וואָס רירט מיט די פּלייצעס און קוקט מיט די גזלנישע אויגן. אָט איז דער אַלטער יהושע סטריבנע — מען זאָגט, אַז ער איז שוין אַ בן־מאה, אַלט הונדערט יאָר. די צונג איז ביי אים אין מויל ווי אַ גלעקל, מחמת קיין ציין האָט ער שוין נישט. אָט איז זיין זון בערקע, שוין אויך גענוג אַלט, די אויגן האַלט ער צו און דעם קאָפּ אויף דער זייט. אָט איז אשר ניידים, וואָס אַלע רופן אים דער „פּעטער אשר" — טאַקע אַ פּעטער, אַ ברייטער, אַ גראָבער. די זיידענע קאַפּאָטע אויף אים שפּאַלט זיך און אַליין איז ער גרוי ווי אַ טויב. און אָט איז יוסי פּרוכשטיין מיט די גרויסע אַריינגעשטעלטע ציין, מיט די גלענצנדע ברילן און מיטן שיטערן בערדל — אַן אַפּיקורס אַ ייִד, וואָס שפּילט מיט נחום ראַבינאָוויטשן אין שאָך און לייענט אַזעלכע ביכלעך ווי „מסתּרי פּאַריז", „שבילי עולם" און נאָך אַזעלכע זאַכן. לעבן יוסין שטייט זיין יינגערער ברודער, מיכאל פּרוכשטיין, אַ יונגערמאַן אַ חכם, אַ ממזר, וואָס קייקנט אָפּ אַלצדינג, הייסט דער שיקסע פּאַרלעשן דאָס ליכט אום שבת און האַלט שטאַרק פון אַזעלכע ייִדן, ווי משה בערנער און בעני קאַנאָווער, וואָס אַלע ווייסן, אַז אין דער יוגנט האָבן זיי אַמאָל פאַרקוקט אין אַ זייט, בעת דער שערער האָט זיי צורעכט־געמאַכט די בערדלעך... ישראל בערדיצקי איז אויך געווען בתוך הבאים. אַמאָל האָט מען אים גערופן ישראל דער כלי־זמר, נאָר איצט האָט ער שוין געהאַט אַן אייגענע שטוב, אַ שטאָט אין מזרח, אַ באָרד האָט ער זיך צעקעמט אַ ברייטע, אַ שוואַרצע, אַ גלאַנצנדיקע, און כאָטש ער זאָגט זיך נישט אָפּ איצט אויך פון צו שפּילן אויף אַ געהויבענער חתונה, נאָר פון דעסטוועגן וועט אים קיינער נישט רופן כלי־זמר, אַפילו הינטער די אויגן. און ער איז טאַקע אַ שיינער ייִד, פירט זיך מעשה באַלעבאָס, אַז ער לאַכט, לאַכט ער מיט אַלע ציין, קליינע, שיטערע, ווייסע ציין. אַפילו רפאל דעם שמש מיטן אויגל האָט דער בר־מצווה נישט דורכגעלאָזט. רפאל איז געשטאַ־נען האַלב איינגעבויגן און אינגאַנצן אַריינגעטאָן אין דעם, וואָס דער בר־

מצווה האָט געדרשנט, און עס האָט אויסגעוויזן נאָך זיין דאָרן פּנים און אויס־
נעבויגענער נאָז, אַז אָט־אָט טוט ער אַ פּאַטש מיט דער האַנט איבערן טיש
און רופט אויס מיט זיין שבתדיקן נוסח: „צע־העין גיל־דוין אום כהן!...״

אַלעמען און אַלעס האָט דער בר־מצווה באַמערקט. און אַלע פּנימער
האָבן אויסגעזען יום־טובדיק. נאָר יום־טובדיקער פון אַלעמען איז געווען דעם
פעטער פיניס פּנים. געזעסן גאַנץ אויבנאָן, לעבן בר־מצווהס פאָטער, אין
זיין שבתדיקער זיידענער קאַפּאָטע, מיט אַ ברייטן זיידענעם גאַרטל, מיט
אַ בלוי סאַמעטן היטל אויפן קאָפּ, האָט דער פעטער פיני געקוקט אויפן בר־
מצווה פון אונטן אַרויף, געשמייכלט זיך אין באָרד אַריין, ווי איינער רעדט:
„מילא, קענען קען ער, דער ימח־שמוניק, — דאָס זעט מען... נאָר צי דאַווענט
ער אַלע טאָג? צי היט ער אָפּ נעגל־וואַסער? צי לייענט ער קריאת־שמע
פאַרן שלאָף? צי טראָגט ער נישט אום שבת? — דאָס איז ביי מיר אַ גרויסער
ספק!...״

דערפאַר איז אָבער דער פאָטער פונעם בר־מצווה געווען — אים נישט
אין פּנים אַריינצוקוקן, עס איז געווען צו זען, אַז קיין מער גליקלעכער מענטש
ווי ער, איז אויף דער וועלט נישטאָ. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַרויף. די
ליפּן האָבן זיך אים גערירט, נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט דעם זון, געקוקט
אויפן עולם, אויפן ברודער פיני, אויפן רבין רודערמאַן, אויפן בר־מצווה אַליין
און אויף דער מאַמע פונעם בר־מצווה.

און די מאַמע, די קליינטשקע היה־אסתר, איז געשטאַנען גאָר אומבאַ־
מערקט, מיט דרך־ארץ ביי דער זייט, צווישן די איבעריקע ווייבער, אין דער
שבתדיקער, זיידענער פאַטשיילע, אַ פאַרגאַפטע, שטילערהייט, זיפצנדיק,
זיך אויסגעקנאַקט אַלע פינגער, און צוויי בלישטשענדיקע טרערן, ווי צוויי
בריליאַנטן, האָבן זיך געקייקלט און אָפּגעשיינט קעגן דער זון אויף איר
גליקלעך, יונג, ווייס, נאָר שוין געקנייטשט פּנים.

וואָס זיינען דאָס געווען פאַר טרערן? טרערן פון פרייד? פון תענוג, פון
גדלות? פון דער שלעכטער צייט? אָדער אפשר האָט אַ מאַמעס האַרץ איינ־
גערוימט איר אַ סוד אויפן אויער, אַז אָט דאָס בר־מצווה בחורל, וואָס קלינגט
איצט אַזוי שיין, וועט אין גיכן, גאָר אין גיכן, זאָגן קדיש נאָך איר נשמה?
ווער ווייסט, וואָס אַ מאַמע קען וויינען?...

שלום עליכם

# יידישע קינדער

## דאָס מעסערל

ביי אונדז איז געשטאַנען סטאַנציע אַ יידישער דייטש, אַ פּאַדריאַטשיק, הער הערץ הערצנהערץ. דער טאַטע האָט אים תמיד אָפּגעטראָטן דעם אויבנאָן און אויך אַלע אַנדערע יידן וואָס פלעגן אַריינקומען צו אונדז אין שטוב אַריין, פלעגן אים שטאַרק אָפּגעבן כבוד: — שלום עליכם! רב הערץ הערצנהערץ, ברוך הבא! רב הערץ הערצנהערץ! זיצט, רב הערץ הערצנהערץ!

איינמאָל, גיי איך אַריין אין זאַל אַריין און פאַרגנבע זיך אין אַ ווינקעלע און הער זיך צו ווי מען רעדט ביי אונדז, ווי דער הער הערץ הערצנהערץ לאַכט אויף אַ קול און רויכערט גראָבע, שוואַרצע ציגאַרן, וואָס שמעקן מחיה נפשות... פלוצלינג גייט צו צו מיר דער טאַטע:

— אַוועק! וואָס פּלאָנטערסטו זיך דאָ אַרום, וועלכע שוואַרצע יאָר? קענסט נישט נעמען אַ ספר אין האַנט- קהע-הע-הע!

— ווידער אַ ספר? רבונו של עולם! איך וויל אויך זען, איך וויל אויך הערן, וואָס ער רעדט...

דער הער הערץ הערצנהערץ שטעלט זיך איין פאַר מיר: „אַבער לאָסן זי אים, לאָסן זי אים!" נאָר עס העלפט נישט, דער טאַטע טרייבט מיך אַרויס.

איך נעם אַ „ספר" אין האַנט, נאָר עס ווילט זיך מיר פאָרט נישט קוקן אין ספר אַריין, וואָס טוט מען?... איך גיי פון איין חדר אינעם אַנדערן ביז איך קום צו דעם שענסטן פון אַלע חדרים, דאָרט, ווו עס שלאָפט תמיד דער הער הערץ הערצנהערץ; אַך, ווי שיין, ווי ליכטיק דאָרט איז! די לאָמפּן ברענען און די שפּיגלען גלאַנצן, אויפן טיש אַ גרויסער, אַ זילבערנער טינטער מיט שיינע פּענעס; מענטשעלעך מיט פערדעלעך, מיט צאַצקעלעך, מיטביינדעלעך, מיט שטיינדלעך און... אַ מעסערל. אַך, וואָס פאַר אַ שיין מעסערל! ווען איך, אַ שטייגער, זאָל האָבן אַזאַ מעסערל! ווי גליקלעך וואָלט איך געווען! וואָס פאַר אַ מינים זאַכן וואָלט איך מיט דעם אויסגעשניצט, אַנו, מען דאַרף דאָס פּרוּוון, עס איז עפּעס שאַרף?... אַך! עס כאַפּט אַ האָר! עס האַקט אייבער אַ האָר! איי-איי-איי, אַ מעסערל!!...

איין מינוט — דאָס מעסערל איז ביי מיר אין האַנט; איך קוק זיך אַרום אויף אַלע זייטן און פּרוּוו זיך דאָס אַריינלייגן אויף אַ מינוטקעלע צו זיך אין קעשענע... עס ציטערט מיר די האַנט... עס קלאַפּט מיר דאָס האַרץ אַזוי שטאַרק, אַז איך הער, ווי עס מאַכט: „טיק-טיק-טיק"!... איך הער, ווי עמי-

צער גייט, עמיצער סקריפּעט מיט די שטיוול; דאָס איז ער, דער הער הערץ־הערצנהערץ! איַי, איַי, וואָס טוט מען? דאָס מעסערל לאָז זיַין ביַי מיר, איך וועל עס נאָכדעם צוריק אַנידערלייגן, דערוויַיל דאַרף מען אַרויסגיין, אַוועק־גיין פון דאַנען, אַנטלויפן!

איך קען שוין קיין וועטשערע נישט עסן; די מאַמע טאַפּט מיך ביַים קאָפּ; דער טאַטע וואַרפט אויף מיר בייזע אויגן און שיקט מיך אָפּ שלאָפן... שלאָפן? איך קען דען צומאַכן די אויגן? איך בין אַ טויטער!... וואָס טוט מען מיטן מעסערל? ווי אַזוי לייגט מען דאָס אַנידער צוריק?

דער עולם שלאָפט, שאַ, שטיל אַרום און אַרום. פּאַוואָלינקע הייב איך מיך אויף אויף אַלע פיר און שטיל, ווי אַ קאַץ, גנבע איך מיר אַרויס אין הויף אַרויס. די נאַכט איז שטיל, די לופט איז פריש, מחיה נפשות, פּאַמעלעך קריך איך צו צו יענעם אָרט, וווּ דאָס מעסערל ליגט באַגראָבן. פּאַוואָליע גראָב איך דאָס אויס פון דאָרטן און באַטראַכט דאָס ביַי דער לבנה; עס גלאַנצט, עס בלישטשעט ווי גינגאָלד, ווי אַ בריליאַנט; איך הייב אויף די אויגן אַרויף און דערזע — די לבנה קוקט גליַיך אַראָפּ צו מיר אויף מיַין מעסערל... וואָס קוקט זי זיך אַזוי איַין; איך דריי מיך אוים צוריק — זי קוקט מיר נאָך; איך פאַר־שטעל דאָס מעסערל מיטן העמדל — זי קוקט מיר נאָך; זי ווייסט געוויס, וואָס דאָס איז פאַר אַ מעסערל און ווו איך האָב דאָס גענומען... גענומען?... איך האָב דאָס געגנבעט!

דאָס ערשטע מאָל, פון זינט דאָס מעסערל איז מיַינס, קומט מיר דאָס דאָזיקע שרעקלעכע וואָרט אויף די געדאַנקען, געגנבעט? בין איך דאָך, הייסט עס, אַ גנב! פּשוט אַ גנב? אין דער תורה שטייט געשריבן, אין די עשרת הדברות, מיט גרויסע אותיות:

— ל א  ת ג נ ו ב !

זאָלסט נישט גנבענען! און איך האָב געגנבעט! וואָס וועט מען מיר דער־פאַר טאָן אין גיהנום? אוי, וויי! מען וועט מיר אָפּהאַקן די האַנט, די האַנט, וואָס זי האָט געגנבעט... מען וועט מיך שמיַיסן מיט איַיזערנע ריטער... מען באַדאַרף אָפּגעבן דאָס מעסערל, מען באַדאַרף אַנידערלייגן צוריק דאָס מע־סערל. מען באַדאַרף נישט קיין גנביש מעסערל. מאָרגן לייג איך אַנידער צוריק דאָס מעסערל!

אַזוי טראַכט איך מיר און נעם דאָס מעסערל צו זיך אין בוזעם אַריין. איך פיל, אַז ס'בריט מיך, סע בראָט מיך. ניין, מען דאַרף עס צוריק באַ־האַלטן, באַגראָבן אין דער ערד אַריַין ביז מאָרגן!... און די לבנה פון אויבן קוקט אויף מיר. וואָס קוקט זי? די לבנה זעט, זי איז אַן עדות... איך קריך צו פּאַוואָלינקע צוריק אין הויז אַריַין אויף מיַין געלעגער און לייג זיך שלאָפן און קען נישט אַנטשלאָפן ווערן. איך קאַטשע זיך פון איין זיַיט אויף דער אַנדערער און איך קען נישט שלאָפן... מיט טאָגלעך שוין בין איך אַנטשלאָפן

גענוואָרן און עס האָט זיך מיר געחלומט אַ לבנה, און עס האָבן זיך מיר גע־
חלומט אײַזערנע ריטער, און עס האָבן זיך מיר געחלומט מעסערלעך... גאַנץ
פרי האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, אָפּגעדאַוונט געשמאַק מיט כוונה און אָפּ־
געכאַפּט דעם אָנבײַסן אויף איין פוס און מאַרש אין חדר אַרײַן.

— וואָס כאַפּסט דאָס דיך אַזוי אין חדר אַרײַן? — שרײַט אויף מיר דער
טאַטע, — וואָס יאָגט דאָס דיך אַזוי? וועסט נישט אָנווערן די תורה דײַנע
שפּעטער אויך; בענטש בעסער ווי עס קער צו זײַן און היפּער נישט קיין
ווערטער! וועסט נאָך צײַט האָבן זײַן אויסגעלאָזט, דו הולטײַ איינער, דו
אַפּיקורס, טריי... טרייפניאַק איינער, קהע־הע־הע־הע!

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט? טו נאָר אַ קוק אַהער? — האַלט מיך דער
רבי פיר און ווײַזט מיר אָן מיטן פינגער אויף מײַן חבר, „בערל דעם רויטנס”,
וואָס שטייט אין אַ ווינקעלע מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ: — זעסטו, ווײַסער
הברהניק? זאָלסטו וויסן זײַן, אַז פון הײַנט אָן און ווײַטער איז שוין זײַן נאָ־
מען נישט „בערל דעם רויטנס”, ווי ער האָט געהייסן ביז אַהער; ניין! ער
הייסט אַצינד אַ שענערן נאָמען; אַצינד הייסט ער: בערעלע דער גנב! —
שרײַט־זשע, קינדער: בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב! בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!

די דאָזיקע ווערטער ציט אויס דער רבי מיט אַ ניגון און אַלע תלמידים
כאַפּן אים אונטער ווי משוררים:

— בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב! בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!

איך בלײַב אַ פאַרשטיינערטער און אַ פראָסט גייט איבער אויפן לײַב.
איך פאַרשטיי נישט, וואָס דאָס באַדײַט...

— וואָס שווײַגסטו, דו שייגעץ איינער?... — רופט זיך אָן דער רבי צו
מיר, — וואָס שווײַגסטו, דו גויעץ? דו הערסט דאָך, אַז אַלע זינגען. העלף
זינגען מיט אַלע גלײַך: „בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב, בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!”

עס ציטערן מיר הענט און פיס; עס קלאַפּט מיר אַ צאָן אויף אַ צאָן;
נאָר איך העלף זינגען: „בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!”

— העכער, שייגעץ איינער! — טרײַבט מיך אונטער דער רבי, —
שטאַרקער — שטאַרקער!...

און איך מיטן גאַנצן כאָר זינגען אויף אַלערליי קולות: „בערעלע דער
ג־אַ־אַ־נב! בערעלע דער ג־אַ־אַ־נב!

— שששששששששששאַאַאַ! — שרײַט אויס פלוצים דער רבי און טוט
אַ פּאַטש מיט דער האַנט איבערן טיש: — שאַ! אַצינד וועלן מיר זיך נעמען
צום משפּט.

בערל רירט נישט קיין אבר, די אויגן אַראָפּ, — אַ געשטאָרבענער, אַ
טויטער!...

דער רבי רופט אַרויס איינעם פון די גרעסערע תלמידים:

— אַנו, הערשעלע, דער גרויסער, גיי נאָר אַרויס פונעם טיש, אַהער, צו

מיר, געשווינדער, אָט אַזוי, און דערציייל אונדז אָקאָרשט די מעשה פון אָנ־הייב ביזן סוף ווי אונדזער בערעלע איז געוואָרן אַ גנב; הערט, חברה, מיט קאָפּ!

און „הערשל דער גרויסער" הייבט אָן דערציילן אַ מעשה ווי אַזוי בערל האָט זיך דערשלאָגן צו ר' מאיר בעל הנס פּושקע, וואָס זײַן מאַמע וואַרפט אַהין אַלע פרײַטיק פאַר ליכט־בענטשן אַ קאָפּיקע און אַמאָל צוויי; ווי אַזוי בערל האָט זיך דאַביוועט צו דער דאָזיקער צדקה־פּושקע, אויף וועלכער עס הענגט אַ שלעסעלע; ווי אַזוי בערל האָט מיט אַ שטרויעלע מיט סמאָלע אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַלע קאָפּיקעס איינציקווײַז ביז לעצט; ווי אַזוי די מאַמע זײַנע, „זלאַטע די הייזעריקע" האָט זיך געכאַפּט, געעפנט די דאָ־זיקע צדקה־פּושקע; דאָרט איז געלעגן אַ שטרוי אײַנגעטונקען אין סמאָלע, ווי אַזוי זלאַטע די הייזעריקע האָט אים „צוגעשטעלט אַ בענקעלע"; ווי אַזוי בערל האָט זיך באַלד נאָך דעם רבינס שמיץ מודה געווען, אַז אַ גאַנץ יאָר, אַ קײַלעכיק יאָר, האָט ער געשלעפּט פון דער פּושקע די קאָפּיקעס; ווי אַזוי ער האָט זיך יעדן זונטיק געקויפט צוויי לעקעכלעך מיט אַ באָקסער; ווי אַזוי.. און אַזוי ווײַטער און ווײַטער...

— אַצינד, קינדער, משפּט אים! לאָז יעדער זאָגן זײַן משפּט, וואָס קומט אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?

הערשל דער קליינער ענטפערט אויף אַ קול:

— אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ פּושקע, קומט... מען זאָל אים קאַטעווען, ביז בלוט זאָל גיין.

— משהל, וואָס קומט אַ גנב וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?

— אַ גנב, — זאָגט משהל מיט אַ וויינענדיק קול, — אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע קומט, מען זאָל אים אַנידערלייגן צוויי אויפן קאָפּ, צוויי אויף די פּיס און צוויי זאָלן אים שמײַסן מיט אײַנגעזאַלצענע רוטער...

— טאָפּעלע טוטאַריטו, וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?

קאָפּל קוקאַריקו, אַ יִנגל וואָס קען נישט אַרויסרעדן קיין קוף און קיין גימל, ווישט אויס דאָס נעזל און זאָגט זײַן משפּט מיט אַ קוויטש:

— אַ דנב, וואָס שלעפּט טאָפּיטעס פון אַ פּושטע, טומט אים, אַז אַלע יִנדלעך זאָלן צודיין צו אים נאָענט און אים זאָדן דלײַך אין פּנים דרײַ מאָל אויף אַ טאָל: דנב! דנב! דנב!

אין חדר ווערט אַ געלעכטער. דער רבי ווענדט זיך צו מיר:

— זאָג נאָר דו, דו, שלומניו, מײַן טײַערינקער, דײַן פּסק, וואָס קומט אַ גנב, וואָס שלעפּט קאָפּיקעס פון אַ צדקה־פּושקע?

איך וויל ענטפערן — פּאָלגט מיך נישט די צונג; איך ציטער ווי אין אַ

קדחת, עס וואַרגט מיך אין האַלדז; אַ קאַלטער שווייס באַשלאָגט מיך פון אויבן ביז אַראָפּ; עס פּײַפט מיר אין די אויערן; איך זע שוין פאַר זיך נישט דעם רבין, נישט דעם נאַקעטן „בערל דעם גנב", נישט קיין חברים; איך זע פאַר זיך נאָר מעסערלעך, מיט אַ סך קלינגלעך... און דאָרט בײַ דער טיר, הענגט די לבנה, זי שמייכלט און קוקט אויף מיר ווי אַ מענטש... עס דרייט זיך מיר דער קאָפּ, דער גאַנצער חדר, מיטן טיש, מיט די ספרים, מיט אַלע חברים, מיט דער לבנה, וואָס הענגט אויף דער טיר און מיט אַלע מעסער־לעך... איך פיל ווי די פיס ווערן מיר אונטערגעהאַקט, נאָך אַ מינוט — פאַל איך אום. נאָר איך שטאַרק זיך מיט אַלע כוחות און האַלט זיך אײַן, איך זאָל נישט פאַלן...

פאַרנאַכט קום איך אַהיים און פיל, אַז דאָס פּנים ברענט מיר, די בעק־לעך פלאַמען און אין די אויערן רוישט מיר. איך הער, מען רעדט צו מיר, נאָר וואָס — ווייס איך נישט. עפּעס זאָגט דער טאַטע, עפּעס בייזערט ער זיך, וויל מיר געבן פעטש; די מאַמע שטעלט זיך אײַן פאַר מיר; איך הער גאָרנישט, איך וויל גאָרנישט הערן, איך וויל נאָר ס'זאָל שוין ווערן גיכער נאַכט, איך זאָל קענען מאַכן אַן עק מיטן מעסערל... וואָס טוט מען מיט דעם? מודה זײַן זיך און אָפּגעבן דאָס? וועל איך האָבן בערלס פּסק... אונטערוואַרפן דאָס? טאָמער כאַפּט מען מיך... פאַרוואַרפן און אַן עק, אַבי פּטור ווערן!... ווהין פאַרוואַרפט מען דאָס, אַז מען זאָל דאָס נישט געפינען? אויפן דאַך, וועט מען הערן אַ קלאַפּ. אין גאָרטן? וועט מען דאָס געפינען... אַהאַ! איך ווייס שוין, איך האָב אַן עצה: אַרײַנוואָרפן אין וואַסער אַרײַן! אַ טייערע עצה כ'לעבן — אין וואַסער אַרײַן, אין ברונעם טאַקע אָט דאָ בײַ אונדז אויפן הויף!... דער דאָזיקער געדאַנק געפעלט מיר אַזוי שטאַרק, אַז איך וויל גאָר לאַנג נישט קלערן; איך כאַפּ דאָס מעסערל און לויף גלײַך צום ברו־נעם און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט אין די הענט נישט קיין מעסערל, נאָר עפּעס אַ מיאוסקייט, אַ מין שרץ, פון וועלכן עס ווילט זיך מיר וואָס גי־כער צו באַפרײַען זיך, פּטור ווערן. נאָר עס טוט מיר באַנג — אַזאַ טײַער מעסערל! אַ מינוט שטיי איך פאַרטראַכט און עס דאַכט זיך מיר, אַז איך האַלט אין האַנט אַ לעבעדיקע זאַך... דאָס האַרץ טוט מיר ווייז אויף דעם: ס'טײַטש, ס'טײַטש, עס קאָסט מיר אַזויפיל מי, עס איז אַ צער בעלי חיים... איך נעם זיך אָן מיט האַרץ און לאָז דאָס מיטאַמאָל אַרוים פון די פינגער — פליוך! עס טוט אַ פּלעשטשע דאָס וואַסער און מער הערט מען נישט... ניטאָ קיין מעסערל! איך שטיי נאָך אַ מינוט בײַם ברונעם און הער זיך צו — מען הערט גאָרנישט. דאַנקען גאָט, פּטור געוואָרן! כאָטש דאָס האַרץ קלעמט מיר, טוט מיר וויי: ס'טײַטש, אַזאַ מעסערל, אַזאַ מעסערל!...

איך גיי צוריק צו מײַן געלעגער און זע, ווי די לבנה קוקט מיר נאָך, און עס דאַכט זיך מיר, אַז זי האָט געזען אַלץ, וואָס איך האָב דאָ אָפּגעטאָן, און

איך הער ווי אַ קול פון ווײַטנס: „אָבער דו ביסט פאָרט אַ גנב!... כאַפּט אים, קלאַפּט אים, ער איז אַ גנב! אַ ג־אַ־אַ־נב!" איך גנבע זיך צוריק אַרײַן אין הויז אַרײַן און לייג זיך שלאָפן און עס חלומט זיך מיר, אַז איך לויף, איך שוועב, איך פלי אין דער לופטן מיטן מעסערל און די לבנה קוקט אויף מיר און זאָגט: „כאַפּט אים, קלאַפּט אים, ער איז אַ גנב! אַ ג־אַ־נב!"

אַ לאַנגער, אַ לאַנגער שלאָף! אַ שווערער, זייער אַ שווערער חלום!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איך עפן אויף איין אויג און דאָס אַנדערע אויג... וווּ בין איך? דאַכט זיך, אויף אַ בעט?

מען דרייט זיך אַרום מיר; מען קוקט אויף מיר; יעדער גייט צו און טוט מיך אַ טאַפּ בײַם קאָפּ; מען שפּרעכט מיך אָפּ, מען שמעפּטשעט מיך, מען לעקט מיך דעם שטערן און מען שפּייט אויס און מען פילנעוועט מיך; מען גיסט מיר אין מויל אַרײַן זודיקע יויך און מען שטופּט מיר מיט לעפּעלעך אײַנגעמאַכץ; אַלע דרייען זיך אַרום מיר, מען היט מיך אָפּ ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג; מען האָדעוועט מיך מיט יאַיכלעך און מיט קאַטשקעלעך ווי אַ פּיצעלע קינד און מען לאָזט מיך נישט אַליין; עס זיצט תמיד לעבן מיר די מאַמע און דערציילט מיר איבער אַלעמאָל איבעראַנײַס די גאַנצע געשיכטע: ווי מען האָט מיך אויפגעהויבן פון דער ערד כמעט אַ טויטן; ווי אַזוי איך בין געלעגן צוויי וואָכן כסדר אין איין העליש פײַער און האָב נאָר געקוואַקעט ווי אַ זשאַבע און עפּעס כסדר גערעדט פון שמיץ און פון מעסערלעך... מען האָט שוין גערעכנט אַז איך בין שוין, חלילה, געשטאָרבן, און נאָכדעם, פּלוצלינג, האָב איך אַ נים געגעבן זיבן מאָל, ממש פון טויט לעבעדיק געוואָרן...

און דער טאַטע גייט צו צו מיר פּאַוואָליע, לייגט אַרויף זײַן בלייכע, קאַלטע האַנט מיר אויפן שטערן און זאָגט צו מיר שוין ווייך אָן אַ שום כעס:

— אײַ, האָסט אונדז איבערגעשראָקן, דו שקאָץ איינער, קהע־הע־הע!

אויך דער יִדישער דײַטש, אָדער דער דײַטשער ייִד, הער הערץ הערצנהערץ, מיט אַ ציגאַר אין די ציין, בייגט זיך אָן מיט זײַן געגאָלטער מאָרדע איבער מײַן בעטל און טוט מיך אַ גלעט איבערן בעקל און זאָגט:

— גוט, גוט! געזונט, געזונט!...

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך מײַן אויפשטיין פון בעט רופט זיך אָן צו מיר דער טאַטע:

— נו, מײַן זון, אַצינד גיי אין חדר און האָב שוין מער נישט אינזינען קיין מעסערלעך מיט קיין נאַרישקייטן... שוין צײַט, זאָלסט שוין אָנהייבן ווערן אַ שטיקל מענטש: אם ירצה השם איבער דרײַ יאָר וועסטו שוין בר־מצווה, צו הונדערט און צוואַנציק יאָר, קהע־הע־הע!

מיט אַזעלכע זיסע ווערטער שיקט מיך דער טאַטע אַרויס אין חדר אַרײַן

צו אַ נײַעם מלמד. דאָס ערשטע מאָל הער איך פֿון מײַן בייזן טאַטן אַזעלכע גוטע ווייכע ווערטער און איך פֿאַרגעס אין איין מינוט אַלע זײַנע רדיפֿות מיט אַלע זײַנע קללות, מיט אַלע זײַנע פּעטש, גלײַך ווי ס׳איז גאָרנישט געווען אויף דער וועלט. איך זאָל מיך נישט שעמען, וואָלט איך אים אַרומגעכאַפּט קושן. נאָר כי־כי־כי — ווי אַזוי קושט מען אַ טאַטן?...

די מאַמע גיט מיר מיט אין הדר אַרײַן אַ גאַנצן עפּל מיט צוויי גראָשן, און אויך דער דײַטש שענקט מיר אַ פּאָר קאָפּיקעס מיט אַ קניפּ אין בעקל, רעדט אויף דײַטש:

— היפּשער קנאַבע! גוט, גוט!...

איך נעם די גמרא אונטער דער האַנט, און גיי אין חדר אַרײַן ווי אַ נײַ געבוירענער, מיט אַ ריין האַרץ, אַ גרינג האַרץ, אַ לויטערן, קלאָרן קאָפּ, מיט נײַע מחשבות, מיט פֿרישע, ערלעכע פֿרומע געדאַנקען. די זון קוקט אַראָפּ און גריסט זיך צו מיר מיט אירע וואַרעמע שטראַלן, דאָס ווינטעלע פֿאַרגנבעט זיך צו מיר אונטער אַ פּאה, די פֿייגעלעך פּישטשען: „טיף־טיף־טיף־טיף!"... עס הייבט מיך, עס טראָגט מיך אין דער לופֿט, עס ווילט זיך מיר לויפֿן, שפּרינגען, טאַנצן!... אַך, ווי גוט, ווי זיס דאָס איז, אַז מען לעבט און מען איז אַן ערלעכער, מען איז נישט קיין גנב, נישט קיין ליגנער!

איך קוועטש צו די גמרא צום האַרצן שטאַרק־שטאַרק און לויף אין חדר אַרײַן געשמאַק־געשמאַק און איך שווער בײַ דער גמרא, אַז איך וועל קיינמאָל־קיינמאָל נישט אָנרירן קיין פֿרעמדס, קיינמאָל־קיינמאָל נישט גנבענען, קיינמאָל־קיינמאָל נישט לייקענען, תמיד זײַן אַן ערלעכער, אַן ערלעכער, אַן ערלעכער!...

**שלום עליכם**

## אוי, אַ פֿידעלע!

פֿון זינט איך בין צו מײַן שכל געקומען, בין איך אויסגעגאַנגען נאָך אַ פֿידל און האָב ליב געהאַט כלי־זמר, ווי דאָס לעבן! איז געווען ערגעץ אַ חתונה אין שטעטל, בין איך געווען דער ערשטער, וואָס איז געלאָפֿן מקבל־פּנים זײַן די כלי־זמר, זיך פֿאַרגנבענען פֿון הינטן צום קאָנטרבאַס, אַ צי טאָן בײַ דער גראָבער סטרונע: בום! — און אַנטלויפֿן. בום! — און אַנטלויפֿן. פֿאַר דעם דאָזיקן „בום" האָב איך אַמאָל געכאַפּט פֿון בערל באַס אַ מיאוסן פּסק. בערל באַס, אַ בייזער ייִד מיט אַ צעפּלעטשטער נאָז און מיט אַ שאַרפֿן קוק, האָט זיך געמאַכט, ווי ער זעט נישט, אַז איך גנבע זיך צום קאָנטרבאַס און בשעת כ׳האָב אויסגעצויגן די האַנט צו דער גראָבער סטרונע, האָט ער מיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן אויער און אָפּגעפֿירט מיך מיט כבוד גלײַך צו דער טיר. — — —

דאָס האָט מיר אָבער וויניק־וואָס אָנגעלערנט. איך האָב נישט אָפּגע־טראָטן פון די כלי־זמר אויף קיין האָר. איך האָב זיי ליב געהאַט אַלע, פון שייַקע פידלער מיטן דער שיינער שוואַרצער באָרד און מיט די דינע ווייַסע פינגערלעך, ביז געצי פּייַקלער מיטן שיינעם האָרב און מיטן היפּשן — כ׳בעט אייַך איבער אייַער כבוד — פּליך איבער די אויערן. נישט איינמאָל בין איך געלעגן אונטער אַ באַנק און געהערט, ווי די כלי־זמר שפּילן, וואָרים מ׳האָט מיך געטריבן אַהיים, און פון דאָרטן, פון אונטער דער באַנק, געקוקט אויף שייַקעס דינע פינגערלעך, ווי זיי טאַנצן איבער די סטרונעס, און זיך צוגע־הערט צו די זיסע קולות, וואָס ער האָט אַזוי קונציק אַרויסבאַקומען פון זייַן פידעלע.

אַ צעקאָכטער פלעג איך נאָכדעם אַרומגיין עטלעכע טעג כסדר, און שייַקע מיטן פידעלע איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. בייַנאַכט האָב איך אים געזען אין חלום, און בייַטאָג אויף דער וואָר, — ער איז מיר נישט אַרויס פונעם קאָפּ. איך פלעג מיר פאָרשטעלן, אַז איך בין שייַקע פידלער, אויסבייגן די לינקע האַנט און מאַכן מיט די פינגער און געבן אַ פיר מיט דער רעכטער האַנט, ווי מיטן סמיק, בשעת־מעשה פאַרוואָרפן דאָס קעפּל אויף אַ זייַט, די אויגן אַ ביסעלע צוגעמאַכט — פונקט ווי שייַקע, ס׳זאָל דאָס פעלן אַ האָר!

האָט דערזען דער רבי נטע־לייב — ס׳איז געווען סאַמע בייַם לערנען — אַז איך מאַך עפּעס מיט די הענט און פאַרוואָרף דאָס קעפּל און גלאַנץ מיט די אייגעלעך, האָט ער מיר אָפּגעשטעקט אַ רעכטן פּאַטש:

— אַ הולטייַ קען! מ׳לערנט מיט אים קמץ־אלף, מאַכט ער העוויות, כאַפּט פליגן!

שלום עליכם

# מאָטל פּייסי דעם חזנס

## מיר איז גוט — איך בין אַ יתום!

פון זינט איך בין צו מייַן שכל געקומען, געדענק איך נישט, איך זאָל זייַן אַזאַ מיוחס, ווי אַצינד. וואָס איז מיט מיר דער יחוס? — מייַן טאַטע, פּייסי דער חזן, ווייסט איר דאָך, איז געשטאָרבן דעם ערשטן טאָג שבועות, און איך בין געבליבן אַ יתום.

פון דעם ערשטן טאָג נאָך שבועות האָבן מיר אָנגעהויבן זאָגן קדיש — איך און מייַן ברודער אליהו. ער טאַקע האָט מיך אויסגעלערנט זאָגן קדיש.

מײַן ברודער אליהו איז אַ געטרײַער ברודער, אָבער נישט קיין גוטער רבי. ער איז אַ כעסן, ער שלאָגט זיך! ער האָט אויפגעעפנט אַ סידור און האָט זיך אַװעקגעזעצט מיט מיר און האָט אָנגעהויבן מיט מיר שטודירן:

— יתגדל ויתקדש שמיה רבה... ער וויל, אַז איך זאָל שוין קענען אויסנ־ווייניק. ער חזרט־איבער מיט מיר נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל, פון אָנהייב ביזן סוף, און הייסט מיר, אַז איצט זאָל איך שוין זאָגן אַליין, איך זאָג אַליין, אָבער עס גייט נישט.

ביז „ויצמח פורקניה" איז נאָך ווי עס איז, און קומט צו „ויצמח פורקניה", פּאַרטשעפּע איך מיך. דערלאַנגט ער מיר מיטן עלנבויגן און זאָגט מיר, אַז דער קאָפּ איז מיר, הפּנים, ערגעץ אין דרויסן (גלײַך ווי געטראָפן) אָדער ערגעץ בײַם קעלבל (גלײַך ווי ער איז געווען דערבײַ...) ער פּוילט זיך נישט און חזרט אײַן מיט מיר נאָכאַמאָל. איך האָב מיך קוים דערשלאָגן ביז „לעילא ולעילא מן כל ברכתא ושירתא ותשבחתא" — און ווײַטער נישט אַ טראָט. ער נעמט מיך אָן פאַרן אויער און זאָגט, אַז דער טאַטע זאָל אויפ־שטיין און זען וואָס פאַר אַ זון ער האָט!...

— וואָלט איך פאַרשפּאָרט זאָגן קדיש...

אַזוי זאָג איך צו מײַן ברודער אליהו און כאַפּ פון אים אַ געשמאַקן פּאַטש מיט דער לינקער האַנט אין דער רעכטער באַק אַרײַן. דערהערט די מאַמע און גיט אים אַ פּסק, ער זאָל מיך נישט שלאָגן, וואָרעם איך בין אַ יתום.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס טוסטו! וועמען שלאָגסטו? האָסט פאַרגעסן, הפּנים, אַז דאָס קינד איז אַ יתום?

שלאָפן, שלאָף איך מיט דער מאַמען אינעם טאַטנס בעט — דאָס איינ־ציקע שטיקל מעבל אין שטוב. די קאָלדרע גיט זי אָפּ כמעט אינגאַנצן מיר.

— דעק דיך אײַן, — זאָגט זי מיר, — און ווער אַנטשלאָפן, מײַן טײַע־רער יתום, עסן איז נישטאָ וואָס...

דעקן, דעק איך מיך אײַן, אָבער שלאָפן, שלאָף איך נישט. איך חזר מיר דעם קדיש, אויף אויסנווייניק. אין חדר גיי איך נישט, לערנען, לערן איך נישט, דאַוונען דאַוון איך נישט, זינגען זינג איך נישט. פּטור פון אַלצדינג. מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

## ב.

מזל טוב! איך קען שוין גאַנץ קדיש אויף אויסנווייניק. רבנן קדיש אויך. אין שול שטיי איך אויף אַ באַנק און קלאַפּ דעם קדיש, ווי אַ מזיק. אַ קול־נגינה האָב איך אויך, בירושה פון מײַן טאַטן, אַן אמתע סאָפּראַנאָ. אַלע יינגלעך שטעלן זיך אויס אַרום מיר און זײַנען מיך מקנא. ווײַבער וויינען. באַלעבאַטים שענקען מיר אַ קאָפּיקע. יאָסי דעם נגידס יינגל, הענעך מיטן

אייגל (ער איז אַ מוראַדיקער נישט־פאַרגינער!), אַז ס׳קומט צום רבנן קדיש, שטעלט ער מיר אַרויס אַ צונג — ער וויל, ער גייט אויס, ער חלשט, איך זאָל מיך צעלאַכן. אים אויף צו להכעיס וועל איך נישט לאַכן! האָט דערזען אהרן דער שמש, האָט ער אים גענומען פאַרן אויער און האָט אים צוגעפירט צו דער טיר, אַ מצווה אויף אים!

אַזוי ווי איך זאָג קדיש אין דער פרי און אויף דער נאַכט, גיי איך שוין מער נישט צו הערש־בער דעם חזן און טראָג מיך נישט אום מיט זײַן דאַב־צין, איך בין פרײַ. אַ גאַנצן טאָג גייען איך מיך בײַם טײַך — אָדער איך כאַפּ פיש, אָדער איך באָד זיך. כאַפּן פיש האָב איך מיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין. אַז איר ווילט, קען איך אײַך אויסלערנען. מען טוט אויס דאָס העמד און מען פאַרקניפּט דעם אַרבל און מען גייט פּאַוואָליע ביזן האַלדז אין וואַסער. מען דאַרף גיין לאַנג־לאַנג. אַז איר פילט, אַז דאָס העמד איז שווער, איז אַ סימן, אַז ס׳איז פול, גייט איר אַרויס וואָס גיכער און טרייסלט אויס דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגן פאַרפּלאָנטערט אָפטמאָל קליינע זשאַבקעלעך — וואַרפט זיי אַרײַן צוריק אין וואַסער אַרײַן, ס׳אַ צער בעלי חיים. אין דער געדיכטער בלאָטע קענט איר אַמאָל געפינען אַ פּיאַווקע. פּיאַווקעס איז געלט — פאַר אַ צענדליק פּיאַווקעס קענט איר באַקומען דרײַ גראָשן, אָנדערטהאַלבן קאָפּיקעס. עס גייט נישט צו פוס... קיין פיש זאָלט איר נישט זוכן. אַמאָל איז געווען פיש אויך, הײַנט איז נישטאָ. איך יאָג זיך נישט נאָך קיין פיש. איך בין צופרידן. עס זאָלן כאָטש זײַן פּיאַווקעס. נישט אַלעמאָל זײַנע דאָ פּיאַווקעס. הײַנטיקן זו־מער איז נישט געווען איין פּיאַווקע! פון וואַנען האָט זיך דערוווּסט מײַן ברודער אליהו, אַז איך כאַפּ פיש — ווייס איך נישט. ער האָט מיר שיר נישט אָפּגעריסן אַן אויער פאַר די פיש. אַ גליק, וואָס פּעסי די גראָבע, אונ־דזער שכנה, האָט דערזען. אַן אייגענע מאַמע דאַרף זיך אַזוי נישט אײַנ־שטעלן פאַר איר קינד.

— אָט אַזוי שלאָגט מען אַ יתום?...

מײַן ברודער אליהו האָט זיך פאַרשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזט דעם אויער. אַלע שטעלן זיך אײַן פאַר מיר. מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

ג.

אונדזער שכנה פּעסי די גראָבע האָט זיך אין מיר פאַרליבט. זי האָט זיך צוגעטשעפּעט צו דער מאַמען, ווי אַ קלעשטש, איך זאָל דערווײַל זײַן בײַ איר, בײַ פּעסין, הייסט עס.

— וואָס וועט אײַך אַרן? — האָט זי געטענהט — עס גייען בײַ מיר צום טיש צוועלף, וועט זײַן אַ דרײַצנטער.

ביי דער מאַמען האָט זי קוים געפּועלט. האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט מײַן ברודער אליהו.

— ווער וועט אויף אים אַכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש?

— איך וועל אויף אים אַכטונג געבן, ער זאָל גיין זאָגן קדיש, נו, שוין? האָט איר צו מיר גאָרנישט?

פּעסי איז נישט קיין גבירטע. איר מאַן איז אַן אײַנבינדער און הייסט משה. ער האָט אַ שם פֿאַרן בעסטן בעל־מלאכה. דאָס אַליין איז אָבער קאַרג. מען דאַרף נאָך האָבן מזל אויך. אַזוי זאָגט פּעסי צו מײַן מאַמען. מײַן מאַמע גיט איר נאָך. זי זאָגט, אַז צום שלימזל דאַרף מען אויך האָבן מזל. פֿאַר אַ סימן נעמט זי מיך. אָט בין איך אַ יתום, און אַלע ווילן מיך. פֿאַראַן בעלנים, וואָס ווילן מיך צו זיך אויף שטענדיק, נאָר ווי לאַנג קרענקען אירע שונאים, ווי לאַנג זי וועט מיך אַוועקגעבן אויף שטענדיק! אַזוי זאָגט די מאַמע און וויינט. זי האַלט זיך אַן עצה מיט מײַן ברודער אליהו.

— ווי מיינסטו? זאָל ער זײַן דערווײַל בײַ פּעסין?

מײַן ברודער אליהו איז שוין אַ גרויסער. אַנישט וואָלט מען זיך מיט אים נישט געהאַלטן קיין עצה. ער גלעט זיך מיט דער האַנט דאָס ריינע נאָך נישט באַוואַקסענע פּנים, גלײַך ווי ער וואָלט שוין געהאַט אַ באָרד, און רעדט ווי אַ גרויסער:

— מהיכי תיתי, אַבי ער זאָל נאָר נישט זײַן קיין שייגעץ.

און עס בלײַבט אַז איך וועל זײַן דערווײַל בײַ אונדזער שכנה פּעסי, נאָר בתנאי, איך זאָל נישט זײַן קיין שייגעץ. אַלצדינג הייסט בײַ זיי זײַן אַ שייגעץ! אָנהענגען דער קאַץ אַ פּאַפּיר אויפֿן עק, זי זאָל זיך דרייען — הייסט בײַ זיי אַ שייגעץ! קלאַפּן מיט אַ שטעקל איבער די גראַטעס פֿון גלחס הויף, אַלע הינט זאָלן זיך צונויפֿלויפֿן — הייסט בײַ זיי זײַן אַ שייגעץ! אָפּשטעקן בײַ לייבקע דעם וואַסערפֿירער דעם צאַפּן פֿון דעם פֿאַס, ס׳זאָל אויסלויפֿן העכער האַלב וואַסער — הייסט בײַ זיי זײַן אַ שייגעץ!

— דײַן גליק, וואָס דו ביסט אַ יתום! — זאָגט צו מיר לייבקע דער וואַ־סערפֿירער — אַנישט, וואָלט איך דיר איבערגעבראָכן די האַנט מיט אַ פּוס! מעגסט מיר גלייבן אויף נאמנות.

איך גלייב אים אויף נאמנות. איך ווייס, אַז איצט וועט ער מיך נישט אָנרירן, ווײַל איך בין אַ יתום.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום.

ד.

אונדזער שכנה פּעסי, זאָל מיר מוחל זײַן, האָט געזאָגט אַ גרויסן ליגן. צוועלף, האָט זי געזאָגט, גייען בײַ איר צום טיש. לויט מײַן רעכענונג, בין איך דער פֿערצנטער. הפּנים, זי האָט פֿאַרגעסן אַרײַנרעכענען דעם בלינדן

פעטער ברוך. און אפשר האָט זי אים נישט אַריַינגעשטעלט צווישן די עסערס דערפֿאַר, ווײַל ער איז שוין זייער אַלט און האָט קיין ציין נישט אויף צו קײַען. איך וויל מיך נישט שפּאַרן. קײַען קען ער נישט, דערפֿאַר אָבער שלינגט ער, ווי אַ גאַנדז, און כאַפּט. אַלע כאַפּן זיי. זייער כאַפּן איז חוץ לדרך הטבע. איך כאַפּ אויך. שלאָגן זיי מיך. מיט די פֿיס אונטערן טיש שלאָגן זיי מיך. מער פֿון אַלע שלאָגט זיך ושתי. ושתי איז אַ רוצח. הייסן הייסט ער הערשל, נאָר מחמת ער האָט אַ גוליע אויפֿן שטערן האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „ושתי". אַלע האָבן זיי דאָ נעמען און צונעמען: „קלעצל, קאָטער, טשערנאָהוז, בופלאַקס, פּעטעלעלע, גיב־מיר־נאָך, שמיר־מיט־פּו־טער"...

האָט קיין יסורים נישט — יעדער נאָמען האָט זיך זײַן שורש. פּיני הייסט „קלעצל", דערפֿאַר ווײַל ער איז גראָב און קײַלעכיק ווי אַ קלעצל. וועלוול איז אַ שוואַרצער, רופֿט מען אים „קאָטער". חיים איז אַ בופלאַקס, הייסט ער „בופלאַקס". מענדל האָט אַ שפּיציקע נאָז, איז ער אַ „טשערנאָהוז". „פּעטעלע־לע" האָט מען אַ נאָמען געגעבן פּײַטלען דערפֿאַר, ווײַל ער קען נישט רעדן. בערל איז אַ גרויסער נאַשער: אַז מען גיט אים אַ שטיקל ברויט מיט שמאַלץ, זאָגט ער: „גיב מיר נאָך". זרחן האָט מען געגעבן אַ מיאוסן נאָמען, „שמיר מיט פּוטער" איבער אַ מיאוסן חסרון, וואָס נישט ער איז שולדיק. שולדיק קען זײַן איז די מוטער, וואָס זי האָט דאָס פֿאַרלאָזט און קינדווײַז ווינציק גע־צוואָגן. און אפשר איז זי אויך נישט שולדיק. איך וועל זיך נישט גיין שפּאַרן, שלאָגן זיך אַוודאי נישט. קורץ, ס'איז אַ שטוב, וואָס יעדער האָט אַ צונע־מעניש. וואָס דאַרפֿט איר מער — די קאַץ, שוין גאָר אַ שטומע צונג, שוין געווים די נשמה שולדיק, הייסט בײַ זיי: „פֿייגע־לאה די גבאיטע". איר ווייסט פֿאַרוואָס? דערפֿאַר וואָס זי איז אַ גראָבע און פֿייגע־לאה, נחמן דעם גבאים ווײַב, איז אויך אַ גראָבע. וויפֿל, מיינט איר, האָבן זיי שוין געכאַפּט פּעטש דערפֿאַר, זיי זאָלן נישט רופֿן די קאַץ מיט אַ מענטשלעכן נאָמען? ווי אַן אַרבעס אין וואַנט! האָבן זיי געגעבן עמיצן אַ צונעמעניש, איז פֿאַרפֿאַלן!

## ה.

מיר האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן — טרעפֿט ווי אַזוי? „מאָטל מיט די לעפּצן"... לעפּצן איז אַ דײַטשיש וואָרט. אויף אונדזער לשון הייסט דאָס „ליפּן". הפּנים, זיי איז נישט געפֿעלן מײַנע ליפּן. זיי זאָגן, אַז איך עס, מאַך איך מיט די ליפּן! איך וואָלט וועלן זען יענעם מענטשן, וואָס זאָל עסן און נישט מאַכן מיט די ליפּן! איך בין נישט פֿון די גרויסהאַלטער, וואָס מען טאָר זיי נישט אָנרירן זייער כבוד, נאָר איך ווייס נישט פֿאַרוואָס — מיר איז דאָס צונעמעניש שטאַרק נישט געפֿעלן! און ווײַל ס'איז מיר נישט געפֿעלן, רייצן זיי זיך מיט מיר און רופֿן מיך דווקא אַזוי. אײַנגעגעסענע ברואים — איר

האָט נאָך אַזעלכע נישט געזען! פריִער האָב איך ביַי זיי געהייסן: „מאָטל מיט די לעפצן". שפּעטער: „די לעפצן". גאָר שפּעטער: „לעפצן".

— לעפצן! וווּ זענט איר געווען?

— לעפצן! ווישט אָפּ די נאָז!

עס פאַרדריסט מיך און עס ברענט מיך, און איך וויין. דערזעט דער פּאָטער זייערער, פּעסים מאַן, משה דער איַינבינדער, איין מאָל, אַז איך וויין, פרעגט ער מיך: וואָס וויין איך? זאָגט איך אים: ווי אַזוי זאָל איך נישט וויינען, אַז איך הייס מאָטל און מען רופט מיך „לעפצן"! פרעגט ער: ווער? זאָג איך: „ושתי". וויל ער שלאָגן „ושתין", זאָגט „ושתי": ס'איז נישט איך, ס'איז „קלעצל". וויל ער שלאָגן „קלעצלען", זאָגט „קלעצל": ס'איז נישט איך, ס'איז „קאָטער".

איינער אויפן אַנדערן, דער אַנדערער אויפן דריטן — אַ מעשה אָן אַן עק! איז זיך מיישב דער פּאָטער, משה דער איַינבינדער, און לייגט זיי אַוועק אַלע איינציקווייַז און שמייַסט זיי אָפּ מיט אַ טאַוול פון אַ סידור און זאָגט זיי:

— איך וועל איַיך וויַיזן ווי אַזוי צו לעצעווען פון אַ יתום!

אָט אַזוי. יעדער נעמט זיך אָן מיַין קריוודע. אַלע, אַלע שטעלן זיך איַין פאַר מיר.

מיר איז גוט — איך בין אַ יתום...

**שלום עליכם**

# די פּאָן

קינדער, איך וועל איַיך דערציילן אַ מעשה מיט אַ פּאָן, ווי אַזוי איך, אַן אָרעמאַנס אַ יִינגל, האָב באַקומען אויף שמחת-תורה אַ פּאָן, ווי שווער זי איז מיר אָנגעקומען און ווי גרינג איך האָב זי פאַרלוירן.

איך בין געווען נאָך גאָר אַ קליין יִינגעלע, האָט מען מיך גערופן „טאַ-פּעלע טוטעריטו", דאָס הייסט, „קאָפּל קוקעריקו". ווייסט איר פאַרוואָס? וויַיל ערשטנס האָב איך געהאַט אַ דין קוויטשיק קולכל, ווי אַ יונג האָנעכל, ויאָס האָט נאָר-וואָס אָנגעהויבן צו קרייען. און צווייטנס האָב איך נישט גע-קענט אַרויסרעדן קיין „קוף" און נישט קיין „גימל", און ווי אויף צו להכעיס האָט מיַין טאַטע געדאַרפט הייסן קלמן, מיַין מאַמע גיטל קלמנס, איך — קאָפּל גיטל קלמנס.

— יִינגעלע! ווי אַזוי רופט מען דיך?

— מיך? טאָפּל דיטל טלמנס...

— העכער אַביסל!

— טאָפּל דיטל טלמנס...

— נאָך העכער!

איך שרײַ הויך אויף אַ קול:

— טאַפּל דיטל טלמנס!

דער עולם לאַכט.

דער עולם לאַכט — און איך װײן.

איך װײן נישט פון דעם, װאָס מען לאַכט פון מיר, נאָר דערפאַר װאָס מען שלאָגט מיך; איטלעכער, װער עס האָט גאָט אין האַרצן, דער שלאָגט מיך: דער טאַטע, די מאַמע, די שװעסטער, דער רבי, די תלמידים; מען לערנט מיך איך זאָל רעדן „װי אַ מענטש"...

— מזל-טוב! טאָפּעלע טוטעריטו האָט אַ פאָן! שלום-עליכם, אַ גוטער ייִד!

אַזוי האָט מיך חברה באַגעגנט, װען איך בין געקומען אויפן שול-הויף מיט מײַן פאָן.

איך באַטראַכט אַלע פאָנען און װאַרף אַ קוק אויף מײַן פאָן — װער? װאָס? װען? װי קומען זײערע פאָנען צו מײַן פאָן?

ערשטנס, די פאָן אַליין. בײ קײנעם שטײט זי נישט אַזוי גלײַך אַרײַנגע-שטעקט אין שטעקל, אַז מען זאָל אַרויסזען בײדע זײַטן. בײַ קײנעם איז נישטאָ אַזאַ גלײַך קײַלעכדיק שטעקל. בײַ קײנעם איז נישטאָ אַזאַ רויטער גלאַטער עפּל. בײַ קײנעם איז נישטאָ אַזאַ שײן געראָטן ליכטל. איך מאַך אַ פאַרגלײַך צװישן מײַן פאָן און די אַלע איבעריקע פאָנען — און מײַן האַרץ װערט פול מיט פרײד. עס מאָלט זיך מיר אויס, אַז איך װאַקס און װאַקס העכער און העכער, לענגער און ברײטער. די פיס טראָגן מיך. עס גלוסט זיך מיר לאַכן, שרײַען, קװיטשען, כאַפּן אַ טענצל...

— אַנו, װײַז נאָר! — רופט זיך מיר אָן יואליק דעם נגידס און בלײַבט שטײן פאַרגאַפט.

ער באַקוקט מײַן פאָן, איך באַקוק זײַן פאָן. „אויך מיר אַ פאָן!" — טראַכט איך מיר. — „אויך מיר אַ שטעקל!" איך זע, אַז ער איז אַן אויפגע-קאָכטער, נאָר איך מאַך זיך נישט װיסנדיק און קוק כלומרשט אָן אַ זײַט.

— קאָפּל! — מאַכט ער צו מיר — װוּ האָסטו גענומען אַזאַ שײן שטע-קעלע?

— האַ? — זאָג איך און דרײ זיך אויס צו אים מיטן פּנים.

— װוּ האָסטו דערטאַפּט, — זאָגט ער נאָכאַמאָל — אַזאַ שטעקעלע?

— װאָס איז דען? — זאָג איך אים, — װילסט זיך אפשר בײַטן אויף דײַן טשװאָק?...

יואליק פאַרשטײט דעם שטאָך. ער טוט אַ גלאַנץ מיט די אײגעלעך, לײגט אַרײַן די האַנט אין קעשענע און טרעט אָפּ. איך קוק אים נאָך און קװעל, עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט. איך זע װי ער רופט אָפּ נחמיהן מיטן קרומען פּיסל אויף אַ זײַט, און סודעט זיך מיט אים און װינקט אויף

מיר מיט די אויגן. איך זע גאַנץ גוט, נאָר איך מאַך מיך נישט וויסנדיק. אין אַ מינוט אַרום גייט צו צו מיר נחמיה מיטן קרומען פיסל, האַלט יואַליקס פאָן מיטן קרומען שטעקל און רופט זיך אָן צו מיר:

— גיב מיר אָנצינדן דאָס ליכטל, מײַנס האָט זיך פאַרלאָשן.

— ס'איז דען דײַן פאָן? — און בייג אים אָן מײַן פאָן מיטן ליכטל, — איך ווייס דאָך וועמענס פאָן דאָס איז...

און איידער איך קוק זיך אַרום, טראָגט צו נחמיה זײַן אָנגעצונדן ליכטל צו מײַן פאָן, און מײַן פאָן צינדט זיך אָן, טוט אַ פלאַקער, פּ־פּ־פּו, — אויס פאָן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען עס פאַלט אַראָפּ פון הימל אַ שטיין גלײַך מיר אין קאָפּ אַרײַן; ווען אַ ווילדע חיה פאַלט אָן אויף מיר און וויל מיך פאַרצוקן, אָדער ווען עס קומט מיר אַנטקעגן אַ מת אום האַלבע נאַכט און וויל מיך וואַרגן — וואָלט מײַן שרעק נישט באַדאַרפט זײַן אַזוי גרויס, ווי בשעת איך האָב דערזען מײַן נאַקעט שטעקל מיט דער אָפּגעברענטער פאָן. עס האָט זיך אַרויסגעריסן בײַ מיר פונעם האַרצן אַ געשריי:

— אוי וויי, מײַן פאָן! מײַן פאָן! מײַן פאָן!...

עס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן טרערן פון מײַנע אויגן. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געוואָרן פינצטער. דאָס שטעקל, מיטן עפּל, מיטן ליכטל, זײַנען אַרויסגעפאַלן פון מײַנע הענט, און איך האָב מיך געלאָזט גיין, איך ווייס אַליין נישט וווּהין. איך גיי און גיס, און גיס מיט הייסע ביטערע טרערן. איך ברעך די הענט און באַוויין מײַן פאָן, ווי מען באַוויינט אַ טויטן, און איך קום צוגיין אַהיים, איינער אַליין, אָן אַ פאָן, און איך פאַרקלײַב מיך אין אַ ווינקעלע, און אין דער פינצטער זיץ איך, דעם קאָפּ צווישן די קני, און וויין שטילערהייט, קיינער זאָל נישט הערן.

און איך פרעג בײַ גאָט אַ קשיא:

— גוואַלד, גוואַלד, רבונו־של־עולם! פאַרוואָס קומט דאָס מיר? פאַר וואָס און פאַר ווען?

אויפן אַנדערן יאָר האָב איך געהאַט אַ פאָן, נאָך אַ שענערע, מיט אַ שענערן שטעקל, מיט אַ שענערן עפּל און בין דווקא געווען אין שול אויבנאָן מיט אַלע באַלעבאַטישע קינדער. די ליכט האָבן געברענט. מײַן פאָן האָט געשײַנט. ייִדן זײַנען געגאַנגען מיט הקפות. ווײַבלעך און מיידלעך האָבן געקושט די תורה, געשפּרונגען אין פנים אַרײַן און געשריִען מיט אַ קוויטש: „דערלעבט איבער אַ יאָר! דערלעבט איבער אַ יאָר!" — „גם אתם! גם אתם!"

קינדער, גם אתם!

# טביה דער מילכיקער

## דאָס גרויסע געווינס

**אַ ווונדערבאַרע מעשׂה, ווי אַזוי טביה דער מילכיקער, אַ ייִד אַן אָרעמאַן, אַ מטופּל מיט קינדער, איז פּלוצים מיטאַמאָל באַגליקט געוואָרן דורך אַ משונה־ווילדן פאַל, וואָס איז כדאַי מ׳זאָל דאָס באַשרײַבן אין אַ ביכל. דערציילט פון טביהן אַליין און איבערגעגעבן וואָרט בײַ וואָרט.**

— אַז ס׳איז באַשערט דאָס גרויסע געווינס, הערט איר, פּאַני שלום עליכם, קומט דאָס גלײַך אין שטוב אַרײַן; ס׳איז גאָר נישטאָ דערבײַ קיין שכל מיט קיין בריהשאַפט, און טאָמער חלילה פאַרקערט, מעגט איר צע־זעצט ווערן רעדנדיק, וועט אײַך העלפן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי, ווי זאָגט איר: אין חכמה ואין עצה נגד אַ שלעכט פערד; אַ מענטש האָרעוועט, ווערט אויסגעריסן, כאַטש נעם לייג זיך, שונאי ציון, און שטאַרב! פּלוצים, מען ווייסט נישט פון וואָס און פון וואַנען — עס פערדלט פון אַלע זײַטן. אַ ייִד, כל־זמן שהנשמה בקרבו — עס שלאָגט זיך נאָך אַן אָדער, טאָר ער נישט פאַרלירן דעם בטחון. איך האָב דאָס אַרויסגעזען פון זיך אַליין טאַקע, ווי אַזוי דער אייבערשטער האָט מיט מיר געפירט, מיט מײַן איצטיקער פּרנסה: וואָרום ווי קום איך גאָר פאַרקויפן קעז און פּוטער אין מיטן דרינען, אַז מיין באָבעס באָבע האָט קיינמאָל נישט געהאַנדלט מיט קיין מילכיקס? ס׳איז בנאמנות כדאַי, איר זאָלט אויסהאָרכן די גאַנצע מעשׂה פון אָנהייב ביזן סוף. איך וועל זיך צוזעצן אויף אַ ווײַלע אָט דאָ לעבן אײַך, אויפן גראָז, לאָז זיך דאָס פערדל דערווײַל עפּעס קײַען, אויך אַ באַשעפעניש בײַ גאָט.

ויהי היום, איינמאָל פאַר איך מיר אַזוי זומער־לעבן אין וואַלד, שוין צוריק אַהיים, אַן די קלעצער; דער קאָפּ אין דער ערד, אויפן האַרצן וויסט און פינצטער; דאָס פערדל, נעבעך, קוים וואָס עס פּלאָנטערט מיט די פיס, כאַטש האַק, כאַטש בראָק. „קריך, זאָג איך, שלימזל, אין דער ערד אַרײַן גלײַך מיט מיר, ווייס אויך, וואָס באַדײַט אַ תענית אין אַ לאַנגן זומער־טאָג, אַז דו שטייסט אײַן בײַ טביהן פאַר אַ פערד!"

שטיל אַרום און אַרום; יעדער קנאַק פון דער בײַטש רופט זיך אָפּ אין וואַלד; די זון זעצט זיך, דער טאָג ער גוססט; די שאָטנס פון דיביימער ציִען זיך אויס לאַנג, ווי דער ייִדישער גלות; עס הייבט אָן ווערן פינצטערלעך און

שטאַרק סומנע אויפֿן האַרצן; פֿאַרשיידענע גערדאַנקען, מחשבֿותן קריכן אין קאָפּ אַרײַן. און דאָ דערמאָן איך זיך די היים: אַז אָך און וויי איז מיר! אין שטוב איז פֿינצטער, חושך; די קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין, נאַקעט און באָרוועס, קוקן אַרויס, נעבעך, אויפֿן טאַטן, דעם שלימזל, טאָמער וועט ער ברענגען אַ ברייטל אַ פֿרישס, און אפֿשר אַ בולקע אַהיים; און זי, די אַלטע מײַנע, געוויינלעך אַ ייִדענע, וואָרטשעט: „קינדער באַדאַרף איך אים האָבן, און נאָך זיבן דערצו; כאָטש נעם, גאָט זאָל נישט שטראָפֿן פֿאַר די רייד, וואַרף זיי אַרײַן לעבעדיקערהייט אין טײַך אַרײַן!" גוט צו האָרכן אַזעלכע דיבורים? מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש.

און דערווײַל איז מען דאָך עפּעס אַ ייִד אויף דער וועלט, מנחה איז טאַקע, ווי זאָגט איר, נישט קיין ציג, זי וועט נישט אַנטלויפֿן, נאָר דאַוונען דאַרף מען, מאָלט אײַך דאָס שיינע דאַוונען, וואָס קאָן שוין זײַן, אַז פּונקט בשעת שטעלן זיך „שמונה-עשרה", צעלאָזט זיך, מעשה-שטן, דאָס פֿערדל משוגענערווײַז, באַדאַרף מען לויפֿן נאָכן וואָגן, אײַנהאַלטן די לייצן און זינ-גען. — שיין געשטאַנען שמונה-עשרה! און דאָ, ווי אויף צו להכעיס, גלוסט זיך דווקא דאַוונען געשמאַק, מיט האַרץ, טאָמער וועט ווערן גרינגער אויף דער נשמה...

בקיצור, איך לויף מיך אַזוי נאָכן וואָגן און זאָג די שמונה-עשרה הויך, מיט אַ ניגון, ווי להבדיל, בײַם עמוד.

פּלוצים — סטאָי! דאָס פֿערדל האָט זיך אָנידערגעשטעלט. איך כאַפּ אָפּ אויף דער גיך דאָס שטיקל שמונה-עשרה, איך הייב אויף די אויגן און טו אַ קוק — עס קומען מיר אַנטקעגן גלײַך פֿון וואַלד אַרויס צוויי משונה-מאָדנע נפֿשות, אָנגעטאָן נישט ווי געוויינלעך.

„גזלנים!" איז מיר דורכגעפֿלויגן אַ געדאַנק אין קאָפּ; איך האָב זיך אָבער באַלד פֿאַרכאַפּט צוריק: „פֿע, טבֿיה, ביזט אַ שוטה! ס׳טײַטש, דו פֿאָרסט אין וואַלד שוין אַזוי פֿיל יאָרן, בײַטאָג און בײַנאַכט; וואָס איז דיר עפּעס פּלוצים הײַנט אײַנגעפֿאַלן גזלנים?"

— וויאָ! — מאַך איך צום פֿערדל און נעם זיך אָן מיט האַרץ און גיב דעם אַ פּאָר שמיצלעך פֿון הינטן, גלייך ווי נישט מיך מיינט מען.

— ר׳ ייִד! הערט נאָר, ר׳ קרובֿ! — מאַכט צו מיר איינע פֿון די צוויי נפֿשות און ווינקט צו מיר מיט אַ פֿאַטשיילע. — אַ נו, שטעלט זיך נאָר אָפּ אויף אַ רגעלע, וואַרט צו אַ ווײַלעטשקע!

איך שטעל אָפּ דאָס פֿערדל. איך הייב אָן גוט אײַנצוקוקן זיך אין די צוויי נפֿשות: נקבֿות; איינע אַן עלטערע מיט אַ זײַדן טיכל אויפֿן קאָפּ, די אַנדערע אַ ייִנגערע מיט אַ פֿאַרוק, ביידע רויט ווי פֿײַער און שטאַרק פֿאַר-שוויצט.

— אַ גוטן אָוונט! — מאַך איך צו זיי שטאַרק אויף אַ קול, כלומרשט

אין גוטן מוט. — וואָס איז אייער באַגער? אויב איר מיינט עפּעס קויפן, ווענט איר ביי מיר נישט געפינען גאָרנישט.

— שאַ, שאַ, — מאַכן זיי. — מיר דאַרפן, זאָגן זיי, נישט קויפן גאָרנישט, מיר האָבן נאָר געוואָלט אַ פרעג טאָן ביי אייַך, אפשר ווייסט איר, ווו איז דאָ ערגעץ דער וועג קיין בויבעריק?

— קייַן בויבעריק? — מאַך איך, און צעלאַך זיך כלומרשט. — עס האָט ביי מיר, זאָג איך, אַזאַ פּנים, פּונקט ווי איר זאָלט מיר אַ שטייגער פרעגן, צי ווייס איך אַז מען רופט מיך טביה.

— אַזוי? מען רופט אייַך טביה? אַ גוטן אָוונט אייַך, ר׳ טביה! מיר פאַרשטייען נישט, וואָס איז דאָ, מאַכן זיי, דער געלעכטער? מיר זייַנען דאָ פרעמדע, פון יעהופּעץ זייַנען מיר, און וווינען דאָ אין בויבעריק אויף אַ דאַטשע. זייַנען מיר, זאָגן זיי, אַרויסגעגאַנגען אויף אַ מינוטקעלע שפּאַצירן און דרייען זיך אַרום אַזוי אין דעם דאָזיקן וואַלד פּאַוואָלינקע פון גאַנץ פריִ אָן, בלאָנדזשען און קאָנען נישט בשום אופן זיך אַרויפשלאָגן אויפן רעכטן וועג; דערווייַל, זאָגן זיי, האָבן מיר דערהערט עמיצער זינגט אין וואַלד. אַז מיר האָבן דערזען פון דער נאָענט, אַז איר זייַט, דאַנקען גאָט, אַ ייִד, איז אונדז געוואָרן אַביסל גרינגער אויף דער נשמה. ווייַזט אונדז דעם וועג קיין בויבעריק!

— קייַן בויבעריק? — זאָג איך. — ס׳טייַטש, אָט דאָס איז דאָך דער אמתער וועג קיין בויבעריק! איר זאָלט אַפילו, זאָג איך, נישט וועלן, מוזט איר מיט דעם שליאַך אָנקומען גלייַך קייַן בויבעריק.

— וואָס זשע שווייַגט איר? — מאַכן זיי צו מיר.

— וואָס זשע זאָל איך — זאָג איך — שרייַען?

— וויבאַלד אַזוי, — מאַכן זיי צו מיר, — קערט איר שוין ווייסן, איז עס נאָך עפּעס ווייַט קייַן בויבעריק?

— קייַן בויבעריק, — זאָג איך, — נישט ווייַט, עטלעכע ווערסט; דאָס הייסט, — זאָג איך, — אַ ווערסט פינף-זעקס אָדער זיבן און אפשר טאַקע אַלע אַכט.

— אַכט ווערסט?! — האָבן אויסגעשריִען ביידע ווייַבער מיטאַמאָל, גע־בראָכן די הענט און שיעור נישט צעוויינט זיך אַזש. — ס׳טייַטש, וואָס רעדט איר? איר ווייסט, וואָס איר רעדט? אַ ווערטעלע אויסצורעדן אַכט ווערסט?!

— נו, וואָס זשע — זאָג איך — זאָג איך טאָן? עס זאָל זיין אין מיר געווענדט, וואָלט איך דאָס געמאַכט אַביסל קורצער.

— מיר האָבן שוין קיין כוח נישט צו פּלאָנטערן מיט די פיס; אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר אַחוץ אַ גלעזל קאַווע מיט אַ פּוטער-בולקע נאָך אין מויל נישט געהאַט.

— אויב אַזוי, — זאָג איך, — איז עפּעס אַנדערש; דעם טעם פון הונגער פאַרשטיי איך גאַנץ גוט, איר באַדאַרפט מיר נישט דערציילן: עס קאָן זייער שיין זײַן, — זאָג איך, — אַז איך האָב קײַן קאַווע מיט קײַן פּוטער-בולקע נישט אָנגעקוקט שוין פון אַ יאָר. — און אַזוי ווי איך רעד, שטעלט זיך מיר פאַר אַ היים גלעזל קאַווע מיט מילך און מיט אַ פּוטער־בולקע אַ פרישער, מיט נאָך גוטע זאַכן... „שלימזל איינער, — טראַכט איך מיר, — ביזט טאַקע אַנדערש נישט געצויגן געוואָרן, נאָר אויף קאַווע מיט פּוטער-בולקעלעך? און אַ שטיקל ברויט מיט הערינג ביזטו קראַנק?" און ער, דער יצר־הרע, נישט געדאַכט זאָל ער ווערן, אויף צו להכעיס, קאַווע, אויף צו להכעיס, פּוטער־בולקע! איך הער דעם ריח פון קאַווע, איך פיל דעם טעם פון פּוטער-בולקע פרישע, געשמאַקע, מחיה-נפשות!

— ווייסט איר גאָר וואָס, ר' טביה? — מאַכן צו מיר ביידע ווײַבער. — טאָמער וואָלט געווען אַ סברא, אַזוי ווי מיר שטייען אָט אָ דאָ, זאָלן מיר זיך אַרויפכאַפּן צו אײַך אויפן וואָגן, און איר טאַקע אַליין זאָלט זיך מטריח זײַן און אונדז אָפּפירן, במחילה, אַהיים, קיין בויבעריק? — וואָס וועט איר זאָגן דערויף?

— ס'אַ משל, — זאָג איך, — איך פאָר פון בויבעריק און איר דאַרפט קײַן בויבעריק! ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער?

— נו, איז וואָס? — מאַכן זיי. — ווייסט איר נישט וואָס מ'טוט? אַ ייִד אַ למדן גיט זיך אַן עצה: ער פאַרקערעוועט דאָס וועגעלע און פאָרט צוריק. האָט קײַן מורא נישט, ר' טביה, — זאָגן זיי, — זײַט זיכער, אם-ירצה-השם, אַז גאָט וועט אונדז ברענגען אַהיים בשלום, ווינטשן מיר זיך דאָס אויס־קרענקען, וואָס איר וועט צו אונדז דערלייגן.

נישט ווילנדיק כאַפּט זיך אַרויס ביי מיר פון דעם מויל:

— קריכט אין וואָגן! — מיינע האָבן דערהערט, זיך דווקא נישט גע־לאָזט לאַנג בעטן און מאַרש אין וואָגן אַריין; איך נאָך זיי אויף דער קעלניע, פאַרקערעוועט דעם דישל, שמײַס דאָס פערדל: איינס, צוויי, דרײַ, פּאַשאָל! — ווער, וואָס, ווען! אַ נעכטיקער טאָג! פונעם אָרט וויל דאָס נישט רירן, כאָטש נעם צעשנייד דאָס אויף צווייען.

— פאַר וואָס פאָרט איר שוין נישט? — מאַכן צו מיר די ווייבער.

— פאַר וואָס איך פאָר שוין נישט? — איר זעט דאָך, — זאָג איך. — פאַר וואָס: דאָס פערדל וויל נישט דאַוונען, ס'איז נישט אויפגעלייגט.

— גיט דעם מיט דער בײַטש, — מאַכן זיי, — איר האָט דאָך אַ בײַטש.

— אַ דאַנק אייך, — זאָג איך, — פאַר דער עצה. גוט, וואָס איר האָט מיר דערמאָנט; דער חסרון, — זאָג איך, — וואָס מיין בחור שרעקט זיך נישט איבער פאַר אַזעלכע זאַכן; ער איז שוין אַזוי געוווינט מיט דער בײַטש, ווי איך מיטן דלות, — זאָג איך צו זיי.

— בקיצור, וואָס זאָל איך אײַך מאריך זײַן, איך האָב אויסגעלאָזט מײַן גאַנץ ביטער האַרץ צום פערדל, נעבעך; אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז גאָט האָט געהאָלפֿן, עס האָט געריִרט פֿון אָרט, און מיר זענען אַוועק מיטן וואַלד גלײַך אונדזער וועג.

מען האָט אונדז נאָר דערזען, איז געוואָרן ששון ושמחה, אַ געשריי, אַ געפּילדער: „אוי, די באָבע! די מאַמע! די מומע!... זיך געפֿונען דער שאָדן! מזל־טוב!... גוואַלד, ווו זענט איר געווען? אַ גאַנצן טאָג אָן קעפּ... געשיקט פּאָטשט אויף אַלע וועגן... וואָס איז די מעשה?..."

— די מעשה איז אַ שיינע מעשה, געבלאָנדזשעט אין וואַלד, פֿאַרבלאָנדזשעט העט ווײַט, אפֿשר צען ווערסט. פּלוצים אַ ייִד... וואָס פֿאַר אַ ייִד? אַ ייִד אַ שלימזל מיט אַ פֿערד און וועגעלע, קוים מיט צרות אײַנגעבעטן זיך. אַ מעשה, באַדאַרפֿט בענטשן גומל...

— איר וועט עפּעס עסן? — מאַכן זיי צו מיר. — גייט וואַשט זיך.

— אַ קראַנקן פֿרעגט מען, און אַ געזונטן גיט מען; נאָר וואָס דען, זאָג איך, אַ דאַנק אייך; אַביסל בראָנפֿן, זאָג איך, מהכתיתי; נאָר זעצן זיך אָט דאָ, מאַכן אַ גאַנצע סעודה, בשעת דאָרטן, אין דער היים, מיין ווייב און קינדער, זאָלן געזונט זיין... אויב אייער גוטער ווילן וועט זיין...

בקיצור, מען האָט זיך, אפֿנים, געשטויסן, וואָס איך מיין, און מען האָט מיר גענומען פּאַקן אין וואָגן אַריין איטלעכער באַזונדער: דער אַ בולקע, דער פֿיש, דער געבראָטנס, דער אַ פֿערטל עוף, דער טיי און צוקער, דער אַ טעפּל שמאַלץ, דער אַ סלאָי אײַנגעמאַכץ.

— דאָס וועט איר, מאַכן זיי, ברענגען אַהיים אַ מתנה פֿאַר אייערע ווייב און קינדער, און אַצינד זאָגט, וויפֿל וועט איר זיך הייסן באַצאָלן פֿאַר אײַער טרחה, וואָס איר האָט זיך מטריח געווען פֿון אונדזערטוועגן.

— סאַ משל, זאָג איך, וואָס איז שײַך, איך וועל מיך הייסן אָנמעסטן? וויפֿל אײַער גוטער ווילן וועט זײַן, זאָג איך, אַזוי וועט איר מיר באַצאָלן; מיר וועלן דורכקומען, ווי זאָגט ער, אַ רענדל אַראָפּ, אַ רענדל אַרויף.

— ניין, זאָגן זיי, מיר ווילן הערן פֿון אײַך אַליין, רב טביה, האָט קיין מורא נישט, מען וועט אײַך, חלילה, נישט קעפּן.

וואָס טוט מען דאָ? — טראַכט איך מיר. — ס'איז שלעכט: זאָל איך זאָגן אַ קערבל, איז אַן עבירה, טאָמער קען איך נעמען צוויי. זאָל איך זאָגן צוויי, האָב איך מורא, טאָמער קוקן זיי מיך אָן ווי אַ משוגענעם, פֿאַר וואָס קומט דאָ צוויי קאַרבן?"

—אַ דרײַערל!!... — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט בײַ מיר פֿונעם מויל, און צווישן עולם איז געוואָרן אַזאַ געלעכטער, אַז איך האָב זיך שיעור אײַן דער ערד באַגראָבן.

— האָט קיין פֿאַריבל נישט, זאָג איך, טאָמער האָב איך זיך אַרויסגע־

כאַפּט מיט אַ וואָרט; אַ פערד, זאָג איך, אויף פיר פיס, ספּאַטיקעט זיך, ובפרט אַ מענטש מיט איין צונג... — עס איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער געלעכטער; מען האָט זיך פּשוט געהאַלטן ביי די זייטן, לאַכנדיק.

— לאָז שוין זיין גענוג צו לאַכן! — רופט זיך אָן דער גביר און נעמט אַרויס פון בוזעמקעשענע אַ גרויסן טייַסטער און גייט און שלעפּט אַרויס פונעם טייַסטער — וויפל מיינט איר אַ שטייגער? אַ נו, טרעפט! — אַ צענערל, אַ רויטס, אַזוי ווי פייער, איך זאָל אַזוי זיין געזונט מיט אייך אינאיינעם, — און מאַכט אַזוי: אָט דאָס האָט איר פון מיר; און איר, קינדער, גיט אייך פון אייער קעשענע וויפל איר פאַרשטייט.

בקיצור, וואָס טויג אייך, עס האָט אָנגעהויבן צו פליִען אויפן טיש פינפערלעך און דרייערלעך און איינערלעך — הענט און פיס האָבן מיר געציטערט; איך האָב געמיינט, אָט פאַל איך חלשות.

— נו, וואָס שטייט איר? — מאַכט צו מיר דער גביר. — נעמט צונויף די עטלעכע קערבלעך פונעם טיש און פאָרט געזונטערהייט צו אייער ווייב און קינדער.

— גאָט זאָל אייך געבן, זאָג איך, כפל כפלים, איר זאָלט פאַרמאָגן צען מאָל, הונדערט מאָל אַזוי פיל, איר זאָלט האָבן אַלדאָס גוטס, מיט גרויס נחת! — און זשעברע צונויף מיט ביידע הענט דאָס געלט. ווער געציילט? וואָס געציילט? און שטופּ אין אַלע קעשענעס.

— אַ גוטע נאַכט, זאָג איך, אַ גוטן תמיד און זייט געזונט, איר זאָלט האָבן, זאָג איך, גרויס נחת, איר און אייערע קינדער און קינדס־קינדער און אייער גאַנצע משפחה. — זאָג איך און לאָז זיך גיין צום וואָגן. רופט זיך אָן צו מיר די גבירטע, יענע, וואָס מיטן זיידן טיכל:

— שטייט נאָר אַ ווײַלע, רב טביה! פון מיר באַקומט איר גאָר אַ באַזונדערע מתנה; אם ירצה־השם, מאָרגן קומט צופאָרן; איך האָב, זאָגט זי, אַ מורע בהמה, געווען אַמאָל אַ טייערע בהמה, פלעגט געבן פיר און צוואַנציק גלעזער מילך; היינט האָט זי פון אַ גוט אויג אויפגעהערט צו מעלקן זיך, דאָס הייסט, מעלקן מעלקט זי זיך, נאָר קיין מילך גיט זי נישט...

— לאַנג לעבן זאָלט איר, זאָג איך, איר זאָלט גאָר קיין יסורים נישט האָבן; ביי מיר וועט זיך אייער בהמה אי מעלקן, אי מילך געבן; מיין אַלטע איז קיין עין־הרע אַזאַ באַלעבאָסטע, אַז פון גאָרנישט בראָקט זי לאָקשן, פון פינגער קאָכט זי זאַטירקעס, מיט נסים מאַכט זי שבת און מיט בוכענצעס לייגט זי די קינדער שלאָפן... האָט קיין פאַריבל נישט, זאָג איך, טאָמער האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַן איבעריק וואָרט. אַ גוטע נאַכט און אַ גוטן תמיד און זייט געזונט. — זאָג איך און לאָז זיך גיין.

איך קום אַרויס אין הויף צום וואָגן, איך טו זיך אַ כאַפּ צום פערדל,

אוי, אוי, אַן אומגליק, אַ צרה, אַ שלאַק! איך קוק אויף אַלע זייַטן — והילד איננו — נישטאָ קיין פערדל!

„נו, טביה, טראַכט איך מיר, דו ביסט אין דער אַרבעט!"

„זע נאָר, טביה, זאָג איך צו מיר אַליין, צי מען פירט דיך נישט אין באָד אַריין?!..."

— וואָס באַברעט איך זיך דאָרטן און וואָס וואָרטשעט איר? — פרעגט מען מיך.

— וואָס איך באַברע זיך? — ענטפער איך, — אַז אָך און וויי איז מיר, זאָג איך, וואָס איך לעב אויף דער וועלט; איך האָב אַ שאָדן: דאָס פערדל מייַנס...

— אייַער פערדל, מאַכן זיי צו מיר, איז אין שטאַל. זייַט זיך מטריח אַהינצו אין שטאַל אַרייַן.

איך קום אַרייַן אין שטאַל און טו אַ קוק: יאָ, ווי איך בין אַ ייִד! מייַן בהור שטייט זיך גאַנץ פייַן צווישן די נגידישע פערד, שטאַרק פאַרטיפט אינעם קייַען, רייַבט דעם האָבער געשמאַק, אויף וואָס די וועלט שטייט.

— הער נאָר, — זאָג איך צו אים, — חכם מייַנער, שוין צייַט אַהיים; מיטאַמאָל צוכאַפּן זיך, זאָג איך, טאָר מען נישט, אַן איבעריקער ביסן, זאָגט מען, קאָן פאַרשאַטן...

— בקיצור, איך האָב אים קוים איינגעבעטן, מחילה, איינגעשפּאַנט אים אין וואָגן און האָב זיך געלאָזט אַהיים לעבעדיק, פריילעך. אויך מייַן פערדל איז געוואָרן גאָר נישט דאָס, וואָס פריער; אַ נייע פּעל אויף דעם אויסגע־וואַקסן, שוין נישט געוואַרט אויף קיין בייַטש, געלאָפן ווי אַ מזמור; גע־קומען אַהיים שוין שפּעטלעך אין דער נאַכט, אויפגעוועקט מייַן ווייַב מיט אַ שמחה, אַ פרייד.

— אַ גוט יום־טוב, מאַך איך צו איר, מזל־טוב דיר, גאָלדע!

— אַ וויסטער מזל־טוב דיר, אַ פינצטערער! — מאַכט זי. — וואָס ביסטו אַזוי יום־טובדיק, מייַן טייַערער ברויטגעבער? דו פאָרסט דאָס פון אַ חתונה, צי פון אַ ברית, גאָלדשפּינער מייַנער?

— עס איז אַ חתונה, זאָג איך, מיט אַ ברית! וואַרט אויס, מייַן ווייַב, אָט וועסטו באַלד זען אַן אוצר, זאָג איך; נאָר קודם־כל וועק אויף די קינדער, לאָזן זיי נעבעך אויך געניסן, זאָג איך, פון די יעהופּעצער מאכלים...

— צי דו ביסט דול, צי דו ביסט חסר־דעה, צי דו ביסט גערירט, צי דו ביסט פונעם זינען? עפּעס רעדסטו ווי אַ משוגענער, שונאי־ציון! — זאָגט צו מיר מייַן ווייַב און שעלט, לייענט די תוכחה, ווי געוויינלעך, אַ ייִדענע.

— אַ ייִדענע, זאָג איך, בלייַבט אַ ייִדענע; נישט אומזיסט זאָגט שלמה המלך, אַז צווישן טויזנט ווייַבער האָט ער נישט געפונען איינע אַ רעכטע. — און גיי מיר אַרויס צו מייַן וואָגן און טראָג אַרייַן פון דאָרטן אַלע גוטע

זאכן, וואָס מען האָט מיר איַינגעפּאַקט און שטעל דאָס אַלצדינג אויס אויפן טיש. מיַינע חברה-ליַיט האָבן דערזען דערזען בולקעס, דערשמעקט פליישׁ, זיַינען זיי באַפאַלן דעם טיש, ווי די הונגעריקע וועלף, נעבעך; עס איז געוואָרן צווישן זיי אַ כאַפּעריַי, די הענט האָבן געציטערט, די ציין האָבן געאַרבעט, עס איז געווען ווי אין פּסוק שטייט: ויאכלו, — מאַכט רש"י: מען האָט געקנאַקט ווי די היישעריקן. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן...

— נו, זאָג שוין, — מאַכט צו מיר מיין פלוניתטע, — ביי וועמען איז דאָס געווען אַן אָרעם מאַלציַיט, צי אַזוי אַ סעודה, און וואָס ביסטו אַזוי האָפּערדיק?

— האָב צייט, זאָג איך, גאָלדע, דו וועסט אַלץ וויסן; דו צעלאָז נאָר, זאָג איך, דעם סאַמאָוואַר, און נאָכדעם וועלן מיר זיך אַרומזעצן אַלע אַרום טיש, זאָג איך, טרינקען צו גלעזלעך טיי, ווי עס געהער צו זיין; אַ מענטש, זאָג איך, לעבט איין מאָל אויף דער וועלט, נישט קיַין צוויי מאָל, ובפרט, זאָג איך, אַז מיר האָבן שוין איצט אונדזער אייגנס אַ בהמה פון פיר און צוואַנציק גלעזער אַ טאָג; מאָרגן, אם-ירצה-השם, ברענג איך זי צופירן. אַנו, גאָלדע, — מאַך איך צו איר נאָכדעם, און כאַפּ אַרויס דעם גאַנצן פּאַק סיגנאַ־ציעס, — אַנו, זיַי אַ בריה און טרעף וויפל געלט האָבן מיר דאָ?

איך טו אַ קוק אויף מיַין וויַיב — זי איז אויס מענטש, טויט ווי די וואַנט, קאָן קיין וואָרט נישט אויסרעדן.

— גאָט איז מיט דיר, גאָלדע סערדצע, זאָג איך, וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? אפשר האָסטו מורא, זאָג איך, טאָמער האָב איך דאָס געגנבעט אָדער געגזלט? פע, זאָג איך, מעגסט זיך שעמען; ביסט טביהס וויַיב שוין אַזאַ צייַט און קאָנסט אויף מיר איבערטראַכטן אַזאַ מעשה? נאַרעלע, זאָג איך, דאָס איז כשר געלט, פאַרדינט ערלעך מיט מיַין אייגענעם שכל און מיט מיַין האָרעוואַניע; איך האָב, זאָג איך, מציל געווען צוויי נפשות פון אַ גרויסער סכנה, זאָג איך, ווען נישט איך, גאָט ווייסט, וואָס עס וואָלט מיט זיי געווען.

בקיצור, איך האָב דערציילט די גאַנצע מעשה, פון א' ביז ת', ווי אַזוי גאָט האָט דאָ מיט מיר געפירט אַרום און אַרום; און מיר האָבן זיך גענומעןביידע איבערציילן דאָס געלט נאָך אַ מאָל און נאָך אַמאָל. — דאָרט איז געווען צוויי מאָל ח"י און איינס אַן איבעריקס, האָט איר אַ קיימא-לן, הייסט דאָס, פון זיבן און דריַיסיק קאַרבן!... מיַינע האָט זיך אַזש צעוויינט.

— וואָס וויינסטו, זאָג איך, נאַרישע ייִדענע?

— ווי אַזוי זאָל איך נישט וויינען, זאָגט זי, אַז עס וויינט זיך? אַז דאָס האַרץ איז פול, זאָגט זי, גייען די אויגן איבער; גאָט זאָל מיר טאַקע, זאָגט זי, אַזוי העלפן, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו וועסט קומען מיט

אַ גוטער בשורה; איך געדענק שוין נישט, זאָגט זי, די צײַט, ווען די באָבע ציטל, זאָל זײַן ווײַט אָפּגעשיידט, זאָל מיר קומען צו חלום.

— כאַפּ נאָר נישט די לאָקשן פֿאַר שבת, זאָג איך, נשמה מיינע! לאָז די באָבע צייטל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, זאָג איך, גיב מיר בעסער אַן עצה, גאָלדע סערדצע, וואָס טוט מען מיטן געלט?

— אדרבא, מאַכט זי צו מיר, וואָס רעכנסטו צו טאָן, טביה, מיט אַזוי פיל געלט, קיין עין־הרע?

— אדרבא ואדרבא, זאָג איך, וואָס רעכנסטו קאָנען מיר מאַכן, קיין עין־הרע, מיט אַזאַ קאַפּיטאַל?

און מיר האָבן ביידע גענומען טראַכטן אַהין, אַהער, געבראָכן זיך דעם קאָפּ, אויסגערעכנט, ווו ערגעץ אַ געשעפט אויף דער וועלט. יענע נאַכט האָבן מיר איבערגעהאַנדלט מיט וואָס איר ווילט: געקויפט פערדלעך אַ פּאָר און באַלד טאַקע זיי פאַרקויפט מיט רווחים; געעפנט אַ באַקאַליינע קלייט אין בויבעריק, אויספאַרקויפט די סחורה און באַלד געעפנט אַ שניטקראָם; גע־האַנדלט אַ שטיקל וואַלד, געכאַפּט אָפּטריט־געלט עטלעכע קערבלעך און אַנטלאָפן; געפּרוּווט אויסדינגען די אַנאַטעװוקער טאַקסע, נעמען דעם „פּראָ־יעקט", געמאַכט אַ ביסל הלוואה, אָפּגעגעבן דאָס געלט אויף פּראָצענט...

— משוגע מיינע שונאים! — רופט זיך אָן מיין ווייב. — דו ווילסט צע־פּלעכטן די עטלעכע גראָשן, בלייבן מיטן בייטשל?

— וואָס דען, זאָג איך, האַנדלען מיט ברויט און נאָכדעם בלייבן אַן אָנזעצער איז שענער? קאַרג, זאָג איך, ווערט הײַנט די וועלט בדיל־הדל פֿון ווייץ? גיי, זאָג איך, האָרך, וואָס אין אָדעס טוט זיך.

— וואָס טויג מיר, זאָגט זי, אָדעס? מײַנע אבות־אבותינו זײַנען דאָרט נישט געווען און מײַנע קינדער וועלן דאָרט נישט זײַן, כל־זמן איך לעב און די פיס טראָגן מיך.

— וואָס זשע ווילסטו? — זאָג איך.

— וואָס איך וויל? זאָגט זי. — איך וויל, זאָלסט נישט זײַן קיין לעקיש און נישט רעדן קיין נאַרישקייטן.

— אוודאי, זאָג איך, ביסטו איצטער אַ חכמה. ווי זאָגט מען: אַז עס קומען די מאות, קומען די דעות, און אַז מען איז אפשר רײַך, איז מען געווים קלוג... ס'איז תמיד אַזוי!

בקיצור, מיר האָבן זיך עטלעכע מאָל צעקריגט און טאַקע באַלד איבער־געבעטן און עס איז ביי אונדז געבליבן דער פּלאַן, מיר זאָלן צו דער מורע בהמה צוקויפן נאָך אַ בהמה אַ מעלקעדיקע, וואָס גיט מילך...

וועט איר דאָך מסתמא פרעגן אַ קשיא: וואָס עפּעס אַ בהמה, פאַר וואָס נישט קיין פערד? וועל איך אייך ענטפערן: וואָס עפּעס אַ פערד, פאַר וואָס נישט קיין בהמה? בויבעריק איז דאָך אַן ערטל, וואָס עס קומען זיך צונויף

אהינצו אויף זומער אַלע יעהופּעצער נגידים אויף די דאַטשעס; און אַזוי ווי די יעהופּעצער לייט זײַנען אַלע זייער אײדעלע מענטשן, וואָס זײַנען געצויגן, מען זאָל זיי אַלץ ברענגען גרייטס, גלײַך אין מויל אַרײַן: פון האָלץ און פון פלייש און פון אייער, הינער, ציבעלעס, פעפער, פּעטרישקע — פאַרוואָס־זשע זאָל זיך נישט געפינען איינער, אַזעלכער, וואָס זאָל זיך אונטערנעמען ברענגען זיי אַלע מאָל אין שטוב אַרײַן קעז און פּוטער און סמעטענע וכדומה? ווערליק די יעהופּעצער האַלטן פון דער אכילה, קען מען דאָך לייזן שיין געלט און פאַרדינען דערבײַ טאַקע גראָב. דער עיקר, אַבי די סחורה זאָל זיין סחורה.

איך ווייס נישט, צי איר וועט מיר גלייבן, — איר זענט כמעט דער ערשטער, וואָס איך האָב אײַך דערציילט די גאַנצע געשיכטע. ווי אַזוי און וואָס און ווען... נאָר, מיר דאַכט, איך האָב זיך אַביסל פאַרעדט. האָט קיין פאַריבל נישט, מען באַדאַרף אין זינען האָבן, ווי זאָגט איר, עסק; איטלע־כער צו זיינעם, איר צו אייערע ביכלעך, איך צו מיינע טעפּלעך און צו מיינע קריגלעך... איין זאַך וועל איך אײַך בעטן, פּאַני, איר זאָלט מיך כאָטש נישט אַרײַנשרײַבן אין אַ ביכל; און אַז איר וועט מיך אַרײַנשרײַבן, זאָלט איר כאָטש נישט אַרויסשטעלן דעם גאַנצן נאָמען מײַנעם... זײַט מיר געזונט און האָט אַ גוטן תמיד.

## טביה — שלום עליכמס שענסטע געשטאַלט

„**טביה דער מילכיקער**" איז שלום־עליכמס מײַסטערווערק, און טביה איז זײַן שענסטע געשטאַלט. דאָ האָבן מיר אַ מענטשן, וואָס איז עכט פאָלקס־טימלעך, ייִדיש אין יעדן קנייטש און ניואַנס.

שווער צו געפינען אַ שענערן און טיפערן געדאַנק ווי אין די ווערטער פון אַ חסידישן רבי, וואָס האָט געזאָגט: „בלויז איין גאַנצע זאַך איז פאַראַן אויף דער וועלט, און דאָס איז אַ צעבראָכן האַרץ". אויב דאָס איז אַזוי, איז טביה זיכער שלימותדיק מיט זיין צעבראָכן האַרץ, מיט זיין אומבאַשרענק־טער פעיִקייט צו לײַדן מיט זײַנע נאָענטע און טײַערע און מיטפילן מיט זיי.

**שלום עליכם**

## יעהופּעצער בערזע

(מנחם־מענדל פון יעהופּעץ צו זײַן ווײַב שיינע־שיינדל אין כתרילעווקע)

לזוגתי היקרה החכמה הצנועה מרת שיינה־שיינדל שתחי'.

ראשית בין איך דיר מודיע, אַז איך בין ברוך השם בקו החיים והשלום.

השם יתברך זאָל העלפן מען זאָל תמיד האָרכן איינס פונעם אַנדערן נאָר גוטס מיט בשורות טובות ישועות ונחמות — אמן.

והשנית זײַ וויסן אַז איך בין שוין נישט אין אָדעס, איך בין אין יעהו־פּעץ (אויך אַ שיינע שטאָט, לאָם איך האָבן אַזאַ יאָר!) און האַנדל שוין מער נישט מיט קײַן ווינט, מיט קײַן לופט, מיט קײַן „לאָנדאָן" — איך האָב שוין הײַנט, ברוך השם, אַ ביסל אַ לייטישער געשעפט אין האַנט, אַ קאַ־ראַנטנע געשעפט, אַ פּאַפּיר־געשעפט, דאָס הייסט, איך האַנדל מיט „פּאַפּיר־לעך" האַנדל איך. ווּעסטו מיך דאָך פרעגן, ווי קום איך קיין יעהופּעץ? דאַרף איך דיר דערציילן, זוגתי היקרה, אַ גאַנצע מעשה, און בעטן דיך, זאָלסט קיין פּאַריבל נישט האָבן, וואָס איך האָב דיר אַזאַ צײַט קײַן בריוו נישט געשריבן, ס'איז פּשוט נישט געווען וואָס צו שרײַבן, און חוץ לזה האָב איך גערעכנט אָט־אָט פאָר איך אַהיים, און גאָט איז יודע דעם אמת, ווי ווײַט עס האָט מיך געצויגן אַהיים, נאָר ס'איז אַפּנים מן השמים מיר אָנגעצייכנט געוואָרן, אַז איך זאָל מגולגל ווערן קײַן יעהופּעץ און זאָל האַנדלען מיט „פּאַפּירלעך". איך שווער דיר, זוגתי היקרה, בײַ מײַן לעבן, אַז איך בין שוין געזעסן אין וואַגאָן צו פאָרן קיין כתרילעווקע, באַדאַרף איך מיך באַגעגענען מיט איינעם אַן אָדעסער שפּעקולאַנט, וואָס פאָרט קײַן יעהופּעץ. וואָס טוט ער, פרעג איך אים, אין יעהופּעץ? זאָגט ער מיר: ער האַנדלט מיט פּאַפּיר־לעך. וואָס הייסט דאָס פּאַפּירלעך? גיט ער מיר צו פאַרשטיין, אַז „פּאַפּיר־לעך" איז נישט קיין „לאָנדאָן", וואָס הענגט אָפּ פון בערלין און פון בים־מאַרקן און פון דער ענגלישער מלכּה. פּאַפּירלעך — דאָס איז אַזאַ מין געשעפט, וואָס ווענדט זיך נאָר אין פּיטערבורג און אין וואַרשע. הײַנט האָט דאָס נאָך אַ מעלה: ס'איז אַ זאַך וואָס מען קאָן דאָס זען, אָנטאַפּן מיט די הענט, נישט אַזוי ווי „לאָנדאָן", וואָס ס'איז נאָר אַ דמיון, אַ מין חלום. הײַנט האָט ער מיר גענומען אָפּלויבן די שטאָט יעהופּעץ מיט די יעהופּעצער שפּע־קולאַנטן אין טאָג אַרײַן: ס'איז גאָר לא זו הדרך, זאָגט ער, איידעלע מענטשן, ער וועט נישט אַוועקגעבן, זאָגט ער, קײַן צען אויסגעפּאַטשטע אָדעסיטן פאַר איין יעהופּעצער שפּעקולאַנט! הקיצור, דער פאַרשוין האָט מיך אַזוי צעטומען, אַז איך בין אַ בעלן געווען, איך פאָר דאָך במילא פאַרבײַ פאַסטאָוו, וועל איך מיר אַראָפּכאַפּן שוין קײַן יעהופּעץ אויף אַ טשיקאַווּעסט אָנקוקן די היגע בערזע מיט די היגע שפּעקולאַנטן און, ווי גאָט פירט, באַדאַרף איך אָנטרעפן אַקוראַט אויף אַזאַ צײַט, וואָס עס גייט אַ מוראַדיקער בעס אויף פּאַפּירלעך, און „פּרעמיעס" פאַרקויפן זיך בחצי חינם. קײַן סך געלט אַרײַנ־לייגן דאַרף מען נישט, האָב איך מיך מישב געווען, איך וועל מיך אַ שפּיל טאָן, אולי ירחם, אַ קשיא אויף אַ מעשה, טאָמער וועל איך כאַפּן „פון אויבן", וועל איך האָבן צושטײַער אויף הוצאות. און דער אייבערשטער האָט רחמנות געהאַט, „פּאַפּירלעך" האָבן זיך אַ הויב געטאָן, און איך האָב מײַן פּרעמיע

פאַרקויפט מיט רווחים און געקויפט אַ פּאָר פרישע פרעמיעס, און האָב ווידער געכאַפּט פון אויבן און האָב מיך אַרויפגעשלאָגן אויף ריינע עטלעכע הונדערט קערבלעך און דווקא מזומנע. האָב איך מיך מישב געווען, דאַרף איך צאָלן יענעם „פּרעמיעס", אַ מער איך וועל מיר אַליין „איינגאַזשירן" מזומנע „פּאַפּירלעך", איך בין אַוועק דורך אַ קאַנטאָר קײַן פּיטערבורג און האָב מיר צונויפגעשטעלט אַ „פּאָרטפּעל" פון כל מאמינים שהוא: „פּוטיוול" מיט „טראַנספּאָרט", מיט „וואָלגע", מיט „מאַלצעווער", וכדומה אַזעלכע אַק־ציעס, וואָס הויבן זיך. און דאַנקען השם יתברך איך וואַקס! און מחמת איך האָב קיין צײַט נישט, מאַך איך דאָס בקיצור. אם ירצה השם אינעם אַנדערן בריוו וועל איך דיר אַרויסשרייבן אַלצדינג באריכות. לעת־עתה לאָז גאָט געבן מיט געזונט און מיט הצלחה. לאָז גריסן די קינדערלעך אַלע און שווער און שוויגער גאָר פרײַנטלעך.

**ממני בעלך מנחם מענדל.**

עיקר שכחתי: אַז דו וועסט מיר שרייבן, זאָלסטו מיר שרייבן אויף מיין נאָמען קיין בויבעריק, מחמת אין יעהופּעץ טאָר איך נישט זײַן... דריי איך מיך אַרום דעם גאַנצן טאָג אויף „קרעשטשאַטעק" בײַ דער בערזע און קומט בײַנאַכט, כאַפּ איך מיך אַראָפּ קײַן בויבעריק, דאָרט זיצט די גאַנצע חברה „שפּעקולאַנטן" אויף די דאַטשעס און מען שפּילט אַ גאַנצן נאַכט אין קאָרטן (זכרים מיט נקבות אינאיינעם — אַזוי איז דאָ דער מנהג...) און גאַנץ פרי לויפן אַלע קײַן יעהופּעץ און איך אויך בתוכם.

הנ"ל.

**(שיינע־שיינדל פון כתריל'עווקע צו איר מאַן מנחם־מענדל אין יעהופּעץ)**

לכבוד בעלי היקר הנגיד המפורסם החכם מופלג מוהר"ר מנחם־מענדל נ"י

ערשטנס קום איך דיר צו מעלדן, אַז מיר זײַנען אַלע גאָט צו דאַנקען אין בעסטן געזונט, גיב גאָט דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן אויף ווייטער נישט ערגער.

צווייטנס שרײַב איך דיר, בעלי היקר, מײַנע שונאים זאָלן אַזוי כוח האָבן צו לעבן, רבונו של עולם, ווי איך האָב כוח שוין צו שרײַבן דיר אַפילו אַ בריוול, אַז קוים, קוים וואָס איך פּלאָנטער מיט די פיס; ס'איז גאָר אַ בבֿרא, אַז איך וועל דאַרפן אַ „רעפּעראַציע", אַזוי זאָגט דער נײַער דאָקטאָר, געזאָגט זאָל אים ווערן צרות מיט פרעהס שלעק! ער מיינט, ער וועט בײַ מיר צאַפּן קערבלעך! און פון וואָס מיינסטו, איז דאָס מיר געקומען? נאָר פון גריזאָטע, נאָר פון האַרצווייטיק. ס'טײַטש איך שיק דיר אַרויס אויף הוצאות און זאָג דיר אָן, זאָלסט קומען אַהיים, נעמסטו און פאָרסט אַראָפּ קײַן יעהו־

פעץ — ביסטו נישט ווערט, מען זאָל דיך באַגראָבן אַ לעבעדיקן? היינט דער בזיון! די חרפה פאַר דער וועלט! ווי זאָגט די מאַמע: „שנייץ די נאָז, שמיר דאָס פּנים...״ מסחרים! געשעפטן! איך האָב אַלץ געמיינט, אַז דאָס שיינע „לאָנדאָן״ האָט שוין יאָ איינגענומען אַ מיתה משונה, וועל איך אויך שוין אויפגעריכט ווערן, און ער וועט קומען אַהיים כאָטש מיטן לעבן, דער זיסער ברוויטגעבער מײַנער, וואָס לאָזט זיך אויס דער סוף? אַ נייער חלום, אַ וויס־טער, אַ פינצטערער „יעהופּעץ״! „פּאַפּירלעך״! נאַ דיר אַזאַ משא ומתן! יידן זאָלן גאָר האַנדלען דער שוואַרץ יאָר ווייסט מיט וואָס, מיט שטיקלעך פּאַפּיר!... איך לייען דײַן בריוו, בעלי היקר, און קלער מיר בשעת מעשה: ליבער פאָטער, האַרציקער, געטרײַער! צי דו ביסט חלילה משוגע, צי איך בין נישט ביי אַלע געדאַנקען? עפּעס רעדסטו מיט מיר טאָטעריש: „פּאַפּיר־לעך״... „פּיטערבאַרג״... „קרעשטשאַטיק״... „פּאָרטפעל״... עפּעס אַ קליפּה, אַ נישט־גוטער האָט זיך אין אים אַרײַנגעכאַפּט, בײַטאָג איז ער אין יעהופּעץ און בײַנאַכט איז ער אין בויבעריק מיט די מאַנסבילן און מיט די ווייבער אינאיינעם... וואָס טוסטו בײַנאַכט אין בויבעריק? וואָס טראַכסטו זיך? ממה נפשך, ווילסט מיך נישט, קום צופאָרן און גט מיך אָפּ; אלא נישט, פאָר שוין בעסער אַוועק צו אַלדע שוואַרצע יאָר קיין אַמעריקע, ווי יאָסל לייב־אַהרנס, און לאָם איך כאָטש נישט וויסן ווו דײַן געביין איז אַהינגעקומען, אויב ס'איז מיר שוין יאָ באַשערט צו בלײַבן אַן אייביקע עגונה מיט קליינע קינדער פּיס־קליאַטעס! נאָר אַזוי לאַנג קרענקען מײַנע שונאים, דײַן טרפהנע הצלחה וואָס איך קען אַצינד צו דיר נישט פאָרן; איך בין מ'שטיינס געזאָגט, אַזוי גע־שטראָפט, אַז איך מוז גאָר ליגן צו בעט, ווי זאָגט די מאַמע מײַנע זאָל געזונט זיין: „אַז מען האָט נישט קיין פינגער, קען מען קיין פײַג נישט שטעלן״ אַ ניט וואָלט איך באַלד נאָך דײַן שיינעם בריוו אַראָפּגעפאָרן צו דיר קיין יעהופּעץ און וואָלט דיך שוין אַראָפּגעבראַכט אַהיים; איך וואָלט דיר געוויזן, אַז אַ ווײַב איז אַ ווײַב. אַי, וואָס, איך כאַפּ זיך אַרויס אַמאָל מיט אַ האַרב וואָרט? איז דאָס נאָר מחמת גריזאָטע און נישט אויף לאַנג. ווי זאָגט די מאַמע: „אַ שוועבעלע צינדט זיך גיך אָן און ווערט באַלד פאַר־לאָשן״, ווי עס ווינטשט דיר דײַן באמת געטרײַע פרוי

שיינה־שיינדל.

עזריאל נאַקס

## מנחם־מענדל דער לופטמענטש

מנחם־מענדל, דער לופטמענטש, דער פאַרמיטלער, דער צעפלויגענער מאַניפּולאַטאָר פון אַקציעס, אָבליגאַציעס, קאָנטראַקטן, וואָס אָט־אָט מאַכט

ער איבער נאַכט פאַרמעגנס אויף דער בערזע דורך אַ גליקלעכן צופאַל — דער דאָזיקער מנחם־מענדל האָט נישט קיין גלייַכן צו זיך אין דער ליטעראַטור. ער איז נישט קיין דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ־פּאַנטשאָ צוזאַמענגענומען; ער איז נישט קיין אַמאָראַלישער דרייקאָפּ און אַוואַנטוריסט פאַר פערזענלעכע צוועקן. אויך ער איז אַ פּראָדוקט פון יידישער געשיכטע, פון אירע אינעווייניקסטע סתירות — סתירות צווישן דער גרויסער הבטחה (דער אתה בחרתנו) און דער אָרעמקייט ווירקלעכקייט (פון רעכטלאָזיקייט). וואָס דען האָט געזאָלט מנחם־מענדל טאָן מיט זייַנע פּלענער און חלומות, מיט זייַן ענערגיע און וויטאַליטעט אין די ענגע ד׳ אמות פון כתרילעווקע?

די בריוו פון מנחם־מענדל צו זייַן ווייַב שיינע־שיינדל זייַנען אָן שום ספק קאָמיש, אָבער זייער אינערלעכער מהות, זייער הינטערגרונט איז טראַגיש און עלעגיש. וואָס קען זייַן מער טראַגיש און ווייטיקדיק, ווי ווען אַ מענטשנס גייַסט גייט לאיבוד צוליב באַדינגונגען, וועלכע ער האָט אַליין נישט געשאַפן און וואָס זייַנען אַרויסגעוואַקסן פון דרויסן? אָבער אין די בריוו קען מען אויך דערשפּירן אַ טאָן פון טריומף, דאָרט איז פאַראַן אַ קלאַנג פון נצחון. מנחם־מענדלס פאַנטאַזיע שטייַגט ווייַט איבער זייַנע מעגלעכקייטן; און ער איז דער האַר פון אַלע די, וואָס ווילן נישט בלייַבן שטענדיק אויפן סאַמע דעק, אין זומפּ; וואָס ווילן שטייַגן און שוועבן צו להכעיס אַלץ און אַלעמען.

שלום עליכם

# קוואַס

**(פון בוך „מאָטל פּייסי דעם חזנס")**

### א.

פאַר איין רובל — הונדערט רובל! הונדערט רובל אַ מאָנאַט און מער קען פאַרדינען יעדער איינציקער, ווער עס וועט זיך באַקענען מיט אונדזער בוך, וואָס קאָסט אינגאַנצן איין רובל מיט פּאָרטאָ. לויפט, קויפט! סטאַפּט, כאַפּט — איר וועט פאַרשפּעטיקן!

אָט אַזאַ מין זאַך האָט אויסגעלייענט ערגעץ אויף די בלעטער מייַן ברודער אליהו. באַלד ווי ער האָט נאָר זיך דערוווּסט, אַז ס׳איז דאָ אַזאַ בוך אויף דער וועלט, אַזוי האָט ער אָוועקגעשיקט אויף דער פּאָסט אַ קערבל (דאָס לעצטע קערבל) און האָט אָנגעזאָגט דער מאַמען זי זאָל נישט זאָרגן מער.

— מאַמע! דאַנקען גאָט, מיר זייַנען געהאָלפן.

— וואָס איז דען? — פרעגט די מאַמע. — האָסט געקריגן אַ שטעלע?

— נאָך בעסער פון אַ שטעלע, — ענטפערט איר מײַן ברודער אליהו, און די אויגן בײַ אים לײַכטן, אַ פּנים פון גרויס שמחה, ער הייסט איר וואַרטן נאָך עטלעכע טעג, ביז דאָס בוך וועט אים אָנקומען.

ב.

שאַט, שוין דאָ דאָס בוך! מיר האָבן דאָס נאָר אויסגעפּאַקט, האָט מײַן ברודער אליהו זיך אַוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. ווײ־ווײ, וואָס ער האָט דאָרט אויסגעלייענט! אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ חודש דורך מאַכן די בעסטע טינטן. אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ חודש דורך מאַכן גוטע שוואַרצע שוכוואַקס. אַ רעצעפּט אויף צו פאַרדינען הונדערט רובל אַ חודש דורך אַרויסטרייבן מײַז. אַ רעצעפּט אויף צו פאַר־דינען הונדערט רובל אַ חודש און מער דורך מאַכן ליקערן, זיסע בראָנפנס, לימאָנאַד, סאָדע־וואַסער, קוואַס און אַנדערע נאָך מער ביליקע געטראַנקען.

מײַן ברודער אליהו האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפן לעצטן רעצעפּט, אויף קוואַס! קוואַס איז אַזאַ מין געטראַנק, וואָס קאָסט וואָלוול און עס גייט אַ סך, בפרט נאָך אין אַזאַ הייסן זומער ווי הײַנט.

מײַן ברודער אליהו לאָזט קיינעם נישט צו, בשעת ער מאַכט קוואַס. אַז ער גיסט וואַסער, זעען אַלע. נאָר אַז ער האַלט אין רעכטן מאַכן, פאַרשליסט ער זיך אין דער מאַמעס אַלקער. נישט איך, נישט די מאַמע, קיינער טאָר נישט זײַן דערבײַ. נאָר אויב איר זאָגט מיר צו, אַז ס'וועט זײַן אַ סוד, קען איך אײַך זאָגן, וואָס אין דעם געטראַנק געפינט זיך. איך ווייס דאָך, וואָס ער גרייט צו. דאָרטן געפינט זיך שאָלעכץ פון לימענע, שיטערע האָניק, און דאָס איבעריקע — וואַסער. וואַסער איז דאָרטן דאָ מער פון אַלצדינג. וואָס מער וואַסער — מער קוואַס. דאָס אַלץ ווערט גוט אויסגעמישט מיט אַ שטעקן (אַזוי שטייט געשריבן אין בוך), און דאָס געטראַנק איז פאַרטיק. נאָכדעם ווערט עס אַריינגעגאָסן אין אַ גרויסן קרוג און מען וואַרפט אַריין אַ שטיק אײַז. אָן אײַז טויג דאָס גאַנצע געטראַנק נישט! דאָס זאָג איך אײַך נישט פון בוך, נאָר איך האָב איינמאָל אַליין פאַרזוכט אַ ביסל קוואַס אָן אײַז, האָב איך געמיינט, אַז ס'איז אַן עק פון מײַן לעבן!

ג.

געמאַכט דאָס ערשטע פעסל קוואַס, איז געבליבן, אַז אַרויסטראָגן פאַר־קויפן אויף דער גאַס זאָל איך. ווער דען, אַז נישט איך? מײַן ברודער אליהון פאַסט נישט. דער מאַמען — אוודאי נישט! מיר וועלן גאָרנישט דערלאָזן, אַז די מאַמע זאָל אַרויסגיין מיט אַ קרוג איבערן מאַרק און שרײַען: „קוואַס! קוואַס! ייִדן קוואַס!“ איז געבליבן, אַז דאָס דאַרף זײַן מײַן אַרבעט. איך אַליין

האָב אויך אַזוי געדעכנט. איך האָב זיך מחיה געווען, אַז איך האָב דערהערט די נײַעס. מײַן ברודער אליהו האָט גענומען מיך לערנען, ווי אַזוי איך זאָל טאָן. דעם קרוג זאָל איך האַלטן אין איין האַנט, און כדי דער עולם זאָל זיך אָפּשטעלן, זאָל איך זינגען הויך, און מיט אַ ניגון אָט אַזוי:

יידן, אַ געטראַנק!
אַ קאָפּיקע, אַ גלאָז!
קאַלט און זים —
אַ דערקוויקעניש!...

אַ קול האָב איך אַ שיינס, אַ סאָפּראַנאָ שטים. האָב איך געגעבן אַ זינג אויס אויף אַ קול און האָב איבערגעדרייט אַלץ מיט די פיס אַרויף:

זיסער קוואַס אַ גלאָז!
אַ קאָפּיקע אַ ייד!
אַ קוויק און אַ קאַלט —
אַ דערטרינקעניש!...

איך ווייס נישט: צי מײַן געזאַנג איז אַזוי געפעלן געוואָרן? צי דאָס געטראַנק איז טאַקע געווען אַזוי גוט? צי אפשר, ווייל דער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער? איך האָב דעם ערשטן קרוג אויספאַרקויפט אין אַ האַלבער שעה.

מײַן ברודער אליהו האָט אָפּגעגעבן דאָס געלט דער מאַמען, און מיר האָט ער באַלד אָנגעגאָסן אַ פרישן קרוג. ער האָט געזאָגט, אַז אויב איך וועל מיך קענען אַרויסדרייען אַזוי פינף־זעקס מאָל דורכן טאָג, וועלן מיר האָבן פאַרדינט פונקט הונדערט רובל אַ חודש. דאָס געטראַנק קאָסט אונדז זייער וואָלוול, מען קען זאָגן כמעט גאָרנישט. דאָס גאַנצע געלט גייט אַוועק אויפן איַיז.

נאָך מיר לויפן נאָך יינגלעך, זיי קרימען מיך איבער ווי איך זינג. איך הער זיי אָבער ווי דעם קאָטער. איך זע וואָס גיכער צו פאַרקויפן דעם קרוג און לויפן אַהיים נעמען נאָך אַ קרוג. וויפל איך האָב געמאַכט דעם ערשטן טאָג, ווייס איך נישט, איך ווייס נאָר, אַז מיין ברודער אליהו מיט מיין מאַמען האָבן מיך שטאַרק געלויבט.

פאַרן שלאָף בעט מיך אויס די מאַמע אויף דער ערד און פרעגט מיך, צי עס טוען מיר נישט וויי, חלילה, די פיס. מיין ברודער אליהו לאַכט פון איר. ער זאָגט אויף מיר, אַז איך בין אַזאַ יינגל, וואָס מיר טוט קיינמאָל נישט וויי קײַן זאַך.

— געוויס! — זאָגט איך — אַ סימן, אויב איר ווילט, גיי איך באַלד מיטן קרוג אין מיטן האַלבער נאַכט.

אַלע דריי צעלאָכן זיך. נאָר אויף דער מאַמעס אויגן זע איך טרערן. נו, דאָס איז דאָך אַן אַלטער כלל — אַ מאַמע דאַרף וויינען! איך וואָלט וועלן וויסן: אַלע מאַמעס וויינען אַזוי שטאַרק ווי מײַן מאַמע?

ד.

עס גייט אונדז קיין עין־הרע דורך טיר און דורך טויער. איין טאָג איז הייסער פונעם אַנדערן. עס ברענט! מענטשן גייען אַרום פאַר היץ, קינדער פאַלן אַזוי ווי פליגן. ווען נישט דאָס גלעזעלע קוואַס, וואָלט מען פאַרברענט געוואָרן. איך קער מיך אום מיטן קרוג אפשר צען מאָל אַ טאָג!

מיין ברודער אליהו קוקט אַרײַן אין פּאַס אַרײַן מיט איין אויג און זאָגט, אַז עס טאָגט שוין. פאַלט ער אויף אַן עצה און גיסט צו נאָך אַ פּאָר עמער וואַסער. אויף דער עצה בין איך געפאַלן פריִער פאַר אים. איך מוז זיך מודה זיין פאַר אײַך, אַז איך האָב אָפּגעטאָן אַ שפּיצל שוין עטלעכע מאָל.

כמעט אַלע טאָג כאַפּ איך זיך אַריין צו אונדזער שכנה פעסע און גיב איר פאַרזוכן אַ גלעזל פון אונדזער אייגענעם געטראַנק. איר מאַן, משה דעם אײַנבינדער, גיב איך צוויי גלעזלעך: ער איז אַ גוטער מענטש. די קינדער אַלע גיב איך אויך צו גלעזלעך קוואַס. לאָזן זיי אויך וויסן וואָס פאַר אַ געטראַנק מיר קענען מאַכן. אַלע מײַנע באַקאַנטע גיב איך קוואַס אומזיסט, אָן אַ קאָפּיקע געלט. און כדי ס'זאָל נישט זײַן קיין שאָדן, דערגיס איך דעם קרוג מיט וואַסער. אויף איטלעכס גלעזל קוואַס, וואָס איך גיב אַוועק אומזיסט, דערגיס איך צוויי גלעזלעך וואַסער.

דאָס אייגענע טוט מען אין דער היים אויך. למשל, מיין ברודער אליהו טרינקט אוים אַ גלעזל קוואַס, דערגיסט ער באַלד מיט וואַסער. די מאַמע פאַרזוכט אַמאָל אַ גלעזל קוואַס (זי דאַרף מען בעטן, אַליין וועט זי נישט נעמען!), דערגיסט מען באַלד מיט וואַסער. עס גייט נישט פאַרלוירן קיין טראָפּן! און מיר מאַכן קיין עין־הרע פײַן געלט. די מאַמע האָט זיך אַרומגעצאָלט מיט אַ סך חובות. אין שטוב האָט זיך באַוויזן אַ טישל, אַ בענקל, אויף שבת האָבן מיר פיש און פלייש און וויסע קוילעטשן. מיר האָט מען צוגעזאָגט אויף ימים־טובים אַ פּאָר שטיוועלעך נײַע. מיר דאַכט, אַז קיינעם איז נישט אַזוי גוט ווי מיר!

ה.

גייט זייט אַ נביא און טרעפט, אַז ס'וועט זיך טרעפן אַזאַ מין אומגליק און אונדזער געטראַנק וועט מער נישט טויגן. נאָך אַ גליק, וואָס מען האָט מיך נישט פאַרנומען אין פּאָליציי. הערט אַ מעשה! איינמאָל האָב איך פאַרבלאָנדזשעט מיטן קרוג קוואַס צו אונדזער שכנה פעסע. דער גאַנצער עולם האָט גענומען צו גלעזלעך קוואַס און איך אַליין אויך מיט זיי. אויסגערעכנט,

אַז עס פעלט מיר אַ גלעזלעך צוועלף, דרייצן געטראַנק, האָב איך מיך אַרײַנ־געכאַפּט אין הויז, דאָרט ווו דאָס וואַסער שטייט בײַ זיי. נאָר אָנשטאָט דעם פּאַס מיט וואַסער האָב איך אַפּנים געטראָפן צו דער באַליע ווו מען וואַשט גרעט, און האָב אַרײַנגעגאָסן אַ פופצן־צוואַנציק גלעזער צו מיר אין קרוג אַרײַן און בין אַוועק אין גאַס אַרײַן מיט אַ נײַעם ניגון, וואָס איך אַליין האָב צוגעטראַכט:

יידן, אַ געטראַנק!
טעם גן־עדן!
אַזאַ יאָר אויף מיר,
אויף אייך און אויף אונדז בײדן!

שטעלט מיך אָפּ אַ ייד, באַצאָלט מיר אַ קאָפּיקע און ער הייסט זיך אָנ־גיסן אַ גלעזל קוואַס. ער טרינקט אויס די גאַנצע גלאָז און פאַרקרימט זיך.

— יינגעלע! וואָס איז דאָס בײַ דיר פאַר אַ געטראַנק?

עס שטייען נאָך צוויי יידן און וואַרטן, איך זאָל זיי שוין אָנגיסן. איינער זופּט אָפּ אַ האַלבע גלאָז, דער אַנדערע אַ דריטל. זיי באַצאָלן, שפּײַען אויס און גייען אַוועק. נאָך איינער טראָגט צו די גלאָז צו די ליפּן. ער פאַרזוכט און זאָגט, אַז עס שמעקט מיט זייף און ס'איז דאַכט זיך געזאַלצן. נאָך איי־נער טוט אַ קוק אויפן גלאָז און גיט מיר אָפּ צוריק מיט די ווערטער:

— וואָס איז דאָס בײַ דיר?

— אַ געטראַנק, — זאָג איך.

— אַ געטראַנק? — מאַכט ער צו מיר — אַ געשטאַנק, נישט קיין גע־טראַנק!...

איינער גייט צו, פאַרזוכט, און טוט אַ גאָס אויס די גלאָז גלײַך מיר אין פּנים אַרײַן. אין אַ מינוט אַרום שטייט אַרום מיר אַ גאַנץ רעדל מיט יידן, ווײַבער און קינדער. אַלע רעדן, מאַכן מיט די הענט, קאָכן זיך. דערזעט אַ פּאָליציסט, אַז מ'קלײַבט זיך, גייט ער צו און פרעגט, וואָס איז דאָ? דער־ציילט מען אים. גייט ער און קוקט אַריין צו מיר אין קרוג און הייסט זיך געבן פאַרזוכן. גיט איך אים אָן אַ גלעזל מיט קוואַס. דער פּאָליציסט טוט אַ טרונק און שפּײַט אויס און ווערט זייער בייז.

— ווו האָסטו גענומען אַזאַ געטראַנק? — פרעגט ער מיך.

— דאָס איז פון אַ בוך, — זאָג איך אים, — מײַן ברודערס מלאכה, מײַן ברודער אַליין מאַכט דאָס.

— ווער איז דײַן ברודער? — פרעגט ער מיך.

— מײַן ברודער אליהו, — זאָג איך אים.

— וואָסער אליהו? — פרעגט ער מיך.

— רעד נישט, דו נאַרישער יאָלד, אויף דײַן ברודער! — זאָגן צו מיר

עטלעכע ייִדן אַלע אויף אַמאָל. עס ווערט אַ טומל. אַלע מינוט קומען צו נײַע מענטשן. דער פּאָליציסט האַלט מיך פֿאַר אַ האַנט און וויל אונדז אָפּפֿירן (מיך מיטן געטראַנק) גלײַך אין פּאָליציי אַרײַן. דער טומל ווערט גרעסער: „אַ יתום! נעבעך, אַ יתום!“ — הער איך פֿון אַלע זײַטן. דאָס האַרץ זאָגט מיר, אַז איך האַלט שמאָל. איך קוק אויפֿן עולם וואָס אַרום מיר: „ייִדן, האָט רחמנות!“... מען וויל אַרײַנרוקן דעם פּאָליציסט אַ מטבע. ער נעמט נישט. רופֿט זיך אָפּ צו מיר איינער אַן אַלטער ייִד אַ ביסל פֿאַרשטעלט:

— מאָטל! רײַס אַרויס דײַן יד פֿון יוון, און הייב אויף די רגלים און מאַך פּליטה!

איך טו זיך אַ רײַס אַרויס, נעם די פֿיס אויף די פּלייצעס און מאַרש אַהיים! נישט טויט נישט לעבעדיק פֿאַל איך אַרײַן אין שטוב אַרײַן.

— ווו איז דער קרוג? — פֿרעגט מיך מײַן ברודער אליהו.

— אין פּאָליציי! — ענטפֿער איך אים און פֿאַל צו צו דער מאַמען מיט אַ געוויין...



# י. ל. פּרץ

יצחק-לייבוש פּרץ איז געבוירן געוואָרן אין זאַמאָשטש, פּוילן, דעם 18טן מאַי, 1852 און איז געשטאָרבן אין וואַרשע, דעם 3טן אַפּריל, 1915.

יצחק-לייבוש איז געווען דאָס עלטסטע קינד ביי זיינע עלטערן. זיין פאָטער יהודה איז געווען זייער אַ פרומער אָבער אַ היינטוועלטיקער. ער האָט געגעבן זיין גראָטן יינגל אַ טראַדיציאָנעלע דערציִונג און אויך אים געלערנט העברעיִש, דייטש און רוסיש.

ער האָט געלערנט ביי פאַרשיידענע מלמדים. גאָר יונג האָט ער אָנגעהויבן לערנען פאַר זיך. ער האָט זיך דעמאָלט פאַרטיפט אין דער העברעיִשער ליטעראַטור פון מיטלאַלטער און יִדישער פילאָזאָפיע. דורך אַ צופאַל האָט ער געקראָגן אַ צוטריט צו אַ רייַכער ביבליאָטעק און ער האָט זיך באַקאַנט מיט דער וועלט-ליטעראַטור.

ער איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, דאָרט האָט ער פאַרבראַכט צוויי יאָר און זיך פאַרנומען מיט געבן שטונדן אין העברעיִש.

ער קערט זיך אום קיין זאַמאָשטש. ער האָט געוואָלט גרינדן דאָרט אַ העברעיִשע שול, אָבער די פרומע האָבן נישט דערלאָזן. האָט ער באַשלאָסן צו ווערן אַ יוריסט; ער האַלט אויס דעם עקזאַמען און אין משך פון צען יאָר פראַקטיצירט ער אַדוואָקאַטור.

אין 1889 האָט ער צוליב אַ מסירה פאַרלוירן דאָס רעכט צו פראַקטיצירן אַדוואָקאַטור. ער האָט זיך איבערגעקליבן קיין וואַרשע. ער נעמט אָנטייל אין אַ סטאַטיסטישער עקספּעדיציע אויסצופאָרשן יִדישע פרנסות. ער האָט דעם מאַטעריאַל גענוצט אין זיין באַרימט געוואָרן בוך „בילדער פון אַ פּראָווינץ-רייַזע”. נאָך דער אַרבעט פון דער עקספּעדיציע האָט ער געקראָגן אַ שטעלע אין דער וואַרשעווער קהילה. די שטעלע האָט ער אָנגעהאַלטן ביז זיין טויט.

פרץ האָט אָנגעהויבן אין העברעיִש. ביסלעכווייַז איז ער אַריבער אויף יִדיש. ער האָט געשריבן פעליעטאָנען, וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען, לידער, דראַמעס און דערציילונגען. אין יִדיש זיינען זיינע שריפטן אָפּגעדרוקט אין אַכצן בענד.

זיין קבר געפינט זיך אויפן וואַרשעווער בית-עולם.

## י. ל. פּרצעס יוגנט אין זאַמאָשטש

דאָ האָט ער פאַרבראַכט זײַן קינדהייט און יוגנט, אויסערלעך אַזוי פּשוט־אידיליש און טראַדיציאָנעל, ווי פון אַ יעדער ייִדיש קינד אין יענער צײַט. געלערנט אין חדר בײַ פאַרשיידענע מלמדים אויפן אַלטן שטייגער; די היימישע דערציִונג פרום און גאָטפאָרכטיק, דער אַלטער וועג פון אבות אבותינו; געשמט פאַר אַן עילוי און, ווי עס געהערט פאַר אַזעלכן, מיט שגעונות, אַ קינד געווען מיט אַ הייסן טעמפּעראַמענט, מיט אויגן ווי „צוויי ברענענדיקע הבדלות", אַלערליי שפּיצלעך אָפּגעטאָן זײַנע מלמדים, מונטער געשטיפט און געלערנט גמרא, יורה דעה, חושן משפט, געטראָגן ייִדישלעך דעם יאָך פון דער תורה אָבער, ווי מען זעט פון זײַנע פריידיק־דערציילטע „זכרונות", האָט דער יאָך נישט אַזוי שווער־פאַנאַטיש געדריקט אויף אים, ווי אויף אַנדערע פון זײַן צײַט.

דער פרײַערער גײַסט פון זײַן שטעטל און זײַן טאַטע — דער מתנגד אין אַ חסידישער סביבה — זיי ביידע האָבן באַשטימט און געצייכנט זײַן זוײַטערן וועג.

דאָס שטעטל זאַמאָשטש, אָדער ווי פּרץ רופט עס אָן אין שפּאַס „קליין פּאַריז", איז אַ מתנגדישע, אין קרײַז פון די חסידישע שטעטלעך, געווען דאָס פרײַע און אויפגעקלערטע. זאַמאָשטש האָט שוין פריִער געשענקט דער ייִדישער וועלט עטלעכע משכּילים, ווי עטינגער, צעדערבוים, דער רעדאַקטאָר פון „המליץ" און ייִדישן „המבשר", א. א. דאָרט האָט מען נישט אַזוי גערודפט דעם משכּיל; אַ פרעמדע שפּראַך, אַ ביכל לעזן, בפרט אַ לשון־קודש־דיק ביכל, איז קײַן גרויסע עבירה נישט געווען. די גרויסע שלאַכט פון „ליכט און פינצטערניש" איז דאָרט נישט אַזוי פאַרביטערט־פאַנאַטיש געפירט געוואָרן ווי אין אַנדערע, דערבײַאיקע שטעטלעך.

זײַן טאַטע איז אין מיטן דער חסידיש־רבישער סביבה געווען פון די ווייניקע מתנגדים, אַ פרומער ייִד און אַ למדן. און ווי יעדער מתנגד, ווי פרום ער זאָל נישט זײַן, האָט ער אין זיך שוין עפּעס געהאַט, וואָס די אַרומיקע סביבה האָט באַטראַכט פאַר „געכאַפּט". פּרץ באַצייכנט אים אין שפּאַס פאַר „אַ ליבעראַל און אפשר אַן אַנאַרכיסט", ד. ה. געווען אַ ייִד מיט אַ ביסל אַ פרײַערן געמיט ווי אַנדערע, אַ ביסל שטײַפקייט געהאַט און אַ בעל־דעה. מיט שטאָלצער הנאה דערציילט פון אים פּרץ:

„אַז סע איז אַרוים אַ קלאַנג, אַז מען וועט נעמען צו מיליטער, און מען

האָט זיך אָנגעהויבן שרעקן, האָט ער געראָטן: „נישט שרעקן זיך און נישט גיין, קיינער זאָל נישט גיין!...״
— מען וועט שמײַסן!
— אַ וועלט שמײַסט מען נישט!
— שמידן אין קייטן!
— נישטאָ אַזוי פיל קייטן!
— אײַנזעצן אין תפיסה!
— אַכיבאַ די וועלט מאַכן פאַר אַ תפיסה!...

„און די דאָזיקע שטאָלצע ווערטער, — זאָגט פּרץ, — האָט ער זיין גאַנץ לעבן געדענקט.״

פּרץ איז פון די ווייניקע גליקלעכע פון יענער צײַט, וואָס דערמאָנט נישט זײַן קינדהייט מיט סאַרקאַזם און שפּאָט. זײַן קינדהייט איז לײַכט געווען, אפשר האָט זײַן לויטערע און לײַכטע נשמה דערצו פיל מיטגעווירקט. לײַכט־קייט — זי איז פּרצס מלאך־באַגלייטער געווען ביז צו דער עלטער. זײַן תוך, אַ לײַכטע נשמה, אַ לײַכטער בליק, אַ לײַכטע פעדער, אַ לײַכטער סטיל, אַלץ לײַכט און לויטער.

מ. זילבורג

## פּרצעס אומרויִקער גײַסט

שוין גאָר פרי, אַן ערך צו 14 יאָר, האָט אין פּרצן אויפגעוואַכט דער „אומרויִקער גײַסט״. די דיכטערישע נאַטור ווערט צײַטיק פאַר דער צײַט און עפנט זיך זייער פרי פאַר די רעגונגען פון דער פרײַער וועלט. פון טאַטנס צד איז קיין מניעה נישטאָ. די גוטע מאַמע, ווי דער שטייגער, גיט נאָך. פּרץ לייענט מיט נײַגעריקייט די אַלטע און נײַע העברעיִשע ליטעראַטור, השכלה־ליטעראַטור, לערנט רוסיש ביי אַ לערער. פאַלט אַרײַן צופעליק אין אַ ביב־ליאָטעק, ערגעץ אין גוייִשן פערטל. לייענט פויליש, דײַטש, אַלץ וואָס קומט אין דער האַנט אָן אַ סדר.

און פון דאַן אָן, אויפן גרענעץ פון דער יוגנט, הויבט זיך אָן פּרץ, פּרץ דער דיכטער, דער דיכטער פון גאָטס גענאָד.

## כאַראַקטער און סטיל

אויב זײַן טאַטע, דער מתנגד, און דער גײַסט פון שטעטל האָבן באַ־שטימט זײַן וועג, האָט אָבער זײַן כאַראַקטער געפורעמט דווקא יענע דאָמי־נירנדיקע סביבה פון זײַן קינדהייט, יענע גרונט־שטימונג פון זײַן צײַט: דער חסידיזם, יוחנן מלמדס אַ מעשהלע אין בית־המדרש אונטערן אויוון, דעם

רבינס אַריינפֿאָר אין אַ שטעטל האָט פּרצס פֿאַנטאַזיע, אָן ספֿק, שטאַרק באַ־איינפֿלוסט, שטאַרקער אפֿשר ווי די גאַנצע השׂכּלה־ליטעראַטור. פּרץ איז אין זײַן כאַראַקטער און סטיל שוין פֿון אָנפֿאַנג אימפּרעסיאָניסט, בעסער געזאָגט, חריף. ער האָט ליב נישט דאָס פּלאַסטיש־רעאַליסטיש בילד, נאָר די סקיצע, די אָנדייטונג, דעם רמז, דאָס פּינטעלע. פּרץ אַליין זאָגט: „דער עיקר צוזען מיך און נעמען מיך די דיאַלאָגן, — די „שטיקלעך מיט די פּאַסיקלעך" ווי עס האָט דעמאָלט אין דער יוגנט בײַ מיר געהייסן, ווו מענטשן ריידן. יעדעס פּאַסיקל האָט מיר אויסגעזען, ווי אַ שפּעלטל אין מענטשלעכער נשמה אַרײַן. די ליבע צום דיאַלאָג, צום מאָלן מיט דער שפּראַך, איז געבליבן. רעכט אַ מעשׂה דערציילן, האָב איך מיך קיינמאָל נישט אויסגעלערנט.

## זיין „אני מאמין"

„מיין פֿאָלק!

גיי! אַלץ ווײַטער און ווײַטער גיי! מיט אַלע באַפֿרײַער, מיט אַלע צו־קונפֿט־קעמפֿער, מיט אַלע סדום־איבערקערער... נאָר בלײַבן שטיין מיט זיי, קענסטו נישט... די ערד וועט ברענען אונטער דיר!

דו גיי און בלוטיק ווייטער!

דו ביסט דער שוואַכסטער און דער מינדסטער און וועסט אויסגעלייזט ווערן ערשט צום לעצט...

מיט מײַן פֿאָלק גיי איך, פֿון גלאַנץ פֿון זײַן פֿאָן פֿלאַמט מײַן נשמה און איך רוף: ייִדן פֿון אַלע לענדער און פֿעלקער, פֿאַראייניקט אײַך!... לאַנג און געפֿערלעך איז דער וועג — האַלט אײַך צוזאַמען!...

**נחום סאָקאָלאָוו**

## דער גלאַנץ און פּראַכט פֿון י. ל. פּרצעס סטיל

עס איז אַ פֿאַקט, אַז איך בין געווען דער ערשטער פֿון די שרײַבער און רעדאַקטאָרן פֿון פֿאַריקן דור, וואָס האָבן אָנערקענט פּרצן. עס איז אמת, אַז פֿאַר מיר האָט עס געטאָן סמאָלענסקין, ווען ער האָט אָפּגעדרוקט אין „השחר" אַ פּאָר שירים פֿון פּרצן. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין אָנערקענונג, נאָר אַן איינפֿאַך אָננעמען אין דרוק. איך האָב נישט נאָר פֿאַרעפֿנטלעכט זײַנע זאַכן, נאָר איך האָב אים אויך געמוטיקט און אונטערגעיאָגט מיט אַלע מײַנע כּוחות און מיט אַלע מײַנע באַמיִונגען, ווײַל איך האָב אים זייער ליב געהאַט. איך האָב אים אַראָפּגעבראַכט קיין וואַרשע, באַמיִט זיך צו קריגן פֿאַר אים אַ פּאָסטן אין דער גמינע, געקעמפֿט מיט די אַסימילאַנטן וואָס האָבן אים

לכתחילה נישט געוואָלט, און געקעמפּט מיט אים זעלבסט, ער זאָל נישט אַוועקלייגן די פּעדער. אפשר האָב איך עס אַזוי געפילט, ווייל איך האָב פּרצן געקענט שוין פאַר אַ צייט, צי אפשר איז עס געווען דערפאַר, וואָס איך קען זייער גוט דאָס קליינע יידישע שטעטל פון פּוילן, ווייל עס לעבט נאָך אין מיר און האָט נישט אויפגעהערט צו געבן מיר איר זיסקייט. איך האָב דער־זען אין יענעם שיר, און אין די אַנדערע דיכטונגען פון פּרצן, וואָס איך האָב געדרוקט אין „האסיף״, דעם גאַנצן גלאַנץ און פּראַכט פון פּרצעס סטיל.

ש. ניגער

## פּרץ איז סטיליסטיש געווען מאָדערן

פּרץ איז סטיליסטיש געווען מאָדערן. דאָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ סך זאַכן, — פריער ווי אַלץ, אין דער קורצקייט, דער אימפּעטדיקייט און דער נערוועזיטעט פון זיין שטייגער שרייבן. ער האָט דער ערשטער פאַר־לוירן די געדולד צו אריכות, די געדולד, וואָס עס האָבן שרייבערס און לע־זערס, וועלכע איילן זיך נישט. אַזוינע קורצע, קאָנדענסירטע סקיצן, בילדער, בילדלעך און סצענעס, ווי די, וואָס פּרץ האָט פאַרעפנטלעכט אין שלום־עליכמס „יידישער פאָלקס-ביבליאָטעק״, אין זיין אייגענער „יידישער ביבליאָ־טעק״ און אין די „יום-טוב-בלעטלעך״ האָט ביי אונדז קיינער נישט גע־שריבן. פּרץ האָט אַריינגעבראַכט אימפּעט און איילקייט אין דער סטרוקטור פון דער יידישער דערציילונג, קורץ־אָטעמדיקייט, אָפּגעהאַקטקייט און אַפאָ־ריסטישקייט — אין דעם בוי פונעם יידישן זאַץ. די פאָרם האָט, אַזוי ווי דער אינהאַלט פון זיין שרייבן, געטראָגן אויף זיך דעם חותם פון זיין מאָדערנעם „גרויסשטעטישן״ איך.

י. ל. פּרץ

## דער תענית

אַ ווינטער־נאַכט. שרה זיצט ביים קאַגאַניק און שטאָפּט אַן אַלטן זאָק. די אַרבעט מיט געפרוירענע הענט גייט נישט זייער געשווינד. פאַר קעלט זיינען איר אויך ברוין און בלוי געוואָרן די ליפּן. אָפּט לייגט זי אַוועק די אַרבעט און צעלויפט זיך איבער דער שטוב צו דערוואַרעמען די געפרוי־רענע פיס.

אין אַ בעט, אויף אַ געלן שטרויזאַק, שלאָפן פיר קינדער: אין יעדער

זײַט צו צװײ קעפּ, איבערגעדעקט אין דער מיט מיט עטלעכע אַלטע קלײדער.

װאָס אַמאָל כאַפּט זיך אױף אַן אַנדער קינד, עס הײבט זיך אױף אַן אַנדער קעפּל און בעט: „עסן"!

— װאַרט, װאַרט, קינדערלעך, — טרײסט זײ שׂרה, — אָט באַלד װעט קומען דער טאַטע, ברענגען װעטשערע. איך װעל אײַך אַלע אױפװעקן!

— און װאַרמעס? — פרעגן די קינדער װײנענדיק. — מיר האָבן דאָך נאָך קײן װאַרמעס נישט געגעסן!

— װאַרמעס אױך!

זי גלױבט דאָך אַלײן נישט אין דעם װאָס זי זאָגט; זי זוכט מיט די אױגן אין אַלע זײַטן, טאָמער װעט זיך נאָך עפּעס געפינען צו פאַרזעצן... נישטאָ!

לײדיקע, נאַסע פיר װענט! אַ צעשפּאָלטענער אױװן! אַלץ איז נאַס און קאַלט! אױפן קױמען שטײען אַ פּאָר צעבראָכענע טעפּ. אױפן אױװן — אַן אַלטע אױסגעבױגן בלעכן חנוכּה־לעמפּל; אין דער הױך, אין באַלקן, שטעקט אַ נאָגל — אַ זכר פון אַ הענגלײַכטער, — צװײ לײדיקע בעטן אָן אַ קישן... גאַרנישט, גאַרנישט מער!

עס האָט לאַנג געדױערט, אײדער די קינדער זײַנען רעכט אײַנגעשלאָפן. שׂרה קוקט אױף זײ מיט האַרצװײטיק, מיט רחמנות טראָגט זי איבער די פאַרװײנטע אױגן צו דער טיר. זי האָט דערהערט טריט, שװערע טריט אױף די טרעפּ אין דער סוטערינע אַרײַן; קאַנען קלאַפּן — דאָ אין דער רעכטער, דאָ אין דער לינקער זײַט װאַנט. אַ שטראַל פון האָפענונג באַלײַכט איר אײַנגעשרומפן פּנים. זי קלאַפּט אַ פּאָר מאָל אַ פּוס אָן אַ פּוס, הײבט זיך שװער אױף און גײט צו צו דער טיר. זי עפנט; עס קומט אַרײַן אַ בלאַסער, אײַנגעבױגענער ייִד מיט לײדיקע קאַנען.

— נו? — פרעגט שׂרה שטיל.

ער שטעלט אַװעק די קאַנען, לײגט אָפּ די יאָך, זיפצט אָפּ און ענטפערט נאָך שטילער:

— גאַרנישט, גאַרנישט! מען האָט מיר אין ערגעץ נישט באַצאָלט... מאָרגן, זאָגט מען. יעדער זאָגט אַלץ — מאָרגן, איבערמאָרגן, ראש־חודש...

— די קינדער האָבן כמעט אין מויל נישט געהאַט. — מאַכט שׂרה. — כאָטש גוט — זײ שלאָפן... בידנע קינדער מײַנע! — זי קען זיך נישט אײַנהאַלטן און הײבט שטיל אָן צו װײנען.

— װאָס װײנסטו, נאַר? — פרעגט דער מאַן.

— אַך, מענדל, מענדל! די קינדער זײַנען אַזױ הונגעריק!

מיט גװאַלד װיל זי אײַנהאַלטן די טרערן.

— און װאָס װעט זײַן אונדזער סוף? — קלאָגט זי זיך. — מיט יעדן טאָג װערט ערגער!

—ערגער? נײן, שׂרה, זינדיק נישט מיט די רײד! פאַראַיאָרן איז ערגער

געוועז, ערגער! אויך אַן ברויט און דערצו נאָך אָן אַ דירה. די קינדער האָבן זיך בייטאָג געוואַלגערט אין גאַס, ביינאַכט — אין דעם הויף... היינט כאַטש אויף אַ שטרויזאַק, כאַטש אונטער אַ דאַך!

שרה האָט זיך שטאַרקער צעוויינט. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז דעמאָלט איז איר טאַקע אין מיטן גאַס אַ קינד אַוועקגעקומען. עס האָט זיך פאַרקילט, הייזעריק געוואָרן און איז געשטאָרבן.

„און געשטאָרבן ווי אין וואַלד... נישט געוועזן מיט וואָס צו ראַטעווען... אַזוי, אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט."

און ער טרייסט זי:

— וויין נישט, שרה, וויין נישט! האָב אויף דיר אַליין רחמנות, לאָז דיר נישט צו אַזוי צום האַרצן! זע, ווי דו זעסט אויס! היינט צען יאָר איז געוועזן אונדזער חופה... קוק אָן דיין פּנים — וויי און ווינד! דו ביסט דאָך געוועזן די שענסטע אין שטאָט!

— און דו? דו האָסט דאָך געהייסן, געדענקסט, מענדל גיבור... היינט ביסטו געבויגן אין דרייען, קראַנק... וויל דו האַלט פאַר מיר בסוד! —

— אַך, גאָט, גאָט! — רייסט זיך איר אַרויס אַ געשריי.

די קינדער כאַפּן זיך אויף און בעטן: „עסן, ברויט!"

— חלילה! ווער עסט היינט? — האָט זיך מענדל פּלוצלינג אָנגערופן.

די קינדער זעצן זיך אויף דערשראָקן.

— היינט איז אַ תענית. — זאָגט מענדל מיט אַ פינצטער פּנים.

עס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט, איידער די קינדער האָבן פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו זיי.

— וואָס פאַר אַ תענית? וואָס פאַר אַ תענית? — פרעגן זיי וויינענדיק.

און מענדל דערציילט זיי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אַז היינט נאָך ביי שחרית, צום לייענען איז אַראָפּגעפאַלן די ספר־תורה פון טיש.

— דעריבער — זאָגט ער — האָט מען אויף מאָרגן אויסגערופן אַ תענית, אַפילו פאַר זויגעדיקע קינדער!

די קינדער שוויגן, און ער פירט ווייטער:

— אַזאַ תענית, ווי יום־כיפור, ווי תשעה־באָב; פון היינט פאַרנאַכט אָן!

די פיר קינדער שפּרינגען פלינק אַרויס פון בעט און הויבן אָן באַרוועס, אין די צעריסענע העמדלעך, צו טאַנצן איבער דער שטוב און צו רופן:

— מיר וועלן פאַסטן! פאַסטן!

מענדל פאַרשטעלט מיט די פלייצעס דעם קאַגאַניק, זיי זאָלן נישט זען, ווי די מוטער גיסט מיט טרערן.

— נו, גענוג! — באַרויִקט ער די קינדער. — גענוג! אין אַ תענית טאָר מען נישט טאַנצן...

די קינדער גייען צוריק אין בעט אַריין. פאַרגעסן דעם הונגער.

אַ מיידעלע הייבט אָן זינגען „אבינו מלך”, „אויפן הויכן באַרג”... אַ קעלט לויפט מענדלען דורך אַלע גלידער.

— זינגען טאָר מען אויך נישט. — מאַכט ער מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע. די קינדער ווערן שטיל און שלאָפן איַין, מיד פון טאַנצן און זינגען.

י. ל. פּרץ

## מיין נישט...

מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע — באַשאַפן
זיך מאַכן אַ וועג מיט פויסטן און נעגל
צום שענק־פאַס, און פרעסן און זויפן, ווען אַנדערע
קוקן פון וויַיטן מיט גלעזערנע אויגן,
פאַרחלשטע שלינגען דאָס שפּיַיעכץ און ציִען
צוזאַמען דעם מאָגן, וואָס וואַרפט זיך אין קרעמפן —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע!

מיין נישט, די וועלט איז אַ הפקר — באַשאַפן
פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל;
דער הימל —אַ פאָרהאַנג, אַז גאָט זאָל נישט זען;
דער נעפּל — מען זאָל אויף די הענט דיר נישט קוקן;
דער ווינט — צו פאַרשטיקן די ווילדע געשרייען;
די ערד — איַינזאַפּן דאָס בלוט פון קרבנות —
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ הפקר!

די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בעריזע, קיין הפקר!
געמאָסטן ווערט אַלץ, געוווינגן וועט אַלץ!
קיַין טרער און קיַין איין בלוטיקער טראָפּן פאַרגייען.
אומזיסט ווערט קיין פונק פון קיין אויג נישט פאַרלאָשן!
פון טרערן ווערט טיַיכן, פון טיַיכן ווערט ימים,
פון ימים — אַ מבול, פון פונקען — אַ דונער —
אָ, מיין נישט לית דין ולית דיין.

י. ל. פּרץ

## טרייסט

טרייסט מיַין פאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
שטאַרקט דאָס האַרץ, מאַכט פעסט דעם גיַיסט.

זײַט נישט דער ווינט, וואָס לעשט די פלאַם,
נאָר בלאָזט זי אויף, ווײַל נאַכט איז סם!
נאָר בוימל גיסט און פוצט די קנויט,
ווײַל נאַכט איז גיפט און שלאָף איז טויט!

טרייסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרייסט!
מאַכט פעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גײַסט, —
עס האָט געלײַכט שוין נישט איין נאַכט,
עס האָט געזיגט שוין נישט איין שלאַכט,
און נישט געלאָזט די פאָן פון האַנט!
עס שטייט — אַן אײַזן־פעסטע וואַנט
אין וויסטן, ווילד־פאַרקאָכטן ים.

אָ, שטאַרקט דאָס פאָלק! בלאָזט אויף די פלאַם!
אָ, שטאַרקט דאָס פאָלק! נישט אָפּגעשלאפט!
זאָל שפּריצן העל די לעבנסקראַפט
אַלס פײַערדיקע זײַל בײַנאַכט — — —

עס זינקט די נאַכט, דער טאָג דערוואַכט!
און שיקט די שטראַל — אַ גאָלדענע פײַל —
אַלס גרוס דער פײַערדיקער זײַל! —
אָ, טרייסט מײַן פאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
מאַכט פעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גײַסט!

י. ל. פּרץ

## דרײַ מתנות

### 1. — דאָס זעקעלע ערד

פון אַ הויך פענצטער שלאָגט אַ פלאַם...

גזלנים זײַנען אַ ייִדן באַפאַלן, גזלנים מיט מאַסקעס אויף די פנימער. איינער האַלט אַ ברענענדיקן שטורקאַץ אין דער האַנט און לײַכט; אַ צווייטער שטייט בײַם ייִדנס ברוסט מיט אַ בליצנדיק מעסער און חזרט אים אַלץ אינאיינעם איבער: „ריִרסטו זיך, ייִדעלע, איז דײַן סוף! גייט דיר די שפּיץ פון מעסער פון יענער זײַט רוקן אַרויס"!... און די רעשט עפנט קאַסטן און שרענק און רויבט.

און דער ייִד שטייט בײַם מעסער און קוקט געלאַסן צו... קיין ברעם איבער זײַנע קלאָרע אויגן, קיין האָר פון דער ווײַסער באָרד ביז צו די לענדן

— רירט זיך נישט... נישט זײַן זאַך... „גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט גענו־
מען, — טראַכט ער, — געלויבט איז זײַן הײליקער נאָמען!" „מיט דעם
ווערט מען נישט געבוירן און דאָס גיט מען נישט מיט אין קבר אַרײַן". —
שעפּטשען זײַנע בלאַסע ליפּן.

און ער קוקט גאַנץ רויִק צו, ווי מען עפֿנט די לעצטע שופֿלאַד פֿון דער
לעצטער קאָמאָדע און ווי מען שלעפּט אַרויס זעקלעך מיט גאָלד און זילבער,
זעקלעך מיט צירונג און אַלערליי טײַערע כלים, — און ער שווײַגט...

און אפשר איז ער זיי גאָר מפֿקיר!

נאָר פּלוצלינג, אַז די גזלנים טרעפֿן צום לעצטן באַהעלטעניש און ציִען
אַרויס אַ קליין זעקעלע, דאָס לעצטע, דאָס באַהאַלטנסטע, — פֿאַרגעסט ער
זיך, ציטערט ער אויף, צעפֿלאַמען זיך אים די אויגן, ציִט ער אויס צום ווערן
די רעכטע האַנט, וויל ער אַ געשריי טאָן:

„ריר נישט!"

נאָר אויפֿן אָרט פֿון אַ געשריי שפּריצט אַרויס אַ רויטער שטראַל פֿון
רויכערדיק בלוט. — דאָס מעסער האָט זײַנס געטאָן... עס איז דאָס בלוט פֿון
האַרץ און שפּריצט אויפֿן זעקל אַרויף!

ער פֿאַלט און געשווינד רײַסן די גזלנים אויף דאָס זעקל — דאָ וועט
זײַן דאָס בעסטע, דאָס טײַערסטע!

זיי האָבן אָבער אַ ביטערן טעות געהאַט; אומזיסט בלוט פֿאַרגאָסן: נישט
קיין זילבער, נישט קיין גאָלד און נישט קיין צירונג איז אין זעקל געווען;
גאָרנישט פֿון דעם, וואָס איז טײַער און האָט אַ ווערט אויף דער דאָזיקער
וועלט! עס איז געווען אַביסל ערד, ארץ־ישראל־ערד אין קבר אַרײַן, און דאָס
האָט דער ייִד געוואָלט ראַטעווען פֿון פֿרעמדע הענט און אויגן און מיט זײַן
בלוט באַשפּריצט...

## 2. — שפּילקעס

עס הערן זיך קולות פֿון טראָמפּייטן און הערנער...

אַ דײַטשע שטאָט (פֿאַרשטייט זיך, אַ פֿאַרצײַטישע); אַלערליי אויסגע־
בויגענע דעכער רינגלען אַרום דעם פּלאַץ פֿאַרן מאַגיסטראַט*. און פֿול מיט
פֿאַרשיידנפֿאַרביק־געקליידטע מענטשן איז דער פּלאַץ; פֿול קעפּ אין די פֿענצ־
טער; מענטשן ליגן אויף די דעכער אַרום, טייל זיצן רײַטנדיק אויף די באַלקן,
וואָס שטאַרן אַרויס בײַ די ווענט אונטער די דעכער, פֿול געפּראָפּט זײַנען
די באַלקאָנען...

פֿאַרן מאַגיסטראַט שטייט אַ טיש, געדעקט מיט אַ גרין טוך מיט גאָל־
דענע פֿראַנדזן און טראָדלען. בײַם טיש זיצן די הערן פֿון מאַגיסטראַט, אין

* מאַגיסטראַט — מוניציפּאַליטעט.

סאַמעטענע קליידער אויף גאָלדענע האַקלען, אין סויבלנע היטלען מיט ווײַסע פּעדערן אויף בריליאַנטענע קנעפּ; אויבנאָן זיצט דער פּרעזידענט אַליין. אַ פּרעסיקער אַדלער ווייעט אים איבערן קאָפּ...

אָן אַ זײַט שטייט געבונדן אַ ייִדיש מיידל. נישט ווייט האַלטן צען קנעכט אַ ווילד פערד, און דער פּרעזידענט הייבט זיך אויף און לייענט פאַרן ייִדישן מיידל אַ פּסק פון אַ פּאַפּיר. און ער ווענדט זיך מיטן פּנים צום מאַרק:

„אָט די ייִדין דאָ, די ייִדישע טאָכטער, האָט אַ שווער זינד באַגאַנגען; אַ שווערע זינד, וואָס גאָט אַליין, ווי גרויס זײַן באַרמהאַרציקייט זאָל נישט זײַן, וואָלט איר נישט געקענט מוחל זײַן...

„זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון געטאָ און איז אַרומגעגאַנגען, אין אונדזער הייליקן לעצטן יום-טוב, אויף אונדזערע ריינע גאַסן...

„און זי האָט באַפלעקט מיט אירע אומפאַרשעמטע אויגן אונדזער הייליקע פּראָצעסיע; אונדזערע הייליקע בילדער, וואָס מיר האָבן מיט לויב-געזאַנג און קעסל-פּויקן איבער די גאַסן געטראָגן.

„מיט אירע פאַרשאָלטענע אויערן האָט זי אײַנגעזאַפּט דאָס געזאַנג פון אונדזערע ווײַס-געקליידטע, אומשולדיקע קינדער און דאָס קלאַפּן פון די הייליקע פּויקן... און ווער ווייס, צי האָט דער טײַוול, דער אומריינער טײַוול, וואָס האָט זיך גענומען די געשטאַלט פון דער ייִדישער טאָכטער, פון פאַרשאָלטענעם רבס טאָכטער, זיך נישט צוגערירט און נישט באַפלעקט אונדזערע ריינקייטן?

„וואָס האָט ער געוואָלט, דער טײַוול אין דער שיינער געשטאַלט? וואָרים לייקענען קען איך נישט — שיין איז זי, שיין, ווי נאָר אַ טײַוול קען זיך מאַכן. — זעט די חוצפּה-שטראַלנדיקע אויגן פון אונטער די צנועהדיק אַראָפּגעלאָזטע זיידענע ברעמען, זעט דאָס אַלבאַסטער פּנים, וואָס איז אין דער לאַנגער תּפיסה נאָך בלאַסער, אָבער נישט טונקעלער געוואָרן! זעט אירע פינגער, אירע שמאָלע, לאַנגע פינגער פון די הענט; די זון לויכט דורך זיי אַדורך!...

„און וואָס האָט ער געוואָלט, דער טײַוול? אָפּרײַסן אַ נשמה פון דבקות אין דער פּראָצעסיע... און עס איז אים געראָטן:

„— זעט דאָס שיינע מיידל! — האָט אויסגערופן אונדזערע אַ ריטער פון איינער פון אונדזערע שענסטע משפּחות...

„און דאָס איז שוין געווען איבער דער מאָס: האַלעבאַרדניקעס האָבן זי באַמערקט און געכאַפּט, — ער האָט זיך אַפילו נישט געווערט, דער טײַוול, — וואָרום ווי אַזוי? ריין זײַנען זיי דעמאָלט געווען, אָפּגעריייניקט פון אַלע זינד, האָט ער אויף זיי קיין שליטה נישט געהאַט.

„און דאָס איז דעם טײַוולס, אין געשטאַלט פון דעם ייִדישן מיידל, פּסק:

„צובינדן זאָל מען זי בײַ די האָר, בײַ די לאַנגע טײַוולאָנישע צעפּ, צום ווײדל פון אַט דעם ווילדן פערד...

„זאָל ער לויפן און שלעפּן זי ווי אַ „הרוג" איבער די גאַסן, וואָס אירע פּיס האָבן געטראָטן קעגן אונדזער הייליקן געזעץ...

„זאָל איר בלוט באַשפּריצן און אָפּוואַשן די שטיינער, וואָס זי האָט פאַר־אומרייניקט מיט אירע פּיס!"

אַ ווילד פרייד־געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלע מײַלער אַרום; און אַז די פּאַליע פון די ווילדע געשרייען איז אַריבער, פרעגט מען די פאַר־משפּטע צום טויט, אויב זי האָט זיך נישט עפּעס וואָס צום לעצטן מאָל צו ווינטשן.

— איך האָב, — ענטפערט זי געלאַסן, — עטלעכע שפּילקעס בעט איך!

— זי איז דול פאַר שרעק! — מיינען די הערן פון מאַגיסטראַט.

— ניין! — ענטפערט זי רויִק און קאַלט. — דאָס איז מײַן לעצטער ווילן און פאַרלאַנג.

מען האָט עס איר צוליב געטאָן...

— און אַצינד, — קאָמאַנדירט דער פּרעזידענט, — בינדט צו!

עס גייען צו האַלעבאַרדניקעס און בינדן צו מיט ציטערדיקע הענט דעם רבס טאָכטערס שוואַרצע לאַנגע צעפּ צום ווײדל פון ווילדן פערד, וואָס מען קען שוין קוים דערהאַלטן...

— מאַכט אַ וואַרע! — קאָמאַנדירט ווײַטער דער פּרעזידענט צום עולם אויפן פּלאַץ. און עס ווערט אַ גערודער. דער עולם שטעלט זיך און דרינגט זיך צו צו די ווענט פון די הײַזער, און אַלע הייבן אויף די הענט, ווער מיט אַ בײַטש, ווער מיט אַ שפּיצרוט, ווער מיט אַ טוך אין דער האַנט, און אַלע זײַנען גרייט צו יאָגן דאָס ווילדע פערד. יעדערנס אָטעם איז געשטיקט, אַלע פּנימער פלאַמען, אַלע אויגן בליצן, און אין גערודער באַמערקט נישט קיינער, ווי די פאַרמשפּטע בויגט זיך שטיל אַראָפּ און שפּיליעט זיך צו די זוים פונעם קלייד צו די פּיס און שטעקט טיף, טיף אַריין די שפּילקעס זיך אין לייב — עס זאָל איר לייב נישט אַנטפּלעקט ווערן, ווען דאָס פערד וועט זי שלעפּן אין די גאַסן...

— לאָזט דאָס פערד! — קאָמאַנדירט דערווײַל ווײַטער דער פּרעזידענט.

און די קנעכט זײַנען דערפון אָפּגעשפּרונגען, און מיטאַמאָל האָט עס זיך אויסגעריסן. און אויסגעריסן האָט זיך אויך אַ געשריי פון אַלע מײַלער. און עס ווייען און פײַפן אין דער לופט אַלע בײַטשן, שפּיצרוטן און טיכער. און ווילד־דערשראָקן יאָגט דאָס פערד איבערן מאַרק, איבער גאַסן און הינטער־גאַסן אַרויס, אַרויס פון שטאָט...

## 3. — די יאַרמולקע

אַ פּלאַץ פּאַר אַ תפיסה. אויף די אײַזערנע גראַטעס אין די קלײנע פענצ־טערלעך ציִען זיך שפּילנדיק די שטראַלן פון דער זון... זײ גליטשען זיך אויך אויף די שטיקן פון צוזאַמענגעשטעלט געווער בײַ דער וואַנט. די סאָלדאַטן האָבן אין האַנט אַרײַן — ריטער באַקומען...

אין צוויי לאַנגע שורות, מיט אַ שמאָלן דורכגאַנג אין דער מיט, האָט מען זײ אויסגעשטעלט: „דורך אַ סטראָי” וועט מען טרײַבן...

וועמען?

עפּעס אַ ייִדל מיט אַ צעריסן העמד אויפן מאָגערן לײַב, מיט אַ יאַר־מולקע אויפן האַלב־געגאָלטן קאָפּ. אָט פירט מען אים צו.

פאַר וואָס קומט עס אים? ווער ווייסט? אַ פּאַרצײַטישע זאַך! אפשר פאַר אַ גנבה, אפשר פאַר אַ גזלה צי אַ רציחה, און אפשר אַ בלבול... עס איז דאָך געווען פאַרצײַטן...

און די זעלנער שמייכלען און טראַכטן: נאָך וואָס האָט מען אונדז אַזוי פיל גענומען און אויסגעשטעלט? ער וועט נישט אויסהאַלטן די העלפט!

נאָר אָט שטופּט מען אים צווישן די שורות אַרײַן, אָט גייט ער... און ער גייט גלײַך און ער שטרויכלט נישט און פאַלט נישט... ער לייזט שמיץ און האַלט זײ אויס...

אַ גרימצאָרן כאַפּט אָן דעמאָלט די סאָלדאַטן! ער גייט נאָך, ער גייט!

און די ריטער פײַפן אין דער לופט ווי די רוחות און כאַפּן אַרום דעם לײַב ווי די שלאַנגען. און דאָס בלוט פון מאָגערן גוף שפּריצט און שפּריצט, און הערט נישט אויף צו שפּריצן!

הו־האַ! הו־האַ!

אין מיטן טרעפט אַז אַ סאָלדאַט טרעפט צו הויך און וואַרפט דעם פאַר־משפטן אַראָפּ די יאַרמולקע פון קאָפּ. נאָך עטלעכע טריט באַמערקט ער עס, דער פאַרמשפטער... ער גיט זיך אַ ריר, גלײַך ער האָט אַ ישוב, און איז זיך מיישב און דרייט זיך אום: ער וועט נישט גיין בגילוי־הראש! און ער גייט צוריק ביז צום אָרט, וווּ די יאַרמולקע ליגט. ער בייגט זיך אָן און הייבט זי אויף, און דרייט זיך צוריק אויס און גייט ווייטער, רויִק, רויט פאַרבלוטיקט, נאָר מיט דער יאַרמולקע אויפן קאָפּ. אַזוי גייט ער, ביז ער פאַלט...

י. ל. פּרץ

# אויב נישט נאָך העכער

און דער נעמיראָווער פלעגט סליחות־צײַט יעדן פרימאָרגן נעלם ווערן, פאַרשווינדן!

מען פלעגט אים נישט זען אין ערגעץ: נישט אין שול, נישט איןביידע בתי־מדרשים, נישט ביי א מנין, און אינדערהיים אוודאי נישט. די שטוב איז געשטאַנען אָפן. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַריין און אַרויסגעגאַנגען; גע־גנבעט ביים רבין האָט מען נישט, אָבער קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז אין שטוב נישט געווען.

ווו איז דער רבי?

ווו זאָל ער זיין? מן־הסתם אין הימל! וויניק געשעפטן האָט א רבי פאַר ימים נוראים צו פאַרזאָרגן? ייִדעלעך, קיין עין־הרע, דאַרפן פרנסה, שלום, געזונט, גוטע שידוכים, ווילן גוט און פרום זיין, און די זינד זיינען דאָך גרויס, און דער שטן מיט זיינע טויזנט אויגן קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער, און ער זעט, און פאַרקלאָגט, און מסרט... און — ווער זאָל העלפן, אז נישט דער רבי?

אזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקומען א ליטוואַק, לאַכט ער! איר קענט דאָך די ליטוואַקעס: פון מוסר־ספרים האַלטן זיי וויניק, דערפאַר שטאָפן זיי זיך אָן מיט ש״ס ופוסקים. ווייזט דער ליטוואַק א בפירושע גמרא — די אויגן שטעכט ער אוים. אפילו משה רבינו, ווייזט ער, האָט ביים לעבן נישט גע־קענט אַרויף אויפן הימל, נאָר געהאַלטן זיך צען טפחים אונטערן הימל! נו, גיי שפּאַר זיך מיט א ליטוואַק!

— ווו דען קומט אַהין דער רבי?

— מיין דאגה! — ענטפערט ער און ציט מיט די אַקסל, און תוך כדי דבור (וואָס א ליטוואַק קען!) איז ער זיך מיישב צו דערגיין די זאַך.

נאָך דעם זעלבן פאַרנאַכט, באַלד נאָך מעריב, גנבעט זיך דער ליטוואַק צום רבין אין חדר אַריין, לייגט זיך אונטערן רבינס בעט, און ליגט. ער מוז אָפּוואַרטן די נאַכט און זען, ווו דער רבי קומט אַהין, וואָס ער טוט סליחות־צייט.

אַן אַנדערער וואָלט אפשר איינגעדרעמלט און פאַרשלאָפן די צייט; א ליטוואַק טוט זיך אַן עצה; לערנט ער זיך אויסנווייניק א גאַנצע מסכתא! איך געדענק שוין נישט, חולין צי נדרים.

פאַרטאָג הערט ער, ווי מען קלאַפּט צו סליחות.

דער רבי איז שוין נישט געשלאָפן א צייט. ער הערט אים שוין אפשר א גאַנצע שעה קרעכצן.

ווער עס האָט געהערט דעם נעמיראָווער קרעכצן, ווייס וויפל צער פאַר כל ישראל, וויפל יסורים עס האָט געשטעקט אין זיין יעדן קרעכץ... די נשמה פלעגט אויסגיין, הערנדיק דאָס קרעכצן! א ליטוואַק האָט דאָך אָבער אַן אייזערן האַרץ, הערט ער צו און ליגט זיך ווייטער! דער רבי ליגט זיך אויך; דער רבי, זאָל לעבן, אויפן בעט, דער ליטוואַק אונטערן בעט.

דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הייבן אָן סקריפּען... ווי די בני בית כאַפּן זיך אַרויס פון די בעטן, ווי מען מורמלט אַ יידיש וואָרט, מען גיסט וואַסער אויף די נעגל, עס קלאַפּן אויף און צו די טירן... דערנאָך איז דער עולם אַרויס פון שטוב, עס ווערט ווייטער שטיל און פינצטער, דורכן לאָדן שיינט קוים אַריין אַ קליין ביסל ליכט פון דער לבנה...

מודה האָט ער געווען דער ליטוואַק, אַז ווען ער איז געבליבן איינער אַליין מיטן רבין, איז אים באַפאַלן אַן אימה. די הויט איז שוין אים אויפגעלאָפן פאַר שרעק. די וואָרצלען פון די פאות האָבן אים געשטאָכן אין די שלייפן ווי די נאָדלען.

אַ קלייניקייט: מיטן רבין, און סליחות־צייַט, פאַרטאָג, אַליין אין שטוב!...

אַ ליטוואַק איז דאָך אָבער איינגעשפּאַרט, ציטערט ער ווי אַ פיש אין וואַסער און ליגט.

---

ענדלעך שטייט דער רבי, זאָל לעבן, אויף...

פריער טוט ער, וואָס אַ ייִד דאַרף טאָן... דערנאָך גייט ער צו דער קליידער־אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל... עס באַווייַזן זיך פויערישע קליידער: לייַוונטענע פלודערן, גרויסע שטיוול, אַ סערמיענגע, אַ גרויס פוטערן היטל מיט אַ ברייטן לאַנגן לעדערנעם פּאַס, אויסגעשלאָגן מיט מעשענע נעגעלעך.

דער רבי טוט עס אָן...

פון דער קעשענע פון דער סערמיענגע, שטאַרט אַרויס אַן עק פון אַ גראָבן שטריק... פון אַ פויערישן שטריק!

דער רבי גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אָפּ דער רבי אין קיך, בייגט זיך איין, פון אונטער אַ בעט נעמט ער אַרויס אַ האַק, פאַרלייגט זיך אונטערן פּאַס און גייט אַרויס פון שטוב.

---

דער ליטוואַק ציטערט, נאָר ער טרעט נישט אָפּ.

אַ שטילער, ימים־נוראימדיקער פּחד וויגט זיך איבער די טונקעלע גאַסן. אָפּט רייַסט זיך אַרויס אַ געשריי פון סליחות פון ערגעץ אַ מנין, אָדער אַ קראַנקער קרעכץ פון ערגעץ אַ פענצטער... דער רבי האַלט זיך אַלץ אין די זייַטן פון די גאַסן, אין די שאָטנס פון די הייַזער... פון איין הויז צום אַנדערן שווימט ער אַרויס און דער ליטוואַק נאָך אים...

און דער ליטוואַק הערט, ווי זייַן אייגן האַרץ־קלאַפּן מישט זיך צוזאַמען מיטן קול פון רבינס שווערע טרעט; אָבער גיין גייט ער, און קומט צוזאַמען מיטן רבין אויס דער שטאָט אַרויס.

---

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל.

דער רבי, זאָל לעבן, נעמט זיך אין וועלדל אַריַין. ער מאַכט אַ דרײַסיק־פּערציק טריט און שטעלט זיך אָפּ בײַ אַ ביימל און דער ליטוואַק ווערט נבהל ונשתומם, זעענדיק, ווי דער רבי נעמט אַרויס פון פּאַס די האַק און שלאָגט אין ביימל אַריַין.

ער זעט, ווי דער רבי האַקט און האַקט, ער הערט ווי דאָס ביימל קרעכצט און קנאַקט. און דאָס ביימל פאַלט. און דער רבי שפּאַלט עס אויף ליפּעס... די ליפּעס — אויף דינע שייטלעך; און ער מאַכט זיך אַ בינטל האָלץ, נעמט עס אַרום מיטן שטריק פון קעשענע, ער וואַרפט דאָס ביסל האָלץ איבער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אַרײַן די האַק אינעם פּאַס, לאָזט זיך אַרויס פון וואַלד און גייט צוריק אין שטאָט אַרײַן.

אין אַ הינטער־געסל שטעלט ער זיך אָפּ בײַ אַן אָרעם, האַלב־אײַנגעבראָכן הײַזל און קלאַפּט אָן אין פענצטערל.

— ווער איז? — פרעגט מען דערשראָקן פון שטוב אַרויס, דער ליטוואַק דערקענט, אַז עס איז אַ קול פון אַ ייִדענע, פון אַ קראַנקער ייִדענע.

— יאָ! — ענטפערט דער רבי אויף פּויעריש לשון.

— קטאָ יאָ? — פרעגט מען ווײַטער פון שטוב.

און דער רבי ענטפערט ווײַטער אויף מאַלאָרוסיש לשון: — וואַסיל!

— וואָס פאַר אַ וואַסיל און וואָס ווילסטו, וואַסיל?

— האָלץ, זאָגט דער פאַרשטעלטער וואַסיל, האָב איך צו פאַרקויפן, זייער ביליק... בחצי חינם האָלץ!

און נישט וואַרטנדיק אויף אַ תשובה, נעמט ער זיך אין שטוב אַרײַן.

---

דער ליטוואַק גנבעט זיך אויך אַרײַן און בײַם גרויען ליכט פון פריִען מאָרגן זעט ער אַן אָרעמע שטוב, צעבראָכן, אָרעם כלי־בית... אין בעט ליגט אַ קראַנקע ייִדענע, פאַרוויקלט מיט שמאַטעס, און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

— קויפן? מיט וואָס זאָל איך קויפן? ווו האָב איך, אָרעמע אלמנה, געלט?

— איך וועל דיר באָרגן! — ענטפערט דער פאַרשטעלטער וואַסיל, — אינגאַנצן זעקס גראָשן!

— פונוואַנען וועל איך דיר באַצאָלן? — קרעכצט די אָרעמע ייִדענע.

— נאַריש מענטש — מוסרט זי דער רבי, — זע, דו ביסט אַן אָרעמע, קראַנקע ייִדענע און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ, איך בין בטוח, אַז דו וועסט באַצאָלן; און דו האָסט אַזאַ שטאַרקן, גרויסן גאָט, און געטרויסט אים נישט... און האָסט אויף אים אויף נאַרישע זעקס גראָשן פאַרן בינטל האָלץ קיין בטחון נישט!

— און ווער וועט מיר אײַנהייצן? — קרעכצט די אלמנה, — איך האָב דען כוח אויפצושטיין? מײַן זון איז אויף דער אַרבעט געבליבן.

— איך וועל דיר איַנהייצן אויך — זאָגט דער רבי.

---

און אריַנלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רבי, קרעכצנדיק, געזאָגט פון סליחות דעם ערשטן פזמון...

און אַז ער האָט אונטערגעצונדן, און דאָס האָלץ האָט פריילעך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אַביסל לוסטיקער, פון די סליחות דעם צווייטן פזמון.

דעם דריטן פזמון האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגעברענט און ער האָט די בלעך פאַרמאַכט...

---

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נעמיראָ־ווער חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַמאָל דערציילט, אַז דער נעמיראָווער הייבט זיך אויף, סליחות־ציַיט, יעדן פרימאָרגן, און פליט אַרויף אין הימל אַריַין, פלעגט שוין דער ליטוואַק נישט לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט:

— אויב נישט נאָך העכער!

י. ל. פּרץ

## זיבן גוטע יאָר

### א.

דאָס איז אַ געשיכטע, וואָס איז געשען אינעם שטעטל טורבין.

אין טורבין איז געווען אַמאָל אַ טרעגער; האָט ער געהייסן טוביה און איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. איינמאָל, דאָנערשטיק, שטייט ער אַזוי אין מאַרק, מיט די פּאָלעס פאַרשאַרצט אונטערן שטריק אויף די לענדן און קוקט אויס, פון וואַנען וועט קומען זײַן הילף — ער זאָל פאַרדינען עפּעס אויף שבת. און דאָ שטייען די געוועלבן אַרום און אַרום ליידיק, מען זעט נישט, עס זאָל עמיצער קומען סחורה קויפן, עס זאָל זײַן, וואָס אָפּצוטראָגן. הייבט ער נעבעך אויף די אויגן צום הימל מיט אַ געבעט, ער זאָל, חלילה, קיין פאַרשטערטן שבת נישט האָבן, און זײַן ווײַב סערל מיט די קינדערלעך זאָלן, חס ושלום, נישט הונגערן אום שבת.

ווי ער איז אַזוי מתפּלל, דערפילט ער, אַז עמיצער גיט אים אַ צי פאַר דער פּאָלע. קוקט ער זיך אום, זעט ער פאַר זיך אַ דײַטשל, אָנגעטאָן ווי אַ שיסער אין וואַלד, מיט אַ פעדער אויפן קאַפּעליושל, און דאָס דײַטשל זאָגט צו אים אויף ריין דײַטש, וואָס מיר זעצן דאָ איבער אויף יידיש, מיט די ווערטער:

— הער, טוביה, דיר איז באַשערט געוואָרן זיבן גוטע יאָר פון מזל און

גליק און אוצרות געלט. ווענדט זיך עס אָבער אָן דיר, ווען דו ווילסט האָבן די גוטע יאָר. ווילסטו — וועט דיר אויפשײַנען דער מזל נאָך דעם הײַנטיקן טאָג, און אײידער עס וועט אונטערגיין די זון, וואָס שטייט דיר איבערן קאָפּ, וועסטו קענען אָפּקויפן גאַנץ טורבין מיט דער סביבה. אָבער נאָך זיבן יאָר וועסטו צוריק ווערן אַן אָרעמאַן, ווי דו ביסט געווען. און ווילסטו — וועט די גוטע געבענטשטע צײַט קומען ערשט צום סוף פון דײַנע יאָרן און דו וועסט אַוועקגיין פון דער וועלט דער גרעסטער גביר.

ענטפערט אים טוביה:

— מײַן ליב דײַטשל, לאָז דו מיך געמאַך, וואָרום איך בין, נישט פאַר דיר גערעדט, אַ גרויסער אביון. איך האָב אויף שבת נישט און איך האָב דיר נישט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דײַנע עצות מיט דײַן טרחה.

אַז דאָס דײַטשל אָבער האָט אים נישט אָפּגעלאָזט און אים איבערגע־חזרט די ווערטער איינמאָל, צוויי מאָל און דרײַ מאָל, איז עס טוביהן שוין אַרײַן אין קאָפּ. ענטפערט ער אים:

— ווייסטו וואָס, ליב דײַטשל, אויב דו מיינסט עס ערנסט מיט מיר, און דו פרעגסט מיך באמת, מוז איך דיר זאָגן, אַז איך בין זיך נוהג בײַ יעדער זאַך, וואָס קומט מיר פאָר, זיך אַן עצה צו האַלטן מיט מײַן ווײַב סערל, און אָן איר קען איך דיר קײַן קלאָרע תשובה נישט געבן.

זאָגט אים דאָס דײַטשל, אַז עס איז זייער אַ גוטע זאַך — זיך אַן עצה צו האַלטן מיט דער פרוי, און ראָט אים, ער זאָל זי גיין פרעגן, און ער, דאָס דײַטשל הייסט עס, וועט שטיין און וואַרטן אויף אַ תשובה.

טוביה קוקט זיך נאָך אַמאָל אום אין אַלע זײַטן; קײַן פאַרדינסט זעט ער נישט, טראַכט ער זיך: וואָס קען ער דאָ אָנווערן? ער וועט אַהיים גיין פרעגן. לאָזט ער אַראָפּ די פּאָלעס און גייט אַרויס הינטער דער שטאָט, ווו ער האָט געוווינט כמעט שוין אויפן פעלד אין אַ ליימענן שטיבל, איבערשמועסן זיך מיט סערל זײַן ווײַב.

ווי סערל האָט אים דערזען דורך דער אָפענער טיר (עס איז זומער געווען), איז זי אים אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן מיט גרויס שמחה; זי האָט גע־מיינט, אַז ער ברענגט איר אָן אָנהייב אויף שבת, זאָגט ער איר אָבער:

— נײַן, סערל, זײַן ליבער נאָמען האָט מיר נאָך קײַן פאַרדינסט נישט באַשערט; דערפאַר אָבער איז צו מיר געקומען אַ דײַטשל...

און ער דערציילט איר אַזוי און אַזוי: באשר בכן, דאָס דײַטשל זאָגט, אַז עס איז אים באַשערט זיבן גוטע יאָר, און עס ווענדט זיך אָן אים, ווען די גוטע יאָרן זאָלן קומען — אַצינד, אָדער פאַר דער פּטירה. פרעגט ער בײַ איר אַן עצה: ווען?

טראַכט סערל נישט לאַנג און ענטפערט אים:

— גיי, מײַן ליבער מאַן, און זאָג דעם דײַטשל, אַז דו ווילסט די זיבן גוטע יאָר אויף דער רגע!

— פאַרוואָס, סערל? — מאַכט טוביה פאַרווונדערט. — נאָך זיבן יאָר וועלן מיר דאָך ווערן צוריק אָרעמעלײַט, און דעם יורד איז דאָך ערגער, ווי אַ פּראָסטן אָרעמאַן?

— פאַרזאָרג נישט, מײַן ליבער גוטער פרײַנט, די וועלט. דערווײַל נעם, וואָס מען גיט דיר, און זאָג: „געלויבט איז גאָט יעדן טאָג!" בפרט, אַז מען דאַרף חדר־געלט פאַר די קינדער. מען האָט זיי מיר אַהיים געשיקט; אָט זע, ווי זיי שפּילן זיך אין זאַמד.

דאָס איז גענוג געווען, טוביה זאָל צוריק לויפן צום דײַטשל מיט אַ קלאָרער תשובה, אַז ער וויל די זיבן גוטע יאָר גלײַך.

זאָגט אים דאָס דײַטשל:

— רעכן נאָר איבער, טוביה! הײַנט ביסטו אַ מענטש מיט כוח און קענסט פאַרדינען, אַמאָל מער, אַמאָל ווייניקער. וואָס וועט אָבער זײַן שפּע־טער, אַז דו וועסט עלטער ווערן און וועסט זײַן אַ יורד, און אַזוי פיל כוח צו דער אַרבעט וועסטו אויך נישט האָבן.

ענטפערט טוביה:

— הער דײַטשל, מײַן ווײַב וויל באַלד. ערשטנס, זאָגט זי: „געלויבט איז גאָט יעדן טאָג!" און הייסט אויף שפּעטער נישט זאָרגן; און צווייטנס האָט מען אונדז די קינדער פון חדר אַהיים געשיקט.

— אויב אַזוי, — זאָגט אים דאָס דײַטשל, — גיי אַהיים; און איידער דו וועסט קומען אין שטוב, וועסטו זײַן אַן עושר!

ווײַל ער אים פאַרט איבערפרעגן וועגן נאָך די זיבן יאָר, איז אים אָבער דערווײַל דאָס דײַטשל פאַרשוווּנדן געוואָרן.

גייט ער, טוביה, אַהיים. געוווּנט, האָבן מיר שוין געזאָגט, האָט טוביה אונטער דער שטאָט, כמעט אויפן פרײַען פעלד. קומט ער צו צו דער שטוב, זעט ער, ווי די קינדער שפּילן זיך הינטער דער שטוב אין זאַמד. גייט ער צו, דערזעט ער, אַז זיי שאַרן אַרויס פון אַ גריבל נישט קיין זאַמד, נאָר ריין גאָלד. פאַרשטייט זיך, אַז מער האָט מען נישט געדאַרפט. עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די זיבן יאָר, די זיבן מזלדיקע יאָר.



די צײַט לויפט אָבער פײַל פון בויגן, און זיבן יאָר גייען אַריבער גע־שווינד. קומט נאָך די זיבן יאָר דאָס דײַטשל צו טוביהן אים אָנצוזאָגן, אַז די זיבן יאָר זענען אַריבער, און אַז הײַנט פאַרנאַכט וועט נעלם ווערן דאָס גאָלד אין שטוב און אַפילו דאָס גאָלד, וואָס זיי האָבן געקענט באַהאַלטן ביי לײַטן.

טרעפט ער טוביהן, ווי ער שטייט אין מיטן מאַרק, ווי פאַר זיבן יאָר,

מיט די זעלבע פאַרשאַרצטע פּאָלעס אונטער די לענדן און קוקט אויס אויף אַ פאַרדינסט. זאָגט ער צו אים: „הער, טוביה, די זיבן יאָר זײַנען אַריבער!"

ענטפערט אים טוביה: „גיי זאָג דאָס מײַן ווײַב סערל, ווײַל דאָס עשירות איבער די גאַנצע זיבן יאָר איז געווען בײַ איר".

גייען זיי בײדע אַרויס אונטער דער שטאָט און קומען צום זעלבן לייִמענעם הײַזל אויפן פעלד און טרעפן סערלען פאַר דער טיר. און זי איז אויך אָרעם געקליידט, ווי אַמאָל, נאָר איר פּנים שמייכלט.

זאָגט איר דאָס דײַטשל מיט די זעלבע ווערטער, אַז די זיבן גוטע יאָר זײַנען אַוועק.

ענטפערט זי אים, אַז זיי האָבן קיין גוטע יאָר נאָך נישט אָנגעהויבן צו ה׳אָבן; אַז זיי האָבן קיינמאָל נישט געהאַלטן דאָס גאָלד פאַר זייער אייגנס. ווײַל וואָס אַ מענטש פאַרדינט מיט זײַנע צען פינגער, דאָס איז זײַנס; און אַזוי עשירות, וואָס קומט אָן שווייס און אומגעזוכט, איז נאָר אַ פּיקדון, וואָס זײַן ליבער נאָמען לאָזט איבער בײַ מענטשן אין די הענט פאַר אָרעמעלייטס וועגן... זי האָט נאָר פון גאָלד אויף שכר־לימוד גענומען. דאָס איז גאָטס תורה; מעג מען פאַר זײַן תורה מיט זײַן גאָלד צאָלן, מער נישט! און אויב זײַן ליבער נאָמען האָט פון הײַנט אָן אַ בעסערן בעל־פּיקדון פאַר זײַן גאָלד, מהיכא תיתא, זאָל ער צונעמען און איבערגעבן אַן אַנדערן!

דאָס דײַטשל, וואָס איז געווען אליהו הנביא, האָט דאָס אויסגעהערט און איז נעלם געוואָרן.

ער האָט דאָס איבערגעגעבן דעם בית־דין־של־מעלה, און דער בית־דין־של־מעלה האָט געפּסקנט, אַז עס איז קיין בעסערער בעל־פּיקדון נישט פאַראַן. און די זיבן יאָר האָבן זיך נישט אויסגעלאָזט כל־זמן טוביה און זײַן ווײַב סערל האָבן געלעבט.

נ. מײַזיל

## לעצטע יאָרן פון י. ל. פּרץ

די לעצטע פאַר יאָר פון פּרצעס לעבן זײַנען געווען שווערע, טרויעריקע. אין פּוילן האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַ נײַע שנאה און פאַראַכטונג צו ייִדן. אַנטיסעמיטיזם, באָיקאָט, טיאוסע אָנפאַלן און דראָונגען פון די פּאָליאַקן קעגן די ייִדישע מאַסן.

און אָט ברעכט אויס דער וועלט־קריג, און די געגנטן אַרום וואַרשע זײַנען די ערשטע אויפן פײַער.

וואַרשע ווערט דאַן דער „עיר־מקלט" פאַר צענער טויזנטער ייִדישע היימלאָזע, וואָס זײַנען מיט ווײַב און קינד, מיט דאָס ביסל אָפּגעראַטעוועטע האָב און גוטס, געלאָפן ווו די אויגן האָבן זיי געטראָגן און געזוכט אַ שוץ

אין דער גרויסער יידישער שטאָט. דער גרויסער הויף פון דער וואַרשעווער גמינע, אויף גזשיבאָווסקע 26, איז געוואָרן דער „יאָמער־טאָל", וווּהין עס האָבן זיך קוים מיטן לעבן געראַטעוועט די באַליידיקטע און דערנידעריקטע, די פאַראומגליקטע יידישע מאַסן. פּרצן איז באַשערט געווען צו זיין אַן עדות, אַליין צוצוזען כסדר פון זיין פענצטער אין דער גמינע, די דערשראָקענע, צעפּלאָשעטע מאַסע, די פאַרצווייפלטע און פאַרהונגערטע.

פּרץ וואַרפט זיך אַריין מיט לייב און לעבן אין דער הילף־אַרבעט, ער העלפט אָרגאַניזירן אָרעמע קיכן, ער אָרדנט איין קינדער־היימען, ער שאַפט לידעלעך פאַר די קינדער. ער שענקט אַוועק פון זיין היים פאַר די „באַזאַרס" לטובת די באַדערפטיקע די שענסטע מתנות, וואָס ער האָט אין פאַרשיידענע צייטן געקראָגן.

דער מוראדיקער פאָלקס־אומגליק האָט אים אינגאַנצן צעטרייסלט. ער געפינט זיך קיין אָרט נישט. דאָס גרויסע האַרץ האַלט נישט אויס, און שבת, דעם דריטן טאָג חול־המועד פסח, דעם 13טן אַפּריל 1915, האַלב 9 אינדערפרי, איז ער געשטאָרבן פון אַ האַרצן־אַטאַקע.

פּרצעס פּלוצימדיקער טויט ווערט איבערגעגעבן דורך זיינע נאָענטע פאַרשיידן.

ראָזע לאַקס־פּרץ, אַ קוזינע פון פּרצן, גיט איבער וועגן פּרצעס לעצטע מינוטן:

„...גאָר פרי, ווי געוויינלעך, האָט ער זיך אויפגעהויבן און געזעצט זיך צום טיש אַרבעטן. (איך האָב געזען זיין לעצטע שריפט, אויף די לעצטע ווערטער האָב איך באַמערקט, אַז די האַנט האָט ביי אים געציטערט. ווען ער האָט זיי געשריבן „שטילער, שטילער, דאַנקען וויל ער". מיר האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל פון נאָענטן טויט, און די ווערטער האָבן מיר אויסגעזען ווי מידע). ער איז דעמאָלט נישט לאַנג געזעסן ביים שרייבטיש — האָט זיך געפילט נישט גוט און איז אַריין אין שלאָף־צימער, כדי צו זאָגן דאָס דער פרוי. נאָכדעם איז ער אַריין אין קיך בעטן דאָס דינסטמיידל וויקטאָ אַ גלאָז מילך און דערביי איר געזאָגט, אַז די פּלייצע טוט אים שטאַרק וויי. אין עס־שטוב האָט ער געעפנט די באַלקאָן־טיר (ס'האָט אים געפעלט לופט). כדי זיין אייניקל זאָל זיך נישט פאַרקילן, האָט ער אים אויפגעוועקט און געהייסן לייגן זיך אין זיין בעט אַריין. דערנאָך איז ער צוריק אַריין צו זיך אין קאַבינעט און ביי דער טיר שווער אַנידערגעפאַלן.

די פרוי פּרץ האָט דערהערט דעם קלאַפּ און איז אַריין אין קאַבינעט. פּרץ איז געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע מיטן פּנים אַראָפּ. זי האָט אַריינגערופן לוציאַנען (פּרצעס זון), און ביידע האָבן אים געפּרוווט אויפהויבן, אַריינגיסן

אין מויל אַריין ווײַן, סאַק (פּרץ האָט נאָך געאָטעמט). נאָר דער ווײַן האָט זיך צוריק אַרויסגעגאָסן.

פּרץ איז אין עטלעכע מינוט אַרום געשטאָרבן..."

און אָט — די לוויה. ה. ד. נאָמבערג שרײַבט:

„...טויזנטער און צענדליקער טויזנטער זײַנען געגאַנגען פון פּאַרנט דער מיטה און פון הינטן — שטום, אָן ווערטער און אויסדרוק, בלויז אַ שוואַרצע מיטה האָט מען געזען אויף די אַקסלען פון מענטשן. טויזנטער האָבן זיך געדריקט און געפּרעסט ביז צום אָפענעם גרוב, וואָס האָט געוואַרט אויפן שוין-צוגעשלאָגענעם אָרון. אַ שוואַרצע, געדיכטע פון דערשטיקעניש אויסגעמאַטערטע מענגע אַסיסטירט בײַ דער שרעקלעך-שרעקלעך פּראָסטער צערעמאָניע פון אַראָפּלאָזן דעם אָרון. אויף אַלע ביימער זײַנען געהאנגען מענטשן.

און ווידער זײַנען מיר אַלע געווען שטום, שטום, שטום...

שרעקלעך יידיש, שרעקלעך פּאָרעמלאָז איז געווען די לוויה פון י. ל. פּרץ. גראַנדיעז, אָבער אָן פּײַערלעכקייט, אָן רעדעס, אָן בלומען און אויפשריפטן און... אָן אָרדענונג. הונדערט טויזנט מענטשן זײַנען געגאַנגען נאָך דער לוויה, הונדערט טויזנט טרויעריקע".

י. אָפּאַטאָשו

## י. ל. פּרץ איז פון אונדז אַוועק

פּרץ, וואָס איז אַוועק פון אונדז אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, האָט געפילט, אַז ס'רוקט זיך אויף יידן אַ ביטערער גזר. ער האָט געוווּסט, אַז מיר זײַנען קינדער פון אַ געיאָגט און געמאָרדעוועט פאָלק, דער שונא וויל אונדז אויסרײַסן מיטן וואָרצל, ס'זאָל פון אונדז, יידן, קיין שריד-ופּליט נישט בלײַבן. בלויז דער אמת, דער מענטשלעכער אמת, קען אונדז ראַטעווען. און פּרץ, זײַן גאַנץ לעבן, זײַן שאַפן איז געווען איין געשריי: „לאָמיר אויסשמידן אין זיך אָט-דעם אמת, אָט-דעם כוח, לאָמיר אַליין דערפילן, אַז צו זײַן אַ ייד, אַ געפּײַניקטער, איז אַ פּריווילעגיע."

דער ביטערער גזר האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדז, ווי בייזע, אומגליקלעכע חלומות טראָגן זיך פאַר די אויגן — חורבן פּוילן, חורבן ליטע, חורבן אוקראַינע. און ווי מיר רײַסן קריעה, ווי מיר זאָגן קדיש, הייבט זיך פון די חורבות ס'ליכטיקע געשטאַלט פון יצחק לייבוש פּרץ. און נישט בלויז פון די חורבות. ס'רייסט זיך אויך פון אונדז, פון אונדזערע צעוווייטיקטע הערצער. און אַז מיר, אבלים, פרעגן איינער בײַם אַנדערן:

— וואָס דאַרף זײַן די ייִדישע ליטעראַטור?
ענטפֿערט פּרץ:
— זי דאַרף זײַן די צונג און דאָס געוויסן פֿון אַ געיאָגט און געפּײַניקט פֿאָלק. זי דאַרף זײַן דער טויזנט־יעריקער רעזערוואַר — וווּ ס'איז דאָ גלויבן, ס'איז דאָ בטחון — די כּוחות, וואָס האַלטן אונדז אויף, די כּוחות, וואָס לערנען אונדז, אונדזערע קינדער, אַז צו זײַן אַ ייִד, אַ געפּײַניקטער, איז אַ פּריווילעגיע.

## די דריי הויפּט־זיילן פֿון דער יידישער ליטעראַטור

מיר האָבן זיך צוגעוווינט אַרויסצורעדן אין איין אָטעם „מענדעלע, פּרץ און שלום־עליכם", און עס קומט אויס ווי זיי אַלע דרײַ וואָלטן געוואַקסן און זיך צעוואַקסן פֿון איין קולטור־געזעלשאַפֿטלעכער און קינסטלערישער סביבה און ווי זייער שאַפֿן וואָלט זײַן פֿון איין שניט און כאַראַקטער.

אין דער אמתן אָבער איז אָט־דער „חוט־המשולש" (דער דרײַ־פֿעדימדיקער שנור) ווײַט־ווײַט נישט פֿון איין שטאָף געשאַפֿן. עס זײַנען דאָ וועזנטלעכע אונטערשיידן צווישן מענדעלען און שלום־עליכמען, און אוודאי זײַנען פֿאַראַן נאָך טיפֿערע ווידעראַנאַנדן צווישן זיי ביידע און פּרצן.

לויט די דאַטעס פֿון זייער געבוירן איז פּרץ דער מיטלסטער, מענדעלע איז געבוירן אין 1836, פּרץ — 1852, שלום עליכם — אין 1859. לויט דער צײַט פֿון זייער אַרײַנטרעטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז פּרץ דער ייִנגסטער צווישן די דרײַ: מענדעלע איז אַריינגעטראָטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור אין 1864, שלום עליכם — אין 1883 און פּרץ — ערשט אין 1888. עס איז פֿאַראַן אַלגעמיינעס בײַ אַלע די דרײַ גרויסע קינסטלער, וואָס אין משך פֿון עטלעכע און צוואַנציק יאָר — זינט 1888 ביז אָנהייב פֿון דעם ערשטן וועלט־קריג אין 1914 — זײַנען זיי געוואָרן די הויפּט־זײַלן פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור.



# יעקב דינעזאָן

(ביאָגראַפישע שטריכן)

געבוירן אין 1856 (די גענויע דאַטע איז נישט באַוווּסט עד־היום און דאָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צײַט). אין זײַן געבוירן־שטעטל, נײַ־זשאַגער, בײַ קאָוונע, ליטע, האָט ער זיך געהאָדעוועט ביז 12 יאָר לערנענדיק אין חדרים און ישיבה, באַווירקט פון פאָלקס־פּאָעט מיכל גאָרדאָן, מיט וועמען ער האָט געוווינט בשכנות.

פרי פאַריתומט, איז ער דורך זײַן סענטימענטאַלער מאַמען, פון וועל־כער ער האָט זיכער געירשנט די וויכהאַרציקייט, אַוועקגעשיקט געוואָרן צו אַ פֿעטער אין מאַהילעוו ביים דניעפּער. דאָרטן, צוערשט אין אַ בכבודיקן בית־מדרש, ווו עס איז שוין אַרײַנגעדרונגען דער גײַסט פון דער השכלה, און נאָך דעם אין גאַנצן אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפעה פון משכילים, גענומען לערנען רוסיש און דײַטש, מאַטעמאַטיק, וועלט־געשיכטע און נאַ־טור־וויסנשאַפט — ווי דאָס איז געווען שטאַרק אין דער מאָדע — מיט דער אַמביציע צו ווערן אַ העברעיִשער שרײַבער.

לייענענדיק י. ל. פּרצעס באַלאַדע „מאָניש" אין שלום־עליכמס „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", איז ער אַזוי אַרײַנגעפאַלן אין התפעלות, אַז ער האָט זײַן באַגײַסטערונג אויסגעדריקט אין אַ בריוו און פון אָט דעמאָלט הייבט זיך אָן צווישן די צוויי שרײַבערס די הייסטע פרײַנטשאַפט וואָס איז ווען ס'נישט איז צווישן יִדישע שרײַבערס געווען.

אין דער פאַזע פון אַנטוויקלונג, מיטאַרבעטנדיק אין די זאַמלביכער פון מרדכי ספּעקטאָרס „הויז־פריינט" (ווו ער איז פון די ערשטע, וועלכע ווײַזן אַרויס פאַרשטענדעניש פאַר דער היסטאָרישער ראָלע פון יִדיש, אין זײַן וויכ־טיקן אַרטיקל „די יודישע שפּראַכע און אירע שרײַבער", 1888), ווי אין שלום־עליכמס זאַמלביכער, האָט דינעזאָן פאַרמילדערט און גענומען זיך מער קאָנצענטרירן, שרײַבן קורצער זײַנע ווײַטערדיקע ראָמאַנען. דער „שטיין אין וועג" איז, משמעות, פון פריִערדיקע יאָרן נאָך. „הערשעלע" (1891) איז אויס־דריקלעך דער ראָמאַן פון דינעזאָנס צווייטן פעריאָד: ווייניקער פאַרוויינט און עס זײַנען שוין אַפילו דאָ סימנים פון שמייכל...

דינעזאָן, וועלכער איז נאָך אין דער יוגנט אָפּט געפאָרן קײַן קיעוו, צוליב די געשעפטן פון די הורעוויטשעס, ווערט פערזענלעך נאָענט מיט די דאָר־טיקע וויכטיקע יִדישע און העברעיִשע שרײַבערס, ביז ער פאָרט אַריבער אין 1885 און באַזעצט זיך, צוליב זײַן שוועסטער, אין וואַרשע. און דאָ רעדט ער צו פּרצן, ער זאָל אויך קומען זיך באַזעצן. די ליבע, וואָס דינעזאָן האָט אַרויסגעוויזן צו פּרצן, האָט זיך אויסגעדריקט אין דער זאַמלונג „באַקאַנטע בילדער", וואָס דינעזאָן האָט אַרויסגעגעבן אויף זײַן חשבון און די גאַנצע אויפלאַגע אַרײַנגעשיקט קײַן זאַמאָשטש. צוליב פּרצן איז דינעזאָן אויך ברוגז געוואָרן אויף שלום־עליכמען (פאַר זײַן קאָרעגירן „מאָניש", וואָס פּרץ האָט פון דעם געהאַט אַ סך עגמת־נפש). נאָך דעם, אַז דינעזאָן איז געווען בײַ פּרצן אַ בן־בית, האָט פּרץ יעדע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, וואָס ער האָט אונטערגענומען, געטאָן נאָר מיט דינעזאָנס הסכמה, אויב נישט בשותפות. די ערשטע שותפותדיקע אַרבעט פון גרויסן פאַרנעם איז געווען די „יודישע ביבליאָטעק", פוןביידן אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט (1891). די לעצטע בשותפותדיקע אַרבעט, וואָס האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע אויס־

ווירקונג אינעם ייִדישן לעבן, איז געווען דאָס מיטגרינדן די ערשטע ייִדישע קינדער־היימען פאַר יתומים און פאַרוואָרלאָזטע עלנטע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דאָס עלנטע, פאַריתומטע, פאַרוואָרלאָזטע קינד האָט דינעזאָן פאָראַיי־ביקט אין זײַן „יאָסעלע" (וואַרשע, 1899). דער דאָזיקער ראָמאַן, אויפגע־כאַפּט ווי אַ קריטיק אויפן אַלטמאָדישן חדר, האָט געדינט פאַר אַלע פרעדי־קערס פון מאָדערנער ייִדישער דערציִונג ווי אַ טרײַ בילד פון דער קלאַסן־צעטיילונג, וואָס האָט זיך אויסגעבילדעט אינעם ייִדישן לעבן, אין 19טן י"ה, און ווי אַ מאָנונג צו רעפאָרמירן פונדאַמענטאַל דעם חינוך, כדי אים אַוועק־צושטעלן אויף די יסודות פון יושר און גוטסקייט. „יאָסעלע" איז אַרײַנגענו־מען געוואָרן ווי אַ לייען־בוך אין אַלע ייִדישע פאָלקס־שולן. אַ ריי אינסצע־ניזאַציעס, פון גאַנצן בוך אָדער פון באַזונדערע קאַפּיטלען, זײַנען געשפּילט געוואָרן, דערהויפּט דורך תלמידים לכבוד שול־ימים־טובים. זייער אַ סך שטעלן זײַנען אויסגענוצט געוואָרן ווי שטאָף פאַר געזעלשאַפטלעכע דיסקו־סיעס אין צײַטונגען, זשורנאַלן, רעפעראַטן, קאָנפערענצן און ספּעציעל פאַר עפנטלעכע משפּטים פון ראַדיקאַלע באַוועגונגען.

די אַנדערע ראָמאַנען, דערציילונגען און זכרונות פון יעקב דינעזאָן, געדרוקט בײַ זײַן לעבן און נאָך זײַן טויט, אַפילו ווען זיי זײַנען געלייענט געוואָרן געשמאַק פון עולם, האָבן נישט געפונען אַזאַ אָפּקלאַנג ווי זײַנע פריִערדיקע ווערק. אייניקע זײַנען פאַרבליבן נישט־געדרוקט, עד־היום, פּונקט ווי ס'רוב פון זײַן אומגעהויער־וויכטיקן און ריזיקן אוצר פון בריוו צו שרײַ־בערס און פרײַנט איבער דער גאַנצער וועלט.

יעקב דינעזאָן איז געשטאָרבן אין וואַרשע, דעם 29טן אויגוסט 1919. זײַן קבר איז בײַ י. ל. פּרצעס קבר.

נ. מײַזיל

# פּרץ און יעקב דינעזאָן

פּרצעס נאָמען, זײַן לעבן און שאַפן איז ענג פֿאַרבונדן מיט דינעזאָנס נאָמען. אָנגעהויבן פֿון יאָר 1888 — דאָס יאָר, װען פּרץ איז אַרײַנגעטראָטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט זיך צװישן פּרץ און דינעזאָן פֿאַרבונדן אַ באַקאַנטשאַפֿט, װאָס איז גלײַך אַריבער אין אַ פֿרײַנטשאַפֿט און גיך — אין אַ זעלטענער ברודערשאַפֿט. איבער פֿינף און צװאַנציק יאָר האָט אָנגע־האַלטן צװישן זײ אָט די מערקװירדיקע פֿאַרבונדנקייט. דינעזאָן איז װי דער שאָטן פֿון פּרצן, ער באַגלייט אים כּסדר אויף אַלע זײַנע װעגן, ער נעמט אָנטייל אין אַלע זײַנע פֿריידן און זאָרגן, העלפֿט אים אַרויס אין די פֿאַרשיי־דענע ענינים און איז זײַן שטענדיקער ראַטגעבער אַפֿילו אין די אינטימסטע זאַכן.

אין דער האַרציקער דינעזאָן־כאַראַקטעריסטיק, װאָס פּרץ האָט פֿאַר־עפֿנטלעכט אין יאָר 1904 („די ייִדישע ביבליאָטעק", איבערגעדרוקט אין פּרצעס „אויפֿזאַצן און פֿעליעטאָנען"), שרײַבט ער װעגן זײַן נאָענטן פֿרײַנט: „אַן ערלעכע, געטרײַע שװאַלב איז ער. אַן ערלעך־געטרײַע שװאַלב, װאָס איז גרייט יעדע סעקונדע זיך אַרויסצורײַסן ביז דער לעצטער פֿעדער אויף דער ברוסט, אונטערצובעטן דעם יונגן געשלעכט, עס זאָל אים װאַרעם זײַן אין נעסט... װאָס איז געפּאַסט יעדע רגע אויפֿצורײַסן זיך די ברוסט און אָנקאָרמען דאָס יונגװאַרג מיטן אייגענעם װאַרעמען בלוט..." און װיפֿל מאָל האָט אָט די „ערלעכע שװאַלב", דינעזאָן, געריסן בײַ זיך „ביז דער לעצטער פֿעדער אויף דער ברוסט" און טאַקע אויסגעבעטט פּרצן גופֿא, „עס זאָל אים װאַרעם זײַן אין נעסט". פֿיל מאָל איז פּרץ געװען דאָס קאַפּריזנע קינד און זיך נישט גערעכנט דערמיט, אַז די מאַמע, דינעזאָן, האָט אויך אַ װילן. אַ באַגער, אַ כאַראַקטער. אָבער דינעזאָנען איז געװען ליב אָט דאָס פֿײַניקן, — אַזאַ אומבאַגרענעצטע ליבע האָט ער פֿאַרמאָגט צו זײַן אָנגעלייגטסטן קינד פּרץ, אַזוי אײַנגעבאַקן איז ער אים געװען אין האַרצן מיט אַלע זײַנע קאַפּריזן.

פּרץ רופֿט כּסדר דינעזאָנען צוריק צו דער ליטעראַטור. „איך פֿאַרשטיי נישט דײַנע דרכים און דײַנע מעשׂים — שרײַבט צו אים פּרץ נאָך אין יאָר 1893 — װאָס איז מיט דיר געװאָרן? צי קען אַ פֿרוי פֿאַרגעסן איר קינד?

און דו האָסט די ליטעראַטור אַוועקגעוואָרפן הינטער זיך? שרײַב מיר, וואָס דאָס באַדײַט". אין אַן אַנדער בריוו (פון יאָר 1894) בעט זיך פרץ בײַ דינע־זאָנען: „אויב דו וועסט מיר נישט שיקן די דערציילונגען אין משך פון צוויי וואָכן, הרגעסטו אויך די איבעריקע אויסגאַבעס, און געזונג, וואָס אין דײַנע פּאָלעס געפינט זיך דאָס בלוט פון די „יום-טוב-בלעטלעך", ווילסטו נאָך פאַרגיסן דאָס בלוט פון דעם „ליטעראַטור און לעבן"? אפשר קענסטו דאָך אָנשרײַבן אַ זאַך? פרץ דרוקט אפילו אָפּ אין אַ באַזונדערער אויסגאַבע י. דינעזאָנס „הערשעלע", וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין פרצעס „די יידי־שע ביבליאָטעק". „איך האָב עס איינגאַנצן אָפּגעדרוקט, — שרײַבט פרץ — אפשר וועט עס זיין פאַר דיר עפּעס אַן אויסזיכט".

יעקב דינעזאָן, ווי באַקאַנט, האָט פאַרגעזעצט נאָך פרצעס טויט די הייליקע אַרבעט אַרום די יידישע שולן, אַרום די יידישע קינדער-היימען, וואָס פרץ האָט די לעצטע חדשים פון זײַן לעבן געהאָלפן זיי שאַפן אין וואַרשע, געשריבן פאַר זיי ספּעציעלע קינדער־לידער און אַפילו אַוועקגעשענקט לטובת די נויטבאַדערפטיקע היימלאָזע זײַנע טײַערסטע חפצים. יעקב דינעזאָן האָט זיך געפילט פאַרפליכטעט ווײַטער פאָרצוזעצן די אַרבעט, וואָס פרץ האָט אָנגעהויבן.

פרצעס טויט האָט אויף יעקב דינעזאָן געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן אײַנ־דרוק, ער האָט זיך קיין אָרט נישט געקענט געפינען. ער האָט געבענקט שטאַרק נאָך פרצן, ביז ער איז אין גיכן געשטאָרבן און געפונען זײַן אייביקע רו אַרום פרצן. — ווי באַוווּסט, ליגט ער צוזאַמען מיט ש. אַנסקי אונטערן „אוהל פרץ".

ש. דובנאָוו

## דער ליבהאַרציקער יעקב דינעזאָן

איך האָב אים באַגעגנט צום ערשטן מאָל אין הארבסט 1887 אין וואַרשע ביי ספּעקטאָרן. אין דעם הויז אויף מוראַנאָווסקער גאַס, ווו עס האָבן גע־וווינט ספּעקטאָר מיט זײַן פרוי און זײַן שוויגערפאָטער פרידבערג, איז דאַן געווען אַ שטיקל ליטעראַטור-פאַבריק. ספּעקטאָר האָט צוגעגרייט צום דרוק זײַן ערשטן „הויז-פרײַנט", און פרידבערג האָט רעדאַגירט די גרויסע העב־רעיִשע ענציקלאָפּעדיע „האשכול", וואָס האָט געזאָלט אַרויסגיין אין צען בענדער (עס איז אַרויס דער ערשטער באַנד און דערנאָך האָט זיך די אויס־גאַבע אָפּגעשטעלט). דינעזאָן פלעגט אָפּט אַהער אַרײַנקומען, ווײַל ער איז געווען מיטאַרבעטער איןביידע אויסגאַבן: ער האָט געשריבן אי יידיש, אי העברעיִש. אַ קליינגעוויקסיקער מאַן פון אַ יאָר 35, מיט גוטע, ערלעכע אויגן,

אַ שטילער, אָן עניו, האָט ער אויף מיר געמאַכט דעם בעסטן אײַנדרוק. איך האָב אין אים דערזען אַ ריינע, איידעלע נשמה. אַ ווייך הארץ, אַ ליבנדיקע נאַטור, וואָס האָט פערזענלעכע פאַמיליען-ליבע נישט געהאַט (ער איז גע-בליבן אָן אַלטער בחור) און דערפאַר האָט ער די גאַנצע וועלט ליב געהאַט, די וועלט פון לײַדנדיקע און אומגליקלעכע. אַליין האָט ער געלעבט פון עפּעס אַ קליינעם האנדלס-געשעפט בײַ זײַן שוועסטער אויף די נאַלעווקעס. אין די אָונטן איז ער געווען פרײַ, און ער פלעגט אָפט אַרײַנקומען אויך צו מיר, אין מײַן צימער אויף גענשע גאַס.

אין די פּאָר חדשים, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין וואַרשע, האָב איך זיך באַפרײַנדעט מיט דעם ליבהאַרציקן דינעזאָנען. מיט אַ באַזונדער פרייד פלעגט ער מיר העלפן אין מײַנע אַרבעטן: אויפזוכן אַלע חסידישע ספרים בײַ וואַרשעווער אַנטיקוואַרן, אײַנקויפן חסידישע רומל-ספרים בײַ די פרומע בי-כער-הענדלער פון פראַנצישקאַנער גאַס אד״ג. איך געדענק, ווי אין לעצטן אָונט פאַר מײַן אָוועקפאָרן פון וואַרשע, האָט ער מיר געזאָגט: „איך מוז זיך מודה זײַן — איידער איך האָב זיך מיט אײַך באַקאַנט, האָב איך אײַך געהאַלטן פאַר זייער אַ שטרענגן מענטשן: איך האָב מורא געהאַט פאַר „קריטיקוסן״* פון „וואָסכאָד״, איצט זע איך, אַז „קריטיקוס״ איז גאָרנישט אַזאַ גזלן״.

דער ערלעכער עניו האָט זיך מודה געווען, אַז ער איז שוין אַלטמאָדיש פאַר דעם נײַעם דור, אַז זײַן אַרט שרײַבן וועט נישט געפעלן דער קריטיק, כאָטש „זיינע לעזער״ געפעלט דאָס זייער און ער באַקומט פיל בריוו פון מענטשן, וואָס זײַנען געווען טיף גערירט פון זײַן ראָמאַן. אין דעם זעלביקן בריוו (יוני 1890) שרײַבט ער מיר: „אויפן האָריזאָנט פון זשאַרגאָן האָט זיך באַוויזן אַ נײַער שטערן: דאָס איז מײַן געליבטער פרײַנט פּרץ, וואָס דער דיכטער פרוג האָט איבערגעזעצט אויף רוסיש זיינע סיפּורים פון „פאָלקס-ביבליאָטעק״. דינעזאָן זאָגט, אַז נאָר ער האָט אײַנגערעדט פּרצן צו שרײַבן אויף אונדזער פאָלקס-שפּראַך, וואָרום ער האָט באַמערקט אין אים אַ גרויסן טאַלאַנט, און איצט וויל ער אַרויסגעבן אין אַ באַזונדער ביכל פּרצעס זשאַר-גאָנישע סיפּורים. פון יענער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן יענע פרײַנטשאַפט צווישן דעם אַלטמאָדישן דינעזאָן און דעם נײַמאָדישן פּרץ, וואָס האָט זיך געצויגן 25 יאָר, ביז פּרצעס טויט. דינעזאָן האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט אין דער ליטעראַטור און איז אינגאַנצן בטל געוואָרן אין פּרצעס אַרבעט, אַלס טעכנישער מיטאַרבעטער און עצה-געבער אין פאַרלעגערישע זאַכן. ער האָט זיך אַליין מבטל געווען, כדי צו דינען ווי אַ פײַערדיקער חסיד דעם רום פון זײַן הייליקן רבין.

---

* „קריטיקוס״ — פסעוודאָנים פון ש. דובנאָוו.

איך געדענק, אַז „יאָסעלע״ האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנ־דרוק. דאָ איז געבליבן דינעזאָנס אַרט שרײַבן אַזוי, אַז ס׳זאָל אָננעמען פאַרן האַרצן, אָבער דאָס איז שוין נישט געווען די עלעמענטאַרע סענטימענטאַלי־טעט פון זײַנע אַלטע ראָמאַנען: עטוואָס טיפער און קאָמפּליצירטער זײַנען געווען זײַנע טראַגישע העלדן. מען האָט שוין געשפּירט פּרצעס השפעה. איך האָב באַוויזן דאָס נײַע ווערק מענדעלען, און ער האָט אויך מודה געווען, אַז דאָ איז עפּעס פאַראַן, וואָס קען ווירקן אויך אויף דעם מאָדערנעם לעזער.

איך האָב מיטגעטיילט מײַן מײַנונג דינעזאָנען אין אַ בריוו פון אָדעס און האָב באַקומען פון אים אַ באַגײַסטערטע תשובה (סעפּטעמבער 1900); „איך האָב געלייענט אײַער בריוו מיט דער גרעסטער שמחה, וואָס איך האָב אַזוינס אין מײַן לעבן נישט געהאַט. דאָס מאָל האָב איך באַקומען דעם גרעסטן לוין, וואָס אַ ייִדישער מחבר קען נאָר באַקומען פאַר זײַן אַרבעט... אין מײַנע ערשטע סיפּורים — דאָס פאַרשטייט איר גאַנץ גוט — האָב איך פיל געזינדיקט קעגן די געזעצן פון שיינקייט און וואָרהייט, אָבער מײַן כוונה איז געווען גוט: איך האָב געוואָלט צוציִען דעם לעזער, געבנדיק אים שפּײַז נאָך זײַן געשמאַק... דערמאָנט זיך, ווען האָב איך אָנגעהויבן שרײַבן סיפּו־רים! אין יענער צײַט וואָלט איך גאָרנישט דערוועגט צו האָפן, אַז מיך זאָל לייענען ווער עס איז, וואָס קען לייענען העברעיִש אָדער אין די אייראָפּעיִשע שפּראַכן. איך האָב געהאַט אין זינען נאָר דעם פּשוטן לעזער, וואָס איז גע־ווּינט צו מעשהלעך מיט שדים, רוחות און גזלנים, וואָס האָט געקענט פאַר־שטיין נאָר אַ „מעשה״ מיט וווּנדער און גוזמאות און האָט נישט געוואָלט לייענען אַ באַשרייבונג פון דעם, וואָס טוט זיך אַלע טאָג, ווײַל דאָס איז דאָך אים גוט באַקאַנט... איצט אָבער האָט זיך געביטן דער געשמאַק אפילו בײַ דעם פּשוטן לעזער. שרײַבער, וואָס באַהערשן די העברעיִשע און די אייראָ־פּעיִשע שפּראַכן, האָבן אָנגעהויבן שרײַבן אין אונדזער פאָלקס־שפּראַך, און פון דער אַנדערער זײַט האָבן אָנגעהויבן לייענען זשאַרגאָנישע ביכער אויך געבילדעטע מענטשן. דערפאַר, קען איך זיך איצט שוין אָפּזאָגן פון מײַן אַלטן סטיל. אַזוי האָב איך צוערשט געשריבן (אין דעם נײַעם סטיל) מײַן דערצײי־לונג „הערשעלע״ און איצט — מײַן „יאָסעלע״.

דאָס איז ווידער אַ טייל פון דינעזאָנס גרויסן ווידוי. מען דאַרף פאַרשטיין דעם אינערלעכן קאַמף אין דער נשמה פון אַ משכּיל, וואָס האָט אָנגעהויבן שרײַבן אויף „זשאַרגאָן״ פאַר די „קלענערע ברידער״, פאַר די „עם־הארצים״, און האָט מיטאַמאָל דערזען פאַר זיך אַ געבילדעטן לעזער און אַ געבילדעטן מחבר, — אַ קערן פון אַ געזונטער פאָלקס־ליטעראַטור. דינעזאָן האָט דאָס דערלעבט.

# יאָסעלע

כאָטש עס איז נאָך אַ שטיק צום טאָג געווען און די אַנדערע זיַינען באַלד צוריק אַנטשלאָפן געוואָרן, האָט שוין יאָסעלע מער נישט געקענט שלאָפן. ער האָט נאָר מיט שרעק געקלערט און געטראַכט וועגן דעם חלום און וועגן דעם, וואָס היַינט וועט זיַין דער יום־הדין זיַינער, ווי דער מיַיסטער האָט אים געזאָגט. ער האָט אָבער גאָרנישט געקענט אָפּטראַכטן. אַז דער זייגער האָט שוין זעקס געשלאָגן, און דער מיַיסטער האָט מיט אַ בריק אין זיַיט אַלע זיַינע פּועלים אויפגעוועקט, האָט זיך יאָסעלע אויך אויפגעהויבן און איז אַוועק אין בית־המדרש דאַווענען און קדיש זאָגן. און „קדישים" האָט ער היַינט געזאָגט אַ סך, אַ סך... עס האָט זיך אים עפּעס געדאַכט, אַז די מאַמע זיַינע איז אין דער וויַיבערישער שיל, זי הערט זיַין קדיש, זי ענטפערט „אמן", און זי ווינקט אים, ער זאָל נאָך נישט אַוועקגיין און וואַרטן. ער וואַרט אָפּ דעם צווייטן מנין, ער בלייבט איין אַבל אין גאַנצן בית־המדרש און זאָגט אַליין אַלע קדישים. ענדלעך איז דער עולם זיך צעגאַנגען, און ער איז אויך אַרויסגעגאַנגען. נאָר ביַים שוועל איז ער שטיין געבליבן, און עס פאַרדריסט אים: פאַרוואָס דאַוונט מען נישט אַ גאַנצן טאָג?... אַז מען וואָלט אַ גאַנצן טאָג געדאַוונט, טראַכט ער, וואָלט איך אוודאי הונדערט קדישים זאָגן! דעם גאַנצן טאָג דאָ זיַין, און נישט ברויכן גיין צוריק צום מיַיסטער!

דערמאָנענדיק זיך אָן מיַיסטער, גיט אים עפּעס אַ שטאָך אין הערצל, און ער הייבט זיך אָן דערמאָנען, אַז דער מיַיסטער וועט אים באַלד גוט הרגענען, וואָס ער האָט זיך אַזוי פיל אויפגעהאַלטן צום דאַוונען. „אַלע פּועלים האָבן שוין דאָרט לאַנג אָפּגעגעסן, טראַכט ער, וואָס פאַר אַ תירוץ וועל איך אים ענטפערן, וואָס איך קום אַזוי שפּעט פון דאַוונען?"

— ניין, איך וועל מער נישט גיין צום מיַיסטער! — רעדט ער צו זיך און הייבט אָן גיך צו גיין, נישט ווייסנדיק, וווּהין ער גייט. אַ פּאָר שעה איז ער אַזוי אומגעגאַנגען, ביז עס האָט אים אָנגעהויבן צו הונגערן. נאָר וואָס שטאַרקער עס הונגערט אים, גייט ער אַלץ גיכער, ביז ער קוקט זיך אַרום — אָט איז ער ביַים טיַיכל, ווו ער פלעגט אַמאָל אַזוי אָפט מיט דער רביצן גיין מיט די גרעט. ער איז צו צום וואַסער, זיך אויסגעצויגן ווי גרויס ער איז און אָנגעהויבן טרינקען, כאָטש אים האָט זיך טרינקען גאָר נישט געוואָלט; ער האָט געמיינט, טאָמער וועט ער דערמיט יוצא זיַין אָנשטאָט עסן. עפּעס האָט אים געדאַכט, אַז עס ווילט זיך אים טאַקע נישט מער עסן: „אונטערגעלענט אַ ביסל דאָס האַרץ". — טראַכט ער און גייט צוריק אין שטאָט אַריַין. אָט איז ער אויפן מאַרק, און אָט וואַלגערן זיך אַ פּאָר שטיקלעך אַרומגעביסענע

עפל; און דאָרט, ווו די ווײַבער זיצן מיט אַלערליי קרײַטעכצער, וואַלגערט זיך, ווי הפקר, אַ צעוויאַנעטע, קרעציקע אוגערקע און נאָך ווײַטער — אַ האַלב מערל... ער קלײַבט עס אויף, ווישט אַרום די בלאָטע און עסט עס אויף מיט אַפּעטיט. ער פּילט זיך געשטאַרקט, און דערמאָנט זיך — צײַט גיין דאַווענען מנחה, קדיש נישט פאַרשפּעטיקן. אין בית-המדרש פאַרגעסט ער אָן אַלץ, דאַוונט מנחה אויסנווייניק, זאָגט קדיש, בלײַבט שוין דאָ ביז נאָך מעריב. מיט קנאה און מיט אַ באַטריבט הערצל קוקט ער צו, ווי איטלעכער ישיבה-בחור נעמט זיך אַ ליכט, שמעלצט צו צום טיש, עפנט אַ גמרא און לערנט. ווי האָט זיך אים געוואָלט אַזוי גליקלעך זײַן! ער איז צו צום ספרים-אַלמער זוכן אַ חומש.

— וואָס זוכסטו, יינגעלע? — האָט אים אַ ייִד געפרעגט.

— אַ חומש!

— וואָס דאַרפסטו אַ חומש?

— איך וויל לערנען!

— האָסט קײַן חדר נישט?

— ניין!

— ווער ביסטו?

— יאָסעלע!

— וואָס רעדט איר מיט אים? — האָט זיך אַ ישיבה-בחור, וואָס איז צום אַלמער צו, זיך אַרײַנגעמישט — דאָס איז דאָך דאָס קליינע גנבל, ערשט נישט לאַנג אין סוד געשטאַנען, נאָט אײַך אַ האַנט, ער וויל גנבענען אַ ספר!

— אמת, יינגעלע? — האָט דער ייִד געפרעגט.

— איך וויל נישט גנבענען, איך וויל לערנען אין חומש! — האָט יאָ-סעלע געענטפערט — גיט מיר אַ חומש, וועל איך לערנען.

— נאַ דיר אַ חומש, איך וועל זען, צי קענסטו לערנען און צי ווילסטו טאַקע; קום, זעץ זיך נעבן מיר.

און יאָסעלע האָט מיט לוסט און פאַרגעניגן געלערנט חומש פאַרן ייִד. דער ייִד האָט נישט באַדאַרפט אים אונטערצוזאָגן.

— ביסט אַ וווּיל יינגל! — האָט דער ייִד געזאָגט — נאָר זאָג מיר, אַז דו קענסט אַזוי גוט לערנען, פאַרוואָס רופט מען דיך „גנב"?

יאָסעלע האָט נישט געענטפערט, נאָר טרערן האָבן זיך אים באַוויזן אין די אייגעלעך.

— האָסט אַמאָל געגנבעט? — האָט דער ייִד ווידער געפרעגט.

— איך וועל נישט מער, קיינמאָל נישט! — האָט דאָס פאַרקלעמטע קינד געענטפערט.

— זע-זשע זאָלסט נישט גנבענען מער, נאָר לערנען זאָלסטו, וועסטו נאָך זײַן אַ לײַט! — האָט אים דער ייִד געטרייסט. פרעגן אים, צי ער האָט הײַנט

געגעסן, צי ער האָט ווי צו שלאָפֿן, האָט דער ייִד פֿאַרגעסן, אָדער עס איז אים אפֿשר גאָר אויפֿן זינען נישט אַרויף, אַז עס קען זײַן, דאָס קינד האָט נישט צו עסן און האָט אַפֿילו קײַן היים נישט. פֿונדעסטוועגן, כּל־זמן דער ייִד איז אין בית־המדרש געווען, האָט יאָסעלען קיינער נישט אָנגערירט. נאָר קוים איז דער באַשיצער זײַנער אַרויס, האָט דער שמש, וואָס האָט אַלעמאָל אַ כּעס געהאַט אויף יאָסעלעס טאַטן פֿאַר די פֿינף גילדן שכירות, וואָס מען האָט פֿון זײַנע אַראָפּגענומען צוליב אים, צוגעכאַפּט בײַ יאָסעלען דעם חומש, פֿאַרלאָשן די ליכט און אים אַרויסגעטריבן.

— אַהיים גיי, אַהיים, דו שייגאָץ! — האָט ער געשריען. ווּ איז זײַן היים? — דאָס איז דעם שמשס דאגה נישט געווען.

מיד פֿון אַרומגיין אַ גאַנצן טאָג, האָט זיך יאָסעלע פֿאַרקליבן ערגעץ אין אַ ווינקל פֿון גרויסן בית־המדרש־פֿאָרהויז, זיך אַוועקגעלייגט שלאָפֿן און דורכגעשלאָפֿן אַ גאַנצן נאַכט, ביז ייִדן זײַנען געקומען דאַוונען דעם ערשטן מנין. און ווידער האָט ער אַזוי אַ טאָג צוגעבראַכט: אַ פֿאַרפֿוילט אָדער אָפּ־געגריזשעט שטיקל עפּל, אַ צעוויאַנעט מערל אָדער אַנדערע אַזעלכע אַרויס־געוואָרפֿענע גוטס, וואָס נאָר ער האָט געקענט אין מויל אַרײַננעמען, איז אים גענוג געווען, צו גאָט קײַן טענות נישט געהאַט און בײַ קיינעם אַ ביסן נישט געבעטן. אין טײַך האָט אים קיין וואַסער נישט געפֿעלט. הײַנט האָט אים נאָך אַ גליק געטראָפֿן: אַ ייִדענע וואָס האָט דאָ גרעט געוואַשן האָט אים אַ מזומענע קאָפּיקע געגעבן, פֿאַר צוהעלפֿן אַוועקטראָגן די נאַסע גרעט פֿון טײַך אַהיים. ער האָט געקויפֿט פֿאַר אַ קאָפּיקע ברויט און איז טאַקע הײַנט אמת זאַט געווען. צו מעריב איז אָבער דער נעכטיקער ייִד שוין נישט געווען און דעם חומש צו לערנען האָט ער שוין נישט באַקומען. דער שמש האָט אים ווידער אַרויסגעטריבן, נאָר הײַנט שוין מיט רחמנות אים געהייסן גיין אין חסידים־שטיבל — דאָרט קען מען אים נישט, וועט מען אים לאָזן אַפֿילו דעם קאָפּ זיך אַראָפּדרייען.

יאָסעלע איז אַוועק אין חסידים־שטיבל. קײַן ישיבה־בחורים זײַנען דאָרט נישט געווען, דערפֿאַר קײַן ספֿרים אויך נישט. פֿינצטער, נאָר איין ליכטל האָט אין עמוד געברענט. דער שמש, אַן אַלטער, האַלב־בלינדער ייִד, האָט גאָרנישט באַמערקט, אַז נאָך ווער איז דאָ חוץ אים, און יאָסעלע איז פֿאַר־קראָכן צווישן אויוון און געשלאָפֿן ווי אַ גראַף.

אויפֿן דריטן טאָג האָט אים יונה וואַסערטרעגער בײַם טײַך געכאַפּט. אים גאַנץ גוט פֿאַרן אויער אָנגעריסן און געשריען:

— שייגאָץ, אַזוי פֿיל מי האָב איך אַרום דיר געהאַט, צום סוף קריכסטו אין אַ פֿרעמדן קעלער אוגערקעס גנבֿענען; ביסט דאָך באמת אַ גנבֿ! אַז אַ וועלט זאָגט „גנבֿ!“, זאָל מען גלויבן. אַפֿילו זעליגל האָט דיך אַרויסגעטריבן. שוין האָב איך אויסגעפֿירט!

— נישט איך האָב די אוגערקעס פון קעלער גענגבעט! איך האָב נישט געוואָלט גיין, דערפאַר האָט מיר דער מײַסטער געשלאָגן, ווי איך בין אַ ייִד, אַז נישט איך! — האָט יאָסעלע געשוווירן.

— טאַ קום צום מײַסטער, לאָמיך אויספירן אויג אויף אויג! — האָט יונה געזאָגט.

— איך האָב מורא, ער וועט מיך הרגענען. איך וויל נישט זײַן קײַן שוסטער. איך וויל לערנען אין בית-המדרש, ווי אַלע לערנען!

— ווו עסטו? ווו שלאָפסטו?

יאָסעלע האָט נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן.

— גיי צום מײַסטער שוין צוריק, בעט אים מחילה, וועט ער דיך נאָך צונעמען. אַז נישט, וועט פון דיר ווערן אַ בראָדיאַגע* וואָס שלעפט זיך אַרום שלינג-און-שלאַנג. און אויב אַפילו דו ביסט ביז איצט נישט געווען קיין גנב, וועסטו עס מוזן ווערן. גיי-זשע, איך היים! — האָט יונה געשריען.

— איך וויל נישט זײַן אַ שוסטער. איך וועל נישט גיין צו זעליגלען, כאָטש הרגעט מיך! — האָט יאָסעלע געענטפערט אַנטשידן.

— ביסטו דאָך טאַקע אַ שייגאַץ! פאָלגסט מיר אויך נישט? טאַ גיי טאַקע אין דער ערד אַרײַן! ווי דו וועסט ברײַען**, אַזוי וועסטו טרינקען! גאָט איז מײַן עדות, איך האָב געטאָן וואָס איך האָב געקענט. — יונה האָט גענומען זײַן קאָראָמיסל צו נעמען זײַנע עמערס וואַסער, נאָר יאָסעלע האָט געמיינט: ער וויל אים שלאָגן, — איז ער אַנטלאָפן. יונה האָט אים נאָכגעשריען:

— אַז אַ וועלט זאָגט „אַ נישט-רעכטער", זאָל מען גלויבן. אַזאַ שייגאַץ, אַזאַ שקאָץ!

אַזוי האָט דאָס פאַרלאָזענע קינד עטלעכע טעג צוגעבראַכט, פון קײַן זאַך קײַן דאגה נישט געהאַט. מיטן הונגער איז ער, זינט ער געדענקט, אַן אַלטער באַקאַנטער געווען, געשלאָפן דאָ אין פאָרהויז אָדער צווישן אויוון אין חסידים-שטיבל, נישט ערגער ווי בײַ זעליגל דעם מײַסטער זײַנעם אויף דער ערד; נאָר איין זאַך האָט אים זײַן לעבן פאַרביטערט און פלעגט שטענדיק מיט טרערן אָנפילן זײַנע אייגעלעך, און דאָס איז געווען, ווען ער פלעגט באַגעגענען ייִנגלעך וואָס גייען אין חדר און פון חדר. אַלע ייִנגלעך גייען — פלעגט זײַן הערצל שרײַען אין אים — ווייסן ווהין זיי גייען, האָבן אַ חדר, אַ רבין און האָבן אַ היים, נאָר איך האָב גאָרנישט... גיי-אַרום אין די גאַסן, לערן נישט און האָב קײַן היים אויך נישט! און ווי האָט ער מקנא געווען יענע ייִנגלעך! און ווי פלעגט ער גאָט בעטן, ער זאָל ווידער האָבן אַ רבין, אַ חדר! זאָל כאָטש דער רבי שלאָגן, נאָר אַ חדר, אַ רבין און לערנען!... קײַן

---

* וואַגאַבונד; ** קאָכן, זידן.

היים האָט ער שוין נישט געבעטן. ווי קען ער שוין אַ היים האָבן, אַז ער האָט קיין מאַמען נישט?

איין מאָל, פאַרבײַגייענדיק אַ חדר, וווּ אַ ניי־מאָדישער ווילנער מלמד האָט מיט זײַנע תלמידים געקנעלט, און דערהערנדיק ווי דער רבי לערנט פּסוק מיט די קינדער מיט אַזאַ שיינעם ניגון, האָט ער זיך פון אָרט נישט געקענט אָפּרײַסן און אונטערן פענצטער זיך צוגעהערט וואָס מ'לערנט און ווי מ'לערנט. פון יענעם מאָל אָן פלעגט ער יעדן טאָג שעהן גאַנצן שטיין נעבן פענצטער. דאָס הערצל פלעגט אים צעגיין. ער פלעגט די ווערטער פון פּסוק שלינגען. ביז די יינגלעך פלעגן אַרויסגיין, אים דערזען און אַוועקטרײַבן מיט זידלערײַען און געשרייען: — גנב, גנב!

איין מאָל האָט ער זײַן שוועסטער שרהלע באַגעגנט. זי האָט נאָך נישט געוווּסט, אַז ער איז פון זעליגל שוסטער אַנטלאָפן. יאָסעלע האָט איר דער־ציילט און זי האָט אָנגעהויבן צו וויינען.

— וויין נישט, — האָט ער זי געטרייסט, — איך וועל נישט זײַן קיין שוסטער. די מאַמע האָט מיך אין חלום געבעטן, איך זאָל נישט זײַן קיין שוס־טער, איך זאָל לערנען. און איצט לערן איך, אַזוי גוט לערן איך, נאָך בעסער ווי בײַ בערלען, שרהלע!

— וווּ לערנסטו?

— קום, איך וועל דיר ווײַזן, — האָט ער ווי מיט שמחה געענטפערט און זײַן שוועסטערל צוגעפירט צום פענצטער — דו הערסט, שרהלע? דאָ לערנט מען בעסער און שענער ווי בײַ בערלען. דאָ זיץ איך יעדן טאָג און לערן אויך גלײַך מיט אַלע יינגלעך! — האָט ער זײַן שוועסטער מיט פרייד דער־ציילט — און פרעג מיך עפּעס, וועסטו זען ווי איך ווייס אַלץ וואָס מען לערנט דאָ אין חדר! — און ער האָט פאַר זײַן שוועסטער אָנגעהויבן זאָגן דעם פּסוק מיט דעם זעלביקן שיינעם ניגון אויסנווייניק, פונקט ווי ער האָט דאָ אונטערן פענצטער געהערט.

— וווּ ביסטו? וווּ שלאָפסטו? — האָט שרהלע מיט געוויין געפרעגט.

— אין חסידים־שטיבל, — האָט ער געענטפערט, — דאָרט איז דער שמש אַ בעסערער ווי אין בית־המדרש; ער טרייבט מיך נישט אַרויס ווי יענער וואָס גיט מיר אַפילו אַ חומש נישט.

— און וווּ עסטו? און וואָס עסטו? מײַן אָרעמער יאָסעלע? — האָט זי ווײַטער געפרעגט. יאָסעלע האָט אויף איר שאלה נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, גלײַך ווי ער וואָלט זי צום ערשטן מאָל געהערט, און געשוויגן, נאָר טרערן האָבן זיך אין זײַנע אייגעלעך באַוויזן.

— קום מיט מיר, מײַן טײַער יאָסעלע, איך וועל מיט דיר מײַן לעצטן ביסן טיילן! — האָט דאָס גוטע שוועסטערל כליפּענדיק געזאָגט — קום, האָב

קיין מורא נישט. מײַן באַלעבאָס וועט מיר גאָרנישט טאָן, אַז איך וועל דיר אַ האַלב פון מײַן וואַרעמס און וועטשערע אַוועקגעבן.

און זי האָט אים צו זיך אַוועקגעפירט, מיט אים דאָס ביסן געטיילט. ר' געצל דעם שנײַדער איז דאָס דווקא געפעלן, וואָס שרהלע האָט אַזאַ גוט הארץ. — אַ רחמנות איז דאָך טאַקע אויף דעם אָרעמען קינד! — האָט ער געזאָגט און שרהלען אַ וואָרט נישט איבערגערעדט, ווען זי פלעגט יעדעס מאָל פון איר פּרישטיק און מיטיק אַ העלפט פאַר איר ברודערל באַהאַלטן. שרהלע האָט פון אירע עטלעכע גראָשן, וואָס פלעגן איר צופאַלן פון אָפּ־טראָגן אַ שטיקל אַרבעט, געקויפט פאַר איר ברודערל אַ העמדל און אַ פּאָר זעקלעך. שיכלעך גאַנצע האָט אים נאָך זײַן גוטע מאַמע, פאַר איר טויט, פאַרזאָרגט. שרהלע פלעגט אים אויסקעמען, אָרומוואַשן, אים געבן זײַן חלק פּרישטיק. יאָסעלע איז גליקלעך געווען. גליקלעך, וואָס קיינער שלאָגט אים נישט און נאָך גליקלעכער — וואָס ער לערנט, כאָטש אויף דער גאַס, אונטער אַ פענצטער ערגעץ. די טעג זײַנען נאָך געגאַנגען־וואַרעמע, די פענצטער כמעט אַלע אָפן און ער הערט און פאַרנעמט קלאָר יעדעס וואָרט, וואָס דער רבי לערנט דאָרט אינעווייניק, און ער געדענקט אַזוי גוט דעם שיינעם ניגון מיט אַלע טײַטש־ווערטער, אַז עס ווילט זיך אים אַמאָל אונטערזאָגן יענעם ייִנגל וואָס בלײַבט שטיין בײַ אַ וואָרט ערגעץ און ווייסט נישט דעם טײַטש. נישט די זילזולים פון די חדר־ייִנגלעך, נישט זייער שפּײַען אויף אים, דורכן פענצ־טער, האָבן אים געקענט אַוועקטרײַבן פון זײַן ליבן ערטל, וואָס גאָט האָט אים צוגעשיקט. ער לערנט... מער ווי דאָס האָט אים נישט געפעלט און דאָס האָט ער דאָ! איינמאָל האָט אַ ייִנגל פון חדר, צי גערן, צי אומגערן, אַרויפ־געגאָסן אויף אים אַ טאַץ הייסע טיי. יאָסעלע האָט אַ האַרצרײַסנדיקן געשריי געטאָן. דער מלמד איז אַרויסגעלאָפן, אים אין חדר אַרײַנגעפירט. צום גליק איז די טיי נישט שטאַרק הייס געווען און קײַן בלאָזן אויף זײַן לײַבעלע זײַנען נישט אויפגעלאָפן.

— ייִנגעלע, ווער ביסטו? וואָס טוסטו דאָ? — האָט דער מלמד מיט־לײַדנדיק געפרעגט.

— איך לערן דאָ! — האָט יאָסעלע תמימותדיק וויינענדיק געענטפערט.

— ווו? וואָס? דאָ אויף דער גאַס?

— מײַן מאַמע איז געשטאָרבן! — האָט דאָס קינד דערקלערט — איך האָב קײַן חדר נישט, הער איך דאָ אונטערן פענצטער אַלץ, וואָס איר לערנט מיט אײַערע ייִנגלעך.

— נו, זאָג, אדרבה, וואָס קענסטו שוין פון אַזאַ לערנען? — איז דער מלמד טשיקאַווע געווען. און יאָסעלע האָט אָנגעהויבן אויסנווייניק איבער־צוזאָגן אַלץ, וואָס ער האָט געדענקט פון דעם וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט ביז איצט. דער מלמד האָט זיך געחידושט, געקוועטשט מיט די פּלייצעס,

דאָס אָרעמע קינד געגלעט איבערן קעפּל און איז אַ בעלן געווען אים צו לאָזן קומען יעדן טאָג אין חדר אַרײַן. נאָר די תּלמידים זײַנע און די באַלעבאָסטע פון דעם הויז, וווּ דער חדר איז געווען, האָבן אים געזאָגט, אַז דאָס יינגעלע, דאַכט זיך, גאָר אַ נעבעכל, איז אָבער אַ גנב ידוע, און אַז איבער אים האָט בערל כמעט זײַן גאַנצן חדר פאַרלוירן, אַז ס'איז נישט כדאַי אַזעלכן אין חדר אַרײַנצולאָזן. דעריבער האָט דער מיטלײַדנדיקער מלמד יאָסעלען געזאָגט, אַז אונטערן פענצטער מעג ער זיצן וויפל ער וויל, ער זאָל אים נאָר געבן אַ האַנט אויף זײַן חלק לעולם הבא, אַז ער וועט קיינמאָל בײַ זײַנע יינגלעך נישט גנבענען. די חדר-יינגלעך האָט ער געגעבן צו פאַרשטיין, ווי גרויס די עבירה איז, זיך צו רייצן און נאָך באַליידיקן אַן אָרעם קינד אַ יתום, וואָס האָט נישט קיין מאַמען, וועלכע זאָל אים אַרײַנגעבן אין אַ חדר, כאָטש ער וויל לערנען און קען לערנען; אדרבה, עס איז אַ מצווה אים צו העלפן, מיט וואָס איינער קען, און נישט זשאַלעווען אַ מאָל אַ שטיקל ברויט אים צו דערלאַנגען דורכן פענצטער, אָנשטאָט צו שפּײַען אויף אים. פון יענעם טאָג אָן האָבן די חדר-יינגלעך אָנגעהויבן רחמנות האָבן אויף יאָסעלען. אָפט פלעגט אים נאָך ווער פון זיי דורכן פענצטער דערלאַנגען אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער, אַ האַלבן בייגל, וואָס פלעגט אים בלײַבן פון אייגענעם פרישטיק, און יאָסעלען איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. ווו צו נעכטיקן האָט ער שוין אויך געהאַט: ער איז מיטן אַלטן שמש פון חסידים-שטיבל דורכגעקומען. פאַר אויסקערן דאָס שטיבל יעדן פרימאָרגן און פאַר אָנגיסן וואַסער אין כיור האָט ער אים געלאָזט שלאָפן צווישן אויוון, פראַנק-און-פרײַ אַ גאַנצע נאַכט. געדאַוונט האָט ער שטענדיק אין „עולמשן" בית-המדרש. ער האָט געפּרוווט אַ מאָל דאָ דאַוונען, נאָר אַז מען האָט אים אין קדיש אונטערגעזאָגט „ויצמח פורקניה" און ער האָט עס נישט געזאָגט, האָט באַלד אַ הייסער חסיד אים גוט אָנגע-ריסן פאַרן אויער און אָנגעזאָגט, אַז אויב ער וועט נאָך אַ מאָל אַזאַ העזה האָבן נישט צו זאָגן „ויצמח פורקניה" אין קדיש, וועט ער אים אין שטיבל קיינמאָל נישט אַרײַנלאָזן. יאָסעלע האָט עפּעס דעם „ויצמח פורקניה" פײַנט געהאַט, ער ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, און נאָר צוליב דעם, ער זאָל נישט מוזן זאָגן „ויצמח פורקניה", פלעגט ער בעסער אַלע טעג, אין דער פרי און בײַנאַכט, לויפן אין בית-המדרש דאָרט דאַוונען און קדיש זאָגן, אין בית-המדרש פלעגט ער אויך אַ מאָל אַ חומש באַקומען, ווו כאָטש איבערצוחזרן, וואָס ער האָט אַמאָל בײַם טאַטן און בײַ ר' בערלען געלערנט. און ווי גליק-לעך איז ער געוואָרן, אַז זוכנדיק אַמאָל אַ חומש, האָט ער עפּעס אַ ספר גע-עפֿנט און עס האָבן זיך אויפגעמישט אָט-די קאַפּיטלעך ישעיה, וואָס ער האָט אויסגעלערנט בײַ דעם ווילנער מלמד אונטערן פענצטער! ער האָט איצט בחוש געזען, וואָס ער האָט אויסנווייניק געלערנט. די אותיות און די ווער-טער זײַנען אים אַזוי ליב, אַזוי טײַער געווען, אַז אים האָט געדאַכט, זײַנע

אייגעלעך זײַנען אים נאָך ליכטיקער געוואָרן, און ער האָט די פּאָר קאַפּיט־לעך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט.

— ייִנגעלע, — דו קענסט שוין סוואַרבע?* — האָט אים אַ ייִד גע־פרעגט, זעענדיק ווי ער לערנט אַזוי פלײַסיק.

יאָסעלע האָט נאָך נישט געוווּסט, אַז דאָס וואָס ער לערנט איצט, רופט מען סוואַרבע — ער געדענקט נאָר, זײַן רבי ר׳ בערל האָט אַמאָל געזאָגט, אַז דעם אַנדערן זמן וועט ער מיט אים אָנהייבן סוואַרבע, און ער האָט זיך איצט פאַרגענומען צו בעטן זײַן שוועסטערל שרהלען, זי זאָל אים קויפן אַזאַ סוואַרבע, וועט ער אַלע נאַכט קענען אפילו אין חסידים־שטיבל לערנען און חזרן. נאָר דאָ האָט אַן אומגליק געטראָפן: בײַ געצל שניידער איז פּלוצלינג פאַרפאַלן געוואָרן אַ שטיקל טײַערער צודאַט פון אַ גבירהס אַ קלייד — איז דער חשד געפאַלן אויף יאָסעלען. שרהלע האָט אומזיסט געוויינט און גע־שוואוירן, אַז נישט זי, נישט איר עלנט ברודערל ווייסן פון דער גנבה; געצל אָבער האָט איר געענטפערט:

— דו ביסט טאַקע אַן ערלעך קינד, פאַר דיר וועל איך אַליין שווערן. אָבער פאַר דײַן ברודערל וועל איך נישט ערב זײַן! אַז אַ וועלט שרײַט, מוז דאָך עפּעס זײַן... נאָר צו וואָס דאַרף איך אים חושד זײַן? טאָמער נישט, האָב איך גאָר אַן עבירה. און צו וואָס טויג עס מיר? זאָל ער בעסער נישט קומען אַהערצו, וועל איך אים אוודאי נישט חושד זײַן. ווילסטו אים פון דעם עסן וואָס געבן? קיין עוולה נישט; אָבער גיב אים אַמאָל אין אַ וואָך אָדער מאָך עס אַזוי, אַז דו זאָלסט קיין צײַט נישט צעשלאָגן און ער זאָל אַהערצו נישט דאַרפן קומען, פאַרשטייסטו?

אַז יאָסעלע איז באַלד דערויף געקומען, האָט זיך שרהלע אויסגעוויינט גאַנץ גוט; געבעטן אים, ער זאָל צו איר קומען נאָר שבת, ווײַל דער באַלע־באָס וויל נישט לײַדן; זי וועט זוכן אַן עצה, ווי אים זײַן חלק עסן איבערצו־געבן. וואָלט יונה אַזוי ווײַט נישט געוווינט, — האָט זי געזאָגט — וואָלט איך יעדן טאָג בײַ יונהן פאַר דיר עפּעס לאָזן. נאַדיר דערווײַל עטלעכע קאָ־פּיקעס, וועסטו זיך קויפן. גיי, מײַן אָרעם ברודערל, אונדזער מאַמעס זכות וועט דיר בײַשטיין און גאָט וועט מיר צושיקן אַן עצה, ווי דיך נישט צו לאָזן הונגערן גאַנצע טעג!

— קויף מיר אַ סוואַרבע, שרהלע! — האָט ער ווי קלאָגנדיק געבעטן — נעכטן איז שוין אין חדר צוגעמאַכט געוואָרן דאָס פענצטער און איך האָב שוין גאָרנישט געהערט, וואָס דער רבי האָט דאָרט געלערנט. אַז איך וועל האָבן אַ סוואַרבע, וועל איך בײַנאַכט אין „שטיבל״ אַליין לערנען. סוואַרבע, שרהלע, איז אַזאַ גוטע זאַך! איך וואָלט גאַנצע טעג נאָר לערנען סוואַרבע.

* עשרים וארבע, תנ״ך.

שרהלע האָט אים צוגעזאָגט צוזאַמענצוקלײַבן געלט אויף אַ סוואַרבע און יאָסעלע איז אַן אומעטיקער אַוועק צום חדר. דאָ האָט ער דערזען, ווי מ׳שטעלט אַרײַן די טאָפּלטע פענצטער, מ׳פאַרשמירט און מ׳פאַרקלעפּט אַלע שפּאַלטן. ער הערט נאָך אַפילו לערנענדיק דאָרט אינעווייניק, אָבער אָן אַ קול, אָן ווערטער, הערט ער... און ער זעט־אײַן, אַז ער האָט שוין מער נישט ווו צו לערנען. ער איז נאָך אַ צײַט געזעסן אונטערן פענצטער ווי אַלע מאָל, אָבער ענדלעך איז ער אַוועק. דאָס הערצל האָט אים ווי געטאָן זיך צו געזעגענען מיט דעם ערטל, וואָס איז אים אַזוי ליב און טײַער געוואָרן.

אויף מאָרגן האָבן זיך טאַקע אָנגעהויבן די אָסיענדיקע* רעגנס מיט די גרויסע און טיפע אָסיענדיקע בלאָטעס, די קאַלטע, גרויע טעג מיט די פינצטערע, שווערדיקע נעכט, און דעם אָרעמען קינד איז ערשט רעכט פינצטער און שווערדיק געוואָרן. אין שטיבל האָט ער בײַנאַכט נישט געקענט זײַן; באַלד נאָכן דאַווענען פלעגט דער שמש דאָס שטיבל פאַרשליסן און אַליין ערגעץ אַוועקגיין. פון בית־המדרש האָבן אים די ישיבה־בחורים מיטן שמש שטענדיק אַרויסגעטריבן. האָט ער קײַן ברירה נישט, שלעפּט זיך אַרום, אויסגעווייקט פון רעגן, דורך די בלאָטיקע גאַסן, ביז עס קומט מנחה־צײַט און ער מעג פראַנק־און־פרײַ אין בית־המדרש אַרײַן. אַזוי אַ פּאָר טעג דורכגעלעבט. נאָר אויפן דריטן טאָג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט שוין פון די עטלעכע קאָפּיקעס נישט מיט וואָס זיך ברויט צו קויפן. ער שטייט שוין אַ גאַנצע שעה ערגעץ אונטער אַ ברעג דאַך, באַהאַלט זיך פון רעגן, דאָס הערצל חלשט, עס איז שוין נאָך האַלבן טאָג און ער האָט נאָך אין זײַן מויל נישט געהאַט. ער געדענקט דעם חשבון נישט און פּרוּווט נאָך זוכן אין די קעשענעס זײַנע, טאָמער איז נאָך דאָ אַ קאָפּיקע. ער זוכט, טאַפּט — נישטאָ. ער דערמאָנט זיך: עפּעס איז דאָך דאָ אַ מאַרק אויף דער וועלט און דאָרט פלעגט ער דאָך געפינען אַ מאָל עפּעס מיט וואָס דאָס הערצל אונטערצולענען. און נישט קוקנדיק אויפן רעגן און בלאָטע לאָזט ער זיך צום מאַרק. נאָר אָט איז ער שוין דאָרט און געפינט דאָס גאַנצע פּלאַץ פאַרלאָזן און ליידיק. ער דערמאָנט זיך דעם טײַטש תוהו ובוהו. „וויסט און לער״!, רעדט ער פאַר זיך. פּונקט אַזוי זעט אויס דער מאַרק. „עס זעט זיך שוין כמעט אַפילו די בלאָטע נישט אַרויס. וואַסער בלאָטיקע, על פּני תהום, אויף דער אויבערפלאַך פון אָפּגרונט!״, טראַכט ער. נישטאָ קײַן ווײַבער מיט אויבסט; נישטאָ קײַן גויִם מיט וועגענער; אָנשטאָט ערגעץ אַ שטיקל אַרומגעביסן עפּל, אָנשטאָט אַ מערל, וואָס וואָלט אים איצט מחיה זײַן, זעט ער אויפן גאַנצן מאַרק נאָר רעגנבלעזלעך, וואָס ווערן פאַרשוווּנדן אָן אַ שיעור, אָן אַ צאָל. עס פאַלט אים אײַן צו פּרוּוון ציילן די בלעזלעך און ער פאַרגעסט אויף אַ ווײַלע, אַז ער איז הונ־

---

* האַרבסטיקע.

געריק און צוליב וואָס ער איז געקומען אַהערצו. ער ציילט און ציילט און עפּעס דאַכט זיך אים אויס, אַז דאָס זײַנען נישט פּשוטע בלעזלעך, נאָר אויגן אַזעלכע וואָס קוקן אויף אים... אפשר זײַנען דאָס גאָר נשמהלעך? — טראַכט ער — אָט לעבט איינע, אָט שטאַרבט איינע... דער רעגן ווערט דערווײַל גרע־סער. און פּלוצלינג — אויס בלעזלעך... אַלע נשמהלעך אויסגעשטאָרבן, אין הימל אַרײַנגעפלויגן, גאָט האָט זיי צוגענומען! — טראַכט ער פאַר זיך. נאָר לאַנג טראַכטן קען ער נישט, ער פילט ווי דאָס וואַסער קריכט שוין אַרײַן אין די שיכלעך זײַנע. דער רעגן נעמט אים דורך ביזן לײַבעלע. ער טוט אַ ציטער און הייבט־אָן לויפן צוריק. וווּהין צוריק? ער ווייסט אַליין נישט. עס ציט אים נענטער צום בית־המדרש. אָט איז ער שוין אין פּאָרהויז. ער דערזעט דעם שמש און וויל שוין מאַכן פּליטה. נאָר עפּעס איז דער שמש צו אים אַזוי גוט הײַנט. ער טרײַבט אים נישט בלויז נישט אַרויס, נאָר ער דערלאַנגט אים נאָך אַ בעזעם זיך אָפּצורייניקן די בלאָטע פון זײַנע פיסלעך און הייסט אים אַרײַנגיין אין בית־המדרש זיך אָפּטריקענען בײַם אויוון. ער איז אַזוי גליק־לעך פון דעם שמשס גוטסקייט, אַז ער פאַרגעסט גאָר, ער איז הונגעריק. ער זיצט נעבן אויוון, טריקנט זיך און וואַרעמט זיך, ביז מען האָט אָנגעהויבן דאַוונען מנחה. צווישן מנחה און מעריב כאַפּט ער אַ דרימל. נאָר אָט גיט מען אַ קלאַפּ אויף דער בימה און מען זאָגט „והוא רחום”. ער טשוכעט זיך אויס, דאַוונט מעריב און זאָגט קדיש. דער בית־המדרש ווערט ליידיק. די ישיבה־בחורים פאַרמאַכן די גמרות. יאָסעלען הייבט־אָן מוטשען דער הונ־גער. ער חלשט עפּעס נעמען אין מויל און ער לאָזט זיך גיין צוריק אַהיים, דאָס הייסט, צו זײַן נאַכטלעגער אין חסידים־שטיבל.

פאַרבײַגייענדיק אַ נידעריק, אָרעם שטיבעלע, דערזעט ער דורכן פענצ־טער ווי אַ מאַמע מיט אירע קינדער זיצן אַרום דעם טיש און עסן וועטשערע. ער דערמאָנט זיך זײַן מאַמען און איז מקנא יענע קינדער וואָס האָבן אַ מאַ־מע, אַ היים און אַ וועטשערע. עס ווערט אים עפּעס אַזוי ביטער צום מוט, אַזוי פינצטער אין די אייגעלעך, אַז ער קען נישט ווײַטער גיין. אַ היפּשע ווײַלע שטייט ער אַזוי און קוקט נאָך אין פענצטער. „כאָטש איין שטיקל ברויט איך זאָל האָבן!”, טראַכט ער און דער הונגער גיט אים מוט אַרײַנצוגיין בעטן אַ שטיקל ברויט, וואָס ביז איצט האָט ער עס נאָך קיינמאָל נישט געפּרוּווט. די ייִדענע נעמט־צוזאַמען די געבליבענע שטיקלעך ברויט פון טיש און דער־לאַנגט אים. ער גיט נאָר אַ קוק אויף איר אַזוי רירנדיק, אָבער אַ דאַנק זאָגן קען ער נישט און לויפט־אַרויס מיט אַ שמחה. גייענדיק עסט ער דערווײַל צו ברעקעלעך. „ווייניקער ווי אַ כזית מעג מען עסן אומגעוואַשן” — גע־דענקט ער, האָט אים זײַן טאַטע אַמאָל געזאָגט, — „אין „שטיבל” וועל איך זיך וואַשן!”. און ער לויפט מיט אימפּעט צום „שטיבל”. דאָ האָט ער זיך באַלד געוואַשן און אויפגעגעסן דאָס איבעריקע, כאָטש עס איז שוין פיל נישט

געבליבן. אַרונטערגעלייגט דאָס מויל אונטערן קראַן פון כיור און זיך אָנגע־טרונקען, געבענטשט, קריאת־שמע געלייענט און זיך שלאָפן געלייגט.

פאַרטאָג, אַז דער שמש האָט אים אויפגעוועקט אויסקערן דאָס שטיבל, האָט אים דער קאָפּ עפּעס אַזוי ווײ געטאָן, אַזוי שווער געווען די אויגן צו עפענען און אויפצושטיין, אַז קוים איז דער שמש אַוועק פון אים, איז ער באַלד ווידער אײַנגעשלאָפן. צום צווייטן מאָל וועקן האָט ער זיך מיט אַלע כוחות אַ ביסל אויסגעטשוכעט, אויסגעגענעצט און איז אויפגעשטאַנען. אַ גאַנצן טאָג האָבן אים אַלע ביינער געבראָכן. אַזוי קאַלט ווי הײַנט איז אים נאָך קיינמאָל נישט געווען. ווידער שלעפּט ער זיך אַרום אין די בלאָטעס און ווידער קומט ער אין בית־המדרש, דאַוונט מנחה און זאָגט קדיש, דאַוונט מעריב און זאָגט ווידער קדיש. נאָר דאָס קולכל זײַנס ציטערט און איז צע־בראָכן, דער אָטעם קורץ און ער בלײַבט שטיין ווי אָפּגעהאַקט נאָך יעדע װָטלעכע ווערטער. ער פילט: ער איז קראַנק. „נאָר דאָס איז פון דעם, וואָס איך האָב הײַנט נישט געגעסן! — טראַכט ער — אַז איך וועל אָפּעסן, וועל איך געזונט ווערן!”, טרייסט ער זיך און עס בלײַבט בײַ אים נאָך אַ מאָל אַרײַנצוגיין אין יענעם שטיבעלע, ווו ער האָט נעכטן אַ שטיק ברויט באַ־קומען. נאָר הײַנט טרײַבט אים אַהין נישט דער הונגער. עפּעס האָט אים אַ גאַנצן טאָג גאָר נישט געהונגערט. ער וויל נאָר בעטן אַ שטיקל ברויט פון רפואה וועגן, עס זאָל אים אַזוי נישט ברעכן און ציטערן אַלע גלידער פון קעלט.

— אַלע טאָג בײַ מיר, יינגעלע? — באַגעגנט אים די ייִדענע — איך בין נישט איינע אין שטאָט! איך דאַנק גאָט, איך האָב פּאַר מײַנע אייגענע קינ־דערלעך! נעכטן בײַ מיר, גיי הײַנט, יינגעלע, צו אַן אַנדערן אַרײַן!...



# אברהם רייזען

אברהם רייזען איז געבוירן געוואָרן אין 1876 אין קאַידענאָוו, רוסלאַנד. זיין פאָטער קלמן איז געווען אַ תבואה־סוחר, אַ ייִד אַ משכיל, מען האָט אים געהאַלטן פאַר דעם שטעטלשן פריידענקער. דער יונגער רייזען האָט גע־קראָגן זיין דערציִונג אין אַ חדר ביי זיין פעטער ר׳ הירש למדן. דער פאָטער האָט מיט אים געלערנט העברעיִש, רוסיש און דייטש.

אברהם רייזען האָט אָנגעהויבן שרײַבן פּרי, ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר נײַן.

אין 1891, ווען רייזען איז נאָך קײַן פֿופֿצן יאָר נישט אַלט געווען, האָט זיך אָפּגעדרוקט זײַנס אַ ליד אין דער „יידישער ביבליאָטעק״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פֿון י. ל. פּרץ. אַ האַלב יאָר שפּעטער איז ער אָפּגעפֿאָרן קיין מינסק.

אין מינסק האָט ער זיך זייער שטאַרק געפּלאָגט. כדי פֿאַרדינען עפּעס האָט ער אָנגעשריבן אַ דערציילונג און עס אָפּגעשיקט קײַן ווילנע צום אַרויסגעבער מ״ץ, וואָס האָט געדרוקט מעשה־ביכלעך. די דערציילונג איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אַ באַזונדער ביכעלע אונטערן נאָמען „אַ כּפּרה די נאָז, אַבי אַ גאָלדענער זייגער מיט 300 רובל נדן״.

רייזען האָט געשיקט לידער צום שלום־עליכמען פֿאַר זײַן צײַטשריפֿט „קול מבשר״. שלום־עליכם האָט אים געענטפֿערט מיט אַ באַגײַסטערטן בריוו און צוגעשיקט די לידער קײַן פֿילאַדעלפֿיע, אַמעריקע, צו אַ יידישער צײַטונג. די לידער זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן אונטערן טיטל „טרויעריקע מאָטיוון, געווידמעט אָרעמע לײַט״. די בילדער האָבן געמאַכט דעם דיכטער אַ נאָמען אין אַמעריקע.

רייזען האָט אָנגעשריבן צענדליקע בענד דערציילונגען און לידער. חוץ דעם האָט ער רעדאַקטירט זשורנאַלן אין פּאַריז, קראָקע און ניו־יאָרק.

אברהם רייזען איז געקומען צום לייענער ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער רענעסאַנס, דער אויפֿבלי פֿון דער יידישער שפּראַך, — אין די לעצטע צוויי צענדליקער פֿון פֿאַריקן יאָרהונדערט; נאָך שלום־עליכם און י. ל. פּרץ פֿאַרנעמט ער איינעם פֿון די ערשטע פּלעצער אין דער יידישער ליטעראַטור. ווי זיי, האָט ער זיך דערגרונטעוועט צו די טיפֿענישן פֿון דער נשמה פֿון דעם יידישן פֿאָלקס־מענטש, וועלכער האָט אים דערפֿאַר באַצאָלט מיט טיפֿער ליבע און אַכטונג.

אברהם רייזען איז געווען איינער פֿון די ערשטע אַרײַנצובערענגען דעם אינדיווידועלן טאָן אין דער יידישער ליטעראַטור. דער יחיד מיט זײַנע איבערלעבונגען, מיט זײַנע פּראָבלעמען און נויטן, מיט זײַנע טרוימען און בענקענישן, פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן אין רייזעס שאַפֿונגען.

אָבער ער באַהאַנדלט די אַלע מאָמענטן נישט שטייענדיק מן הצד ווי אַ דרויסנדיקער — נאָר ווי אַ נאָענטער, מיט טיפֿער מענטשלעכער ליבע און פֿאַרשטאַנד.

רייזענס דערציילונגען און לידער זײַנען ליריש־האַרציקע און אין דער זעלבער צײַט העכסט פֿאָלקסטימלעכע. אויף אַזוי פֿיל פֿאָלקסטימלעך, אַז אָפֿטמאָל נעמט מען אָן זײַנע לידער ווי פֿאָלקסלידער.

אין זײַנע קורצע דערציילונגען און געדיכטן, פֿון וועלכע ער איז דער

ריכטיקער קינסטלער, שפיגלט רייזען אָפּ די לײַדן און פריידן פון זײַנע העלדן מיט האַרציקן מיטגעפיל; מעגן דאָס זײַן די צוויי פאַרוואָגלטע ברידערלעך, וואָס צערייסן דאָס קאַרטל — געקויפט פאַר די איינציקע דרײַ קאָפּיקעס וואָס ייי האָבן פאַרמאָגט — ווײַל יעדער האָט געוואָלט וואָס מער שרײַבן די ווײַטע עלטערן; און מעג דאָס זײַן דער פויער, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט מיטן סכך און וועט דערפאַר בלײַבן אָן זאַלץ און אָן קעראָסין...

צי איז דאָס דער אַלטער רב בער „ווען מען דאָס לעבן דאָס האַרטע האָט האַרט אים געמאַכט" אָדער — די אַלע וואָס בלאָנדזשען אויף וועגן און דער געוויטער האָט זיי פאַרכאַפּט אומבאַשיצטע, — פאַר אַלעמען האָט אברהם רייזען אַ וואַרעם מענטשלעך מיטגעפיל און ציטערדיקע תפילה.

אַפילו דער איינזאַמער בוים אויף דער יידישער גאַס און דאָס לויטערע מײַכל, וואָס די פאַבריק דערשטיקט, וועקן אין זײַן האַרצן גרויס רחמנות און באַדויערן אויף זייער טרויעריקן גורל.

פאַר דעם יידישן קינד האָט רייזען געהאַט אַ באַזונדערע ליבע און פאַרשטענדעניש. זײַנע פּאָעמעס, לידער און דערציילונגען זײַנען פאַר זיי תמיד אינטערעסאַנט, און קינדער לייענען זיי מיט פאַרגעניגן. ווי יעדער אמתער פּאָעט, האָט רייזען מיט די איינפאַכסטע מיטלען דערגרייכט די טיפסטע עמאָציעס אין דעם קינדס נשמה.

אין ניו־יאָרק, ווו רייזען האָט געלעבט די לעצטע פערציק יאָר, איז רייזען געווען אַן אָפטער גאַסט אין די יידישע שולן און מיט זײַן פּערזענלעכער גוטסקייט דערוואַרעמט די קינדער און געהאָלפן צו פאַרוואָרצלען אין זיי ליבע און צוגעבונדנקייט צום יידישן וואָרט, צו דער יידישער ליטעראַטור, צו יידישן שטייגער, צום יידישן לעבן.

אַ ספּעציעלן צויבער האָבן דעם דיכטערס לידער און מעשיות וועגן דעם יידישן שבת און יידישע ימים־טובים.

די טיפע שיינקייט, וואָס עס האָבן פאַרמאָגט די יידישע ימים־טובים פון דער אַלטער היים, די רויִקייט, און אָפּטמאָל — דער מיסטעריעזער כישוף, וואָס האָט געשוועבט פּסח ביים סדר; יום־כיפּור אין שיל; די שיינקייט פון שבועות־גרינס, — אַלץ קריגט בײַ רייזענען זײַן פּרעכטיקן און האַרציקן אויסדרוק, וואָס מאַכט די שטימונגען נאָענט און היימיש אַפילו אין דער ווײַטער אַמעריקע.

גאָר אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמט אין אברהם רייזענס שאַפן דער מענטש וואָס אַרבעט, שאַפט און לײַדט אָן אויסזיכטן אויף אַ בעסערן מאָרגן. רייזענס סימפּאַטיע צום פּאָלקסמענטש, צום אַרבעטער־קלאַס און צו אַלע שוואַכע און באַליידיקטע, איז גוט באַקאַנט. אָן אַ צאָל לידער און דערציילונגען האָט דער פּאָעט זיי געווידמעט, וועקנדיק אין זיי דעם באַוווּסטזײַן פון זייער חשיבות, און בײַ די אַנדערע דאָס געפיל פון יושר און גערעכטיקייט.

* * *

איז אַוועק אברהם רייזען. לײַדיק בלײַבט זײַן פּלאַץ. דער זינגער פון דרײַ דורות, דער פּאָעט פון מענטשלעכן צער, דער מײַסטער פון דעם איינ־פאַכן האַרציקן יידישן וואָרט איז שוין מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע.

זײַן גרויסע ירושה, זײַן לערע פון מענטשלעכער ליבע און גלויבן, אַז „ווי ווײַט זאָל זײַן די צײַט, פון ליבע און שלום, דאָך קומען וועט זי — עס איז קיין חלום..." וועט אייביק לעבן אין האַרץ פון די אַלע, וואָס גלויבן אין אַ בעסערן, ליכטיקן מאָרגן.

# דאָס יינגל וואַקסט אויף

גאָר יונג האָט אברהמל אָנגעהויבן שרײַבן, און דאָס שרײַבן איז בײַ אים געוואָרן אַזאַ געוווינהייט, אַז אויב ער האָט אַ טאָג, צוויי, נישט געשריבן, פלעגט ער אַרומגיין אַן אומעטיקער. אים האָט עפּעס געפעלט, ער האָט געבענקט, זיך נישט געקענט געפינען קיין אָרט. ער פלעגט אַרומבלאָנדזשען איבערן שטעטל, אַוועק אין פעלד, פאַרקריכן טיף אין וואַלד, ווײַט פון שטעטל און אַרומבלאָנקען גאַנצע טעג איינער אַליין. דער טאַטע האָט זיך געבייזערט:

— וואָס קריכסטו אַרום איבער וועלדער און פעלדער, פּטרסט צײַט אויף גאָרנישט מיט נישט.

אברהמל פלעגט וואַרטן ביז דער טאַטע איז שטילער געוואָרן. נאָכדעם פלעגט דאָס יינגל אַרויסשלעפּן פון בוזעם-קעשענע אַ פאַרשריבענעם פּאַפּיר.

— נאַ, טאַטע, זע. איך האָב אָנגעשריבן אַ ליד.

דער טאַטע פלעגט אַ כאַפּ טאָן דעם בויגן פּאַפּיר, איבערלייענען און, נישט קיין צופרידענער אַרויסריידן:

— נו, ס׳איז דאָך נישט אין לשון קודש. וואָס קומט אַרויס פון דעם וואָס דו שרײַבסט גוט? ווער לייענט עס זשאַרגאָן?

אָבער דאָס יינגל האָט נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס וויל דער טאַטע מען זאָל שרײַבן נאָר אין העברעיִש. אַלע ייִדן וואָס ער, אברהמל, קען, רעדן דאָך ייִדיש, און זינגען ייִדיש. ווי קען מען שרײַבן אמתע זאַכן אין אַן אַנדער שפּראַך?

און דער טאַטע אַליין האָט דען נישט הנאה פון אַ גוטן ייִדישן בוך? אָט האָט נישט לאַנג געטראָפן אַ מעשה מיט דעם ביכל „די קליאַטשע" פון מענדעלע מוכר ספרים.

ס׳איז געווען אַזוי:

אברהמל פלעגט נעמען ביכער צום לייענען בײַם ריקאָווער מלמד. דער ריקאָווער מלמד איז געווען אַ מאָדנע מענטשל. ער איז געווען דער איינציקער מלמד אין שטעטל וואָס האָט געטראָגן אַ געפּרעסט העמד מיט אַ קראַגן. ער האָט אויך פאַרמאָגט אַ סאַמאָוואַר אין הויז, אַ גרויסער לוקסוס אין אַ קליין שטעטל, אַ לוקסוס וואָס נאָר די רײַכע באַלעבאַטים האָבן זיך געקענט פאַרגינען.

צו קענען לעבן ווי אַ מענטש איז קנעלן אַליין געווען ווייניק, און דער

ריקאָווער מלמד האָט זיך פאַרנומען מיט אַרויסגעבן מעשה ביכלעך אויף פּראָקאָט. ער האָט געהאַט אין אייבערשטן שופלאָד פון זײַן קאָמאָד אַ זעכ־ציק, זיבעציק אַזוינע ביכלעך אויף יִידיש פאַר די שטעטלשע מיידלעך, וואָס האָבן בײַ אים גענומען, יעדן פרײַטיק, אַ ביכל אויף שבת.

אברהמל איז געווען פון די שטענדיקע לייענער. מאַכט זיך אַמאָל אַ מעשה, אַז דער ריקאָווער מלמד פאָרט אַוועק אין דער גרויסער שטאָט צו אַ דאָקטאָר און קויפט דאָרטן דערוויַיל אַ נײַ פּעקל ביכער. אברהמל איז געווען פון די ערשטע, וואָס זײַנען געקומען זען דעם נײַעם טראַנספּאָרט ביכער. און דער ריקאָווער מלמד זאָגט צו אים גאַנץ וויכטיק:

— דאָס זײַנען גאָר אַנדערע מינים ביכלעך, אברהמל, צווישן די ביכלעך איז בײַ מיר אויך דאָ די „קליאַטשע".

— „די קליאַטשע"? — פרעגט אברהמל, — וואָס איז אַזוינס „די קליאַ־טשע"?

— דו טו נאָר אַ פרעג דעם טאַטן דײַנעם, וועט ער שוין דיר זאָגן וואָס די „קליאַטשע" איז. איך האָב עס טאַקע געבראַכט פאַר אַזוינע מענטשן ווי דײַן טאַטע, פאַר מענטשן וואָס פאַרשטייען.

און אברהמל קומט אַהיים און זאָגט צום טאַטן מיט אַ האַלבן מויל, נישט גלויבנדיק, אַז דער טאַטע וועט זיך אינטערעסירן מיט אַ ביכל געשריבן אין „זשאַרגאָן":

— דער ריקאָווער מלמד האָט געזאָגט, אַז ער האָט געבראַכט „די קליאַ־טשע". ער האָט עס געבראַכט, האָט ער געזאָגט, פאַר אַזעלכע מענטשן ווי דו, פאַר מענטשן וואָס פאַרשטייען.

אין שטוב איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער.

— הער נאָר הער, די קליאַטשע האָט מען געבראַכט. דאָס בחורל איז משוגע געוואָרן פון די ביכלעך. נאַ דיר אַ קליאַטשע! אַ פערד! אַ לאָשעקל! אַ בהמה!

אָבער דער טאַטע לאַכט נישט. ער שטילט אַלעמען אײַן און זאָגט רויִק אַרויס:

— אַזוי, „די קליאַטשע" האָט ער געבראַכט? זעסט, דאָס איז נישט קיין נאַריש ביכל. זאָג אים, אַז איך וועל אים געבן פינף און צוואַנציק קאָפּיקעס פאַר איבערלייענען.

אברהמל איז אַוועקגעלאָפן אָנזאָגן דעם ריקאָווער מלמד, אַז דער טאַטע וויל נעמען „די קליאַטשע" איבער שבת.

פרײַטיק צו נאַכט, ווען עס האָט געהאַלטן בײַ ליכט-בענטשן, האָט דער טאַטע אָנגעגאָסן אַ פול לעמפּל מיט קעראָסין. דאָס האָט געמיינט, אַז דער טאַטע וועט זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט און לייענען.

און אַזוי איז טאַקע געווען. דער טאַטע איז געזעסן ביז גאַנץ שפּעט אין דער נאַכט, געבויגן איבערן ביכל און געלייענט.

נו, אַז דער טאַטע אַליין האָט געקענט זיצן ביז גאַנץ שפּעט און לייענען אַ מעשה ביכל אויף ייִדיש, קען ער שוין נישט זײַן אַזוי שטרענג צו אברהמ־לען, וואָס שרײַבט אויף ייִדיש. און דאָס ייִנגל זעט, אַז דער טאַטע בייזערט זיך נישט, וואַרפֿט ער זיך אַרײַן מיט מער ברען אין שרײַבן אויף ייִדיש.

אין יענער צײַט גיט שוין דער טאַטע נישט אַזוי שטאַרק אַכטונג אויף אברהמלען. דאָס ייִנגל איז אַלט אַ יאָר דרײַצן און פֿאַרדינט אויף זײַן אויס־קומעניש. ער גיט לעקציעס אין ייִדיש און אין רוסיש. ער לערנט אַפֿילו איין ייִנגל דײַטש. דעם ייִנגלס טאַטע איז געווען אַ דײַטשער אינזשינער, געלעבט יאָרן און יאָרן אין רוסלאַנד. זיין ייִנגל האָט נישט פֿאַרשטאַנען קיין וואָרט דײַטש, האָט דער פֿאָטער געוואָלט, אַז זײַן זון זאָל קענען די שפּראַך פֿון זײַן פֿאָטערלאַנד, האָט ער אָנגעשטעלט אברהמלען, וואָס האָט געקענט אַ ביסל דײַטש, לערנען מיטן ייִנגל.

אין יענער צײַט איז אויך אָנגעקומען אין שטעטל פֿאַר אַ לערער, דער שריפֿטשטעלער יאַקנאַהאַז (יכנה"ז). רייזען האָט געהאַט מיט וועמען צו שמועסן וועגן שרײַבן. דער יונגער רייזען האָט דאַן פֿאַרעפֿנטלעכט אַ פּאָר קאָרעספּאָנדענציעס אין „ייִדישן פֿאָלקסבלאַט". ער האָט אויך צוגעשיקט אַהין אַ גאַנצן פּאַק לידער. ס'האָט אָבער פּאַסירט, אַז די צײַטשריפֿט „דאָס יודישע פֿאָלקסבלאַט", וואָס איז דאַן געווען די איינציקע פּעריאָדישע שריפֿט אין רוסלאַנד, האָט זיך פֿאַרמאַכט און רייזענס לידער זײַנען געבליבן נישט פֿאַר־עפֿנטלעכט. רייזען שרײַבט אָבער אַ סך און ער הייבט אָן אַרויסגעבן אַליין אַ געשריבענע צײַטונג. ער האָט דאַן אָנגעהויבן זיך דורכשרײַבן מיט די באַ־רימטע שרײַבער דינעזאָן און פּרץ. שפּעטערצו, ווען פּרץ האָט אַרויסגעגעבן די „ייִדישע ביבליאָטעק", האָט רייזען דאָרטן אָפּגעדרוקט זײַנס אַ ליד. רייזען איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר פֿופֿצן.

אַרום יענער צײַט איז געשטאָרבן רייזענס מוטער. די היים פֿון דעם יונגן ייִדישן דיכטער איז צעשטערט געוואָרן. רייזען איז געוואָרן אַ לערער אין אַ דערבײַיִקן שטעטל. נאָכדעם איז ער אַוועקגעפֿאָרן קײַן מינסק. דאָרטן האָט ער אָנגעשריבן אַ לענגערע דערציילונג מיטן נאָמען „אַ גאָלדענער זייגער", וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין אַ באַזונדער בראָשורקע אונטערן מאָדנעם נאָמען „אַ כפּרה די נאָז, אַבי אַ גאָלדענער זייגער מיט 300 רובל נדן". דאָס אַלץ זײַנען געווען די ערשטע ליטעראַרישע פּראָבעס. זיין אמתע ליטעראַרישע אַרבעט האָט זיך אָנגעפֿאַנגען ווען ער האָט זיך אָנגעהויבן דורכשרײַבן מיטן באַרימטן שרײַבער שלום־עליכם, וואָס האָט דאַן אַרויסגע־געבן דאָס זאַמלהעפֿט „קול מבשר".

רייזען איז שנעל באַרימט געוואָרן. שלום־עליכם האָט צוגעשיקט רייזענס

לידער צו די אַמעריקאַנער יידישע צייַטונגען, די לידער זייַנען געדרוקט געוואָרן און מען האָט זיי געליבט אין הימל אַרייַן.

מיר קענען זיך דאָ טאַקע אָפּשטעלן און באַצייכענען עס אַלס דעם סוף פון רייזענס קינדער-יאָרן.

ש. ביקל

## אברהם רייזען

אברהם רייזען האָט מיט זייַן ווערק, מיט זייַן דערציילונג און מיט זייַן ליד, אַרייַנגעבראַכט אין דער יידיש-ליטעראַטור דעם בראשית פון אַלע ראשיתן — דעם „ואהבת לרעך כמוך”.

און דערפאַר קומט מיר אויס, אַז הגם כראָנאָלאָגיש געהערט אברהם רייזען צו דער גענעראַציע פון די זין אין דער יידיש-ליטעראַטור, איז ער אָבער אין תוך, וואָס שייַך נשמה-שטימונג און שרייַבערישן געמיט, בלי ספק, נישט נאָר עלטער פון די אייניקלעך, נאָר אויך היפּשלעך עלטער פון זייַנע פאָרגייערס — די טאַטעס פון אונדזער ליטעראַטור.

„אין הימל פּליט ער נישט, אָבער אויף דער ערד איז ער דער גרעסטער”, האָט פּרץ געזאָגט וועגן יונגן רייזען. און דאָס פּרצשע וואָרט איז וואָר געוואָרן. וואָרום וואָס קען זייַן גרעסער ווי דאָס גרעסטע וואָס רייזען האָט דערגרייכט: זייַן ליד האָט אַרייַנגעדרונגען און איז געוואָרן דאָס געזאַנג אונטער דער סאַמע אָרעמסטער סטריכע, און זייַן ווערק איז געוואָרן אַ געזעלשאַפט-לעכע מאַכט, אַן אָנשפּאַר פון גלויבן און פון טרייסט פאַר טויזנטער פון זייַן פאָלק.

אברהם רייזען

## מאי קא משמע לן? . . .

1

מאי קא משמע לן דער רעגן?
וואָס-זשע לאָזט ער מיר צו הערן?
זייַנע טראָפּנס אויף די שויבן
קייַקלען זיך ווי טריבע טרערן.
און די שטיוול איז צעריסן,
און עס ווערט אין גאַס אַ בלאָטע;

באַלד וועט אויך דער ווינטער קומען —
כ'האָב קיין וואַרעמע קאַפּאָטע...

2

מאי קא משמע לן דאָס ליכטל?
וואָס־זשע לאָזט ער מיר צו הערן?
ס'קאַפּעט און עס טריפט איר חלב
און ס'וועט באַלד פון איר נישט ווערן.
אַזוי צאַנק איך דאָ אין קלויזל,
ווי אַ ליכטל, שוואַך און טונקל,
ביז איך וועל אַזוי מיר אויסגיין
אין דער שטיל, אין מזרח־ווינקל...

3

מאי קא משמע לן דער זייגער?
וואָס־זשע לאָזט ער מיר צו הערן?
מיט זײַן געלבן ציפער־בלעטל,
מיט זײַן קלינגען, מיט זיין שווערן?
ס'איז אַן אָנגעשטעלטע כלי,
האָט קײַן לעבן, קײַן געפילן, —
קומט די שעה, דאַן מוז ער שלאָגן,
אָן זײַן רצון, אָן זײַן ווילן...

4

מאי קא משמע לן מיין לעבן?
וואָס־זשע לאָזט ער מיר צו הערן?
פוילן, וועלקן אין דער יוגנט,
פאַר דער צײַט פאַרעלטערט ווערן.
עסן „טעג" און שלינגען טרערן,
שלאָפן אויפן פויסט דעם האַרטן,
טויטן דאָ די „עולם־הזה"
און אויף עולם־הבא וואַרטן...

# אַן אורח אויף שבת

עס איז שוין געווען אַרום צוויי אַזייגער אין אַ ווינטערדיקן פרײַטיק נאָך מיטיק. דער שבת, וואָס האָט זיך שוין געשלײַכט מיט אומגעזעענע טריט, איז געווען פון די טאָפּלט-געהויבענע — אי אַ שבת ראש חודש, און דער חודש אַליין אַ געהויבענער — אַ חודש אדר. חנה זלמנס, וואָס איז געווען געניט אין דעם יחוס פון יעדן שבת און געוווּסט זײַן באַדײַטונג, האָט אויך געוווּסט, אַז דער ערשטער שבת פון חודש אדר איז אַ פרייליכער. אין צוויי וואָכן אין דעם חודש אדר פאַלט אויס פורים און מיט טויזנטער יאָרן צוריק — פונקט אַקוראַט ווען, ווייסט זי נישט — האָט זיך אין דער מדינה פרס געטאָן מעשים און מיט די ייִדן פון יענער ווײַטער ווײַט און פון יענעם ווײַטן לאַנד האָבן פּאַסירט גרויסע נסים.

איז זי דערפאַר אַליין געוואָרן פרייליכער. דאָס געשטאַלט פון אסתר המלכה, מיט וועלכער זי איז שוין באַקאַנט אַ פּאָר צענדליק יאָר זינט זי, חנה, לייענט דעם טײַטש-חומש און דעם „תרגום-שני", שוועבט איר שוין פאַר די אויגן אַ גרינלעכע, אָבער פול מיט חן. און מרדכי אַליין, אסתר המלכהס פעטער, מיט דער לאַנגער שוואַרצער באָרד און מיט די געדיכטע ברעמען איבער די שוואַרצע אויגן, וואָס איז אַ צײַט געזעסן בײַם טויער פון מלך אחשורושעס הויף און שפּעטער האָט אים המן הרשע געפירט איבער די שענסטע גאַסן פון דער שטאָט שושן אויף אַ פערד רײַטנדיק, ער, מרדכי, טוט שוין אויך אַ שוועב פאַר אירע אויגן ווי אַן אייגענער מענטש.

האָט זי אוודאי אויף אַזאַ פרייליכן שבת צוגעגרייט בעסערע און טײַערערע געריכטן. אויף וועטשערע האָט זי אָפּגעקאָכט פיש — און פאַר דער יויך האָט זי רײַז עס זאָל זײַן גוט זיס... און אויפן מאָרגנדיקן „וואַרעמס" האָט זי געגרייט גאָר אַ באַזונדער געריכט, וואָס איר זלמנען וועט אוודאי געפעלן.

שטייענדיק אַזוי בײַם אויוון און קוקנדיק אַלע ווײַלע צום פענצטער צו זען ווי שפּעט עס איז, ערשט די טיר האָט זיך געעפנט און עס איז אַרײַן אַ ייִד, אַן אָרעמאַן... פון דעם מין אָרעמעלײַט, וואָס גייען אום איבער די הײַזער.

עס איז געווען אַ וואונדער — פרײַטיק אַזוי שפּעט — אַן אָרעמאַן! געבן אים אַ שטיקל ברויט האָט זי שוין נישט געוואָלט אים פאַרשעמען, בפרט, דער אָרעמאַן אָן אַ טאָרבע אונטערן בגד — האָט אויסגעזען פון די מער יחוסדיקע... האָט זי אים שוין געוואָלט געבן מזומן-געלט אַ קאָפּיקע...

אָבער דער אָרעמאַן, אַנשטאָט צו נעמען אַ נדבה, האָט גאָר איר עפּעס דערלאַנגט.

ס'איז געווען אַ קליין קוויטעלע, אַ פּאַסיקל פּאַפּיר, פאַרשריבן מיט איין שורה. אַ פלעט אויף שבת. איבערלייענען איז איר געווען פאַרשפּאַרט, בפרט, אַז עס איז אויף לשון קודש. נאָר מען דאַרף דען לייענען? מען ווייסט שוין, אַז ס'איז אַן אורח אויף שבת, וואָס מאָטל-בערל דער שמש, פון גרויסן בית-מדרש, האָט איר געשיקט.

מאָטל-בערל איז אוודאי געווען חנהס אַ גוטער פריַינט. ער איז טאַקע מיט צוויי שעה צוריק אַליין דאָ געווען מיט זיַין לאַנגער קערבעלע, וועלכער איז געטיילט אין צוויי טיילן. אין איין טייל די פּושקע פאַר מזומנים, פאַר אים אַליין, און די צווייטע טייל — פאַר די ליכט, וואָס יעדע באַלעבאָסטע וואַרפט אַריַין פאַרן בית-מדרש, אין וועלכן מאָטל-בערל איז אַזש דער אויבער-שמש, און מוז פאַרזאָרגן דעם בית-מדרש מיט ליכט אויף אַ גאַנצע וואָך.

האָט ער, הייסט עס, איר, חנהן, אָפּגעטאָן: געשיקט איר גראָד אויף אַזאַ פריילעכן שבת אַן אָרעמאַן אַן אורח.

נאָר, שאַ — האָט זי גליַיך אַ טראַכט געטאָן צוריק — פאַרוואָס טאַקע נישט? ווײַל ס'איז אַ פריילעכער שבת, שבת אדר, זאָל טאַקע זיַין, אַז מאָטל-בערל, אירער אַ פריַינט און טאַקע אַ פריילעכער ייִד, האָט איר געוואָלט צודינגען.

— וואָס זאָגסטו, זלמן, מיר האָבן דאָך אַן אורח אויף שבת.

— אַן אורח! — איז זלמן געבליבן שטיין ווי אַ פאַרחידושטער, אין מיטן שטוב, אָבער קענטיק געווען אויך מיט נײַגעריקייט — ווער איז דער אורח?

האָט שוין חנה אויסגעזאָגט אינגאַנצן:

— אַן אָרעמאַן, אַ פלעט אויף שבת. ווייסט דאָך... מיר האָבן שוין לאַנג טאַקע נישט געהאַט קיין אורח.

זלמן האָט אַ ווײַלע געשוויגן, און באַלד אַן אומרויִקער געפרעגט:

— ווי זעט ער אויס? אַ יונגער, אַן אַלטער? מיט פאות?

— כ'ווייס דען? איך האָב אפילו אים גוט נישט אָנגעקוקט. דאַכט זיך, אַ ייִד אין די מיטעלע יאָרן.

האָט שוין זלמן, נישט ווויסנדיק ווער דער אורח וועט זיַין, וואָס פאַר אַ מין ייִד דאָס איז, זיך גענומען גרייטן גאָר אַנדערש. טאַקע אַן אָרעמאַן אַן אורח, אָבער אַ פרעמדער מענטש. מען דאַרף נישט פאַרשעמט ווערן.

— האָסטו כאָטש גענוג צו געבן אים עסן? — האָט ער שוין שטאַרק אומרויִק געפרעגט — די דאָזיקע ייִדן עסן אַ סך, ווייסט דאָך...

חנה האָט דערויף געשמייכלט ווי אַ גענימע.

— וואָס הייסט, די פערטע חלה, וואָס אויפדערוואַכן פאַר די קינדער, זועל איך אים געבן אויף קידוש. ס'איז אַ היבשע חלה. פיש האָב איך. וועט

מען די קינדער געבן קלענערע חלקים. און איך, ווייסט דאָך, בין נישט אַזאַ בעלנטע אויף פיש.

— איך וועל אים מײַן חלק אויך אַוועקגעבן.

— נו, און ווו צו זיצן וועט ער האָבן?

און זלמן האָט זיך גלײַך גענומען ציילן די בענקלעך, און געכאַפּט מיטן בליק צו מעסטן די גרויס פון קײַלעכדיקן טיש, וואָס האָט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר זיך שטאַרק געשאָקלט.

האָט ער שוין געזוכט דעם ציגל אונטערצושפּאַרן דעם טיש.

ער האָט אַ ריר געטאָן דעם טיש מיט די הענט, ערשט, ווי אַ נס — דער טיש שאָקלט זיך נישט.

און אַן איבעריק בענקל וועט זיך אויך געפינען. דער אורח וועט שוין זיצן אויפן געפּאַרבטן טאַבורעט.

ס׳איז נאָר געבליבן די פראַגע, ווו, לעבן וועמען?

און ס׳איז געבליבן: ער, דער אורח, זאָל זיצן אַנטקעגן זלמנען, בײַ די זײַטן די קינדער, און חנה אַליין, זי איז דאָך נישט שײַך, זי דערלאַנגט דאָך דאָס עסן סײַ־ווי־סײַ. זי וועט זיך שוין צושפּאַרן לעבן אַ קינד.

אָפּגעדאַווענט בײַם מנין, וואָס האָט זיך געפונען אין דער נאָענט, ווו זלמן דאַווענט אַלע פרײַטיק־צו־נאַכט, שבתים און אַפילו ימים־טובים און די ימים־נוראים, איז ער געקומען נאָך פאַר דעם אורח, וואָס האָט געדאַוונט אין דעם גרויסן בית־מדרש.

האָט זלמן מיט די פינף קינדערלעך, פון עלטסטן ביזן קלענסטן, און מיט חנהן אַליין, געוואַרט אויף דעם אָנקומען פון דעם אורח.

חנה איז געווען אָנגעטאָן אין איר שבתדיקן קלייד, מיט דעם האַלב־זײַדענעם טיכל אויפן קאָפּ, גרייט מקבל פּנים זײַן דעם אורח, וואָס האָט זיך שוין אין די עטלעכע שעה, זינט זײַן קומען מיטן קוויטעלע, צעוואַקסן אין אַ גרויסער, אַנגעזעענער געשטאַלט.

ס׳איז שוין נישט געווען קיין אָרעמאַן, אַ פּלעט אויף שבת, נאָר איינער פון די וויכטיקסטע מענטשן, וואָס געפינען זיך אין דער וועלט.

און טאַקע. וואָס ווייסט זי ווער ער איז?

אפשר איז ער געווען אַ גרויסער גביר אַמאָל... עס פּאַסירט דען נישט?

און זלמן אַליין, אַן אָנגעלייענטער אין אַלערליי סיפּורים, דערציילונגען און אַפילו מעשה־ביכלעך, וועלכע ער האָט טאַקע נישט אַלעמאָל געגלויבט, אָבער איצט, ווען די פיר ליכט ברענען אין די לײַכטער מיט אַזאַ סודותדיקן פלאַם, און דער פײַער אין לאָמפּ אַליין, — אַ וואָכעדיקער לאָמפּ, וואָס שטייט אין מיטן פון די פיר לײַכטער, — איז אויך גאָר אַן אַנדער פײַער, עס ציטערט אַזש דאָס פײַער אין גלאָז און ווי דאָס פײַער וואָלט עפּעס געוווסט — זלמן האָט אויך געוואַרט אויפן אורח מיט אַ טיאָכקען אין האַרצן און מיט אַ באַזונדער מין נײַגעריקייט.

און אַט האָט זיך געעפנט די טיר און דער אָרעמאַן איז אַרײַן. ס׳איז געווען שוין טאַקע נישט קײַן אָרעמאַן און נישט קײַן אורח... נאָר אַ ייִד מיט אַ לאַנגער שײנער שוואַרצער באָרד, גרויסע אויגן אונטער אַ סאַמעטענעם היטל, און דער בגד, אַ בורקע, האָט אויסגעזען ווי אַ בגד, וואָס עס טראָגן די גרויסע משולחים.

די קינדער האָבן אויסגעשטעלט זײערע אויגן, פאַרחידושטע. חנה אַליין האָט זיך דערמאָנט אין מרדכי הצדיק. אַזוי זעט מרדכי הצדיק אויס אין דער מגילה. און זלמנען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז אַ געשטאַלט פון די אַמאָ־ליקע ייִדן, פון שפּאַניע, וועדליק ער האָט געלײענט אין דער היסטאָריע אויף לשון־קודש.

האָט שוין זלמן פאַרגעסן אין זײַן אויפגעקלערטקייט, אין זײַנע פרײַע געדאַנקען, אין די חידושים, וואָס ער האָט אויף פרומע ייִדן בכלל, און ער האָט אים, דעם אורח, אויסגעצויגן די האַנט:

— שלום עליכם...

דער אורח האָט, נישט אויפהייבנדיק די גרויסע אויגן זײַנע, נאָר פאַר־קערט, זיי עטוואָס אַראָפּגעלאָזן צו דער ערד, אַרויסגעזונגען אויפן קול:

— עליכם שלום...

און מיט גרויס וואַזשנעקייט האָט מען זיך ענדלעך געזעצט בײַם טיש און דער אורח אין סאַמע אויבנאָן.

און ס׳איז געווען אַ זכיה, אַז דער אורח האָט געענטפערט אַ וואָרט. אָבער ווער ער איז און פון וואַנען ער איז — דאָס האָט ער נישט דער־ציילט, נישט פרײַטיק־צו־נאַכט בײַם טיש און נישט שבת בײַם טשאָלנט.

און דאָס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם גלויבן, אַז סתם אַ ייִד איז דאָס נישט.

חנה האָט, נאָכדעם ווי דער אורח איז שוין אַוועק צום לעצטן מאָל, געפּרוּווט דערגייַן ווער ער קען זײַן, דער אורח.

— דאָס קען מען נישט וויסן — האָט זלמן, אַ טיף־פאַרטראַכטער, גע־ענטפערט און האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, זען און האָרכן עפּעס מער, ווי מען זעט און מען הערט.

און חנה האָט זיך שוין געפילט גאָר דערהויבן און אפילו גליקלעך אויף איר שטייגער.

# אין גאַס

וואָס וויל פון מיר האָבן, רבונו של עולם, די פרוי מיט די דרײַ פּעקלעך שוועבעלעך אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט?...

איך קען זי נישט און ווייס זי נישט — — — —

איך ווייס נישט, וויפל זי איז אַלט: צי דרײַסיק, צי פופציק, צי זיבעציק יאָר.

איך ווייס נישט, צי האָט זי אַ מאַן, צי איז זי אַן אלמנה, צי אַ גרושה, צי גאָר אַן עגונה.

איך ווייס נישט, צי האָט זי קינדער, וואָס וואַרטן אויף איר קומען בײַנאַכט, אָדער זי איז עלנט ווי די וואַנט פון מויער, אַן וועלכער זי שטייט אָנגעשפּאַרט.

איך ווייס נישט אַפילו, וווּ זי וווינט. צי אין אַ נאַסן קעלער, צי אויף אַ פינצטערן בוידעם.

איך קען זי נישט און ווייס זי נישט, הײַנט וואָס וויל זי פון מיר האָבן? וואָס צערײַסט זי מיר אַזוי מײַן האַרץ? וואָס פאַרסמט זי מיר מײַנע געדאַנקען און וואָס מאַכט זי מיר די גאַנצע וועלט פאַר אַ פינצטערע? וואָס פאַרלעשט זי מיר די זון, פאַרשטעלט מיר דעם הימל? וואָס פאַרטױבט זי מיר אַלע פרייילעכע לידער, וואָס איך וואָלט געקענט הערן?

וואָס מאַכט זי מיר מיאוס אַלע שיינע פרויען אין גאַס?...

וואָס וויל פון מיר האָבן, רבונו של עולם, די פרוי מיט די דרײַ פּעקלעך שוועבעלעך פאַר אַ פירער?...

נו, גוט, איך וועל בײַ איר קויפן דרײַ פּעקלעך שוועבעלעך! איין פּעקל וועל איך אין קעשענע אַרײַנלייגן, אַ צווייטס וועל איך אַהיים ברענגען און אַ דריטס וועל איך אַוועקוואַרפן — עס איז מיר גענוג 150 איינציקע שוועבעלעך פאַר פיר גראָשן.

אָבער וועל איך שוין דער פון רויִקער ווערן? וועט שוין די ייִדענע פון מיר גאָרנישט וועלן האָבן?

ניין!

זי וועט צו מיר אַלץ האָבן שטומע טענות. מיר וועט אַלץ קלינגען אין די אויערן ווי אַ געוויין: — „דרײַ פּעקלעך שוועבעלעך פאַר אַ פירער!"...

און איך וועל אַלץ חשבונען, אַז אין דרײַ פּעקלעך געפינען זיך 450 שטיק, אַז די קעסטעלעך האָבן געקלעפּט אָרעמע מיידלעך, וואָס אַרבעטן פאַר צוויי גילדן אַ טאָג, אַז די דרוק האָט, זאָל זײַן ווי געשווינד, די באַנדעראָלן געדרוקט, אַז דער קאָמיסיאָנער... און דער סך־הכל פון חשבון קומט אַלץ אויס,

אַז די פרוי, וואָס שטייט אין גאַס און בעט זיך: „דרײַ פּעקלעך פֿאַר אַ פּירער״, — איז זייער אַן אומגליקלעכע, און לאָזן זי אַזוי ווײַטער שטיין איז אוממעג־לעך. מען דאַרף צו איר צוגיין, מען דאַרף בײַ איר פרעגן, ווער זי איז און וואָס זי איז. זי איז דאָך אַ מענטש, זי לײַדט דאָך, איר בלוט גיסט זיך דאָך אין גאַס און קיינער זעט עס נישט!

מען דאַרף בײַ איר אויספאָרשן, וואָס זי טראָגט איבער אַ טאָג, וואָס זי האָט איר גאַנץ לעבן איבערגעטראָגן, און מען דאַרף דאָס אויסרופן אין אַלע גאַסן, אין אַלע פרייליכע ערטער און שרײַען:

— איר הערט, חברה, אין דער און דער גאַס שטייט אַ ייִדענע מיט דרײַ פּעקלעך שוועבעלעך אין דער האַנט און פאַרקויפט עס פֿאַר פיר גראָשן. זי איז זייער אַן אומגליקלעכע. אין איר לעבן איז איין ליכטיקער שטראַל נישטאָ. לאָמיר זען אַ מיטל דערצו, ווײַל עס איז אומעגלעך אַזוי ווײַטער צו. לעבן, עס איז פֿאַרשטערט אונדזער פרייד; איר קול, וואָס איז, דאַכט זיך, הייזעריק, שרײַט העכער פֿאַר אַלע אונדזערע לידער...

און איך, משוגענער, וויל טאַקע שוין צוגיין צו איר און מאַכן מיט איר אַ שמועס — כאַפּט מיך דער טײַוול! פֿאַר וועמען האָב איך מורא? מען וועט לאַכן? זאָל מען לאַכן!

און איך וויל שוין צוגיין.

דערהער איך עפּעס נאָך אַ קול, וואָס איז גלײַך צו אירן!

איך קער זיך אָפּ און דערזע לעבן זיך אַ בלאַס ייִנגל מיט אַ קעסטעלע קאָנווערטן.

וואָס וויל ער?

אַכט קאָפּיקעס אַ מאה קאָנווערטן! אַכט קאָפּיקעס אַ מאה קאָנווערטן!

איך לאָז די פרוי מיט די שוועבעלעך און גיי צו צום ייִנגל מיט די קאָנ־ווערטן. גרויסע, בלויע קאָנווערטן!

אַ קאָנווערט דאַרף איך האָבן איינעם אין אַ וואָך, נאָר איך קויף, איך מוז קויפן... ווארום, פֿאַרשטייט איר מיך, אַז דאָס בלאַסע ייִנגל זאָל וואַרטן אויף אַ מענטשן, וואָס דאַרף טאַקע אַ גאַנצע מאה קאָנווערטן, וועט ער געוויס קיין אָנבײַסן זיך נישט אויסוואַרטן...

איצטער אָבער ווייס איך נישט, וואָס זאָל איך טאָן מיט דער ייִדענע מיט די שוועבעלעך.

דאָס ייִנגל בעט זיך אויך מיט שטומע בליקן: פֿאַרש אויס מײַן לעבן, וועסטו געפינען געניג נויט...

מילא, וואָס זאָל איך טאָן מיט זיי! פֿאַרפֿאַלן — איך וועל אים אַ פרעג טאָן!...

רוקט זיך אונטער אַ ייִד מיט טאַשן־לוחותלעך... שיינע טאַשן־לוחותלעך,

קליינע און שיינע — אַ מחיה צו קוקן אויף זיי. נאָר־וואָס אָפּגעדרוקט. און מײַער בעט ער אויך נישט — אַ קאָפּיקע אַ לוח. אַ שרעקלעכער זול...

איך קויף אויך אַ לוח: לאָמיר וויסן, ווען ס'געפאַלט תשעה־באב...

און דער ייִד איז אויך אַלט (און אפשר איז ער יונג — ווער קען פאַרשטיין זייערע פּנימער?...) און זײַן לעבן דאַרף אויך אַ סך דערציילן דער וועלט...

מען דאַרף זיך צו אים אויך אַ נעם טאָן...

נאָר עס רוקט זיך אונטער אַ ייִד סתם און פאַרקויפט גאָרנישט... אַ ייִד אָן סחורה... און דער ייִד קאָסט מיר טײַערער ווי יענער מיט דער סחורה: זײַן אויסגעדאַרט, אויסגעמוטשעט פּנים איז מיר ווערט מער פון דער ייִדענעס פּעקלעך שוועבעלעך, פון דעם ייִנגעלעס קאָנווערטן און דעם אַלטנס לוחל. איך קען זיך אָן זייער סחורה באַגיין. דער ייִד אָבער אָן דער סחורה האָט אונטער די אויגן אַזוינע רעדער, וואָס זיי זײַנען ווערט פאַר יעדן גוטהאַרציקן מענטשן אַ גריוונע*.

און אַזוי פיל קאָסט ער מיר...

גענוג אָבער! איך וועל זיך נישט אַרויסדרייען פון אַזוי פיל אומגליקן, איך קען נישט, איך האָב שוין קײַן געלט נישט און כ'האָב שוין קײַן האַרץ נישט.

אברהם רייזען

# לידער

## ווי קום איך?

**ווי קום איך צו זינגען? פון וואַנען, מײַן קינד?**
**בײַ אונדז האָט אין קוימען געברומט נאָר דער ווינט;**
**די קינדער זיי פלעגן נאָר זאָגן: האַם־האַם!**
**און אָפט מאָל די מאַמע — אַ קללה צום גראַם.**

**ווי קום איך צו שיינקייט? פון וואַנען, מײַן קינד?**
**דער וועג צו די פעלדער — דורך גוייִם און הינט...**
**די גאַס איז געווען אַזוי אָרעם און וויסט,**
**בײַ איטלעכער טיר — נאָר אַ בערגעלע מיסט...**

---

* אַ גריוונע — צען רוסישע קאָפּיקעס.

# אָרעמעס לעבן

אָרעמעס לעבן! נאָר שטענדיק זיך מאַטערן,
שטענדיק צו לעבן אין נויט;
כוחות די יונגע די פרישע צעפּטרן,
זוכנדיק טרוקענעם ברויט!

וואָגלען און וואַנדערן! ווי טאָגן, נישט נעכטיקן,
נעכטיקן נישט, ווי געטאָגט!
הערן דאָס שפּעטן פון בייזיניריטערעכטיקן,
שווייַגן — קיין וואָרט נישט געזאָגט!

בוקן זיך, בייגן זיך נידעריק, נידעריק
ברעכן דעם קערפּער אויף האַלב;
ריידן תחנונים און וויינענדיק, ציטערדיק
בעטן בייַם גאָלדענעם קאַלב...

שטיקן פאַרלאַנגען און שטרעבונגען קראַפטיקע,
שטיקן און דריקן אין האַרץ,
בלומען פון יוגנט, די פרישע, די זאַפטיקע,
לאָזן צעטרעטן אויף שוואַרץ...

# די וואַנט

די אויגן — פול צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער — זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט —
מיר שטייען בייַ אַ הויכער, געמויערטער וואַנט, —
מיט העק און מיט האַמערס, און אייַזנס אין האַנט —
מיר ברעכן די וואַנט;

די וואַנט איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק,
פאַרצוימט אונדז די וועגן צום לעבן, צום גליק;
פאַרשטעלט אונדז די ליכטיקע זון און זי מאַכט
פון פריילעכן טאָג אונדז אַ פינצטערע נאַכט —
מיר ברעכן די וואַנט;

און פאַלט פון דער שטיינערנער וואַנט ווען אַראָפּ
אַ שטיין צי אַ ציגל, טרעפט ווען אין קאָפּ, —

די איבעריקע בלײַבן דאָך שטיין גאָר אָן שרעק
און אַרבעטן װײַטער, מען לױפֿט נישט אַװעק —
מיר ברעכן די װאַנט;

די אַרבעט דאַרף דױערן, די אַרבעט איז שװער —
פֿאַרזאַמלט זיך, ברידער, קומט אַלע אַהער,
זאָל יעדער צולײגן פֿעסטער זײַן האַנט,
מיר װעלן די הױכע, די פֿינצטערע װאַנט
צעברעכן, צעברעכן!...

**ש. ד. זינגער**

## ייִדן אין רײזענס שטעטל

רײזענס שטעטל איז געבליבן גאַנץ, אַזױ אָן שלײערן, נישט פֿאַרפּוצט אין דער ראָזעװער שײַן פֿון אַ פֿאַרנעפּלטער ראָמאַנטיק. רײזענס שטעטל װערט געװיזן אין נאַטירלעך־װאָכעדיקן הילוך. דוכט זיך אונדז — אַז די ייִדן דאָרט לעבן נאָך אַלץ זײער גראָשנדיק לעבן. מיזערנע, קלײן, אָבער אינער־לעך שטאָלץ, מיט אַן אָ שיעור עשירות. װײַל אַלע ציטערן זײ איבערן ביסל לעבן, און פֿירן שטענדיק אַ ביטערע מלחמה, אין די אָרעמע ד׳ אמות, פֿאַרן שטיקל ברױט. אין פֿאַרגלײַך מיט די זאַטע גרױסשטאָטישע, זײַנען זײ גאָר די אמתע גרױסע העלדן. זײ, די „הײמישע מענטשן״ — װי רײזען רופֿט זײַן בוך װעגן שטעטל, — זײ האָבן דעם אמת טיפֿן זין פֿאַרן לעבן...

אין זײַן באַשרײַבן די ייִדן פֿון שטעטל, גײט רײזענען נישט אַזױ אין ליטעראַרישע עפֿעקטן, װי אין אמת גופֿא. מאַכט נישט אױס װאָס נישט אײנע פֿון זײַנע פּילצאָליקע דערצײלונגען זײַנען, אין פּרט פֿון קאָנסטרוק־ציע, טעכניש נישט פֿאַרענדיקט. אַ סך פֿון זײ זײַנען װי מאָטיװן אױף װעל־כע לידער װערן געשריבן. אַמאָל איז געװנוג אַן אַנעקדאָט, אַ בילד, אַז א. רײ־זען זאָל זיך צוהערן, זיך פֿאַרקוקן און דערפֿון דערצײלן. עס איז צו באַװוּנ־דערן רײזענס קינסטלערישן כּוח צו זאָגן אַ סך אין װײניק װערטער.

**אברהם רײזען**

## די געשיכטע פֿון אַ קראָם

די קראָם, װאָס האָט זיך געפֿונען אין דער מיט פֿון דער פֿערטער קלײ־נער צײַל קראָמען אין מאַרק, איז געװען געבױט אױף דעם זעלבן שטײגער, װי אַלע אַנדערע. דער זעלבער גאַניק פֿון דרײַ שטײנער, אױסגעלײגט װי אַ

סגל, אַ שטיקל סגולה צו דער שטענדיקער בלאָטע, וואָס האָט זיך נישט גע־וואָלט פאַר קיין פאַל אין דער וועלט טריקענען, די זעלבע אויסגעהאַקטע לאָך, וואָס האָט געהייסן „טיר" און זיך פאַרמאַכט בײַנאַכט מיט גרויסע קונצן און געעפנט זיך מיט נאָך גרעסערע; די זעלבע שוואַרצע פאָליצעס, וואָס קיינער געדענקט נישט, ווען האָט מען זיי געמאַכט, און אַפילו די זעל־בע גרוים. און דאָך האָט זי געהאַט זייער אַ טרויעריקן אויסזען און האָט געשראָקן. אַז מען פלעגט אַרײַנקוקן אין דער דאָזיקער קראָם און, דערזעענ־דיק דעם קרעמער, צי די קרעמערין אינעווייניק, פלעגט זיך דאַכטן, אַז נישט מיט זייער גוטן ווילן זיצן זיי דאָ, דאָס האָט עפּעס אַ נישט־גוטער זיי פאַר־משפט צו זיצן אַ צײַט פאַר עפּעס זייער אַ האַרבער עבירה...

אָפּגעשיידט האָט זיך איין קראָם פון אַלע אַנדערע קראָמען מיט איר נאָמען. אין שטעטל האָט אַלץ און יעדערער געהאַט אַ נאָמען, קראָמען אָבער נישט. דער נאָמען פון אַ קראָם איז געגאַנגען אויפן באַלעבאָס פון קראָם. למשל: אברהם יוספס קראָם, זלאַטע באַשעס קראָם, מאַטלע גיטלס קראָם, די דאָזיקע קראָם אָבער האָט געהאַט אַ נאָמען — „די מזלדיקע" האָט זי געהייסן.

דאָס איז געווען אַ בײַסנדיקער „סגי־נהור"־לשון*, אַן איראָניע, וואָס האָט אַ סך אירע אַלטע לעבעדיקע באַלעבאַטים דערמאָנט זייער אומעטיקע, לאַנ־גע טעג און נאָך אומעטיקערע, לענגערע אָוונטן...

און די „מזלדיקע קראָם" האָט געהאַט אַ סך באַלעבאַטים. ווען מען וואָלט וויסן ווי אַלט די קראָם איז, וואָלט מען בערך געקענט אויסרעכענען וויפל קעפּ זײַנען אין איר געווען, וויפל אויגן האָבן דורך איר טיר אַרויסגעקוקט אויף אַ קונה און שיעור נישט בלינד געוואָרן קוקנדיק, און שיעור נישט צע־פּלאַצט געוואָרן וואַרטנדיק. אויסרעכענען וואָלט מען עס געקענט דערפאַר, ווײַל דורכשניטלעך איז דאָרט קיין קרעמער נישט געזעסן מער ווי אַ האַלב יאָר און אויב די קראָם שטייט שוין, למשל, צוויי הונדערט יאָר, האָבן זיך אין איר אַכט הונדערט אויגן געמוטשעט... עס איז אָבער אַ סברה, אַז די קראָם איז נאָך עלטער פאַר צוויי הונדערט יאָר, עס דאַכט זיך, אַז זי איז באַשאַפן געוואָרן משׁשת ימי בראשית, און דער גרעסטער סטאַטיסטיקער וועט נישט ביכולת זײַן אויסרעכענען וויפל באַלעבאַטים זי האָט געהאַט.

די, וואָס מען געדענקט, איז אָבער אויך גענוג.

פון די ערשטע, וואָס מען געדענקט זיי און מען זעט זיי נאָך איצט אין שטעטל, איז — חיים דער אַלטער. ער האָט זי געדונגען בײַ דער אופּראַווע,** צו וועמען זי געהערט, פאַר צוואַנציק רובל אַ יאָר און, באַטראַכטנדיק מיט

* „סגי־נהור"־לשון — פאַרשטעלטע שפּראַך.

** אופּראַווע — שטאָט־פאַרוואַלטונג.

שכל דעם פּלאַץ, וואָס אַרום דער קראָם געפינט זיך, האָט ער באַשלאָסן, אַז די קראָם דאַרף זײַן גוט פאַר דזעגעכץ מיט מאָזש.

און אַ גאַנץ האַלב יאָר איז געשטאַנען אויפן צעפּוילטן פּאָל פון קראָם, אַרויסגערוקט צו דער טיר, אַלס אַ שילד, אַ שוואַרצער עמער מיט דזעגעכץ, מיט שוואַרצע קוואָרטן, האַלבע קוואָרטן און קווערטעלעך. און אַ קעסטל מיט שוואַרצע שטיקער מאָזש, מיט אַ שוואַרצן מעסער, צו שנײַדן עס. חיים אַליין, אויסגעשמירט אײַנגאַנצן אין זײַן סחורה, מיט אַן אויסזען פון אַ זו־מערדיקן פאַרנאַכטיקן שאָטן, איז געשטאַנען נעבן דער טיר, די הענט צו־זאַמענגענומען אין די אַרבל און האָט געקוקט...

אַ וואָך האָט ער אַזוי געקוקט, און איינמאָל אין אַ רעגנדיקן זונטיק איז געקומען אַן אָפּגעריסענער מוזשיק מיט אַ פּאָר צעריסענע שטיוול, האָט גע־קויפט אַ קווערטל דזעגעכץ פאַר פיר גראָשן און האָט טאַקע אין קראָם גופא מיט זײַנע פינגער אויסגעשמירט די שטיוול פון אויבן ביז אַראָפּ. חיימען איז אַביסל פריילעכער געוואָרן. די האָפענונג מיט די חנעוודיקע אויגעלעך האָט אים אַ ווינק געטאָן. נישט געזאָרגט, חיים, וועסט לייזן געלט און חיים, נישט קיין נאַרישער ייִד, דאַכט זיך, פאַרשטייט גוט אַ שטיקל רש״י מיט תוספות, האָט זיך אײַנגעהערט און געשמייכלט, ווי גערעדט: איך גלייב דיר!

אין אַ האַלב יאָר איז דער עמער געוואָרן אַביסל ווייניקער. חיים האָט פאַר האַרצווייטיק פאַרגעסן וויפל קוואָרט ער האָט פאַרקויפט. פון דער מאָזש האָט געפעלט נאָר אַ קליין שטיקל, דאַכט זיך אַ האַלב פונט. ער האָט אויף דעם עמער דזעגעכץ מיט דער מאָזש געמאַכט אַ „ראַספּראָדאַזשאַ״*, גע־לאָזן פאַר זיך אַ דריטל פון קאַן, צוגענומען די שליסלען און מיט אַ קללה אַנטלאָפן געוואָרן אַהיים און געמאַכט אויף זומער אַ קנעלונג...

די קראָם איז געבליבן אָן אָפענע. עלנטע הינט און ציגן האָבן דאָרט געפונען אַ באַשיצונג פון שלעכטן וועטער. נאָר נישט לאַנג. די שטאָטישע באַ־לעבאַטים האָבן געוואָרפן אויגן אויף דער קראָם, אויפן געשעפט, וואָס מען קען דאָ מאַכן, און איינער לייבע טעוויעס, אַ ייִד מיט אַ קאַפּיטאַל פון הונ־דערט רובל, וואָס האָט נישט געוואָלט עס קיינעם פאַרלײַען, האָט זי געדונ־גען פאַר אַכצן רובל.

— איר וועט זען, ייִדן, — האָט לייבע טעוויעס געזאָגט — אַז איך וועל פון מײַן קראָם מאַכן אַ „לײַט״, זי וועט מיר טראָגן צוויי־דרײַ רובל אַ וואָך.

— דהיינו, וואָס פאַר אַ מין סחורה רעכנט איר צו האַלטן? — האָט מען בײַ אים געפרעגט.

נאָר לייבע טעוויעס האָט נישט אַזוי גיך אַנטדעקט דעם מין סחורה. צי דערפאַר, ווײַל ער האָט מורא געהאַט, מען זאָל בײַ אים דאָס נישט אויסכאַפּן,

---

* „ראַספּראָדאַזשאַ״ — רוס׳. אויספאַרקויף, ליקווידאַציע.

אָדער ער האָט מורא געהאַט, אַז מען זאָל פון אים נישט לאַכן, דאָס האָט ער אַליין נישט געוווּסט.

אין אַ וואָך אַרום אָבער איז דער סוד אַנטפּלעקט געוואָרן. לייבע טע־וויעס האָט געמאַכט אַ קראָם פון מילכיקס — איבערהויפּט איז דאָרט גע־ווען אַ סך „שאָטן־קעז".

„שאָטן־קעז" איז איצט אויס מאָדע, עס איז אַפילו אַ ספק, צי ווייסט װער אין היינטיקע דורות, בפרט אין די גרויסע שטעט, פון דעם מין קעז, וואָס ער מאַכט זיך נישט פון זויער־מילך, נאָר פון „מאַסלינקע", דער שטאָף, וואָס בלייבט פון דער אויסגעשלאָגענער פּוטער. אַמאָל אָבער, און אַוודאי איצט אויך אין די קליינע שטעטלעך, איז „שאָטן־קעז" געווען איינער פון די וויכטיקסטע מאכלים ביי יידן. דאָס איז געווען די נייטיקסטע שפּייז נאָך קאַר־טאָפל. מיט אַ פונט „שאָטן־קעז" האָט אַ באַלעבאָסטע אויסגעהאַלטן אַ וואָך מיט אָנבייסן די קינדער. וואָר רעדט, אַז מען פלעגט נאָך זיך נישט פוילן און מאַכן פון דעם „שאָטן־קעז" גאָמלקעס און טריקענען זיי זומער אויף דער זון און ווינטער אין אויוון, פלעגט זיך דאָס דעמאָלט רעכענען פאַר אַ נאַשעריי אָדער אַ כיבוד פאַר געסט.

וויסנדיק גוט דעם אָנגאַנג פון „שאָטן־קעז" אין שטעטל, האָט לייבע טע־וויעס נישט אומזיסט געהאַט האָפענונגען. ביז אַהער, ד"ה ביז אים איז איינ־געפאַלן די אידייע דערפון, איז אין שטעטל ספּעציעל אַזאַ קראָם נישט גע־ווען און דאָס האָט נאָר געהאַט יעדער באַלעבאָסטע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אייגענע בהמה. די אָרעמעלייט אָבער האָבן געמוזט אָנקומען צו די באַ־לעבאָסטעס פון די בהמות. דעריבער האָט לייבע טעוויעס גערעכנט, אַז ווען ער וועט אויפקויפן ביי אַלע באַלעבאָסטעס פון די בהמות דאָס מילכיקס, און דער עיקר טאַקע דעם „שאָטן־קעז" — וועט ער לייזן פיין געלט.

און באַלד האָט מען די קראָם אויסגערייניקט מיט אַ גרויסן בערעזעווען בעזעם, מיט וועלכן מען האָט אויך די ציגן אַרויסגעטריבן, און מען האָט צו־געקליבן די קראָם ווי געהעריק איז, מען האָט אַוועקגעשטעלט צוויי גרויסע קריג זויער־מילך, אַ קריגל סמעטענע, צוויי גרויסע קעז, אַלס שילד, אויף אַ ברעט, האַלב אַרויסגערוקט אין דרויסן, און אַ גרויסן צעבער מיט שאָטן־קעז.

געזעסן אין קראָם זיינען די ערשטע טעג ביידע. אי לייבע טעוויעס אי זיין ווייב שיינע. דעם ערשטן טאָג האָבן זיי געלייזט פאַר אַ האַלב פונט שאָטן־קעז — צוויי גראָשן, דעם אַנדערן טאָג פאַר אַ קווערטל זויער־מילך — אַ גראָשן, און אויפן דריטן טאָג האָבן זיי ערשט פאַרנאַכט געלייזט פון אַ תלמוד־תורה־יינגל פאַר אַ גראָשן ווייסן קעז.

— נעם בעסער שאָטן־קעז — האָט לייבע טעוויעס פאָרגעלייגט, — שאָטן־קעז וועסטו האָבן מער, נאַרעלע. ביסט דאָך אַן אָרעם יינגל. ווייסער קעז איז פאַר דיר צו טייער.

נאָר דאָס תלמוד־תורה־ייִנגל איז געווען נישט זייער קיין אָרעמער; זײַן טאַטע איז געווען אַ שוסטער, וואָס האָט פאַרדינט דרײַ רובל די וואָך, און ער האָט זיך פאַרגינען צו עסן ווײַסן קעז.

— פע, שאָטן־קעז! — האָט ער זיך פאַרקרימט.

— גיי, שגץ! — האָט לייבע טעוויעס זיך געכעסט, — ווי זאָגט מען עס אויף שאָטן־קעז פע?

נאָר דאָס תלמוד־תורה־ייִנגל איז נישט נתפּעל געוואָרן, וואָס לייבע טעוויעס האָט, נעבעך, אַ גאַנצן צעבער מיט שאָטן־קעז, און ער האָט ווידער געזאָגט:

— פע, שאָטן־קעז...

און לייבע טעוויעס האָט נאָכן ייִנגלס אַוועקגאַנג, געזאָגט צום ווײַב:

— אינדעראמתן, וואָס דאַרף מען האַלטן אַזוי פיל שאָטן־קעז?

— איך ווייס? — האָט דאָס ווײַב געענטפערט, — וואָס דען וועסטו האַלטן?

און אַז לייבע טעוויעס האָט אין אַ האַלב יאָר אַרום אויך פאַרקויפט די קראָם, אַרויסגייענדיק מיט פּערציק רובל היזק, האָט די קראָם זיך פאַרצווייפלט, זי איז, דאַכט זיך, נידעריקער געוואָרן און האָט אויסגעזען ווי אַ חורבה.

די שטעטלדיקע באַלעבאַטים אָבער האָבן געזוכט געשעפט און האָבן געוואָרפן אויגן אויף דער קראָם, טראַכטנדיק אַלץ פון נײַע מינים סחורות.

— דאָ וואָלט גוט געווען צו האַלטן מעל, און נאָר מעל! — אַזוי האָט זיך משער געווען חייקל דער תבואה־הענדלער, וואָס פון תבואה־האַנדל אַליין האָט ער נישט געקענט האָבן חיונה און האָט געזוכט נאָך געשעפטן.

ער האָט זיך געוואָלט מכוח דעם מיט וועמען עס איז אַן עצה האַלטן, נאָר ער האָט מורא געהאַט. טאָמער איז עס טאַקע גוט און מען כאַפּט זי אים אויס!

און חייקל האָט געריזיקירט און האָט געדונגען די קראָם און אַרײַנגעשטעלט אין איר פינף זעקלעך ווײַסע מעל, דרײַ — קאָרענע און אַ זעקל מיט גרויפּן. שפּעטער, האָט ער גערעכנט, וועט ער דאָ האַלטן באָב און אַרבעס.

נאָר צו באָב און אַרבעס האָט די קראָם נישט זוכה געווען, און חייקל האָט מיט חרטה, וואָס ער האָט זיך נישט געהאַלטן פריִער קיין עצה מיט קיינעם, פאַרלאָזן די קראָם, און האָט פאַרקויפט די זעקלעך מעל אַ גרעסערן מעל־קרעמער מיט פינף רובל היזק און האָט גענומען זוכן צום תבואה־האַנדל אַן אַנדער געשעפט.

און די קראָם איז ווידער געבליבן פּוסט, און ווידער נישט אויף לאַנג. זרח דער סופר האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער און האָט זיך מתחייב גע־

ווען צו געבן דעם יונגן פּאַרפּאָלק אַ יאָר קעסט מיט אַ געשעפּט, און דאָס יונגע פּאַרפּאָלק האָט מען טאַקע אַרײַנגעזעצט אין דער קראָם. געהאַלטן האָבן זיי דאָרטן שניט.

און אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט דאָס יונגע פּאַרפּאָלק אָפּגעשניטן מיט די שניט און דער יונגערמאַן האָט זיך אויסגעלערנט סופרות, שרײַבן תפילין און מזוזות, און די קראָם איז ווײַטער געבליבן אַן עגונה...

און אַזוי האָט זיך עס לאַנגע, לאַנגע יאָרן געצויגן און די קראָם האָט צו־געצויגן באַלעבאַטים און אַוועקגעטריבן, צוגעצויגן און אַוועקגעטריבן, ביז מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן די „מזלדיקע" קראָם, און גרונם שנײַדער, אַ שפּאָטיקער חכם, פּלעגט, קוקנדיק אויף איר, זאָגן:

— געדענקט, ייִדן, מײַנע ווערטער: די קראָם איז טאַקע אַ מזלדיקע, נאָר נישט פֿאַר ייִדן; אַ גוי דאַרף זיך אין איר אַרײַנזעצן, נאָר אַ גוי, אַזוי זאָגט מיר עפּעס דאָס האַרץ.

און ער האָט טאַקע געטראָפֿן. שוין עטלעכע יאָר, אַז די דאָזיקע קראָם איז העכער געוואָרן, גרעסער און ליכטיקער, אין קראָם זיצט אַ גוי מיט גרוי־סע בלאָנדע בייזע וואָנסן, רעדט טיף רוסיש, און לייזט אפשר הונדערט רובל אַ טאָג. ייִדן גייען פֿאַרבײַ, קוקן, נעבעך, אַרײַן אינעווייניק און ווערן צע־פּלאַצט: „אָט איז אַ מין מזל! מיר האָבן דאָ געפּינצטערט און געפּינצטערט... בדלות געוואָרן..."

דאָס איז די שטעטלדיקע „מאָנאָפּאָל" און זי איז טאַקע איצט זייער מזלדיק...

**א. מלאָטעק**

## אברהם רייזען און דאָס ייִנגל מיט די צײַטונגען

פֿון אברהם רייזענס לוויה זײַנען מיר, אַ גרופּע ייִדישע לערערס, אַהיים־געגאַנגען צוזאַמען. מיר זײַנען געגאַנגען און געשוויגן. יעדער איינער פֿון אונדז האָט געהאַט אַזויפֿיל צו דערציילן, ווען אברהם רייזענס ליבשאַפֿט צו דער ייִדישער שול, צו דעם ייִדישן קינד. איך האָב געטראַכט וועגן אברהם רייזענס ליד:

„עס איז אַ באַקאַנטער געשטאָרבן,
איך בין אים באַגלייטן געגאַנגען.
עס האָבן אין האַרץ זיך געלאָשן
דעמאָלט אַלע פֿאַרלאַנגען.
איך האָב געוואָלט עמיצן טרייסטן
און האָב נישט געהאַט וואָס צו זאָגן."

ווען מיר האָבן זיך שוין געהאַלטן בײַם פֿאַנאַנדערגיין, האָט איין לערער שטיל אַ זאָג געטאָן:

„איך געדענק אַ חנוכה־אָוונט אין מײַן שול"...

מיר האָבן זיך נעענטער צוגערוקט צו אים און ער האָט גענומען דער־ציילן:

— אַבֿרהם רייזען איז געווען אונדזער גאַסט. די קינדער האָבן געזונ־גען זײַנע לידער „ברוך אתה" און „פֿאַרלאָשן זײַנען מײַנע שטערן". די אויגן פֿון דעם גרויסן גאַסט האָבן געלויכטן פֿון פֿרייד. צוויי קינדער פֿון ערשטן קלאַס, בלימעלע און מאַשע, האָבן אים צוגעטראָגן בלומען און אים באַגריסט. נאָך דעם האָבן די קינדער געוואָלט צוריקגיין צו זייערע ערטער, אָבער דער דיכטער האָט זיי פֿאַרהאַלטן. ער האָט אַרויסגענומען צוויי בלומען פֿון דעם שיינעם בוקעט רויזן און האָט דערלאַנגט יעדערער פֿון זיי אַ בלום. איין בלום האָט ער אַרײַנגעשטעקט צו זיך אין לאַץ און די איבעריקע האָט ער פֿאַר־טיילט צווישן די אַנדערע קינדער אַרום אים.

נאָך דעם קאָנצערט האָב איך דעם דיכטער באַגלייט צום אָמניבוס. עס איז געווען אַ קאַלטע דעצעמבער־נאַכט. דער ווינט האָט געריסן אונדזערע מאַנטלען און האָט בײַ אונדז דעם אָטעם פֿאַרכאַפּט. אויף דער גאַס זײַנען געווען ווייניק מענטשן. איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם ווײַטן וועג, וואָס דער דיכטער דאַרף נאָך איצט פֿאָרן ביז ער וועט קומען אַהיים צו זיך, אין די שלום עליכם־הײַזער אין דער בראָנקס; נאָך דעם אָמניבוס דאַרף ער נאָך פֿאָרן מיט אַ באַן און שפּעטער ווידער מיט אַן אָמניבוס. איך האָב באַ־דויערט וואָס אין אַזאַ ביטערער קעלט האָב איך רייזענען פֿאַרבעטן אויף מײַן חנוכה־אָוונט. דער דיכטער, ווי ער וואָלט דערפֿילט מײַנע געדאַנקען, האָט פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— „אײַך קומט אַ דאַנק, וואָס איר האָט מיך פֿאַרבעטן, אַ גרויסן דאַנק".

— „איר דאַנקט גאָר מיר, חבר רייזען?" — האָב איך געזאָגט פֿאַר־שעמט — „איך פֿיל זיך שולדיק צוליב דעם שלעכטן וועטער... און..."

— „איר פֿאַרשטייט", — האָט רייזען איבערגעריסן מײַנע רייד און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע — „איך האָב הײַנט אָוונט געהאַט אַ סך פֿרייד. איך האָב געהערט ייִדישע קינדערלעך זינגען און דעקלאַמירן לידער פֿון ייִדי־שע שרײַבער. אַ סך, אַ סך פֿרייד האָב איך געהאַט, איר פֿאַרשטייט?"

און ער האָט מיך אַ נעם געטאָן בײַ דער האַנט:

— „קומט"...

ווען מיר זײַנען צוגעקומען נעענטער צו דעם אָמניבוס־אָפּשטעל, האָב איך דערזען פֿון דערווײַטנס אָנפֿאָרן דעם אָמניבוס. מיר האָבן פֿאַרגיכערט אונדזערע טריט. פּלוצים איז אַבֿרהם רייזען געבליבן שטיין. איך האָב אַ זאָג געטאָן:

— „חבר רייזען, דער אָמניבוס קומט..."

דער דיכטער האָט מיר אָבער אַ וויַיז געטאָן מיט דער האַנט אויף אַ יינגעלע, וואָס איז געשטאַנען אויפן עק גאַס מיט אַ פּעקל צייַטונגען אין האַנט. דאָס יינגעלע האָט געציטערט פון קעלט. אברהם רייזען איז צו צו אים נעענטער און געפרעגט:

— „ווו וווינסטו יינגעלע, וויַיט פון דאַנען?"

דאָס יינגעלע האָט נישט געענטפערט. ער האָט נאָר גענומען אויסשרייַען די נעמען פון די צייַטונגען, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט.

— גיב מיר אַ צייַטונג" — האָט אברהם רייזען געזאָגט און אים געצאָלט אַ ניקל.

פלוצים האָט רייזען אַ פרעג געטאָן:

— „וויפל צייַטונגען האָסטו דאָ, יינגעלע?"

דאָס יינגל האָט אַ בלעטער געטאָן דעם פּאַק צייַטונגען און געענטפערט:

—„25 געווים..."

— „צייל זיי בעסער גוט... איך וויל זיי אַלע קויפן".

אברהם רייזען האָט אַרויסגענומען אַ דאָלאַר מיט קוואָדער און דערלאַנגט דעם יינגל:

— „נאַ, דאָ האָסטו וויפל עס מאַכט אוים פאַר אַלע 25 צייַטונגען און לויף אַהיים, עס איז קאַלט..."

דאָס יינגעלע האָט אויפגעהויבן זייַנע פאַרוווּנדערטע אויגן און פונקט ווי ער וואָלט מורא האָבן, אַז דער פרעמדער זאָל נישט חרטה האָבן און צוריק אַרייַנלייגן דאָס געלט אין טאַש, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דאָס געלט און אים דערלאַנגט דאָס פּעקל צייַטונגען. אַ גליקלעכער איז ער גיך אַוועק און אויסגעשריִען אין אונדזער ריכטונג:

— „אַ דאַנק, זיידעשי, טענקיו, אַ דאַנק!..."

אַ גליקלעכער איז אברהם רייזען אַוועק מיט דעם פּעקל צייַטונגען אונטערן אָרעם און זיך געשטעלט וואַרטן אויף דעם צווייטן אָמניבוס.



# חיים-נחמן ביאַליק

(ביאָגראַפישע שטריכן)

חיים-נחמן ביאַליק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1873, עשרה בטבת, אין דאָרף ראַדי, וואָלינער גובערניע.

ווען דער צוקונפטיקער פּאָעט איז אַלט געוואָרן 6 יאָר, האָט די משפּחה זיך אַריבערגעצויגן קיין זשיטאָמיר. דער פאָטער, ר׳ יוסף, אַן אָרעמער

קרעטשמער, איז אין 1880 געשטאָרבן און דער גאַנצער עול פון מפרנס זײַן די משפחה פאַלט אויף די פּלייצעס פון פּאָעטס מוטער. דאָס ייִנגל היים-נחמן ווערט איבערגעגעבן צום זיידן אין רשות. דער זיידע, אַ שטרענגער און באמת-רעליגיעזער ייִד, האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויפן צאַרטן ייִנגל.

דאָס ייִנגל איז פרי רײַף געוואָרן גײַסטיק. נאָך אַלס קינד האָט ער זיך שוין באַקענט מיטן „כוזרי", „מורה-נבוכים", „זוהר", ווי אויך מיט ספרים פון קבלה און חסידות (זע זײַנע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן, געשריבן אין 1903). אין 1888 איז ער אַוועק אין דער באַרימטער פאַר יענער צײַט וואָלאָזשינער ישיבה, ווו ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן לידער.

אין 1891 איז אין י. ח. ראַווניצקים העברעיִשן זאַמלבוך „פּרדס" אָפּגעדרוקט געוואָרן דאָס ערשטע ליד ביאַליקס „אל הצפור". דער פּאָעט האָט יונג חתונה, באַשעפטיקט זיך די ערשטע צײַט מיט וואַלד-מסחר. שפּעטער מיט העברעיִשע לעקציעס. אונטערדעסן, ווערן געדרוקט אין די העברעיִשע זאַמלביכער, און הויפּטזעכלעך אין אחד העמס „השלח" צענדליקער לידער פון יונגן פּאָעט און מיט יעדן ליד ווערט ער אַלץ באַליבטער און טײַערער בײַ דער ייִדישער אינטעליגענץ. אין 1899 געלינגט אים זיך צו באַזעצן אין אדעס, ווו ער ווערט אָנגעשטעלט אַלס לערער און פאַרוואַלטער אין אַ מאָדערנער העברעיִשער שול. אין יענעם יאָר האָט דער פּאָעט געמאַכט זײַן ערשטן אַרויסטריט אויך אין ייִדיש אין דער וואָכנשריפט „דער יוד".

„זײַן פּאָעמע „בעיר ההריגה" (אויף ייִדיש — „די שחיטה-שטאָט") — שרײַבט דער ליטעראַטור-קריטיקער בעל-מחשבות — געשריבן אין 1904 נאָכן קישינעווער פּאָגראָם, האָט ביאַליקן געמאַכט פאַר דעם גרויסן פּאָעט נישט נאָר פאַרן קענער, נאָר פאַר איטלעכן לייענער פון גאַס. מען קען זאָגן, אַז ביאַליק איז דער איינציקער אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס האָט אין איין נאַכט און מיט איין ווערק באַקומען אַזאַ געוואַלדיקע און כשר-פאַרדינטע פּאָפּולאַריטעט אין אַלע קלאַסן פון ייִדישן פאָלק".

אין 1905 גרינדעט ער אין אדעס דעם פאַרלאַג „מוריה", צוזאַמען מיט זײַן לעבנסלענגלעכן פרײַנט און מיטאַרבעטער י. ח. ראַווניצקי. ער גיט אַרויס אַ ריי וויכטיקע ווערק, די וויכטיקסטע פון וועלכע איז בלי ספק דער „ספר האגדה", וואָס האָט אויסגעהאַלטן צענדליקער אויפלאַגעס.

די יאָרן פון דעם אדעסער פּעריאָד ביז פאַר דער מלחמה צייכענען זיך אויס מיט זייער פּרוכטבאַרער שעפערישער אַרבעט. די רײַפסטע, צײַטיקסטע ווערק אין זײַן פּאָעזיע, זײַנע דערציילונגען אין פּראָזע, עסייען, זײַן אַרבעט איבער מיטלאַלטערלעכע פּאָעטן, זײַן פאַרלעגערישע טעטיקייט — אַלץ דאָס ווערט געשאַפן דורך יענעם צײַט-משך.

דורך די מלחמה-יאָרן פון 1914 און נאָך דער גרויסער רעוואָלוציע, געפינט ער זיך אין אדעס און שפּעטער אין מאָסקווע, ווו ער געפינט צײַט פאַר-

שרײַבן, רעדאַגירן העברעיִשע זאַמלביכער, פאָרזעצן זײַן אַרבעט איבער די מיטלאַלטערלעכע פּאָעטן, און נעמען אַ קאָכיקן אָנטייל אין אַלע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע פֿראַגן.

אין 1921 פאַרלאָזט ער רוסלאַנד, נאָך פיל שוועריקייטן, און באַזעצט זיך אין בערלין וווּ ער באַנײַט זײַן פאַרלעגערישע טעטיקייט, גיט אַרויס ביכער און לערנביכער, און דרוקט איבער אַ סך אויסגאַבן פון פאַרלאַג „מוריה".

אין 1924 האָט ער זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל. ער אָרגאַניזירט אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב דעם פאַרלאַג „דביר", וואָס גיט אַרויס צענדליקער און צענדליקער וויכטיקע ווערק. צווישן אַנדערע אויך, אַ וויסנשאַפטלעכע פולשטענדיקע אויסגאַבע פון שלמה אבן גבירולס שירים, און ר' משה אבן עזראס ערשטן באַנד, מיט דערקלערונגען און באַלײַכטונגען פון ביאַליק און ראַווניצקי.

ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט איבערזעצונגס־אַרבעט פון דער קלאַסישער וועלט־פּאָעזיע. אין 1924 ווערט געדרוקט זײַן מײַסטערהאַפטע איבערזעצונג פון שילערס „ווילהעלם טעל", און אין 1929 — פראַגמענטן פון שעקספּירס „יוליוס צעזאַר".

ביאַליקס לידער זײַנען פיל איבערגעזעצט געוואָרן אין פרעמדע שפּראַכן. באַזונדערע ביכער פון זײַנע לידער זײַנען אַרויס אין רוסיש, דײַטש, פראַנצויזיש, ענגליש, פּויליש, אונגאַריש, רומעניש, איטאַליעניש, שוועדיש און שפּאַניש.

אַחוץ דעם שריפטלעכן ביאַליק וואָלט זיך אויך געלוינט צו רעדן וועגן „ביאַליק שבעל־פה" — דעם ביאַליק, וואָס האָט געהאַט זײַן וואָרט צו זאָגן אין אַלע ייִדישע אָנגעלעגנהייטן, צו וועמען די גאַנצע ייִדישע וועלט האָט זיך תמיד צוגעהערט מיט יראת־הכבוד. די דינאַמישע ביאַליקשע פּערזענלעכקייט מיט איר גאַנצן חן און צויבער האָט אַרויסגערופן דרך־ארץ און ליבשאַפט סײַ בײַ אייגענע און סײַ בײַ קעגנער. נאָר דאָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל.

די לעצטע פאָר יאָרן פון זײַן לעבן, האָט דער פּאָעט זיך פאַרנומען מיט שרײַבן זײַן אויטאָביאָגראַפיע אין לידער. צום גרויסן באַדויערן, איז ער צוגענומען געוואָרן אין אָנהייב פון זײַן אַרבעט. עס זײַנען אַרויס פון זײַן פּעדער בלויז די ערשטע 4 קאַפּיטלען „מײַן טאַטע", „שבעה", „אלמנהשאַפט" און „צעשיידונג".

דעם 4טן יולי, 1934, איז חיים־נחמן ביאַליק געשטאָרבן אין ווין, וווּהין ער איז געקומען זיך אָפּערירן. ער איז באַערדיקט געוואָרן אין תל־אביב, ארץ־ישראל.

# ביאַליקס קינדהייט און יוגנט

## דער זיידע

דער זיידע יעקב-משה האָט צוגענומען ביאַליקן צו זיך, זאָל די מאַמע האָבן מיט איין מויל ווייניקער צו שפּייַזן. ביאַליק האָט געהאַט מער צו עסן, אַ בעסער געלעגער צום שלאָפן אָבער ער האָט זיך נישט געפילט גליקלעך. ער האָט געבענקט נאָך דער מאַמען, נאָך די ברידער און די שוועסטער.

דער זיידע איז נאָך צו אַלע צרות געווען זייער אַ שטרענגער. נאָכן פאָטערס טויט איז דאָס יינגל געוואָרן אַ פרייַער פויגל, פלעגט זיך שפּילן ווען ער האָט געוואָלט, פאַרבראַכט אין וואַלד און פעלד, און איצט וויל דער זיידע, אַז דאָס יינגל זאָל זייַן גוט און פרום; היט אים אָפּ ער זאָל נישט שטיפן, נישט פאַרנעמען זיך מיט נאַרישקייטן.

ביאַליקן איז אָבער געווען שווער איינצוהיטן. ער פלעגט זיך אַרויסכאַפּן הינטערן שטאָט, וואַנדערן אין פעלד און וואַלד, נאָכקוקן פליענדיקע פייגל, שוועבנדיקע וואָלקנס. ער פלעגט קומען אַהיים שפּעט אין אָוונט, זיך וועלן אַרייַנגנבענען שטיל אין הויז, קיינער זאָל נישט זען, אָבער ס׳איז אים קיינמאָל נישט געלונגען. דער זיידע האָט אים אָפּגעוואַרט.

ביאַליק איז שוין געווען אַ היפּש יינגל, אַ יאָר צען-עלף, האָט אים דער זיידע נישט געשלאָגן. אָבער ער האָט אים געמוסרט, געשטראָפט, געבייזערט זיך, געלאַכט פון אים. דאָס איז נאָך ערגער פון קלעפּ.

דאָס יינגל האָט פייַנט געהאַט דעם זיידנס שטראָפרייד, ער האָט זיי געוואָלט פאַרמייַדן. אַ פּאָר טעג איז ער געווען שטיל, געפאָלגט, באַלד האָט ער זיך אָבער ווייַטער פאַרבענקט נאָך וואַלד און פעלד און איז נישט געוואָרן אויף אַ גאַנצן טאָג.

ביסלעכווייַז האָט זיך נחמן געביטן — און איז געוואָרן שטאַרק באַליבט בייַם זיידן.

דאָס יינגל האָט זיך צוגעכאַפּט מיט אַ מאָדנעם פליים צום לערנען. ספרים און ביכער האָבן פאַרכאַפּט דעם יינגלס פאַנטאַזיע. ער האָט אַריבערגעיאָגט זייַנע אַלע חברים אין לערנען.

לערנען האָט געמיינט דאַן נאָך איין זאַך, לערנען גמרא, דעם טייל פון די הייליקע ייִדישע ספרים, וווּ ס׳ווערט אויסגעטייַטשט די ביבל און וווּ אַלע דינים, געזעצן, וואָס אַ פרומער ייִד דאַרף וויסן, ווערן קלאָר אַרויסגעבראַכט.

נישט נאָר דאָס קענען גמרא האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גרויסער זאַך, אויך דער עצם לערנען איז געווען אַ גרויסע מצווה — אַ גוטע זאַך; אַ ייִנגל פלעגט אָנהייבן לערנען גמרא ווען ער איז אַלט געווען אַ יאָר אַכט. ס׳פלעגט גע־דויערן אַ יאָר פינף־זעקס, ביז אַ בחור האָט זיך אויסגעלערנט צו לערנען אַליין אַ בלאַט גמרא, דאַן האָט ער אָנגעהויבן לערנען פאַר זיך — דאָס מיינט אָן דער הילף פון אַ רבין.

ביאַליק האָט אָנגעהויבן לערנען פאַר זיך צו עלף יאָר. ער האָט געלערנט אין אַ קליין בית־מדרשל וואָס איז געווען אין עק שטאָט. ווייניק מענטשן זײַנען אַהין געקומען דאַווענען. זעלטן ווען עמיצער פלעגט אַהין פאַרבלאָנדזשען לערנען, און דער קליינער ביאַליק האָט געהאַט דעם בית־מדרשל אינגאַנצן פאַר זיך.

ער האָט געלערנט טאָג און נאַכט. פלעגט אויפשטיין ווען ס׳איז געווען פינצטער און לערנען ביז שפּעט אין דער נאַכט. באַלד האָט ער געקראָגן דעם נאָמען פון אַ גרויסן מתמיד — אַ זייער פלײַסיקן לערנער.

שפּעט בײַנאַכט ווען עמיצער פלעגט דורכפאָרן פאַרבײַ דער קלויז, האָט ער געהערט דעם ייִנגלס קול. ס׳איז שטיל אַרום, נאָר אַ פּאָר שטערן גלאַנצן אויבן אין הימל. די גראָזן שעפּטשען שטיל אין פעלד, די פענצטער פון די הײַזער זײַנען פינצטער, בלינד, נאָר איין פענצטער אין בית־המדרש איז ליכטיק; דאָרט זיצט, מיט אַ ליכט אין האַנט, דער מתמיד ביאַליק און לערנט.

יאָרן שפּעטער, ווען דאָס ייִנגל איז געוואָרן דער גרויסער דיכטער ביאַ־ליק, האָט ער דאָס אַלץ באַשריבן אין זײַן באַרימט ליד „המתמיד".

## ישיבה

נאָך עטלעכע יאָר לערנען אין בית־המדרש, איז ביאַליקס פלײַסיקייט קלענער געוואָרן. ער האָט געוואָלט קענען, אַחוץ גמרא, אויך וועלטלעכע וויסנשאַפטן. ער האָט זיך אָנגעהויבן חברן מיט משכילים. משכילים, אָדער אויפגעקלערטע, האָבן זיך גערופן די ייִדן, וואָס האָבן נישט געהאַלטן אי־בעריקס שטאַרק פון פרומקייט. זיי האָבן געשטרעבט צו אַלגעמיינער וועלט־לעכער בילדונג. בײַ זיי האָט ביאַליק געקראָגן לשון־קודשדיקע ביכלעך, וועל־כע האָבן אים געמאַכט פאַר אַן אויפגעקלערטן. אויך האָט ער זיך פון זיי דערוווּסט, אַז אין דער שטאָט וואָלאָזשין געפינט זיך אַ ישיבה, אַ העכערע שול פאַר גמרא, און אַז אין אָט דער ישיבה לערנט מען, אַחוץ גמרא, אויך אַלגעמיינע לימודים. ביאַליק האָט זיך אַוועקגעלאָזן קיין וואָלאָזשין. דאָרט זײַנען געווען אַ סך געלערנטע יונגעלײַט, גרויסע קענער פון תלמוד (גמרא) און אויך גרויסע משכילים, ווילקענעוודיקע. ביאַליק האָט ליב געהאַט צו חברן זיך מיט זיי און צו פירן מיט זיי געשפּרעכן.

אין יענער צײַט איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן דער געדאַנק פֿון די חובֿבֿי־ציון, די ליבהאָבער פֿון ציון. כמעט אַלע בחורים פֿון וואָלאָזשין זײַנען געווען חובֿבֿי־ציון. זיי האָבן געגלייבט, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק דאַרף צוריק קריגן זײַן אַמאָליק לאַנד, ארץ־ישׂראל, און זיך דאָרט באַזעצן. זיי האָבן אויך געהאַלטן, אַז מען דאַרף אויפֿלעבן די אַלטע העברעיִשע שפּראַך, די שפּראַך, אויף וועלכער די נבֿיאים האָבן גערעדט. ביאַליק איז אויך געוואָרן אַ ציוניסט און אַ העברעיִסט.

ער האָט אָנגעהויבן שרײַבן. ער האָט געשריבן לידער, און די חבֿרים האָבן פֿון אים זייער שטאַרק געהאַלטן.

## דאָס ערשטע געדרוקטע ליד

ס'איז פֿרילינג. דער יונגער ביאַליק זיצט לעבן פֿענצטער און קוקט אַרויס אין גאַס. אַלץ האָט אויפֿגעלעבט. די פֿייגל וואָס זײַנען אַוועקגעפֿלויגן אין די וואַרעמע לענדער איבערן ווינטער, האָבן זיך צוריקגעקערט און פֿילן אָן די לופֿט מיט זייער געזאַנג. ביאַליקס האַרץ איז פֿול מיט בענקשאַפֿט צו די ווײַטע לענדער. ער דערמאָנט זיך, אַז ארץ־ישׂראל איז אויך איינע פֿון די לענדער, וווּ ס'איז שטענדיק זומער. פֿרעגט ער דאָס פֿייגעלע, צי עס האָט אים געבראַכט אַ גרוס פֿון ארץ־ישׂראל. ער פֿרעגט זיך ביי איר נאָך אויף די באַוווּסטע היסטאָרישע פּלעצער, אויפֿן ירדן, אויף דעם טאָל פֿון שרון און אויף די ייִדישע קאָלאָניסטן, וואָס אַרבעטן דאָרט אויף די פֿעלדער. ווינטשט זיך אויך האָבן פֿליגלען, צו פֿליִען אַהין וווּ עס בליט דער טייטלבוים און עס וואַקסט דער מאַנדלבוים. ער האָט דאָס אַלץ אויסגעדריקט אין אַ ליד. דאָס ליד רופֿט זיך „צו אַ פֿייגעלע" — „אל הצפור", אין העברעיִש.

אַ קורצע צײַט שפּעטער איז ביאַליק אָפּגעפֿאָרן קיין אָדעס. דאָרטן האָט ער זיך באַקענט מיט ראַווניצקין. ראַווניצקי האָט דאָס ליד אָפּגעדרוקט אין זשורנאַל „הפרדס". דאָס איז געווען ביאַליקס ערשטע געדרוקטע ליד. דער דיכטער איז דאַן אַלט געווען אַ יאָר אַכצן.

ח. נ. ביאַליק

## צום פֿייגעלע

גוטליב דיר דײַן קומען, דו פֿייגעלע טײַערס,
פֿון וואַרעמע לענדער צוריק —
אַ ווינטערלאַנג האָב איך געבענקט נאָך דײַן זינגען,
געגאַרט נאָך די טרעלן פֿון גליק.

זינג, פייגעלע ליבענקע, זינג און דערציייל מיר
די ווּונדער פון בלוי־ווײַטן לאַנד:
צי דאָרט אין דעם זוניקן לאַנד אין דעם שיינעם,
איז אויך גרויס דאָס אומגליק און שאַנד?

צי ברענגסטו אַ גרוס פון די ברידער אין ציון,
פון נאָענט־ווײַטע ברידער אַ גרוס?
אוי, גליקלעכע מענטשן, צי ווייסן זיי, פילן,
וואָס דריקט און וואָס פּײַניקט מײַן ברוסט?

צי ווייסן זיי, וויפל עס זײַנען מיר שונאים,
און ס'ווערן אַלץ שטאַרקער די פּײַנט?
זינג, פייגעלע, ווּונדער פון לאַנד, ווּ דער פרילינג
לויכט אייביק און אייביק און שײַנט!

צי טראָגסטו פון אויפבלי פון לאַנד צו מיר גרוסן,
פון פעלדער, פון באַרג און פון טאָל?
האָט גאָט שוין דערבאַרעמט דערוואַרעמט זײַן ציון,
צי ליגט זי נאָך וויסט ווי אַמאָל?

און טאָל פון דעם שרון און באַרג פון לבנון,
צי שטייען זיי אַלץ נאָך אין פּראַכט?
צי האָט דער לבנון, דער זקן פון וועלדער,
פון אייביקן שלאָף שוין דערוואַכט?

צי פאַלט נאָך דער טוי אויפן חרמון ווי פּערל,
צי פאַלט ער ווי טרערן צומאָל?
און וואָס מאַכט דער ליכטיקער ירדן דער קלאָרער,
און יעטווידער באַרג, יעדער טאָל?

צי איז שוין פאַרשווּונדן דער פינצטערער וואָלקן
וואָס האָט איבער זיי זיך געשפּרייט?
אָ, זינג מיר פון לאַנד, ווּ עס האָבן די אבות
געפונען דעם לעבן, דעם טויט!

צי זײַנען נאָך אַלץ נישט פאַרוועלקט יענע בלומען?
וואָס איך האָב געפלאַנצט דאָרט שוין לאַנג?

ווי זיי, האָב איך איינמאָל געבליט אין מײַן יוגנט,
נאָר איצט בין איך אַלט שוין און קראַנק.

און ברידער, וואָס האָבן געזייט דאָרט מיט טרערן,
צי האָט זיי באַגליקט שוין דער שניט?
וואָלט איך געהאַט פליגל — דאַן וואָלט איך געפלויגן
צום לאַנד ווו דער טייטלבוים בליט!

דערצייל מיר דעם סוד, וואָס עס סודן זיך ביימלעך,
וואָס האָבן דיר בלעטלעך פאַרטרויט?
צי וואַרטן זיי אַלץ אויפן טאָג, ווען די פרוכטן
צעגליִען זיך זאַפטיק און רויט?

און איך — וואָס קען איך דיר, מײַן פייגעלע, זאָגן,
וואָס קענסטו שוין הערן פון מיר?
נישט לידער פון פרייד, נאָר פון אומגליק און טרויער
פון צפון־לאַנד, דאָ, ווו איך פריר.

אָ, פייגעלע, פלי אין די וועלדער און פעלדער,
ס'איז גוט, ביסט אַוועק פון מײַן הויז;
בײַ מיר וואָלסטו תמיד באַוויינט נאָר מײַן אומגליק,
מײַן טרויער וואָס שווער איז און גרויס.

נאָר ס'וועלן געוויין שוין און טרערן נישט העלפן,
נישט זיי וועלן שטילן מײַן שמאַרץ;
מײַן בליק איז פאַרטונקלט, מײַן כוח גייט אַריבער,
פאַרטריקנט, ווי גראָז, איז מײַן האַרץ.

כ'האָב מער נישט קיין טרערן, אַ סוף נעמט צו אַלעס,
נאָר ס'נעמט נישט קיין סוף צו מײַן לײַד —
גוטליב דיר דײַן קומען, דו פייגעלע טײַערס,
צעזינג זיך, צעקלינג זיך אין פרייד!

## „המתמיד"

„המתמיד" באַשרײַבט אַ ישיבה־בחור, ווי ער שטייט אויף פאַרפרי „איידער מען קען דערקענען צווישן אַ וואָלף און אַ הונט" און זיצט־אָפּ אי־בער דער גמרא אַ גאַנצן זומער־טאָג און ביז האַלבער נאַכט בײַ אַ חלבן ליכטל. די באַציִונג פונעם דיכטער צום מתמיד איז אַ טאָפּלטע: פון איין זײַט, איז ער איינגאַנצן ראָמאַנטיש־פאַרכאַפּט פון דעם ישיבה־בחורס גײַס־טיקער גבורה; פון דער אַנדערער זײַט, זעט ער מיט משכּיליש־תּכליתדיקע אויגן דעם ישיבה־בחורס בעסטע יאָרן און כּוחות גיין לאיבוד.

* * *

די פּאָעמע „המתמיד", אויף וועלכער ביאַליק האָט געאַרבעט גאַנצע זיבן יאָר (זי איז אַרויס אין יאָר 1895, ווען ביאַליק איז אַלט געווען 22 יאָר), איז געווען דער ווײ־געשריי, דאָס קלאָגן פון גאַנצע דורות, וואָס האָבן דאָס לעבעדיקע, צאַפּלדיקע לעבן פאַרביטן אויף אַלטע אָפּגעשטאָרבענע ווערטן. און נישט אומזיסט האָט אָט די פּאָעמע מיטאַמאָל אַרויסגערוקט ביאַליקן פאַר דעם וואָרטזאָגער, פאַר דעם שליח־ציבור פון דער יידישער יוגנט, וואָס האָט, ווי ביאַליק, געלעבט אין אַ וועלט פון פאַרצײַטן.

ח. נ. ביאַליק

## דער מתמיד

פאַראַן נאָך פאַרוואָרפענע ייִדישע שטעטלעך  
אין וועלכע עס רויכערט נאָך, צאַנקט אונדזער ליכט;  
ווו גאָט האָט אַ גליענדע קויל נאָך געלאָזן  
וואָס ברענט נאָך אין אַש וואָס באַדעקט אים געדיכט.  
און ווו־נישט־ווו רויכערן זיך, ווי האַלאָוועשקעס,  
נשמות פאַרשניטענע, שטילע, פאַרקלעמטע;  
וואָס טריקענען, דאַרן, ווי גראָז אין דעם מדבר,  
פאַרעלטערט אָן צײַט, פונעם לעבן פאַרשעמטע.  
און אָפט, ווען דו גייסט זיך דורך איבערן שטעטל, —  
אין איינער אַ זומערדיק־ליכטיקער נאַכט,  
עס סודען זיך גרעזלעך און שטערנדלעך פינקלען,  
און זיס ווייט אַ ווינטל, פאַרחלומט, פאַרטראַכט —  
דאַן, הערט זיך אַ טרויעריק קול פון דער ווײַטנס,

און ס׳זעען אַ שײַן פֿון אַ ליכט דײַנע אויגן
דאָרט ווײט דורך אַ פֿענצטער — אים רײַסט דורך אַ שאָטן
וואָס וויגט הין־און־הער זיך מיט האַלב־שײַן באַצוויגן;
און ס׳טראָגט זיך אַ ניגון, אַ וויינענדיק ניגון
וואָס נעמט אָן בײַם האַרצן אין שטילקייט פֿון נאַכט:
דאָס זעסטו אַ מתמיד, וואָס האָט זיך אין תּפֿיסה,
האָט גוטוויליק זיך אין תּפֿיסה פֿאַרמאַכט.

אָט דאָרט אינעם הויז נישט איין טאָג איז פֿאַרגאַנגען,
נאָר גאַנצע זעקס יאָר זײַנען דאָרטן פֿאַרפֿלויגן,
אָט דאָרט זײַנען קינדהייט און יוגנט פֿאַרלאָפֿן,
פֿאַרלאָשן דאָס ליכט פֿון די לויטערע אויגן.
קיין טאָג — נאָר זעקס יאָר, זינט ער האָט צום ווינקל,
צום פֿינצטערן ווינקל זײַן פּנים געווענדט;
זײַן אויג האָט קיין ליכטיקן שטראַל נישט באַגעגנט,
געזען פֿאַר זיך האָט ער בלויז שפּינוועבס און ווענט,
זײַן שטענדיקער הונגער, נישט שלאָפֿן, זײַן וועלקן —
וואָס האָט בײַ דעם ייִנגל אַלץ פֿאַר אַ ווערט?
צי ווייס ער דען נישט ווי אַמאָל פֿלעגט מען לערנען?
צי ווערט נישט בײַ ייִדן אַ למדן פֿאַרערט?

עס זײַנען זעקס יאָרן פֿון קינדהייט און יוגנט
פֿאַרשוווּנדן אָן לעבן אַזוי ווי אַ שאָטן —
אַזוי ווי זיי וואָלטן דאָס הויז נישט באַרירט גאָר,
און גאָרנישט דעם ווינקל פֿון ייִנגל באַטראָטן;
אַזוי ווי ס׳וואָלט הינטער דער וואַנט אויסגעגאַנגען
דאָס לעבן מיט גאָר זײַנע לײַדן און פֿריידן,
און גלײַך ווי די ערד וואָלט זיך ווינטער אין ווײַסן
און זומער אין גרינעם גאָר אויפֿהערן קליידן;
די זון וואָלט זיך הינטערן פֿענצטער פֿאַרלאָשן,
און ס׳וואָלטן נישט וואַרעם די שטראַלן געלויערט
זיך ברעכנדיק צווישן די צווײַגן פֿון דעמבע
וואָס שטייט נעבן פֿענצטער פֿון הויז טיף פֿאַרטרויערט;
ווי ס׳וואָלט גאָר קיין ליכטיקע נאַכט נישט געווען דאָ,
דער פֿרילינג וואָלט גאָרנישט געכישופֿט, געצויגן —
און גלײַך ס׳וואָלט דאָס ייִנגל גאָר יונג נישט געווען,
אַזוי זײַנע גאַנצע זעקס יאָרן פֿאַרפֿלויגן.

נאָר איינער איז דאָ וואָס הערט אײַן זיך אין שטילקייט
צום קלאָגעדיקן קול פֿון דעם מתמיד, זײַן זאָרגן;
צום טרויער־געוויין און צום שמערצלעכן ניגון
וואָס שוועבט אויף די פֿליגל פֿון פֿריאיקן מאָרגן —
דער ראש־הישיבה, דער אַלטער און גרויער.
ס'איז תמיד זײַן אויער צו הערן אים אָפֿן —
עס לאָזט אים די פֿריאיקע שטים פֿון דעם מתמיד
דער פּיפּס פֿון זײַן פֿויגל, עס לאָזט אים נישט שלאָפֿן.
ער ליבט דאַן צו הערן דעם קול פֿון דעם מתמיד
אין שטילקייט, ווען ס'פֿליִען די קלאַנגען און שוועבן —
דאָס הערט ער דעם אָפּקלאַנג פֿון אייגענער יוגנט,
דאָס זעט ער די קייט פֿון זײַן גײַסטיקן לעבן.
און ס'קײַקלען אַראָפּ זיך צוויי טרערן ווי פּערל
און פֿאַלן אין שניי־ווײַסער באָרד טיף אַרײַן;
זיי פֿינקלען און גלאַנצן אַקעגן דעם ליכטל
פֿון יִינגל מיט עפּעס אַ כּישופֿדיקן שײַן.

וואָס רײַסט זיך דײַן האַרץ אין דיר, אַלטער? צי האָסטו
אין יִינגל, אַזוי ווי אין שפּיגל, געזען
דאָס בילד פֿון דײַן עלנט, פֿאַרלאָפֿענער יוגנט,
דײַן הונגערן, פֿרירן — אַלצדינג וואָס געווען?
דערמאָנסט אויך די יאָרן פֿון לערנען מיט ליבשאַפֿט —
טאָ, וואָס־זשע האָט, אַלטער, דײַן האַרץ זיך גערירט?
דו האָסט איבער גאָר דײַנע לײַדן געשטאַרקט זיך —
גאָט האָט דיך צום לײַכטן דורך חושך געפֿירט.
און אפֿשר גאָר ווײַזט דיר דײַן האַרץ בנבֿואה
די ריזיקע קראַפֿט וואָס גייט אונטער אַלץ מער;
וואָס וועלקט ווי אַ בלאַט אויפֿן ווינט, ווערט צעטריקנט,
און ס'וויינט דאָס דײַן האַרץ אין דיר ביטער און שווער.
צי אָדער, דו זעסט איצט די צוקונפֿט פֿון יִינגל,
דו זעסט אַ פֿאַרבלאָנדזשעטע שאָף וועלכע שמאַכט —
וואָס גייט אין דעם שרעקלעכן שטורעם פֿאַרלוירן,
איז בלינד, ווי אַ וואָרעם אין דר'ערד און פֿאַרשוואַכט?

איך האָב אין מײַן יוגנט געהערט אָט די שטימען,
די פּנימער בלאַסע געזען זייער פֿיל;
די קנייטשן פֿון שטערן, די אויגן די גרויסע,

זיי האָבן ווי רחמים געבעטן זיך שטיל.
און ס'פלעגט יעדער בליק, יעדער קנייטש מיר דערציילן
פון לעבנס פון יונגע אין חושך דערשטיקט;
און ס'האָט יעדער בליק, יעדער קנייטש טיף אין האַרצן
געברענט ווי מיט פייער, אויף שטיקער געפליקט.
נאָר ווען איך דערמאָן זייער טרויעריק קול זיך
וואָס קלאָגט דורך ביינאַכטן, צעבראָכן, פאַרשלאָפט –
דאַן זויינט מיר מיין האַרץ שווער: רבונו של עולם,
אויף וואָס גייט לאיבוד די ריזיקע קראַפט?
ס'איז מיר נישט באַשערט געווען, אָרעמע מענטשן,
אַז איך זאָל אינאיינעם מיט אייך גיין פאַרלוירן;
געפעלשט איז מיין תורה, אויף אַנדערע וועגן
בין איך אַליין איינזאַם פאַרלוירן געוואָרן.
ס'איז אַנדערע צייטן — און ווייט פון אייך האָב איך
אין אַנדערע ערטער געשטעלט מיין מזבח;
נאָר געדענקען — געדענק איך אייך אַלעמען אייביק,
עס גייט אייער בילד נישט אַרויס פון מיין מוח.

כ'געדענק אויך ווי שטאַרק און געזונט איז דער קערן,
די זריעה וואָס ליגט אין דעם פעלד טיף באַהאַלטן;
ווי גרויס וואָלט די ברכה געווען, ווען עס וואָלט אייך
אַן איינציקער וואַרעמער זונשטראַל צעשפּאָלטן.
פיל וואָלטן מיר גאַרבן מיט שמחה געשניטן
— ווען ס'וואָלט נאָר אין אייך אַ מילד ווינטל געבלאָזן
און אָפּגערוימט וואָלט ער דעם וועג צום ישיבה
וואָס איז אַזוי ווילד און אוממענטשלעך פאַרלאָזן.
און כ'ווייס, אייער סוף ווי פאַרשוועכט איז און שרעקלעך —
מיין אומגליקלעך פאָלק, אָ ווי לייד טוסטו מיר!
ווי טרוקן, פאַרשאָלטן דאַרף זיין שוין די נחלה,
אויב קערנער אַזעלכע פאַרשימלען אין איר!

ח. נ. ביאַליק

## אין שחיטה־שטאָט

...פון שטאָל און אייזן, קאַלט און האַרט און שטום,
שמיד אויס אַ האַרץ פאַר זיך, דו מענטש — און קום!
קום גיי אין שחיטה־שטאָט, זאָלסט זען מיט דיינע אויגן,

זאָלסט אָנטאַפּן מיט דײַנע אײגענע הענט,
אויף צוימען, סלופּעס, טויערן און ווענט,
אויף שטײנער אויף דער גאַס, אויף אַלע העלצער,
דאָס שוואַרץ־פֿאַרטרוקנט בלוט מיט די געהירן
פֿון דײַנע ברידערס קעפּ און העלדזער.
און אומבלאָנדזשען זאָלסט צווישן חורבות
דורך ווענט צעבראָכענע מיט אויסגעקרימטע טירן,
פֿאַרבײַ צעשטירצטע אויוונס, האַלבע קוימענס,
אַנטבלויזטע שוואַרצע שטײנער, האַלב־פֿאַרברענטע ציגל,
ווו פֿײַער, האַק און אײַזן האָבן נעכטן
אויף דער בלוט־חתונה אַ ווילדן טאַנץ געשפּילט;
און קריך דורך בוידעמער, דורך לעכערדיקע דעכער,
און קוק זיך אײַן אין אַלע שוואַרצע לעכער —
דאָס זײַנען אָפֿענע, שוואַרצע, שטומע וווּנדן,
וואָס וואַרטן מער אויף קײן רפֿואה אין דער וועלט...

אין גאַסן ווּעסטו גײן, מיט פֿעדערן פֿאַרפּלײצטע —
דו באָדסט זיך אין אַ טײַך, אַ ווײַסן טײַך,
וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פֿון מענטשנס בלוטיקן שווייס;
דו טרעטסט אויף גאַנצע בערג צעפּליקטע האָב־און־גוטס —
דאָס זײַנען גאַנצע לעבנס, גאַנצע לעבנס,
צעבראָכענע אויף אײביק ווי אַ שאַרבן!
דו גײסט, דו לויפֿסט, דו פּלאָנטערסט זיך אין חורבן,
מעש, זילבער, פֿוטער, שמות, זײַד און אַטלעס,
צעריסענע, צעפּליקטע אויף פּיק־פּיצלעך,
מיט פֿיס צעטראָטענע שבתים, ימים־טובים, נדנס,
טליתים, תּפֿילין, פֿאַרמעט, שטיקער תּורה,
יריעות היליקע, קלאָר־ווײַסע וויקעלעך פֿון דײַן נשמה,
זע, זע, זיי וויקלען זיך אַליין אַרום דײַן פֿוס
און קושן דיר די טריט פֿון מיסט אַרויס
און ווישן אָפּ פֿון דײַנע שיך דעם שטויב... —

דו לויפֿסט? צו ליכט און לופֿט אַנטלויפֿסטו?
אַנטלויף, אַנטלויף — דער הימל לאַכט פֿון דיר!
די זון וועט דיר מיט שפּיזן אויסשטעכן די אויגן,
אַקאַציען, מיט פֿרישע גרינס־און־ווײַס באַצויגן,
וועלן סמען דיך מיטן ריח פֿון בלוט און בליטן,

דיַין קאָפּ מיט בלימעלעך און פעדערן באַשיטן,
און שטיקלעך גלאָז פון מיטן גאַס מיט טויזנט גלאַנצן
וועלן דיר אַנטקעגן אויף דיַין בייז־ווונדער טאַנצן...
דען גאָט האָט דיר מיט מילדער האַנט געשענקט אַ צווילינג:
אַ שחיטה מיט אַ פרילינג;
דער גאָרטן האָט געבליט, די זון געלויכטן —
און דער שוחט האָט געשחטן...
דער חלף האָט געגלאַנצט, און פון דער וווּנד
האָט בלוט מיט גאָלד געפליסט...

אַנטלויפסט? באַהאַלטסט זיך אין אַ הויף? — אומזיסט!
אָט איז אַ בערגל מיסט!
דאָ האָט מען צוויי געקעפּט: אַ יידן מיט זיַין הונט...
אין מיטן הויף האָט נעכטן זיי איין האַק געקעפּט
און הייַנט האָט זיי אַהער איין שוויַין פאַרשלעפּט,
געשנאָרט, געגריבלט זיך אין זייער אויסגעמישטן בלוט.
שאַ, מאָרגן וועט אַ פרישער רעגן קומען
און אָפּשווענקען דאָס בלוט אין רינשטאָק, ס'זאָל נישט שריַיען
צום הימל גוואַלד פון מיסט אַרויס; און אפשר
איז שוין דאָס איַינגעזונקען אין דעם תהום דעם שטומען
און זייגט די דערנער אָן ביַי אַ פלויט אַ קרומען,
און מאָרגן וועט די זון, ווי הייַנט, ווי נעכטן,
ווי אַלע טאָג, אַ ליכטיקע אַרויסגיין
פון מזרח זיַיט, געמינערט נישט אַ האָר נישט,
און שאַ, און שטיל, און גליַיך ווי גאָרנישט...

און ווילד, משוגע ווילד, פאַרקריכסטו אויף אַ בוידעם
און בליַיבסט דאָרט שטיין אין פינצטערניש אַליין;
דו פילסט? דאָ שוועבט נאָך איצט אַרום דער טויטשרעק
און פאָכעט מיט אַ קאַלטן שוואַרצן פליגל
און פרירט די וואָרצלען פון די האָר פון קאָפּ;
און דאָ און דאָרט, פון אַלע שוואַרצע לעכער —
זע אויגן, אויגן, שטומע אויגן קוקן...
דאָס קוקן די נשמות פון די קדושים,
פאַרוואָגלטע, פאַרשטויסענע נשמות,
וואָס האָבן זיך איַנאיינעם דאָ אין ווינקל
צונויפגעפּרעסט דערשראָקענע — און שוויַיגן...

אָט דאָ האָט זיי די שאַרפֿע האַק געפֿונען
און אָט אַהערצו קומען זיי אַ קוק טאָן,
צום לעצטן מאָל אין זייערע שוואַרצאַפּלען
פֿאַרחתמענען פֿון זייער סוף דעם אָפּשײַן,
די גאַנצע שרעק פֿון זייער וויסטן לעבן...
און ציטערנדיק, ווי טויבן פֿאַר דער שחיטה,
דאָ טוליען זיי זיך צו דעם דאַך אינאיינעם
וואָס מאָנען נאָר און פֿרעגן דיך אָן לשון
און טענהן שטומערהייט אַלץ יענע אַלטע טענה,
וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט דערגרייכט צום הימל
און וועט צום הימל קיינמאָל נישט דערגרייכן:
„פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס? און נאָכאַמאָל פֿאַרוואָס?..."

און דו פֿאַררײַסט דעם קאָפּ — נישטאָ קיין הימל!
אַ דאַך, אַ שטומער דאַך, מיט שוואַרצע שינדלען;
אָט הענגט אַ שפּין — גיי, פֿרעג דעם גרינעם שפּין!
ער האָט געזען אַלצדינג, ער איז אַן עדות,
איין לעבעדיקער עדות אויף דעם בוידעם,
לאָז ער זשע דיר דערציילן אַלע מעשיות:
פֿון נאָזלעכער מיט נעגל, קעפּ מיט האַמערס,
פֿון מענטשן נאָכן קוילען קאָפּ־אַראָפּ, ווי גענדז,
צום באַלקן פֿון דעם בוידעם אויפֿגעהאנגען,
און פֿון אַ קינד אַן אײַנגעשלאָפֿנס מיט זײַן מאַמעס
צעשפּאָלטענע און טויטע ברוסט אין מײַלכל,
און נאָך אַ קינד אַ לעבעדיקס צעריסן,
אינאיינעם מיט זײַן לעצטן שרײַ אויף צווייען —
אַ האַלבער „מאַ...!" און „מאַמע" נישט געענדיקט...
און נאָך, און נאָך פֿיל מוראדיקע מעשיות,
וואָס לעכערן דײַן קאָפּ, וואָס עקבערן דיר דעם מוח
און טויטן דיר אויף אייביק דײַן נשמה.
און דו דערשטיקסט אין קעל דײַן ווילדן בריל
און שפּרינגסט אַראָפּ און לויפֿסט אַרויס אין גאַס —
און נאָכאַמאָל פֿאַר דיר אַ וועלט ווי נעכטן,
און אומפֿאַרשעמט גיסט אויס די זון, ווי תמיד,
פֿאַר יעדער שוועל, פֿאַר יעדער טיר, איר שפּיל־ליכט
און וואַרפֿט אַרויס איר גאָלד פֿאַר די חזירים...

איצט גיי אַרויס פון שטאָט, ווען קיינער זעט נישט,
און שלײַך זיך שטיל, פאַמעלעך צום בית־עלמין,
און שטעל זיך אויף די פרישע קדושימס קברים,
און שטיי, און קוק, און לאָז אַראָפּ די ברעמען —
און ווער פאַרשטיינערט!
דײַן האַרץ זאָל אויסגיין, חלשן אַ טרער —
נאָר טרוקן, ווי אַ שטיין אין מדבר, בלײַבט דײַן אויג;
און שרײַען וועסטו ווען, רײַסן קברים,
און ברילן ווי אַן אָקס צום שחיטה־באַנק געבונדן —
נאָר שטום, ווי די מצבות, בלײַבסטו שטיין.
נעם קוק זיי אָן, דאָ זײַנען זיי, די קדושים,
דאָ ליגן זיי געשחטענע, ווי קעלבער,
און האָסט פאַר זיי קיין טרער, ווי איך — קיין לוין...
איך בין אַהער געקומען, טויטע ביינער,
בײַ אײַך מחילה בעטן: זײַט מיר מוחל!
זײַט מוחל אײַער גאָט, איר אייביקע פאַרשעמטע,
פאַר אײַער ביטערן פינצטערן לעבן זײַט מיר מוחל,
פאַר אײַער צען מאָל ביטערן טויט.
אַז איר וועט קומען מאָרגן אונטער מײַנע טירן
און אָנקלאַפּן בײַ מיר און מאָנען לוין —
וועל איך אײַך עפענען, קומט זעט — נאָר כ'האָב נישט!
אַ יורד בין איך, גלײַך מיט אײַך פאַראָרעמט...
און וויי, און ווינד, און וויי איז אַלע וועלטן!
און לאָזן אַלע הימלען ברומען פאַר רחמנות! —
אַזעלכע קרבנות — און אומזיסטע!
אומזיסט אַזוי געלעבט, אַזוי געשטאָרבן,
נישט ווִיסנדיק צו וואָס, פאַר וואָס, פאַר וועם?

אין וואָלקן אײַנגעהילט איר קאָפּ וועט אייביק
מײַן אַלטע שכינה וויינען שטיל פאַר בושה,
און נאַכט אויף נאַכט וועל איך אַראָפּ פון הימל
באַוויינען זיך אויף אייער קבר...
די שאַנד איז זייער גרויס, און זייער גרויס דער ווייטיק —
און וואָס איז גרעסער? — זאָג שוין דו, בן־אדם!
נייך, שווײַג בעסער, און זײַ אַ שטומער עדות,
אַז דו האָסט מיך אין אָרעמקייט געפונען
און צוגעזען מײַן עלנט און מײַן טרויער.

און גייענדיק צוריק — נעם מיט, בן־אדם,
אַ טייל פון צער מײַנעם, פון שטילן ווייטיק,
און מיש אים אויס מיט צאָרן־גיפט און וואַרף אים
אין שוים פון די נאָך לעבעדיקע מתים...

ווילסט גיין צוריק — פאַרקוקסטו זיך אויף גרעזלעך.
אַ פרישע יונגע בשורה פון אַ פרילינג
פילט אָן דײַן האַרץ, באַהויכט דיר דײַנע אויגן
מיט שטילן באַנג נאָך ווײַטן, נײַעם לעבן —
ס'איז קברים־גראָז, סע שמעקט דער טויט, בן־אדם!...
רײַס אויס אַ הויפן גראָז, פאַרוואַרף דאָס הינטער זיך
און זאָג דערבײַ, צומאַכנדיק די אויגן:
„מײַן פאָלק איז אָפּגעריסן גראָז — צי קען דען
אַן אָפּגעריסנס נאָך לעבן?..."
און קוק זיך מער נישט אום — אַנטלויף פון דאַנען,
צו די נאָך־לעבעדיקע לויף, ס'איז הײַנט אַ תענית,
און פאַל אַרײַן צו זיי אין שול, און ווער פאַרפאַלן
אין זייער ברענענדיקן ים פון טרערן...
דו הערסט ילֿלות ווילדע, שרעקלעכע ילֿלות,
דורך מײַלער אָפענע, דורך ציין פאַרקלעמטע,
צערײַסן זיך אויף טויזנט לעבעדיקע שטיקער,
פאַרמישן זיך און גיסן זיך צונויף
אין איין פאַרצווייפלטן און מוראדיקן יאָמער,
וואָס וואַרפט זיך ווי אַ קראַנקער, אין דער לופטן
אויף קעפּ, פאַרריסענע צום פײַכטן באַלקן,
אויף פּנימער, פאַר ווייטיק אויסגעקרימטע... —
אַ גרויל, אַ גרויל! — אַ פראָסט נעמט דורך דײַן לײַב!
אַזוי קלאָגט נאָר אַ פאָלק, וואָס איז פאַרלוירן,
וואָס אַש און רויך איז זײַן נשמה, און אַ מדבר,
אַ וויסטער מדבר, איז זײַן האַרץ געוואָרן;
קיין איינציק גרעזל האַס, קיין קערנדל נקמה!
דו הערסט? זיי קלאַפּן זיך אין ברוסט „אָשמנו!",
זיי בעטן, איך זאָל זיי די זינד פאַרגיבן...
צי זינדיקט דען אַ שאָטן אויף די ווענט —
אַ שאַרבן אַ צעבראָכענער, אַ טויטער וואָרעם? —
וואָס בעטן זיי? וואָס שטרעקן זיי די הענט?
אַ פויסט ווו איז? ווו איז אַ גרויסער דונער,

וואָס זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר אַלע דורות,
און איינלייגן די וועלט, צערײַסן הימלען,
מײַן שטול, מײַן כסא־כבוד, איבערקערן!...

און הער, בן־אדם!
צעשרײַט דער חזן זיך בײַם עמוד:
„טו, גאָט, פאַר די געשחטענע קרבנות!
פאַר די צדיקים טו, פאַר פּיצלעך קינדער!"
און נאָכשרײַען מיט קולות וועט דער עולם,
אַזוי אַז אַלע ווענט און זײַלן פון דעם הויז
מיט דיר אינאיינעם וועלן ציטערן פאַר פּחד —
וועל איך אויף דיר אַן אַכזר זײַן, אַ גרויסער אַכזר —
מיט זיי וועסטו בײַ מיר נישט וויינען!
און הייבט זיך אויף אין דיר אַ בריל און רײַסט זיך —
דערשטיק איך אים צווישן דײַנע ציין!
דו זאָלסט דאָס אומגליק נישט ווי זיי פאַרשוועכן,
פאַרבלײַבן זאָל דאָס אומבאַקלאָגט לדורות...
און דײַן נישט־אויסגעוויינטע טרער באַגראָב אין זיך,
אין האַרצן טיף פאַרמויער זי, בוי אויס דאָרט
פון האַס, פון גרימצאָרן און גאַל פאַר איר אַ פעסטונג,
און לאָז זי וואַקסן דאָרט אַ שלאַנג אין נעסט,
און זייגן זאָלט איר איינער פון דעם צווייטן,
און תמיד בלײַבן הונגעריק און דאָרשטיק;
און ווען אַ בייזער יום־הדין וועט קומען —
צעברעך דײַן האַרץ, באַפרײַ די בייזע שלאַנג!
און לאָז זי אָפּ ווי אַ פאַרסמטע פײַל,
טויט־הונגעריק מיט ברענענדיקן גיפט,
אין מיטן האַרצן פון דײַן אייגן פאָלק...

און מאָרגן גיי אַרויס אין גאַס, בן־אדם,
און זע: אַ מאַרק, אַ מאַרק פון לעבעדיקע בראָכוואַרג!
דערשלאָגענע, האַלב־טויטע מענטשן־ווערעם,
צעבראָכענע און אויסגעקרימטע רוקנס,
פאַרוויקלטע אין שמאַטעס הויט און ביינער,
מיט קינדער וויסטע קאַליקעס, מיט ווײַבער
צום טויט פאַרמאַטערטע און אײַנגעדאַרטע,
אַ היישעריק, סוף־זומערדיקע פליגן,

באַפּאַלן טיר און טויער, אַלע פענצטער,
באַלאַגערן די שוועלן פון די הײַזער
און שטרעקן אויס, געלערנטע צו בעטל'ען, קרומע הענט
מיט אויפגעדעקטע אייטערדיקע וווּנדן,
און יעדערער שרײַט אויס זײַן פּעקל סחורה,
פאַררײַסנדיק די לויזע אויגן צו די פענצטער,
ווי קנעכט, ווי הינט געשלאָגענע צום באַלעבאָס!
אַ גראָשן פאַר אַ וווּנד, אַ גראָשן פאַר אַ וווּנד!
אַ גראָשן פאַר אַן אַלטן טאַטנס טויט
און פאַר אַ יונגן חופּה־זון אַ קדוש!

צום בית־הקברות מיט די טאָרבעס, שלעפּער!
אַהינצו גייט, גראָבט אויס די ווײַסע ביינער
פון אײַערע קדושימס פרישע קברים,
שטאָפּט אָן די טאָרבעס, יעדערער זײַן טאָרבע,
און לאָזט זיך אין דער וועלט אַרײַן, און שלעפּט זיך
פון שטאָט צו שטאָט, ווי ערגעץ אַ יאַריד,
און אונטער אַלע פרעמדע הויכע פענצטער
זינגט הייזעריקע בעטלערישע ניגונים,
און רחמים בעט, און שנאָרערט אויס, און שווינדלט,
ווי ביז אַהער, מיט אײַער פלייש און ביין.

און איצט גענוג, אַנטלויף, דו מענטש, אַנטלויף אויף אייביק!
אין וויסטן מדבר לויף — און ווער משוגע!
צערײַס אויף טויזנט שטיקער דײַן נשמה
און וואַרף אַרויס דײַן האַרץ פאַר ווילדע הינט;
און לאָז דײַן טרער אַראָפּפאַלן אויף הייסע שטיינער
און דײַן געשריי זאָל אײַנשלינגען דער שטורעם...

„בעיר ההריגה" — אַ פּאָעמע וועגן קישעניעווער פּאָגראָם; ביאַליק אַליין האָט איבערגעאַרבעט די פּאָעמע אין ייִדיש אונטערן נאָמען „די שחיטה־שטאָט". די פּאָעמע האָט געהאַט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע ווירקונג, האָט געוועקט דאָס געפיל פון בושה פאַר דער אייגענער הילפלאָזיקייט.

נ. מײַזיל

# ביאַליקס צער־ און צאָרן־לידער

עס ברעכט אויס דער פּאָגראָם אין דער שטאָט קעשענעוו, און ווי דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק אין צאַרישן רוסלאַנד, אַזוי אויך ווערט ביאַליק, זײַן דיכטער, אויפגעציטערט און אויפגעשווידערט. ביאַליק קומט קיין קעשענעוו, ער נעמט אויף מיט אייגענע אויגן און מיט דעם אייגענעם האַרץ גאָר די גרויזאַמקייט און מוראַדיקייט פֿון דעם געשעענעם. דער דיכטער פֿאַרבײַט דעם פּרילינג אויף דער שחיטה. ביאַליק זינגט דאַן אַרויס די שטאַרקע ווײַ־לידער, די צער־ און צאָרן־געזאַנגען, וואָס וועלן פֿאַרבלײַבן די שענסטע פּערל אין אונדזערע דיכטערישע פֿאָלקס־אוצרות.

אָט די ביאַליקישע פּאָגראָם־ און שחיטה־לידער, סײַ אין העברעיִש און סײַ אין ייִדיש (איינציקע האָט ח. נ. ביאַליק אַליין איבערגעזעצט און פֿאַר־ייִדישט, כּדי זיי זאָלן דערגרייכן צום ברייטן ייִדיש־לייענענדיקן עולם), זײַ־נען טיף־אײַנגעקריצט אין די הערצער און געמיטער פֿון דעם ייִדישן מענטשן ביז אויף הײַנטיקן טאָג.

ביאַליק האָט געקריצט מיט די ציין, ער איז געווען פֿול מיט בושה און פּײַן, גלײַכצײַטיק האָט זײַן האַרץ געפּלאַצט פֿאַר ווייטיק. געפֿילן פֿון צער און מיטלײַד האָבן זיך געמישט מיט געפֿילן פֿון צאָרן און קללה.

„פֿון שטאָל און אײַזן, קאַלט, האַרט און שטום, שמיד אויס אַ האַרץ פֿאַר זיך, דו מענטש, און קום!" — רופֿט אויס דער דיכטער צו זיך אַליין. אָבער ער האָט נישט געקענט פֿאַרבלײַבן פֿון שטאָל און אײַזן. ער האָט זיך גע־קאָרטשעט אין מוראַדיקע ווייטיקן. ער קלאָגט און ער שעלט, ער מאָנט און ער ברעכט אויס אין אַ געוויין:

„וואָס זשע ווײנסטו, מענטש?
צו וואָס פֿאַרדעקסטו מיט די הענט דײַן פּנים? —
קריץ שטאַרקער מיט די ציין און פּלאַץ פֿאַר ווייטיק!"

די שחיטה־לידער, די צער־ און צאָרן־געזאַנגען האָבן געמאַכט אַ גע־וואַלדיקן רושם אין דער ייִדישער וועלט. זיי זײַנען אויך איבערגעזעצט גע־וואָרן אויף רוסיש און אויף אַנדערע שפּראַכן, און ביאַליק איז געוואָרן באַ־קרוינט מיטן נאָמען דער „נביא", דער „מוכיח" (דער שטראָפֿער), דער „משורר לאומי" (דער נאַציאָנאַלער דיכטער). זעלטן־ווען אַ דיכטער זאָל בײַ זײַן לעבן ווערן אַזוי פֿאַרגעטערט, פֿאַרהייליקט בײַ אַ פֿאָלק, ווי עס איז גע־ווען דער פֿאַל מיט ביאַליקן.

ש. ניגער

## וועגן „שחיטה־שטאָט“

און אָט דאָס איז דער הויפּט־אונטערשייד צווישן דעם העברעיִשן און דעם יידישן ביאַליק — אין העברעיִש האָט טריוּמפירט דער „נביא“ און דער טראַגיזם, אין יידיש — דאָס קינד און דאָס שפּיל.

די „נביאיש“־שטורמישע, „ווּלקאַנישע“, „אין שחיטה־שטאָט“, „דאָס לעצטע וואָרט“ און „איך בין נישט אויף אײַער רוף געגאַנגען“ שטאַמען פון דעם העברעיִשן ביאַליק; אי זייער אינהאַלט, אי זייער סטיל איז העברעיִש, תנ״כיש, כאָטש זיי זײַנען געשריבן אויף יידיש אָדער — ווי „אין שחיטה־שטאָט“ און „כ׳בין נישט אויף אײַער רוף געגאַנגען“ — אויך אויף יידיש. זיי זײַנען פאַר ביאַליקן אין יידיש נישט כאַראַקטעריסטיש. כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן ביאַליק איז — „אַ פריילעכס“, „מײַן גאָרטן“, „ערב פרילינג“, „אונטער די גרינינקע ביימעלעך“. אין „אַ פריילעכס“ און אַפילו אין „ערב פרילינג“ איז נאָך אַלץ דאָ עפּעס פונעם שטרענגן „נביא“... דער „ווּלקאַן“ רויכערט זיך נאָך דאָ און דאָרטן... אָבער דאָס איז אַ נביא, וואָס גיט שוין אַמאָל אַ לאַך, אַ שמייכל, נישט נאָר ער בייזערט זיך. דעם „ווּלקאַן“ צופוסנס שפּילן זיך שוין משהלעך און שלמהלעך, אונטער די גרינינקע ביימעלעך...

ח. נ. ביאַליק

## אונטער די גרינינקע ביימעלעך

אונטער די גרינינקע ביימעלעך
שפּילן זיך משהלעך, שלמהלעך;
ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאהלעך —
יידעלעך פריש פון די אייעלעך.
גופעלעך — שטרוי, רויך און פעדערלעך,
נעם און צעבלאָז זיי אויף גלידערלעך — —
כאַפּן זיי אויף גרינגע ווינטעלעך
און סע צעטראָגן זיי פייגעלעך.

נאָר איין זאַך פאַרמאָגן זיי — אויגעלעך
די אויגן פאַרמאָגן צוויי פינטעלעך,
וואָס גליִען און פינקלען און טוקן זיך,

און עפּעס ווי נביאיש און וווּנדערלעך.
פאַרטראַכטן זיך טיף און פאַרקוקן זיך
אויף נעכטיקע טעג און אויף פייגעלעך —
אוי! מיר זאָל זײַן, ייִדישע קינדערלעך,
פאַר אײַערע כשרע אויגעלעך!

## „אַ פריילעכס"

לייענט „אַ פריילעכס", אין דעם ליד זײַנען דאָ היפּשע עטלעכע טראָפּנס גרינע גאַל („נישט איין טראָפּן צום דערקוויקן, אויסגעטריקנט, ווי אַ קוואַל — וואָס-זשע שמאַכט איר? נעמט דעם בעכער, גיסט אים אָן מיט גרינער גאַל!"), אָבער —

אויסגעזופּט — און נישט פאַרקרימט זיך,
נישט קיין ציטער אין די הענט!
זאָל אַ קרענק דער שונא וויסן,
וואָס אין האַרצן בראָט און ברענט.

ח. נ. ביאַליק

## אַ פריילעכס

נישט גענאַשט פון עולם־הזה
עולם־הבא אויך נאָך גאַנץ —
וואָס־זשע פעלט אײַך? — האַנט אויף אַקסל —
און זאָל פלאַקערן אַ טאַנץ!

זאָלן שווינדלען פאַר די אויגן
פיס און פיאַטעס הויך און שטאַרק,
פונקען זאָלן פון שטיינער שפּריצן,
אָנצינדן זאָל זיך דער מאַרק!

ווי אַ טראָפּן גאַל פאַרבאָרגן,
ווי אַ ווייי און ווי אַ ווונד —
אויסגעטאַנצט מוז דאָס הײַנט ווערן
ביז צום סוף און ביז צום גרונד!

נישט דערעסן, נישט דערשלאָפֿן,
נישט דערוואַרט און נישט דערלעבט —
וואָס־זשע זאָרגט איר? — ווי די אָדלערס
הייבט זיך פלוצים אויף און שוועבט!

איבער גאַנצע בערג פון צרות,
איבער ימים נויט און פּיַין,
טראָגט זיך מיט פאַרמאַכטע אויגן —
און זאָל זיַין דאָרט, וואָס ס'זאָל זיַין!

איין מאָל לעבט מען, איין מאָל שטאַרבט מען,
איין מאָל קומט מען אָפּ דעם טאַנץ —
טאַנצט־זשע, ברידער, גאָט לכבוד
פלעכט אַ לעבעדיקן קראַנץ!

נישט איין טראָפּן צו דערקוויקן,
אויסגעטריקנט ווי אַ קוואַל —
וואָס־זשע שמאַכט איר? — נעמט דעם בעכער,
גיסט אים אָן מיט גרינער גאַל.

אויסגעזופּט — און נישט פאַרקרימט זיך,
נישט קיין ציטער אין די הענט!
זאָל אַ קרענק דער שונא וויסן,
וואָס אין האַרצן בראָט און ברענט.

העכער, העכער הייבט דעם בעכער,
חי־געלעבט! און חי־געקוועלט!
אויף צעפּיקעניש די שונאים,
אויף צו־להכעיס גאָר דער וועלט!

נישט קיין אמת, נישט קיין יושר,
נישט קיין רחמים, נישט קיין דין —
נו, איז וואָס? דאָס רעדל דרייט זיך
אָן אַ ציל און אָן אַ זין.

כאַפּט־זשע, זיַיט אין ראָד אַ רעדל,
מישט זיך אויס און דרייט זיך נאָך,

אָפּ פון וועג זאָל יעדער גרענעץ,
אָפּ פון האַלדז זאָל יעדער יאָך!

הפקר, הפקר, אַלץ איז הפקר,
ווי ס׳איז הפקר אונדזער בלוט!
אַ כפּרה הונדערט וועלטן
פאַר איין שעה פון דרייסט און מוט!

## „ע ר ב פ ר י ל י נ ג"

אַ הומאָר-ווינטעלע האָט אַ בלאָז געטאָן אויף דער הייסער סאַטירע — און זי אָפּגעקילט. פרישער נאָך איז דאָס ווינטעלע אין „ערב פרילינג"... ס׳איז אייגנטלעך אַ משל אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אָדער אויף דער ייִדישער אויפלעבונגס-באַוועגונג, אָבער ס׳איז נישט קיין שטרענגער משל, וואָס איז מער גאָרנישט נישט אויסן, אַחוץ עפּעס אַ מוסר-השכל. ס׳איז אַ משל, וואָס מאָלט אַ בילד און שמייכלט דערביי. עס איז נישט אינגאַנצן פריי פון פּרימיטיווע פּרוג-טענער, ווו-נישט-ווו אַ טאָן פון בדחנות, אָבער אינגאַנצן גענומען איז עס לעבעדיק און פריילעך, פול מיט עכט פאָלקסטימ-לעכן הומאָר און פריי פון „נביאישער" סאַטירע.

ח. נ. ב י אַ ל י ק

## ע ר ב פ ר י ל י נ ג

מאָל דיך, פרילינג איז נאָך נישט,
ס׳איז לעת-עתה ערב פרילינג,
און לעת-עתה בלייב פאַרשפּיליעט —
קענסט נאָך כאַפּן אַ פאַרקילונג.

אָבער איך — איך הער קיין ווערט נישט,
איך צעשפּיליע די קאַפּאָטע
און איך לויף אויף גאָטס באַראָט
טאַנצן מיט אַ שטראַל אין בלאָטע.

מיר געפעלט דער ערב פרילינג
דווקא ווי ער שטייט און גייט,

אָנגעטאָן אין שמאַטעס־וואָלקן
מיט אַ גאָלדענעם שטראַל באַנייט.

איך האָב ליב זײַן קאַלטן ווינט,
וואָס ער פּאַטשט אין האַלדז און נאַקן,
ווען פון פּאָרנט קושן, הלובען,
זיסע ווינטלעך מײַנע באַקן.

כ'ווער צעשמאָלצן, כ'קוועל פאַר תענוג,
ווען אַ ברען, אַ שטראַל אַ פרײַער
טאַנצט און שפּילט זיך מיט דעם שאָטן,
און דער שאָטן שפּילט מיט פײַער...

יאָ, כ'האָב ליב זײַן איידעלן שפּילן
פון די דינסטע, ריינסטע גאַמען
ליכט און שאָטן... עפּעס האָט דאָס
טויזנט חנען, טויזנט טעמען.

## „מײַן גאָרטן"

מיט אַ שמייכעלע און מיט אַ שיער נישט שלום עליכמדיקן הומאָר באַגריסט אונדז ביאַליק אין „מײַן גאָרטן". אַזוי ווי ער זאָל גאָר קיינמאָל נישט האָבן געערעדט צו אונדז אַזעלכע רייד, ווי: „פון אײַער אויסגעלאָשן אויג בין איך דער לעצטער שוואַרצער בליץ, פון אײַערע פאַרקלעמטע ציין — דער לעצטער צאָרנדיקסטער קריץ". ווי ציין, וואָס צאָרן! פאַר אונדז שטייט אַ גוט־ברודערישער און אַ גאַסטפרײַנטלעכער אוקראַיִנער ייִד, אַן עכטער פאָלקס־מענטש. ער גיט אונדז אָפּ אַ ברייטן שלום־עליכם, ער כאַפּט זיך אַרום מיט אונדז און —

ווילט איר אפשר זײַן אַ בעלן
אָנקוקן מײַן שיינעם גאָרטן —
זײַט־זשע מוחל, קומט אַרויס,
קוקט אים אָן — אָט שטייט ער דאָרטן!

די שפּילעוודיקע אידיליע האָט פאַרנומען דעם אָרט פון דער אָנגעצויגענער דראַמע, דער פאָלקסטימלעכער הומאָר האָט בײַגעקומען דעם ביבליש־נביאישן פּאַטאָס, און עס האָט זיך געענדערט דעם דיכטערס קוק אויף דער נאַטור, נישט נאָר זײַן קוק אויף מענטשן.

# מיין גאָרטן

ווילט איר אפשר זײַן אַ בעלן
אָנקוקן מײַן שײנעם גאָרטן —
זײַט־זשע מוחל, קומט אַרויס,
קוקט אים אָן — אָט שטײט ער דאָרטן!

אָן עין־הרע גרויס און רײַך —
כ'זאָג אײַך, אײנער אין דעם שטעטל
זעט נאָר, ווי עס קוועלט אין אים
יעדער בוים און יעדעס בלעטל...

אויסגעצוואָגן פון דעם טוי,
פון די שטראַלן אויסגעבאָדן,
שטײען בײמער אַלערלײ
מיט די פּירות אָנגעלאָדן.

שווערע עפּל, רויטע עפּל
בײגן צו דער ערד די צווײַגן,
און די באַרן — זעט נאָר באַרן —
הענגען שטיל זיך דאָרט און שווײַגן.

שוואַרצע ווײַנשל בלינצלען עפּעס
ממזריש, גנבהש, ווי מיט אויגן...
נו, און פלוימען — אָט די פלוימען —
מיט אַ בלויען הויך באַצויגן...

יאָ, אַ דאַנק זײַן ליבן נאָמען,
כ'האָב אַ רײַכן, שײנעם גאָרטן!
אָן עין־הרע אָנגעפּאַקט
פּירות, פּרוכט מכל הסאָרטן.

כ'האָב אים, אָט דעם שײנעם גאָרטן,
ס'זאָל אים קײן בײז אויג נישט שאַטן,
ליב דאָס לעבן; שײַך ליב? —
כ'זאָג אײַך: עפּעס ווי אַ טאַטן...

זומערלעב נאָך מיטיק, היינו:
נאָך אַ יויך און נאָך געבראָטנס,
נעם איך און פאַרשטעק זיך טיף
און צעלייג זיך דאָרט אין שאָטנס —

ברייטלעך אָט אָ דאָ, למשל,
אונטערן באַרנבוים דעם גרויסן...
מיני פייגל אַלערליי,
שדים ווייסן, ווי זיי הייסן —

הם... קאַנאַריקלעך, אַ שטייגער,
זינגען, קלינגען, קנאַלן, שאַלן,
און דאָס שיט זיך אויף מײַן קאָפּ
מיט געזיפּטע ברעקלעך שטראַלן...

טוט זיך נאָר דער בוים אַ טרייסל —
באַלד צעלויפט זיך אויף דעם שאָטן,
גיך, ווי מײַזלעך, פלעקן גאַלד —
און איך ווער מיט גאָלד באַשאָטן...

ש. ניגער

## דער העברעישער און יידישער ביאַליק

**שפּראַכלעכע פאַרוואָרצלטקייט.** — ביאַליק איז נישט סתם אַזוי פאַרבונדן מיט דעם עבר פון זײַן שפּראַך — דאָס איז יעדער דיכטער, דערהויפּט יעדער העברעיִשער דיכטער. ביאַליקס פאַרבונדן־זײַן מיט דער שפּראַכלעכער ירושה מיינט זײַן פאַרוואָרצלט אין איר, מיינט — פון איר אַרויסוואַקסן. נישט ער נעמט בײַ איר (דאָס טוען אַנדערע אויך), נאָר ער נעמט זיך פון איר, ער קומט פון איר אַרויס און איז איינס מיט איר. דערפאַר הערשט ער איבער איר אַזוי, ווי זי איבער אים. דערפאַר באַלעבט ער זי נישט ווינציקער ווי זי — אים. די גאַנצע אָנגעזאַמלטע עשירות פון דער שפּראַך, אירע אַלע אוצרות געהערן אים, אַזוי ווי אַלע פריערדיקע דורות זאָלן זיי האָבן צוגעגרייט און אויסגעלייגט פאַר אים — ער זאָל קומען און טאָן מיט זיי וואָס ער וויל. וויל ער, לאָזט ער זיי, ווי זיי זײַנען, און אַז ער וויל — קערט ער זיי איבער אויף דער לינקער זײַט. געפעלט אים צו שפּיגלען זיך אין זייער אַמאַליקן גלאַנץ, שפּיגלט ער זיך, און אויב נישט — לאָזט ער אויפלײַכטן אין

זיי אַ נײַ ליכט, אַ נײַע נשמה, אַ נײַע שיינקייט... נישט נאָר וואַקסט ער שפּראַכלעך אַרויס פון די אַלטע ירושה־וואָרצלען, ער וואַקסט אין זיי אַרײַן — און זיי וואַקסן, בליִען און פרוכפּערן זיך און מערן זיך מיט אים אינאיינעם. ער איז דעריבער, אין זײַן נוצן די כלי פון דער שפּראַך, אַלט און נײַ צוגלײַך — אַ טראַדיציאָנאַליסט און אַ רעפאָרמער אין איין פּערזאָן.

און דאָס איז ער סײַ אין העברעיִש, סײַ אין ייִדיש. אין העברעיִש מער, ווי אין ייִדיש צוליב צוויי טעמים. ערשטנס, איז ער (אין כמות און אין איכות) מער העברעיִשער, ווי ייִדישער שרײַבער, ווײַל ער איז טיפער פאַרוואָרצלט אין יענע תקופות פון אונדזער געשיכטע, ווען די הערשנדיקע שפּראַך פון דעם ייִדישן קולטור־לעבן איז געווען לשון־קודש. צווייטנס, האָט ייִדיש נישט אַזאַ רײַכע טראַדיציע, אַזאַ גרויסע ירושה, ווי העברעיִש. ממילא איבערראַשט אונדז נישט אַזוי ביאַליקס אָפּפרישן די אַלטע ייִדישע מטבעות און זײַן צוגעבן זיי אַ נײַעם גלאַנץ. דאָך פאַראייניקט אין זיך ביאַליקס ייִדיש, אַזוי ווי זײַן העברעיִש, די־רוּיִקייט, פעסטקייט און חשיבות פון אַן אַלטן דור־דורותדיקן לעבן מיט דעם פלאַטערן און ציטערן פון אַן אויפשטיין צו אַ נײַעם לעבן:

> גלוסט זיך מיר ווײַנען געשמאַקער פון האַרצן,
> ציט מיך, ווי כמאַרעס, צום ים צו דעם שוואַרצן,
> טיפער צו אײַך, מײַנע עלנטע ברידער.

אין דעם אַלטן „שוואַרצן ים" איז אַרײַנגעגאָסן געוואָרן אַ נײַער לעבנס־שטראָם — דער שטראָם פון „מײַנע עלנטע ברידער".

ביאַליקס ייִדיש איז, אַזוי ווי זײַן העברעיִש, נישט פאַרגליווערט־טראַדיציאָנעל, נאָר פריש און לעבעדיק־פאַרוואָרצלט אין דער שפּראַכלעכער טראַדיציע. און אָט די טיפע, זאַפטיקע און לעבעדיקע וואָרצלען פון זײַן ייִדיש, ווי פון זײַן העברעיִש, זײַנען נישט קיין צופעליקע וואָרצלען. זיי ציִען זייער יניקה פון דער גאַנצער גײַסטיקער ירושה פון דעם ייִדישן פאָלק.

מ ר ד כ י  י פ ה

## ביאַליק אין ייִדיש

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז ביאַליק אין ייִדיש.

אין כמות איז נישט גרויס דער באַגאַזש פון ביאַליקס שאַפונגען אויף ייִדיש: אַ צאָל אָריגינעלע לידער, איבערשאַפונגען פון זײַנע אייגענע העברעיִשע לידער און פון יהודה הלוי און היינע. סך־הכל פערצן שירים. אָבער

אין איכות איז דאָס אַ באַזונדערע יצירה, דורך וועלכער די ייִדישע פּאָעזיע איז באַרייַכערט געוואָרן.

קודם-כּל די שפּראַך גופא. ער האָט באַנוצט אַ ריינעם, זאַפטיקן, פֿאָלקס-טימלעכן און אין דער זעלבער צייַט דערהויבן-קולטיווירטן ייִדיש, דאָ איז געווען די אינטימע באַציִונג צו דער שפּראַך, וואָס איז פֿאַר אים געווען אין דער בחינה פֿון טאַטע-מאַמעשער האַרציקייט, און, פֿון דער צווייטער זייַט, די לאָגישע דערקענטעניש, אַז ייִדיש איז נישט קיין זשאַרגאָן, נאָר אַן אייגנאַרטיק לשון, אַ וויכטיקער פֿאַקטאָר אין ייִדישן קולטור-געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

## 42 יאָר שאַפֿן

ביאַליק האָט פֿאַר די 42 יאָר פֿון זייַן שאַפֿן נישט פֿיל געשריבן. ער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט פֿאַר די איבער פֿערציק יאָר אַ 125 העברעיִשע שירים, אַ זעקס פּאָעמעס, עטלעכע קלענערע דערציילונגען, פֿיר לעגענדעס, אַ צוואַנציק עסייען, און נישט קיין סך לידער אין ייִדיש. דאָס גאָר! ח. נ. ביאַליק איז געווען פֿון די דיכטער, וואָס האָט אַ ליד זייער לאַנג אויסגעטראָגן. ביז עס איז אינגאַנצן צייַטיק און רייַף געוואָרן. דעריבער זייַנען זייַנע שאַפֿונגען אַזוי וואָגיק, אַזוי מייַסטעריש פֿאַרפֿולקאָמט. די שורות אין זייַן ליד זייַנען ווי פֿון שטיין אויסגעהאַקט. ביאַליק האָט זיך אויך זייער פֿיל אויסגעלעבט אין זייַן רעדן, וואָס איז געווען שטענדיק באַזונדערס אינטערעסאַנט און גייַסטרייַך.

ביאַליק האָט זיך אויסער דעם צענדליקער יאָרן פֿאַרנומען מיט פֿילזייַטיקע רעדאַקציאָנעלע און גרויסגעבערישע טעטיקייטן. ער האָט אין דעם אַרייַנגעלייגט זייַן נשמה, זייַן האַרץ, זייַן גרויס וויסן און אין אָט דער אַרבעט האָט ער פֿאַרברויכט און אויסגעלאָדן פֿיל ענערגיע און שאַפֿונג-שטאָף. ביאַליק האָט אויך גרויסע ·פֿאַרדינסטן, וואָס ער האָט אויפֿגעזאַמלט און סיסטעמאַטיזירט און אַרויסגעגעבן די „ייִדישע אגדות” אין העברעיִש און זיי איבערגעזעצט (מיט זייַן לעבנס-חבר, י. ח. ראַווניצקי) אויך אויף ייִדיש. ער האָט אויך, צוזאַמען מיט י. ח. ראַווניצקי און דעם זיידן מענדעלע מוכר ספֿרים, איבערגעזעצט דעם חומש, די חומש-מעשיות אויף ייִדיש.

פ. ערליך

# דאָס ביאַליק־הויז אין תּל־אביב

דאָס דאָזיקע הויז, אויף רחוב ביאַליק נומער 22 אין תּל־אביב, וואָס איז פּאַקטיש אי אַ מוזעום, אי אַ ביבליאָטעק און אויך אַ קולטור־צענטער, איז, פאַרשטייט זיך, צו קליין לויט דער וויכטיקער ראָלע, וואָס דאָס הויז שפּילט אין תּל־אביב. דאָס הויז איז אָבער, דאַרף מען נישט פאַרגעסן, בעת ביאַליקס לעבן געווען זײַן פּריוואַטע היים. באַלד נאָך ביאַליקס פּטירה, האָט די אלמנה ביאַליק אויסגעדריקט איר ווונטש, אַז זייער הויז זאָל איבערגיין אין רשות פון דער שטאָט תּל־אביב. אָבער צוליב פאַרשיידענע סיבות קען נישט די מו־ניציפּאַליטעט פון תּל־אביב איבערנעמען דאָס הויז, דאַן שאַפט זיך אַ ספּע־ציעלע אגודה (פאַרבאַנד), וואָס שטעלט זיך אַלס ציל, צו פאַרוואַנדלען דעם בית־ביאַליק אין אַן עפנטלעכן קולטור־הויז; און אין חודש אַפּריל פון 1937 ווערן באַשטעטיקט די תּקנות פון דער „אגודת בית־ביאַליק" וואָס זאָגן: דאָס הויז, אין וועלכן ביאַליק האָט געלעבט, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מוזעום, אין וועלכן עס זאָלן געזאַמלט ווערן אַלע שריפטן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיטן נאָמען און שאַפן פון נפטר, שאַפן אין דעם דאָזיקן הויז פּלאַץ פאַר יידישן פאָלקלאָר, אײַנאָרדענען דאָ רעפעראַטן, כינוסים, מסיבות, שמועסן, צוזאַ־מענטרעפן, לעקציעס, אָוונטן אאַז"וו.

אָפיציעל איז דאָס הויז דערעפנט געוואָרן כ"א תּמוז תּרצ"ז און עס באַ־שטייט פון דרײַערליי וויכטיקע באַשטאַנד־טיילן: א) ביבליאָטעק, ב) אַן אַר־כיוו און ג) אַ מוזעום.

ביאַליק האָט אין זײַן פּריוואַטער ביבליאָטעק איבערגעלאָזט אַרום דרײַ טויזנט פינף הונדערט ביכער. די ביכער ווערן נישט אַרויסגעגעבן צום לייע־נען און זיי שטייען אין דער ביבליאָטעק אין דער זעלבער אָרדענונג ווי בײַ זײַן לעבן. אין דער ביבליאָטעק געפינען זיך יקר המציאותן און צווישן זיי, ביכער וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן מיט אַ 430 יאָר צוריק לערך.

צו דעם זײַנען זײַט ביאַליקס טויט ביז הײַנט צוגעקומען 20.000 נײַע ביכער, וואָס זייער אינהאַלט איז אַלץ, וואָס האָט אַ שײַכות מיטן יידישן פאָלק.

די ביבליאָטעק ווערט באַזוכט טעגלעך פון אומגעפער 260 לייענער און 200 באַזוכער.

איר געפינט דאָרט אויך כמעט אַלע צײַטונגען און זשורנאַלן וואָס דער־שײַנען אין ישראל און אין די גלות־לענדער, וואָס האָבן אַ שײַכות צו יידישע פראַגן. אין אַ באַזונדערער שאַפע געפינען זיך ביאַליקס ביכער, וואָס זײַנען דערשינען דורך פאַרשיידענע פאַרלאַגן. איבערזעצונגען, וואָס ביאַליק האָט

איבערגעזעצט, און ביכער פון זײַנע שאַפונגען, וואָס אַנדערע האָבן אים אי־בערגעזעצט אויף פאַרשיידענע שפּראַכן. באַזונדערס רופט מײַן אויפמערק־זאַמקייט די יובל־אויסגאַבע געווידמעט ביאַליקס 50־יאָריקן געבורטסטאָג. דאָס פּאַפּיר פאַר דער יובל־אויסגאַבע איז עקסטרע פאַבריצירט לכבוד ביאַ־ליקן. אַז מען קוקט קעגן דער ליכטיקייט זעט מען אויף יעדן בלעטל פון דער אויסגאַבע ביאַליקס בילד.

דער גרויסער נאַציאָנאַלער דיכטער האָט איבערגעלאָזט אויך זייער אַ רײַכן אַרכיוו. אַ רײַכע ירושה פון כתב־ידן אייגענע און אַנדערע (פרעמדע), בריוו, בילדער, איבערזעצונגען. דאָס אַלץ איז פײַן סאָרטירט און אײַנגע־אָרדנט. די בריוו, וואָס ביאַליק האָט באַקומען, זײַט דער צײַט ווען ער האָט נאָך געלערנט אין דער ישיבה ביז די לעצטע טעג פון זײַן לעבן, גרייכן צו פיל טויזנטער.

איצט זײַנען אײַנגעאָרדנט געוואָרן עטלעכע צענדליק טעקעס מיט בריוו פון פּאָעטן, פאָרשער, שרײַבער, באַוווּסטע געזעלשאַפטלעכע עסקנים, פּריוואַטע און חברים און סתם טויזנטער פאַרערער. די בריוו און אַנדערע וויכטיקע כתב־ידן זײַנען פאַרשלאָסן אין אַן אײַזערנער פײַערשראַנק, וואָס איך האָב געזען ליגן אויפן פּאָל, לעבן דעם פענצטער וואָס איז איצט פאַרמויערט, כדי די שראַנק זאָל זײַן באַשיצט פון אַ מעגלעכער באָמבאַרדירונג.

אין דער פײַערקאַסע זײַנען פאַרשלאָסן אַרום אַ 300 כתב־יד שריפטן. עס געפינען זיך דאָרט אויך אַן 11 טויזנט בריוו וואָס זײַנען אויסגעסאָרטירט און אײַנגעאָרדנט לויטן סדר פון די יאָרן. לויט ווי עס גיט מיר איבער דער הער אונגערפעלד, גרייט מען זיך אין ישראל אַרויסצוגעבן די בריוו־זאַמלונג אין בוכפאָרם. איר געפינט דאָרט אויך 1.700 בריוו אין האַנטשריפט, וואָס ביאַליק האָט געשריבן צו פאַרשיידענע שרײַבער, פּריוואַטע און געלערנטע, צווישן זיי 400 קאָפּיעס פון בריוו געשריבענע אויף אַ שרײַבמאַשין. חוץ דעם געפינט מען דאָרט 17 טויזנט אַרטיקלען אין 24 שפּראַכן איבער ביאַליקן. באַזונדערס זײַנען איבער אים, אַלס משורר און פּערזענלעכקייט, געשריבן געוואָרן 47 ביכער אין 9 פאַרשיידענע שפּראַכן. ביאַליקס שריפטן זײַנען אויך איבערגעזעצט אין 24 שפּראַכן, צווישן זיי אויך אין שפּאַניש.

דער מוזעום, וואָס איז אײַנגעאָרדנט אין דעם צימער וואָס איז געווען דעם דיכטערס שלאָפצימער, איז פּערמאַנענט אָפן פאַר די אַלע וואָס ווילן אים באַזוכן.

אין דעם צימער זײַנען אײַנגעאָרדנט אין פאַרשיידענע קלענערע און גרעסערע גלאָז־שראַנקען אַ סך פון ביאַליקס כתב־ידן, שאַפונגען אין פּאָעזיע און אין פּראָזע, פאַרשיידענע דאָקומענטן און דיפּלאָמען וואָס האָבן אַ שײַכות מיט ביאַליקס אַקטואַציע, דיפּלאָמען פון ספר־הזהב וואָס פאַרשיידענע גע־זעלשאַפטן פון ישראל און פון חוץ־לארץ האָבן אים געלעגנהייטלעך געשאָנ־

קען. דאָרט געפינט איר אַ 1.600 פאָטאָגראַפיעס פון ביאַליקן, אויף וועלכע איר זעט אים אין דער געזעלשאַפט פון פאַרשיידענע חברים־שרײַבער, ווי למשל, ביאַליק און פּרץ, ביאַליק און ראַווניצקי, ביאַליק און שלום עליכם, ביאַליק און מענדעלע, שניאור, פיכמאַן און אַנדערע. באַזונדערס רופן די אויפמערקזאַמקייט די בילדער ווו ביאַליק געפינט זיך אַרומגערינגלט מיט משהלעך און שלמהלעך, פאַר וועמען ער ווינטשט זיך „אוי מיר זאָל זײַן, יידישע קינדערלעך, פאַר אײַערע כשרע אייגעלעך" — איר קוקט אַרײַן אין דער „קינדער־שאַפע" און איר טראַכט ווי די קינדער האָבן דאָס ליב געהאַט ביאַליקן, דאָס פילט איר פון די הונדערטער בריוו קינדערשע, צייכענונגען און אונטערגעשריבענע פאָטאָגראַפיעס, וואָס געפינען זיך אין דער קינדער־שאַפע, און דאָס אַלץ האָבן צוגעשיקט קינדערלעך, פון קליינוואַרג פון קינדער־גאָרטן ביז מיטלשול־סטודענטן.

אויף די ווענט הענגען ביאַליקס בילדער, געמאָלן פון וועלט־באַרימטע מאָלערס. 47 מאָלערס האָבן געצייכנט און געמאָלן זײַן בילד. צווישן זיי: פּאַסטערנאַק, ליבערמאַן, וואַכטעל, גלאַזבערג, יאָפּע און אַנדערע.

איר געפינט אויך אין מוזעום דרײַ פילמען, וואָס דערציילן וועגן ביאַליקן — זײַן לעבן, זײַן שאַפן און זײַנע באַגעגענישן. אָט, פאַלט אײַער בליק אויף דעם קליינעם מיניאַטור־תנ״כל, וואָס ביאַליק האָט זיך מיטגענומען ווען ער איז געפאָרן צו זײַן אָפּעראַציע. דער תנ״ך איז בײַ ביאַליקן געווען דאָס באַליבטסטע ספרל. ביז פיר מינוט פאַר זײַן אויסהויכן די נשמה, האָט ביאַליק אַרײַנגעקוקט אין דעם תנ״כל. און אָט זעט איר ביאַליקס שטעקן, וואָס איז צוויי מאָל פאַרלוירן געגאַנגען און ביידע מאָל איז ער נאָך פיל צײַט אַרומזוכן אים, געפונען געוואָרן בײַ זײַן חבר ראַווניצקי... פון אונטער אַ גלאָז־קריסטאַל לייענט איר ביאַליקס ערשט ליד „אל הצפור", וואָס איז געשריבן געוואָרן פון דעם דיכטער ווען ער איז 16 יאָר אַלט געווען, און לעבן דעם זײַן לעצט ליד „הפרידה", געשריבן 5 וואָכן פאַר זײַן טויט; לעבן דעם — די גאָלדענע פעדער מיט וועלכער דאָס לעצטע ליד איז געשריבן געוואָרן און דערבײַ נאָך אַ גאָלדענע פעדער, וואָס ביאַליק האָט אין זשיטאָמיר באַקומען אַלס מתנה אַלט־זײַענדיק 22 יאָר. אין אַן אַנדער ווינקל געפינט איר פלאַטן דורך וועלכע עס קלינגט אַזוי שיין ביאַליקס שירה, וואָס האָט פיר הונדערט פאַרשיידענע מוזיק־מעלאָדיעס. פּלוצים הערט איר אַזעלכע אַנגענעמע און זיסע קלאַנגען פון דעם יידישן הימן — די „התקוה".

—וואָס איז דאָס? — איר דרייט זיך אויס, און דאָס שפּילט גאָר אַ שוייצער קינסטלעריש־געמאַכטער זייגער די התקוה. מײַן באַגלייטער דערציילט מיר, אַז דאָס האָט דער יידישער זייגערמאַכער מימון עקסטרע געמאַכט דעם זייגער אַ מתנה פאַר ביאַליקן. איצט — זאָגט מיר מײַן באַגלייטער — געפינט זיך, שוין זײַט עטלעכע חדשים, דער הער מימון אין ישראל. ער איז

איצט אַלט 60 יאָר. ער האָט דורכגעמאַכט דאָס טראַגישע און שווידערלעכע קאַפּיטל פון היטלער־דײַטשלאַנד. זײַן פרוי און זײַן משפחה זײַנען אומגעקו־מען, און דערווײַל וווינט נאָך דער קינסטלער־זייגערמאַכער מימון אין אַ גע־צעלט אין אַ לאַגער, ווײַל ער האָט נאָך נישט קיין דירה.

אַזוי האָב איך פאַרבראַכט אַ היפּשע פּאָר שעה, באַטראַכטנדיק אַלץ, וואָס דער „בית ביאַליק" פאַרמאָגט. מײַן באַגלייטער, וואָס האָט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן געדולד און קלאָרקייט מיר אַלץ אויפגעקלערט און גע־הייסן מיר פאַרשרײַבן, באַגלייט מיך אַראָפּ די טרעפּ. איך שטיי שוין בײַ דער אַרויסגאַנג־טיר. איך וויל מײַן באַגלייטער באַדאַנקען און זיך געזעגענען מיט אים. ניין — זאָגט ער — איר האָט נאָך נישט געזען דעם גאָרטן. — קומט, וועל איך אײַך ווײַזן דעם גאָרטן, און אין מײַן דמיון קומט־אויף אַ כּטראָפע פון ביאַליקס אַ שיר, וואָס אין יִדישער איבערזעצונג זאָגט זיך אַזוי: „אַדאַנק זײַן ליבן נאָמען, כ'האָב אַ רײַכן, שיינעם גאָרטן! קיין עין־הרע אָנגעפּאַקט פּירות, פרוכט, מכל — הסאָרטן". און טאַקע אַזוי. איר טרעפט אין ביאַליקס גאָרטן (וואָס איז, אַגב, נישט אַזאַ גאָרטן וועלכן איר האָט גע־דענקט נאָך פון אוקראַיִנע), פאַרשיידענע מינים ביימער, איר האָט דאָרט פלאַנצן משבעת המינים, פאַרשיידענע בלומען, און דאָס אַלץ האָט דער משורר שטאַרק אָפּגעהיט. נישט ווינציק צער האָט אים אויך דער גאָרטן פאַרשאַפט. פיל ביימער וואָס ביאַליק האָט פאַרפלאַנצט זײַנען אים נישט געראָטן. אין איינעם אַ ווינקעלע פון גאָרטן האָט איר די „בריכה", די קליי־נע סאַזשעלקע, וואָס אַמאָל זײַנען דאָ אַרומגעשווומען אַ סך רויט־גאָלדענע פישעלעך. דאָס האָט דער דיכטער אײַנגעאָרדנט כּדי צו משמח זײַן די קליי־נינקע געסט, וואָס פלעגן קומען אים באַזוכן. אָפטמאָל פלעגן אַ סך פון די פישעלעך פאַרשווינדן, נישט וויסנדיק צי האָט זיי אַ קאַץ געכאַפּט, אָדער עס האָבן זיי די שטיפערישע סאַברעלעך אויסגעכאַפּט.

איך שפּאַציר אַרום אויף די צעצווײַגטע סטעזשקעס אין דעם גאָרטן, וואָס פירן, יעדע איינע, צו אַן אַנדער אינטערעסאַנט ווינקל פון דעם גאָרטן, אין די פאַרשיידענע ווינקלען, וואָס זײַנען פאַרפלאַנצט אָדער מיט ביימער, אָדער מיט בלומען. אַזוי פלעגט ביאַליק — דערציילט מיר דער שרײַבער הער אונגערפעלד — אַרומשפּאַצירן אָפט מיט אייניקע פון זײַנע חברים־שרײַבער און זיי דערציילן מיט פּרטי־פּרטים און מיט אַ באַזונדער ליבע די געשיכטע פון יעדן פלאַנץ באַזונדער. איך שטיי לעבן אַ שטאַרק צעצווײַגטן בוים. איבער מײַן קאָפּ הער איך דאָס צוויטשערן פון פייגל. דערלעבן אַרום אַ צווייטן בוים זיצט אַ לערערין מיט אַ גרופּע קינדער און זיי זינגען ביאַ־ליקס ליד „קן לצפור בין העצים" — אַ נעסט האָט דאָס פייגעלע צווישן די ביימער. און איך טראַכט בשעת־מעשה: ביאַליק איז טאַקע מער נישטאָ, אָבער זײַן גײַסט שוועבט דאָ אַרום צווישן די בלומען און פלאַנצן און קינ־

דערלעך כאַפּן אויף ביאַליקס ווערטער, וואָס האָבן זיך אין אַ זיסער מעלאָ־דישער שירה פאַרוואַנדלט.

און זיי זײַנען טאַקע פול דאָ, אומעטום אין גאָרטן, די משהלעך און שלמהלעך, און זיי לעבן אויף דעם גאָרטן מיט זייערע זיסע קעלעכלעך און זינגען משירי ביאַליק, וואָס מאַכן אויפלעבן אין זייערע הערצעלעך און נשמות דאָס בילד פון זייער גרויסן אומפאַרגעסלעכן משורר חיים־נחמן ביאַליק.



# מאָרים ראָזענפעלד

משה־יעקב אַלטער ראָזענפעלד איז געבוירן געוואָרן דעם 28סטן דע־צעמבער 1862, אין דאָרף באקשא, סוּוואַלקער געגנט, אין אַמאָליקן רוסלאַנד. זײַן זיידע איז געווען אַ פישער, דער טאַטע אַ מיליטערישער שנײַדער.

מאָרים ראָזענפעלד האָט געקראָגן אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג. דער טאַטע זײַנער איז, לויט דעם פאַרצײַטיקן באַגריף נישט געווען פאַנאַ־טיש־פרום, און דער זון האָט אויך געלערנט דײַטש און פויליש.

ראָזענפעלד האָט חתונה געהאַט זייער יונג. ווען ער איז אַלט געווען צוואַנציק יאָר, איז ער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע צום ערשטן מאָל. נאָך אַ קורצער צײַט קערט ער זיך אום אַהיים. אַ יאָר שפּעטער פאָרט ער אָפּ קיין לאָנדאָן. נאָך זעקס חדשים אָפּזײַן אין לאָנדאָן, קערט ער זיך אום אַהיים און נעמט זײַן פרוי מיט די צוויי קינדער און עמיגרירט קיין ענגלאַנד. ער פאַרבלײַבט דאָרט קאַרגע דרײַ יאָר און פאָרט ווידער אַוועק קיין אַמעריקע זוכן גליק. אין ניו־יאָרק האָט ער געאַרבעט אין סוועט־שעפּער. אין 1886, ווען ער איז אַלט געוואָרן פיר און צוואַנציק יאָר, האָט ער אָפּגעדרוקט זײַן ערשט ליד אין „פאָלקס־צײַטונג". אין צוויי יאָר אַרום דרוקט ער אָפּ אַ זאַמלונג פון זײַנע לידער. ער ווערט שנעל פּאָפּולער און באַליבט בײַ די ייִדישע אַרבעטער.

ער האָט אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע זײַן נײַנציק־יאָריקן פאָטער און זײַן מוטער.

אין 1898 האָט פּראָפעסאָר לעאָ ווינער פון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט אָנגעשריבן וועגן ראָזענפעלדן אַ פּאָר אַרטיקלען אין אַן אַמעריקאַנער צײַטונג. ער האָט אויך איבערזעצט זײַנע לידער אויף ענגליש. ראָזענפעלד ווערט שנעל אַ וועלט־באַרימטקייט.

אין 1908 האָט ער געמאַכט אַ רײַזע איבער מערב־אייראָפּע און גאַליציע, ווו ער ווערט אויפגענומען מיט גרויס כבוד. אין 1913 איז געפײַערט געוואָרן זײַן פופציק־יאָריקער יובילײ. מאָריס ראָזענפעלד האָט מיטגעאַרבעט אין פאַרשיידענע ייִדישע צײַטונגען, הויפּטזעכלעך אָבער אין „פאָרווערטס". די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן זײַנען געווען ביטערע. ער איז געווען פיזיש עלנט און גײַסטיק איינזאַם. צו זײַן זעכציק־יאָריקן געבוירנטאָג ווערט אַראַנזשירט אַ באַנקעט. דאָס האָט אים אַביסל אויפגעמונטערט. אַ פּאָר וואָכן נאָכן באַנקעט איז ער געשטאָרבן פון אַ שווערן פּאַראַליז, דעם 22סטן יוני 1923. ער איז געשטאָרבן אין אַן איינזאַם הויז, וואָס זײַן איידעם, ד"ר לעאָן גאָלדנטאַל, האָט פאַר אים געקויפט אין פעלהעם בעי, אין אַ שטילער אָפּגעזונדערטער געגנט. אפילו זײַן געטרײַע פרוי אסנה־ביילע איז נישט געווען בײַ זײַן טויטן־בעט.

זײַן קבר געפינט זיך אויפן אַרבעטער־רינג בית־עולם אין ניו־יאָרק, לעבן דעם קבר פון שלום עליכמען.

# אַ געראָטן יינגל

אין שטוב האָט מען דאָס ייִנגל געהיט מיט זיבן אויגן. אַ ציטערדיקער, אַ פֿאַרצערטלטער, טאַטע־מאַמע האָבן געציילט זײַנע טריט. דאָ שטיי נישט, דאָ גיי נישט, דאָ זיץ נישט. שפּרינג נישט, לויף נישט, יאָג זיך נישט. ער האָט נישט געטאָרט שטיין לעבן טיר — ער וועט זיך נאָך צוקילן. ער האָט נישט געטאָרט זיך אײַנבייגן אין אַן אָפֿענעם פֿענצטער — ער קען נאָך אַרויס־פֿאַלן. ער טאָר נישט שטיין לעבן אַ שאַפֿע, דער שראַנק קען נאָך חלילה פֿאַלן און צעקוועטשן דאָס קינד. דער זיידע האָט זיך געוויצלט:

— וואָלטן זיי געקענט, וואָלטן זיי אַרײַנגעלייגט דעם בן־יחיד אין אַ שאַכטל אויסגעבעט מיט וואַטע.

אין גאַס איז דאָס ייִנגל געווען גאָר אַן אַנדער קינד. פֿרײַ פֿון דער מאַ־מעס אויג האָט ער געטאָן, וואָס ער האָט געוואָלט. און ווען האָט ער גע־וואָלט נאָר שטיפֿן. אין אַלע שטיפֿערײַען איז ער געווען דער אָנפֿירער. עס איז קיינמאָל נישט אײַנגעפֿאַלן זײַנע חברים אים נישט צו פֿאָלגן. ווען ער איז געווען גאָר יונג, אין די ערשטע זמנים פֿון חדר, האָט מען געקענט זען אַז דאָס ייִנגל איז אַנדערש פֿון אַלע קינדער. ווען מען האָט די ייִנגלעך אַרויס־געלאָזט פֿון חדר האָט ער זיי צונויפֿגענומען, זיי געהייסן זיך נעמען פֿאַר די הענט, צעשטעלט זיי אין פֿאָרלעך און געפֿירט זיי אַהיים אין אַ באַשטימטן סדר. ער האָט זיי געפֿירט מיט געזאַנג און ער אַליין איז געווען דער אָנפֿירער פֿונעם זינגען. אַ שטים האָט ער געהאַט אַ שיינע, אַ הילכיקע. לידלעך צו זינגען האָבן אים נישט געפֿעלט. ער האָט געהאַט אַ מאָדנע פֿעיִקייט צו גע־דענקען אַלע קינדער־לידלעך, וואָס ער האָט געהערט. האָט ער איין מאָל גע־הערט אַ ליד האָט ער באַלד אויפֿן אָרט איבערגענומען די ווערטער און די מעלאָדיע. טאָמער האָט אים אַמאָל אויסגעפֿעלט אַ ליד, האָט ער אַליין גלײַך אויפֿן אָרט געמאַכט אַ ליד — ווערטער און ניגון. די קינדער פֿון שטעטל האָבן געזונגען אַ סך פֿון זײַנע לידער. אָפֿט האָט געטראָפֿן, אַז חדשים שפּעטער האָט ער געהערט אַ ליד, וואָס ער האָט געמיינט אַז עס איז נײַ. ער אַליין האָט דאָס ליד פֿאַרפֿאַסט, נאָר פֿאַרגעסן, און איצט האָט ער זיך צוריק אויס־געלערנט זײַן אייגן ליד. ווי געוויינלעך האָט ער עפּעס וואָס צוגעגעבן.

# די משפּחה קלייבט זיך אַריבער אין שטאָט

די משפּחה האָט לאַנג געלעבט אין דאָרף. אָבער נאָכדעם ווי משה־יעקב איז געבוירן געוואָרן, און פּרנסה איז געוואָרן ווייניקער און ווייניקער. האָט אפרים־לייב, ראָזענפעלדס טאַטע, אָנגעהויבן טראַכטן, אַז ס'איז נישט קיין תכלית צו בלײַבן אין דאָרף. מען דאַרף זיך איבערקלײַבן אין שטאָט. אָבער וואָס קען ער טאָן אָן אַ מלאכה אין האַנט אין דער גרויסער שטאָט? איז דער מיטליאָריקער ייִד אַוועק קיין וואַרשע און זיך געשטעלט אַרבעטן בײַ אַ שנײַדער. מען ווייסט נישט קלאָר, צי אפרים־לייב האָט אין זײַנע יונגע יאָרן געלערנט שנײַדערײַ, דערנאָך עס פאַרגעסן אין דאָרף, צי ער האָט זיך ערשט אָנגעהויבן לערנען שנײַדערײַ אין וואַרשע. אָבער דאָס ווייס מען יאָ, אַז אין וואַרשע איז ער נישט געווען קיין פּולער שנײַדער. ערשט, אַ היפּשע צײַט שפּעטער, ווען ער האָט זיך אַריבערגעקליבן קיין סוּוואַלק, האָט ער געעפֿנט אַ שנײַדער־וואַרשטאַט. קאָנטיק, אַז ער איז געווען אַ גוטער שנײַדער, ווײַל ער פלעגט נייען פאַר די אָפיצירן אין דער רוסישער אַרמיי. נישט יעדער שנײַדער האָט געקענט זײַן אַ מיליטערישער שנײַדער.

אין סוּוואַלק האָט משה־יעקב, ווי אַלע ייִדישע ייִנגלעך, געלערנט אין חדר. ער האָט געלערנט תנ"ך און גמרא. שפּעטער, ווען ער איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער זיך באַקענט מיט דײַטש און פּויליש. די עלטערן האָבן זיך געגרויסט מיט זייער געראָטענעם בן־יחיד, געהאַלטן, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן אַ לײַט. דער יונג איז געווען געלערנט, קלוג שיין און געהאַט אַ שיינע שטים צו זינגען. די, וואָס האָבן אים געקענט, האָבן זיך פון אים נישט געקענט אָפּלויבן. משה־יעקב איז געווען אַ בחור מיט אַ טונקל ברוין פּנים, שוואַרצע, ברענענדיקע אויגן, די האָר געקרײַזלטע און אַזוי שוואַרץ, אַז זיי זײַנען אַרײַנגעפאַלן אַזש אין אַ בלויקייט.

ער האָט געירשנט פון דער מאַמען איר שיין רעדן, איר פעיִקייט און טאַלאַנט צו דערציילן אַ מעשה און מאַכן גראַמען. די מאַמע רייטשל איז געווען אַ שיינע, אַ קלוגע און געווען באַוווּסט מיט אירע פיינע משלים און מעשיות. דערציילט מאָריס ראָזענפעלדס ייִנגערע טאָכטער:

— די באָבע רייטשל איז געווען אַ שיינע, אַפילו ווען זי איז שוין געווען אַ טיפע זקנה. אירע אויגן זײַנען געבליבן יונג און פריש און איר מויל — יונג און לאַכעדיק. זי האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן טאַלאַנט צו דערציילן אַ מעשה, און אויף אַלץ אין דער וועלט האָט זי געהאַט אַ משל און אַ גראַם. די אייניקלעך האָט זי שטאַרק ליב געהאַט און זיי זײַנען געווען צוגעבונדן צו איר. ווען זיי האָבן געמיינט, אַז דער טאַטע, אָדער די מאַמע, האָט זיי מיט עפּעס וואָס געקריוודעט, זײַנען זיי אַוועקגעלאָפן צו דער באָבען צו פאַרקלאָגן דעם טאַטן אָדער די מאַמע.

„די אַלטע האָט זיך געגרויסט מיט איר באַרימטן זון, וואָס שרײַבט אַזוי־נע שיינע לידער. זי האָט אָבער שטענדיק פאַרעקשנט צוגעגעבן:

— גראַמען מאַכן קען איך בעסער פון אים."

אַ גרויסן איינפלוס האָט געהאַט אויף משה־יעקבן אַ מיידל מיטן נאָמען אסנה־ביילע. ער האָט טאַקע מיט איר חתונה געהאַט. זי איז געווען די טאָכטער פון אַ פאַרמעגלעכן סוחר. אסנה־ביילע און משה־יעקב אַלטער זײַנען געווען פון דעם זעלביקן עלטער און די ערשטע זמנים פון חדר זײַנען זיי געגאַנגען צו דעם זעלביקן רבין. ווען דאָס יינגל איז אונטערגעוואַקסן, האָט ער געטאָגט און גענעכטיקט בײַ איר טאַטן אין הויז.

דער יונג האָט אַחוץ תנ"ך און גמרא ליב געהאַט לייענען מעשה־ביכלעך. דערהויפּט אָבער האָט ער ליב געהאַט פּאָעזיע — לידער. ער האָט געקענט אויף אויסנווייניק די לידער פון אליקום צונזער, מיכל גאָרדאָן, אברהם גאָלדפאַדען, און אויך פאָלקסלידער. ער פלעגט זיי זינגען שיין, מיט אַ סך געפיל, דאָס האַרץ פלעגט צעגיין, הערנדיק אים זינגען. גאָר יונג האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן לידער. ווען ער איז אַלט געווען פופצן יאָר, האָט ער שוין געהאַט אַ סך פאַרשריבענע העפטן מיט לידער און מיט גלאַט אַזוי שיינע, מליצהדיקע שטיקלעך. קיינער האָט פון זײַן שרײַבן נישט געהאַלטן. אָבער אסנה־ביילע האָט געגלייבט אין אים און אים געמונטערט ער זאָל שרײַבן מער. האָט ער פאַר איר פאָרגעלייענט זײַנע שאַפונגען. און נישט נאָר פאַרגעלייענט, נאָר אויך אויף יעדן ליד און אויף יעדער שטיקל מליצה האָט ער אויסגעכתבעט: „געווידמעט אסנה־ביילען".

דערציילט די יינגערע טאָכטער פון מאָרים ראָזענפעלד:

— אַ סך קריטיקער און שרײַבער האָבן זיך געוווּנדערט, וואָס מײַן טאַטע האָט אין די הויך־מיטעלע יאָרן אָנגעהויבן צו שרײַבן ליבע־לידער. אָבער דאָס זײַנען נישט געווען קיין נײַע לידער — דאָס זײַנען געווען זײַנע יוגנט־לידער, וואָס ער האָט געשריבן פאַר דער מאַמען. אויף די מיטעלע יאָרן האָט ער זיך צוריק אומגעקערט צו זיי, איבערגעשריבן, באַאַרבעט און זיי פאַרעפנטלעכט. די לידער זײַנען אים געווען אַזוי ליב, ווײַל ער האָט זיי געשריבן פאַר זײַן אסנה־ביילען, וואָס ער האָט זי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט אַ גאַנצן לעבן.

## משה־יעקב האָט חתונה

משה־יעקב איז אויסגעוואַקסן אַ בחור — אַ ברכה פאַר גאָט און לײַט. ער האָט געקענט אָפּלערנען אַ שווערן בלאַט גמרא און אין דער זעלביקער צײַט געווען באַהאַוונט אין דער דײַטשישער, פּוילישער און אויך אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. מען האָט אים גערעדט גאָר געהויבענע שידוכים

מיט אַ סך נדן. אָבער ער איז געווען פאַרליבט אין אסנה־ביילען. ווען ער איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר, האָט ער מיט איר חתונה געהאַט.

נאָך דער חתונה איז ער געזעסן בײַם שווער אויף קעסט, ווי עס האָבן געטאָן אַ סך ייִדישע יונגעלײַט אין יענע צײַטן. זײַנע טעג האָט ער פאַרבראַכט אין בית־מדרש אין לערנען און אינדערהיים האָט ער געלייענט ביכער. ווען זײַן ערשט קינד איז געבוירן געוואָרן, האָט זיך דער יונגערמאַנטשיק פאַרטראַכט, אַז עס איז נישט קיין תכלית צו זיצן בײַם שווער און עסן אומזיסט ברויט.

עס האָט אים געצויגן אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן. ער האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט שטעט און מענטשן, מיט פעלקער און לענדער. אסנה־ביילע האָט זיך טאַקע נישט געוואָלט שיידן מיט איר מאַן, דאָך האָט זי אים צוגערעדט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל און זיך אַוועקלאָזן אין דער ווײַטער וועלט. זי האָט געגלייבט, אַז איר מאַן וועט גרויס און באַרימט ווערן און די וועלט וועט מיט אים קלינגען.

און אַז משה־יעקב איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קיין אַמעריקע.

ווי אַזוי דער פאַרצערטלטער, קליין־שטעטלדיקער בחור, משה־יעקב, איז געוואָרן, יאָרן שפּעטער, דער וועלט־באַרימטער דיכטער מאָריס ראָזענפעלד, איז אַ באַזונדערע מעשה.

**ד״ר מ. פינעס**

## מאָריס ראָזענפעלד

פון אַלע ייִדישע שריפטשטעלער איז מאָריס ראָזענפעלדס נאָמען אַם־מערסטן באַקאַנט אין דער ליטעראַרישער וועלט אויסערן תחום. אויסגעוויילטע לידער זײַנע זײַנען איבערגעזעצט און געדרוקט געוואָרן אין מערערע אייראָפּעיִשע שפּראַכן און ס׳איז דערשינען אַ גרויסע צאָל אַרטיקלען וועגן זײַן לעבן און זײַנע ווערק. די דאָזיקע פּאָפּולאַריטעט, וואָס איז דער איינציקער פאַל אין דער געשיכטע פון אַ ליטעראַטור, וועלכע קען באַטראַכט ווערן, אָן אַ גוזמא, ווי אַן אומבאַקאַנטע, דערקלערט זיך נישט נאָר מיט די זעלטענע פּאָעטישע מעלות פון די לידער, וואָס האָבן די פּאָפּולאַריטעט געוווּנען, נאָר אויך מיט דעם צופאַל, וואָס אַן אַמעריקאַנער שרײַבער האָט געלייגט זײַן אויפמערקזאַמקייט צופעליק אויף דעם פּאָעט פון ניו־יאָרקער געטאָ. אָן לעאָ ווינער, וועלכער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איבערגעזעצט אין ענגליש מאָריס ראָזענפעלדס לידער, וואָלט דער לעצטער געוויס געבליבן אומבאַקאַנט צוגלײַך מיט די בעסטע ייִדישע שריפטשטעלער.

**באַמערקונג:** — די ענגלישע איבערזעצונג, די ערשטע, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך ל. ווינער, פּראָפעסאָר פון סלאַווישע שפּראַכן אין האַרוואַרדער אוני־ווערסיטעט, אין 1890סטן יאָר אין באָסטאָן. אַ גלענצנדע דײַטשע איבערזעצונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון בערטאָלד פֿײַוול מיט זייער אָריגינעלע אילוסטראַציעס פון א. מ. ליליען. אַ טשעכישע איבערזעצונג האָט געגעבן יאַראָסלאַוו וועכליצקי, פּראָפעסאָר פון לעבעדיקע שפּראַכן אין דעם פּראַגער טשעכישן אוניווערסיטעט. ישראל וואַלצמאַן האָט איבערגעזעצט און אַרויסגעגעבן ראָזענפעלדס לידער אין דער פּוילישער שפּראַך. אין רוסיש איז נישטאָ קיין זאַמלונג פון ראָזענפעלדס ווערק, פיל לידער זײַנע זײַנען אָבער דערשינען אין רוסישע זשורנאַלן.

ש. צ. זעצער

# מאָריס ראָזענפעלדס פּאָעטישער כוח

ראָזענפעלד האָט ווירקלעך אַ ריזיקן פּאָעטישן כוח פאַרמאָגט. עס איז אין דעם אימפּעט פון זײַנע לידער אַזוי פיל קראַפט פאַראַן. ווי לויפנדע כוואַליעס לויפט איין סטראָף נאָך דעם צווייטן סטראָף, איין פערז נאָכן צווייטן פערז, ביז עס ווערט דער אײַנדרוק פון אַ ברויזנדן, פאַנאַנדערשפּילנדן זיך ים.

ער איז אַ נאַציאָנאַלער דיכטער געווען, ווי עס איז געווען פּרץ, וועלכער איז דער דיכטער פון אינערלעכן געזאַנג פון דער נשמה פון פאָלק געווען. וועלכער איז דער קינסטלערישער אויסדרוק פון דער אינטענסיווער נאַציאָנאַלער דערוואַכונג, וואָס אונדזער דור האָט איבערגעלעבט, פון דעם צוריקקער פון דעם ייִדישן אינטעליגענט צום שורש זײַנעם. אָדער, ווי ביאַליק, וועלכער האָט דעם גרויסן צער פון אונדזער ייִדישן דור געניאַלע קינסטלערישע פאַרקערפּערונג געגעבן. ער — נאָר ער — איז דער דיכטער געווען פון אָט יענער אַנטוויקלונגס־פּאַזע אין ייִדישן לעבן אין אַמעריקע, ווען די ייִדישע עמיגראַנטן־שטראָמען פלעגן אַרײַנפאַלן גלײַך פון טרערן־אינדזל אין די פינצטערע און פאַרחושכטע קעלערן און בוידעמער־פאַבריקן, וועלכע האָבן טאָג און נאַכט זייער בלוט און פלייש געפרעסן, ווען לעבן אויף דער ייִדישער גאַס האָט געהייסן אומאויפהערלעך פאַר אַ הונגער־לוין צו אַרבעטן, ווען דער אַרבעטער האָט אויך אין דער נאַכט כמעט קיינע רו־שעהן נישט געהאַט, אויף צו באַנײַען די דורך דעם טאָג אויסגעאַרבעטע כוחות זײַנע. ער האָט קינסטלערישן אויסדרוק געגעבן צום פינצטערן, שווידערלעכן לעבן פון ייִדישן אַרבעטער צו יענער צײַט. ער האָט זײַנע גרויסע לײַדן אין ריזיקע פּאָעטישע פאַרמען פאַרקערפּערט. ער איז דער גרויסער דיכטער געווען פון דער טרויעריקער עפּאָכע פון אונדזער ערשטער אײַנוואַנדערונג קיין אַמעריקע. ביכער פילע, וואָס זאָלן דעם דאָזיקן קעגנשטאַנד געווידמעט זײַן, וואָלטן אונדז

נישט געקענט געבן אַזאַ קרעפּטיק, אויספּירלעך בילד וועגן דעם לעבן פון דעם ייִדישן אַרבעטער אין אַמעריקע צו יענער צײַט, ווי עס גיבן אונדז די אַרבעטער-לידער פון ראָזענפעלדן. ער איז דער ירמיה געווען פון דעם שווי-דערלעכן גיהנום-לעבן פון די ייִדישע אַרבעטער אין יענעם דור. ער איז דער אויסדרוק פון זייער גרויסן צער, פון זייער גרויסער פּײַן געווען. מיט אויסערגעוויינלעכער קראַפט, אין וועלכער עס איז אַזוי פיל אויפרעגונג געווען, אַזוי פיל פאַרביטערטקייט, אַזוי פיל דורכגעדרונגענער מיטלײַד מיט די לײַדנדע, האָט ער זייער פאַרצווייפלונג, זייער אומבאַהאָלפנקייט, זייער שקלאַפיש-לעבן געשילדערט.

און וואָס איז דער וווּנדער? ער האָט דאָך אין אמתן אין די דאָזיקע לידער נישט נאָר זייער לעבן אַליין געשילדערט, נאָר אויך זײַן אייגן לעבן. אויך ער אַליין איז דאָך איינער פון זיי געווען. דאָס טיפע רחמנות-געפיל צום ייִדישן אַרבעטער, וואָס רעדט אַרויס צו אונדז פון יעדער שורה פון די אַרבעטער-לידער זײַנע, איז דאָך אין אמתן נישט מער, ווי אַן אָפּשפּיגלונג נאָר פון דעם טיפן רחמנות, וואָס ער האָט אויך צו זיך אַליין געפילט. וואָרים אויך ער איז אַ לאַנגער תושב געווען פון די קעלער- און בוידעמער-פאַבריקן; אויך איבער זײַן רוקן איז די זינגער-מאַשין הין און הער אַרומגעפאָרן. אויך ער איז די אַלע שרעקלעכע שבעה מדורים פון גיהנום-לעבן פון ייִדישן אַרבעטער דורכגעגאַנגען. ער איז אַן „אח לצרה" מיט דעם ייִדישן אַרבעטער געווען. ער איז נישט קיין זײַטיקער געווען, נאָר אַן אינעווייניקסטער. נישט פון די ווײַטע הויכקייטן האָט ער זיך, ווי אַ פרעמדער מיט אָביעקטיוון רחמנות-געפיל, אין יאָמערטאָל אַרויסגעלאָזט, ער זאָל דער שליח-ציבור זײַן פון די געקריוודעטע און באַליידיקטע אײַנוווינער זײַנע, נאָר אויך ער אַליין איז איינער פון זײַנע אײַנגעפונדעוועטע בירגער געווען. זײַענדיק זייער שליח-ציבור איז ער אויך זײַן אייגענער שליח-ציבור געווען. דאָס געוויין, וואָס האָט זיך פון זײַן מויל געהערט, איז אויך זײַן אייגן נשמה-געוויין געווען. דער גרויסער צער פון יאָמערטאָל, וואָס ער האָט באַזונגען, איז אויך זײַן אייגענער צער געווען. און דערפאַר אַזויפיל עכטקייט, אַזויפיל דורכגעווייטיקטקייט אין זײַנע אַרבעטער-לידער. דערפאַר מאַכן זיי אויף אונדז אַזאַ טיפן אײַנדרוק, דערפאַר באַהערשן זיי אונדז אַזוי שטאַרק.

**מאָריס ראָזענפעלד**

## ווי איך זינג

**איר פרעגט בײַ מיר ווו איך באַלאַנג,**
**וואָס מיך דערפרייט און מיר טוט באַנג!**

אָ, הערט די נאַכטיגאַלס געזאַנג!
אָט גיסט זי אויס איר זיסן גוסט
אויף אַ געשמאַקן בלומענקוסט,
און אָט פאַרגייט זי פאַר געוויין
דאָרט ערגעץ אויף אַ הוילן שטיין...
אָט פייפט זי פרײַ אין גרינעם וואַלד,
און אָט הילכט פון אַ חורבה באַלד
אַרונטער איר פאַרכישופט קול,
זי זינגט דעם באַרג, זי זינגט דעם טאָל.

אַזוי זינג איך מײַן ערלעך ליד
אַוווּ עס וועלקט און ווו עס בליט,
האָב קיין באַשטימטע ריכטונג נישט.
איך זינג — דאָס זינגען איז מײַן ציל.
און יעדעס ליד איז אַ געפיל,
איך קלער נישט וואָס, איך קלער נישט ווען.
אָט פלוצלונג גיט אין האַרץ אַ ברען,
עס גיט אַ קלעם, עס גיט אַ שפּאַר,
אַמאָל די פרייד, אַמאָל דער צער, —
דאָס קומט פון ברוסט און נישט פון קאָפּ,
און די נשמה נאַרט נישט אָפּ.

## דער טרערן־מיליאָנער

אָ, נישט קיין גאָלדענער קאַמערטאָן
שטימט אָן מײַן קעל צום זינגען.
עס קען דער ווינק פון אויבנאָן
מײַן שטים נישט מאַכן קלינגען!

דעם שקלאַפס אַ קרעכץ, ווען ער איז מיד,
נאָר וועקט אין מיר די לידער,
און מיט אַ פלאַם לעבט אויף מײַן ליד
פאַר מײַנע אָרעמע ברידער.

דערפאַר פאַרגיי איך אָן אַ צײַט,
דערפאַר ווערט אויס מײַן לעבן:
וואָס קענען מיר די אָרעמע לײַט
פאַר אַ באַלוינונג געבן?

זיי צאָלן טרערן פאַר אַ טרער, —
דאָס אַלעס, וואָס זיי קאָנען: —
איך בין אַ טרערן־מיליאָנער
און וויין אויף די מיליאָנען.

## א י ן ש אַ פּ *

עס רוישן אין שאַפּ אַזוי ווילד די מאַשינען,
אַז אָפטמאָל פאַרגעס איך אין רויש דאָס איך בין;
איך ווער אין דעם שרעקלעכן טומל פאַרלוירן,
מײַן איך ווערט דאָרט בטל, איך ווער אַ מאַשין:

איך אַרבעט און אַרבעט, און אַרבעט אָן חשבון,
עס שאַפט זיך, און שאַפט זיך, און שאַפט זיך אָן צאָל:
פאַר וואָס? און פאַר וועמען? איך וויים נישט, איך פרעג נישט, —
ווי קומט אַ מאַשין צו דענקען אַמאָל?

נישטאָ קיין געפיל, קיין געדאַנק, קיין פאַרשטאַנד גאָר; —
די ביטערע, בלוטיקע אַרבעט דערשלאָגט
דאָס אייִדלסטע, שענסטע און בעסטע, דאָס רײַכסטע, —
דאָס טיפסטע, דאָס העכסטע, וואָס ס'לעבן פאַרמאָגט.

עס שווינדן סעקונדן, מינוטן און שטונדן,
גאָר זעגל־שנעל פליִען די נעכט מיט די טעג: —
איך טרײַב די מאַשין גלײַך, איך וויל זיי דעריאָגן, —
איך יאָג אָן אַ שכל, איך יאָג אָן אַ ברעג.

דער זייגער אין וואַרקשאַפ, ער רוט נישט אַפילו,
ער ווײַזט אַלץ און קלאַפט און וועקט נאָכאַנאַנד: —
געזאָגט האָט אַ מענטש מיר אַמאָל די באַדײַטונג:
זײַן ווײַזן און וועקן, דאָרט ליגט אַ פאַרשטאַנד;

נאָר עטוואָס געדענקט זיך מיר, פונקט ווי פון אַ חלום: —
דער זייגער, ער וועקט אין מיר לעבן און זין,
און נאָך עפּעס, — איך האָב פאַרגעסן, — נישט פרעגט עס:
איך וויים נישט, איך וויים נישט, איך בין אַ מאַשין!...

---

* פאַבריק.

און צײַטנװײַז, װען איך דערהער שױן דעם זײגער,
פֿאַרשטײ איך גאַנץ אַנדערש זײַן װײַז, זײַן שפּראַך: —
מיר דאַכט זיך, אַז עס נוקעט מיך דאָרטן דער אומרו,
כ'זאָל אַרבעטן, אַרבעטן, מערער, אַ סך!

איך הער אין זײַן טאָן נאָר דעם באָס'ס* װילדן בײזער,
זײַן פֿינצטערן קוק אין די װײַזער די צװײ; —
דער זײגער, מיר סקרוכעט, מיר דאַכט, אַז ער טרײַבט מיך
און רופֿט מיך „מאַשינע!" און שרײַט צו מיר: „נײ!"

## מײַן ײנגעלע

איך קום צעקלעמטערהײט אַהײם,
אין פֿינצטערניש געהילט, —
מײַן בלײכע פֿרוי דערצײלט מיר באַלד,
װי פֿײַן דאָס קינד זיך שפּילט;

װי זיס עס רעדט, װי קלוג עס פֿרעגט:
„אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ,
װען קומט און ברענגט אַ פּעני מיר
מײַן גוטער, גוטער פּאַ?"

איך הער עס צו און אײַל — עס מוז, —
יאָ, יאָ, עס מוז געשען;
די פֿאָטער־ליבע פֿלאַקערט אױף:
עס מוז מײַן קינד מיך זען!...

איך שטײ בײַ זײַן געלעגערל
און זע, און הער, און — שאַ!
אַ טרױם באַװעגט די ליפּעלעך:
„אָ, װוּ איז, װוּ איז פּאַ?"

איך קוש די בלױע אײגעלעך,
זײ עפֿענען זיך — „אָ, קינד!"

* באַלעבאָס.

זיי זעען מיך, זיי זעען מיך,
און שליסן זיך געשווינד.

„דאָ שטייט דײַן פּאַפּאַ, טײַערער,
אַ פּענעלע דיר, נאַ!"
אַ טרוים באַוועגט די ליפּעלעך:
„אָ, ווו איז, ווו איז פּאַ?"

איך בלײַב צעווייטיקט און צעקלעמט,
פֿאַרביטערט און איך קלער:
„ווען דו דערוואַכסט אַמאָל, מײַן קינד,
געפֿינסטו מיך נישט מער"...

ד"ר מ. פּינעס

## סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון ביי מאָריס ראָזענפעלד

דאָס פֿײַנלעכסטע פון ראָזענפעלדס סאָציאַלע לידער איז דאָרט, ווו ער באַשרײַבט זײַן נשמה-צושטאַנד בשעת דער אַרבעט, די אומזיסטע אָנשטרענגונגען, וואָס ער מאַכט, כדי צו ראַטעווען דאָס, וואָס ס'איז בײַ אים געבליבן נאָך טײַערס, זײַן געדאַנק, זײַנע מענטשלעכע געפילן. און דאָס קומט אים אָן מיט מאַטערניש, ווײַל זײַן מוח איז מיד און אָן חיות — זיי שטאַרבן בים־לעכווײַז אָפּ, דערטרונקענע אינעם באַטויבנדיקן מאַשינען-גערויש. זעלטן ה'ען מיר וועלן געפינען אין דער ליטעראַטור, וואָס שעפּט איר באַגײַסטערונג פונעם מאָדערנעם אַרבעטער-לעבן אַזאַ טראַגישע, ווי ראָזענפעלדס ליד „די סוועט-שאַפּ", ווו דער פּאָעט שילדערט אונדז די גסיסה פון זײַן נשמה, ווי ער זוערט שמערצלעך און לאַנגזאַם פאַרוואַנדלט אין אַ מאַשין, וועלכע איז געמאַכט פון פלייש און נערוון און וועלכע, ווען זי האָט אפילו שוין נישט קיין בוח צו דענקען און טראַכטן, פאַרלירט זי דאָך נישט די פעיִקייט אין זעלטענע ליכטיקע מינוטן צו דערמאָנען זיך וועגן איר פאַרגאַנגענהייט און צו פילן, ווי שרעקלעך זי איז געפאַלן. ראָזענפעלד האָט, אַ דאַנק זײַן איידעלן און זוי־בערן געשמאַק, וועלכער איז איבערהויפּט כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַנע ווערק, אין דעם דאָזיקן ליד איבערגעגעבן דורכן ברייטן, מאָנאָטאָנעם און אומאונטערגעבראָכענעם ריטם דעם גערויש פון די מאַשינען בעת דער אַר־בעט.

אין דעם ליד „מײַן יינגעלע", וואָס איז איינס פון די שענסטע און אָמ־

טיפסטן דורכגעפילטע צווישן ראָזענפעלדס ווערק, ווי אויך איינס פון די באַרימטסטע, שילדערט אונדז דער פּאָעט דעם שמערץ, וואָס ער קען נישט פאַרזוכן און דורכלעבן די אמתע פרייד פונעם פאַמיליען-לעבן. דער פּאָעט האָט אַ קליינעם יינגעלע, אַ ליבלינגס-קינד, אַז ער זעט אים, דוכט זיך אים, אַז די גאַנצע וועלט איז זײַנע. ער זעט אים אָבער זעלטן; ווען ער קומט פון דער אַרבעט, שלאָפט שוין דאָס קינד און אַז ער גייט אַוועק צו דער אַרבעט, ליגט דאָס נאָך אין בעט אין רעכטן שלאָף. ווען דאָס קינד וועט אַמאָל דערוואַכן, זועט דער פּאָעט מער נישט זײַן.

ראָזענפעלדס נאַציאָנאַלע לידער זײַנען געבליבן מער אָדער ווייניקער אומבאַקאַנט דעם ברייטן פובליקום, וואָס האָט זיך פאַרגעשטעלט דעם זינגער פון דעם ניו-יאָרקער יידישן קוואַרטאַל, כמעט אויסשליסלעך אַלס אַ פּאָעט פונעם פּראָלעטאַרישן עלנט. און דאָך וועט כמעט קיין גוזמא נישט זײַן, ווען מיר זאָלן באַהויפּטן, אַז ראָזענפעלדס טאַלאַנט, די גרויסקייט פון וועלכן מיר האָבן געקענט קאָנסטאַטירן שוין לויט זײַנע סאָציאַלע לידער, זוייַזט זיך ערשט רעכט אַרויס אין זײַנע נאַציאָנאַלע לידער. דאָ איז ער פיל שטאַרקער און טיפער.

**מ. ראָזענפעלד**

## די היסטאָרישע פּעקלעך

**...(אין רעש פון גאַסן) דערזען האָב איך גרינגע**
**געקומען פון עפּעס אַ ווײַטער מדינה...**
**באַטראַכטנדיק זייערע טאָרבעס און פּעקלעך,**
**די אָרעמע, שוואַרצע, פאַרלאַטעטע זעקלעך,**
**האָט פּלוצלינג אַ פראַגע באַשעפטיקט מײַן זינען:**
**„די פּעקלעך, אָ וואָס קען דאָרט ליגן דערינען?"**

**אָ, זאָגט מיר, איר אַלטע, היסטאָרישע פּעקלעך,**
**איר יידישע טאָרבעס, איר יידישע זעקלעך,**
**אָ, זאָגט מיר, איר קלומקעס, מײַן האַרץ ווערט צעריסן,**
**וואָס ליגט דאָרט אין אײַך, בין איך גערן צו וויסן?...**
**און קוקנדיק טרויעריק אין שטויב און אין שימל,**
**וואָס האָב איך דערזען, אָ, אַלמעכטיקער הימל!**

**איך האָב אין אַן אַלטן, צעריסענעם טיכל**
**דערקענט אַ צעריסן, אַן אַלטינק ביכל,**

די טאָוולען פאַרגאָסן מיט בלוט און מיט טרערן.
איר קענט אָט דאָס ביכל, נישטאָ וואָס צו קלערן!
דאָס ביכל, איר קענט עס, דערויף בין איך זיכער —
דאָס הייליקסטע בוך פון די הייליקסטע ביכער!

מיר האָבן שוין פיל פאַר דעם ביכל געגעבן
אי פריידן, אי ליידן, אי אוצרות, אי לעבן.
פון וואַנעט האָט אונדז שוין דער פיינט נישט געטריבן?
צוליב די ברילײאַנטן, אויף פאַרמעט געשריבן?

מיר האָבן די שמות צוזאַמענגעקליבן,
פאַרשטויבט און צעטראָטן... זיי זײַנען געבליבן!
נישט לויפט נאָך די גרינע, איר ווילדע נאַראָנים,
נישט מיינט, אַז דאָ פאָרן אַ באַנדע קבצנים.
דאָס זײַנען קיין ווילדע, קיין בעטלער, קיין שנאָרער,
רעספּעקט פאַר די אַלטע, די אייביקע פאָרער!
באַגריסט זיי, די זין פון דעם איינציקן בורא!
זיי פירן דאָס ליכט פון דער וועלט — זייער תורה!

נו זאָגט, קען מען רופן אַזאַ אומה אָרעם,
אַן אומה וואָס וואַנדערט דורך נאַכט און דורך קברים,
דורך שרעק און דורך טויט און דורך העלישן פײַער
צו רעטן וואָס איר איז פאַרהייליקט און טײַער,
וואָס טראַמפּלט אויף מתים און וויים נישט קיין אימות
און שטעלט אײַן דאָס לעבן פאַר עטלעכע שמות?

איך ליב זיי, די גרינע, די ביינער־געשטאַלטן!
בײַ זיי איז דער אוצר פון לעבן באַהאַלטן.
אין זייערע אָרעמע טאָרבעס די שטומע
געפינט זיך דער סוד פון דער אייביקער אומה,
אין זייערע קלומקעס די וואָגלענדיקע ליגן
די כוחות פון אמת, וואָס וועלן נאָך זיגן!

אָ, הייליקע פּעקלעך, ליבלעכע שיינע,
אין אײַך ליגט מײַן פאָן אָט די שטאָלצע, די ריינע;
אין אײַך ליגט דער גײַסט פון מײַן פאָלק, מײַנע ברידער,
דורך אײַך וועט מײַן אומה נאָך אויפלעבן ווידער.

# גלות־מאַרש

מיט דעם וואַנדערשטאָק אין האַנט,
אָן אַ היים און אָן אַ לאַנד;
אָן אַ גואל, אָן אַ פריינט,
אָן אַ מאָרגן, אָן אַ היינט, —
נישט געדולדעט, נאָר געיאָגט,
אונדזער גבורה ליגט אין שטויב,
אונדזער תורה איז אַ רויב,
אונדזער נאָמען — אַ געפּאַר,
אונדזער יחוס — נאָר אַ צער,
אונדזער גאונות — נאָר אַ חטא,
אונדזער פיינקייט — אַ געשפּעט,
אימער שלעכט, שלעכט, שלעכט,
אימער קנעכט, קנעכט, קנעכט,
אימער זוך, זוך, זוך
ברכה אין דעם שונאס פלוך.
ווי געגעכטיקט נישט געטאָגט,
אימער וויי, וויי, וויי,
אימער גיי, גיי, גיי,
אימער שפּאַן, שפּאַן, שפּאַן,
כל־זמן כוח איז פאַראַן.
און אַזוי, אָ, יאָר נאָך יאָר,
און אַזוי, אָ, דור נאָך דור,
אָן אַ האָפענונג, אָן אַ צוועק,
איינגעהילט אין גרויל און שרעק,
וואַנדלען מיר וועלט־אויס, וועלט־איין
פון יסורים נאָר צו פיין.
אימער טרעט, טרעט, טרעט,
אימער בעט, בעט, בעט,
אימער נויט, נויט, נויט,
און קיין גליק זאָגאַר צום טויט.

# דער גלות

דער גלות! דאָס דאָזיקע וואָרט, וואָס דערקלערט די גאַנצע טראַגעדיע פון דער יידישער געשיכטע, קלינגט אָן אַן אויפהער דעם פּאָעט אין די אויערן. דער גלות! דאָס וויל נישט נאָר זאָגן, אַז דאָס פאָלק פירט אַ לעבן אין אַ פרעמד לאַנד, ווײַט פון ארץ אבותיו, נאָר אין דעם איז אויך אויסגע־דריקט, אַז זײַן לעבן איז שטענדיק אין געפאַר און יעדע רגע דאַרף עס ציטערן; אַז עס ווערט שטענדיק דערנידעריקט און אונטערדריקט. אַלס רעזולטאַט פון אָט די עקזיסטענץ־באַדינגונגען, שטייט פאַר אונדז דער העכסטער סימבאָל פונעם גלות־פאָלק, דער בלאָנדזשענדיקער ייִד, וועלכער גייט אַרום מיטן וואַנדערשטעקן אין האַנט פון איין פאָלק צום אַנדערן, פון איין לאַנד צום צווייטן און ווערט פון אַלעמען פאַרהאַסט און גערודפט.

אין דעם ליד „אַ גלות־מאַרש" זײַנען די שאַל־טענער, וועלכע ראָזענפעלד פאַרשטייט שטענדיק צו באַנוצן מיט אַ זעלטענעם אינסטינקטיוון געפיל פון זייער מוזיקאַלישן ווערט, פאַרבונדן מיט אַ שאַרפן און איבערגעהאַקטן ריטם־טאַקט און שאַפן אַ פאַרשטעלונג פון דעם גערויש, וואָס עס מאַכן די שווערע טריט פון מענטשן בעת זיי גייען. דער פּאָעט אויסערט זיך דאָ אין שרעקלעך־אײַנגעהאַלטענע ווערטער און אַביסל עפּיגראַמאַטיש־קורץ וועגן אַלץ, וואָס דאָס גלות־לעבן אַנטהאַלט אין זיך ביטערס און שמערצלעכס.

**מאָריס ראָזענפעלד**

# ירושלים

אָ, ניין, איך קען אין פרעמדע לענדער  
נישט בעטלען גיין אַ היים מיט שאַנד —  
נאָך בינדן אַלטע ליבעס־בענדער  
מיך פעסט, צו מײַן געליבט לאַנד.

נאָך ווערן פול די מידע אויגן,  
ווען איך דערמאָן מיך אָן אַמאָל,  
ווען איך האָב זיסע רו געזויגן  
און נישט געהערט דעם טרײַבערס קול.

ווען איך האָב נישט געקענט דעם האַסער
און האָב דעם עלנט נישט געפילט,
ווען איך האָב ביַי דעם ירדנס וואַסער
געשטיפט, געזונגען און געשפילט.

ווען איך האָב מיַינע שאָף געפיטערט,
און נעבן מיר האָט זיס און פרום,
אין הייסער ליבע שטיל געציטערט
ירושלימס שענסטע בלום.

נאָך ווערט די ברוסט מיר פול מיט פריידן,
ווען איך געדענק די אַלטע ציַיט, —
מיר דאַכט, איך הער די טויטע רעדן
צו מיר פון וויַיט, פון זייער וויַיט.

מיר דאַכט איך הער באַקאַנטע שטימען
מיך רופן: „קום אַהיים צוריק!"
און טיף אין האַרץ פאַנגט אָן צו גלימען
אַ האָפענונג אויף אַ נײַעם גליק.

מיר דאַכט, איך זע דעם כרמל ווידער,
דעם שרון גרינען פון דאָס נײַ,
עס שמעקט די לופט, עס קלינגען לידער, —
עס קומט צוריק מיַין ערשטער מאַי...

מיר דאַכט... און כל־זמן מיר וועט דאַכטן,
וועל איך נישט אויסשטעלן מיַין האַנט
צו די, וואָס קענען מיך נישט אַכטן,
און בעטן זיי אַ היים מיט שאַנד.

אָ, ניין, איך קען אין פרעמדע לענדער
נישט אומגיין זוכן אַ באַשטאַנד,
נאָך בינדן אַלטע ליבעס־בענדער
מיך פעסט צו מיַין געליבט לאַנד.

מ. ראָזענפעלד

# נאַפּאָלעאָן און הערצל

צווישן די דערהויבענע, גייסטרייַכע בילדער אין די גאַלערייען פון דעם ניו־יאָרקער מעטראָפּאָליטען קונסט־טעאַטער געפינט זיך אַן אומשטערבלעך קונסט־בילד פון דעם פראַנצויזישן מייַסטער מעסאָניע. דער גענייאַלער מאָ־לער שטעלט פאָר, ווי נאַפּאָלעאָן דער ערשטער דערשייַנט פאַר זייַן אַרמיי און ווי די גאַנצע ריזיקע מחנה ווערט פון דער דערשייַנונג פּלוצלינג עלעק־טריזירט. איר זעט, ווי די טויזנטער רויע שלעגער ווערן מיט איין מאָל לויטער גייַסט. זייערע נשמות דריקן זיך דורך דורך זייערע שטאַרקע געזיכטער, דורך זייערע מעכטיקע פויסטן, וועלכע האַלטן די צוימען פון זייערע ברע־נענדיקע פערד. אַלע מייַלער זייַנען אָפן, אַלע אויגן בליצן, אַלע ליפּן צוקן פאַר אַנטציקונג, און פון די אויסגעשטרעקטע העלדזער רייַסט זיך אַרויס אַ דונערנדער הוראַ, וועלכער בלייַבט הענגען אין דער לופטן ווי אַ וואָלקן.

נאַפּאָלעאָן זיצט אויף זייַן ווייַסן שימל, דעם קאָפּ געבויגן, זייַן שטערן איז גלאַט, זייַנע באַקן באַוועגן זיך נישט, זייַנע ליפּן זייַנען פאַרמאַכט. ער זיצט ווי אַ גאָט אויף אַ וואָלקן פייַער און בייגט זייַן קאָפּ פאַר זייַנע אייגענע שאַפונגען.

די אַרמיי איז גרייט. ווען ער הייסט איר אייַננעמען די אַלפּן־בערג, ווערן זיי אייַנגענומען. ווען ער הייסט באַזיגן די פּיראַמידן פון אַלט־עגיפּטן, ווערן זיי באַזיגט. די העלדן קעמפן מיט דעם שם־המפורש פון זייַן מעכטיקן קוק. ער גיט אין זיי אַרייַן זייַן העלדישן גייַסט, און ווי די אומבאַזיגבאַרע עלע־מענטן פון דער נאַטור טראָגן זיי הימל און ערד.

אָט אַזאַ קונסט־בילד שטעלט פאָר דער ציון־קאָנגרעס ביַי די דערשייַ־נונגען פון דעם נאַפּאָלעאָן פון יידישן גייַסט, דעם אומבאַקרוינטן, געקרוינטן הערשער פון אַן אומגעקרוינטער געקרוינטער נאַציע, פון דעם אַרכיטעקט פון דער יידישער היסטאָריע — ד״ר טעאָדאָר הערצל!

ער פאַנגט אָן צו באַטרעטן די פּלאַטפאָרמע, און זייַן מעכטיקער גייַסט טרעט אים פאָרויס. איידער הערצלס מאַיעסטעטישע פיגור דערשייַנט נאָך פאַר דער אַרמיי פון ציונס דעלעגאַטן, איז שוין דער גאַנצער זאַל פול מיט זייַן כבוד, און דער אומבאַזיגבאַרער אייַנפלוס פון זייַן גרויסער נשמה פּילט אָן יעדעס ווינקעלע פון די יידישע נשמות. ער טרעט אויף, און אַלע הערצער קלאַפּן מיט יראת־הכבוד, אַלע אויגן בליצן, אַלע ליפּן צוקן, אַלע הענט הייבן זיך אַליין צו אַ שטורמישן אַפּלויז, און אַלע, אַלע קעלן זייַנען פול מיט הוראַ־געשרייען, וועלכע רייַסן זיך אַרויס ווי דונערן פון מעכטיקע וואָלקנס.

אָבער וואָס פאַר אַן אונטערשייד — צווישן הערצל און נאַפּאָלעאָן! ווען

נאַפּאָלעאָן איז דערשינענ פאַר זײַן מחנה, האָט ער איר באַגײַסטערט צו פאַרגיסן בלוט און צו זעטיקן אירע שווערדן מיט מענטשן־פלייש. און ווען הערצל דערשײַנט אין דער מחנה ישראל, שוועבט איבער זײַן שטאָלצן קאָפּ ציונס ווײַסע פאָן פון תכלת, די שיינע פאָן פון שלום, דער הייליקער באַגער פון אייביקן פרידן, פון אמתער ליבע — פון ייִדישער ליבע.

הערצל איז ישעיהס פאַרקערפּערטע נבואה, וואָס האָט גערעדט פון דעם אויבער־מענטש, וועלכער וועט צעשמעלצן זײַן שווערד אין אַן אַקעראײַזן, און זײַנע שלעכטע מחשבות וועלן ווײַכן פאַר דער געטלעכער ליכט פון רייַנעם פאַרנונפט. נאַפּאָלעאָן האָט דעראָבערט קרוינען און זיי פאַרטיילט צווישן זײַן משפחה. און הערצל איז פיל מאָל געפאַלן אין אומגענאָד ביי זײַן לעבנס־באַגלייטערין דערפאַר, וואָס ער ליבט איר נישט אַזוי שטאַרק ווי זײַן געליבטע ציון, און איז מקריב אַפילו זײַן ברויט אויף דעם הייליקן מזבח פון ליבע צו זײַן פאָלק.

הערצל זוכט אַ קרוין, אָבער נישט פאַר זיך. ער וויל ווידער קרוינען דעם אַלטן פאַרטריבענעם קעניג פון מענטשלעכן ווייסן און מענטשלעכער מאָראַל, וועמענס טראָן האָט אַמאָל געגלאַנצט אין זוניקן מזרח. ער זוכט צוריק פאַר דעם הערשער פון די גײַסטיקע וועלטן זײַן דרײַפאַכיקע קרוין, כתר תורה, כתר מלכות און כתר שם טוב, וועלכע דער גלות האָט באַדעקט מיט דעם שטויב פון דורות און מיט דעם בלוט פון אומשולדיקע ייִדישע קרבנות.

מען מוז בײַזײַן אַ ציון־קאָנגרעס אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם אומשטערבלעכן פירער כדי צו באַגרייפן זײַן גרויסע קראַפט, וועלכע האָט היפּנאָטיזירט אַ נאַציע. עס איז אַ געטומל, אַ רעש, אַ הו־הא צווישן די הונדערטער דעלעגאַטן אונטן און צווישן די טויזנטער באַזוכער אין די גאַלערייען. איניקע דעלעגאַטן האָבן פּרעטענזיעס צו ד"ר הערצל, אייניקע קלײַבן זיך צו נעמען אים אויפן פאַרהער און אַרויספאָרן מיט האַרבע קשיות. זיי ווילן טאַקע וויסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, וואָס עס וועט זײַן די ענדע פון די אַלע קאָנגרעסן... ווען וועט עפּעס קומען אַ שטיקל אמתע ישועה אויף ייִדן... אגב, האָבן זיי טענות צו די אַקציאָנס־קאָמיטעטן. זיי וועלן נישט שווײַגן, זיי וועלן רעדן, זיי מוזן רעדן... פּלוצלינג דערזעט זיך די שלאַנקע פאַלמענמעסיקע געשטאַלט פון ד"ר הערצל. זי באַצויבערט מיט איינמאָל די טויזנטער געסט און פאַרטרעטער. ער פאַנגט אָן רעדן, און אַלץ איז באַזיגט. זײַן קוק האָט מנצח געווען יעדן פאַרדרוס, יעדע ערגערניש, יעדע אומצופרידנקייט. אַלץ איז גרייט צו טאָן זײַן ווילן. אַלע ציטערן פאַר אים, אַלע ליבן אים, אַלע זײַנען זײַנע פרײַוויליקע קנעכט, זײַנע שקלאַפן, זײַנע קינדער!

---

דעם פאָעטס הייסער גלויבן אין דער אייביקייט פון זײַן פאָלק איז אויסגעדריקט שטאַרק אין מערערע פון זײַנע לידער. דאָס ייִדישע פאָלק וועט

נישט אונטערגיין, ווײַל זײַן כוח באַשטייט נישט אין האַרמאַטן און שווערדן, וועלכע ווערן מיט דער צײַט איבערגעפירט און אָפּגענוצט, ניין, זײַן קראַפט ליגט נאָר אין די אידעאַלע טוגנטן, וועלכע ער היט אָפּ מיט ליבע און אײַיפערזוכט און וועלכע בלײַבן גילטיק אייביק. אין פערזן, פול מיט פרייד און נצחון, רעדט ער וועגן „אונדזער שיף", וועלכע וועט קיינמאָל נישט אונטערגיין, ווײַל אַ געניטער און געשיקטער איז איר אַלטער קאַפּיטאַן:

וויפל שיפן גייען אונטער
און דערגרייכן נישט דעם ברעג,
אונדזער שיף גייט שטאָלץ און זיכער,
כאָטש געפערלעך איז איר וועג;
זי לאַכט אויס די גרעסטע שטורעמס,
אין די ימים ווילד און טיף,
אונדזער שיף איז פעסט און אייביק,
אונדזער שיף, די שטאַרקע שיף.

אָ, עס האָט אויף אַלע ימים
אונדזער שיף זיך געגליטשט:
אויף דעם רויטן, אויף דעם טויטן,
אויף דעם שוואַרצן פאָרט זי איצט.
יעדע וועלע האָט געפּאַטשט איר
און געטאָן מיט איר אַ שטיף,
דאָך זי גייט בשלום ווײַטער,
אונדזער שיף, די אַלטע שיף.

נישט קיין קריג־שיף איז זי, ברידער
נישט קיין פּאַנצער־שיף, אָ, ניין!
דאָך אַנטקעגן גרעסטן פײַער
קען זי פרײַ און זיכער גיין.
פרעגט נישט ווי, עס איז אוממעגלעך
זיך צו מאַכן אַ באַגריף —
אונדזער שיף איז איין־און־איינציק,
אונדזער שיף, די שטילע שיף.

און דער פּאָעט פאַרענדיקט מיט די ווערטער, אַז ס'איז שוין נישט ווײַט די צײַט, ווען די ווונדערבאַרע שיף וועט לסוף אָנקומען אין אַ האַפן, ווו זי וועט זיך קענען אויסרוען נאָך דער רײַזע, וואָס האָט געדויערט פיל, פיל לאַנגע יאָרן.

# פּאָעטיש־סאַטירישע עפּיגראַמען

## טובות

זיי האָבן מיר געלט געבאָרגט,
ווען מיר איז שלעכט געווען,
זיי האָבן פאַר מיר געזאָרגט,
איך זאָל נישט אונטערגיין.
דאָך האָבן זיי מײַן וויי
מיר אימער אויפגעוועקט;
דען שטענדיק האָבן זײ
די גוטס מיר צוגעשטעקט.

## פרידן

צעשמעלצן ווילן זיי דעם שווערד,
ער זאָל אַלס אַקעראײַזן דינען,
צו אַקערן דערמיט די ערד,
אום דאָרט צו זוכן, צו געפינען
נאָך אַ שאַרפער געווער,
וואָס זאָל קענען שנײַדן מער.



מלך ראַוויטש

# שמעון-שמואל פרוג

## אַ סקיצע פון זײַן לעבן און שאַפן

שמעון-שמואל פרוג, איינער פון די פּאָפּולערסטע און באַליבטסטע, ווען נישט גרעסטע, ייִדישע דיכטער, איז געבוירן אין דער ייִדישער קאָלאָניע באַבראָווי-קוט, אין דער כערסאָנער גובערניע, אין דעם יאָר 1860. משה-צבי

פרוג, דעם דיכטערס פֿאָטער, איז געווען אַ פּשוטער מענטש, אַן ערלעכער, אַ פּראָסטער יִדיש־רוסישער קאָלאָניסט פֿון זײַן צײַט.

שמעון־שמואל דאָס קינד, האָט מיט אַלע קינדערלעך פֿון באָבראָווי־קוט צוגלײַך געלערנט אין חדר, אָבער געלעבט האָט ער ליכטיקער, לוסטיקער, פֿרײַער פֿון אַלע איבעריקע יִדישע קינדערלעך, ווײַל באָבראָווי־קוט איז געווען אַ קאָלאָניע פֿון ערדאַרבעטער און נישט קיין אָרעם, פֿאַרשוואַרצט, פֿאַרכוחרט יִדיש שטעטל.

און אָט די קאָלאָניע און אָט דער חדר איז אויך געווען פֿון יענע גרונטשטיינער, אויף וועלכע דער שפּעטערדיקער דיכטער בויט אויף דאָס געבײַ פֿון זײַן פּאָעטישער שאַפֿונג. שפּעטער איז נאָר צוגעקומען דער גלות אין זײַן אמתדיקער געשטאַלט. אַלס נײַן־יעריק יִנגל האָט פֿרוג אָנגעהויבן לערנען אין דער דאָרף־שול די וועלטלעכע, לויט דעמאָלטיקע באַגריפֿן, פּראָפֿאַנע וויסנשאַפֿטן, ווי רוסיש לערנען און שרײַבן. מיט צוועלף יאָר האָט ער די דאָרף־שול פֿאַרלאָזן און איז געוואָרן, ווי דאָס רוב פֿון די יִדישע דיכטער, אויטאָדידאַקט, אַליינלערנער. שוין אַלס זעכצניעריקער נעמט ער דעם וואַנדער־שטעקן און גייט קיין כערסאָן. דאָרט וויל ער געפֿינען אַ שענערע פּרנסה, ווי דאָס אָרעמע ברויט פֿון זײַן פֿאָטער, דעם קאָלאָניסט. ער וויל זיך ווײַטער בילדן און קומט אָן צום קאַזיאָנעם רב אַלס מעטריקאַל־פֿירער.

דאָ, אין כערסאָן, הייבט זיך אָן אַ נײַע תּקופֿה אין פֿרוגס לעבן, נײַע האָריזאָנטן עפֿענען זיך, אַ נײַער בליק אויף דעם לעבן בכלל און אויף דעם יִדישן בפֿרט. נײַע מענטשן, שטאָטישע מענטשן, מיט גאַנץ אַנדערע איידעאַלן ווי בײַ די שטילע דאָרפֿס־יִדן. פֿרוג, דער זוכער פֿון נײַע וועלטן, ווערט מיטגעריסן. ער איז דאָך דערפֿאַר געקומען קיין כערסאָן, בכדי צו ווערן מיטגעריסן מיט דעם נײַעם אומבאַקאַנטן שטראָם. און אַז ער באַקענט זיך נאָך צופֿעליק מיט אַ קאָרעקטאָר פֿון די „גובערנסקיאַ וויעדאָמאָסטי" (אַ קריסט), אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון די אדעסער צײַטונגען, בכלל אַ ליטעראַט דורך און דורך... איז דווקא אָט דער אָרעמער נפֿש אומשטאַנד פֿרוגן צו ווײַזן דעם וועג צו דער פּאָעזיע, נאַטירלעך ווי ס'איז לויט די באַגריפֿן פֿונעם קאָרעספּאָנדענט צו אדעסער צײַטונגען; אַזש פֿון כערסאָן, אַנדערש נישט מעגלעך, דורך גרינטלעכן באַקענען פֿרוגן מיט די כּללים פֿונעם ריטם און פֿונעם גראַם... אָבער פֿרוג פֿאָלגט, ער איז דאָך דערפֿאַר געקומען קיין כערסאָן, און ווערט טאַקע אַ דיכטער.

אַ רוסישער דיכטער.

דאָס ערשטע רוסישע געדיכט דרוקט זיך אין יִדיש־רוסישן „ראַזסוויעט" אין פֿרוגס צוואַנציקסטן לעבנסיאָר, אין יאָר 1880. און אָט דאָס געדיכט האָט אין זײַן צײַט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, ענדלעך איז געקומען דער יִדישער פּאָעט, דער יִדיש־רוסישער פּאָעט, וואָס האָט אין יענע צײַטן פֿון אויפֿגע־

לעבטן, ציוניסטישן רעיון גראָד געפעלט. פרוג איז באַלד געוואָרן דער גע־פייערטער פּאָעט, ער איז דאָך געווען דער איינציקער און באמת באַדייטנדיק.

און מיט אַ יאָר שפּעטער האָט שוין די יידישע אינטעליגענץ אָראָפּגע־ברענגט איר דיכטער קיין פּעטערבורג.

פרוג דער באַגייסטערטער, דער יידישער, דער ציוניסטישער, שרייבט רוסיש, רוסיש און רוסיש. און מיט זיינע ביבלישע מאָטיוון איז ער אויך אין דער רוסישער ליטעראַטור אַ שטיק נייעס און נעמט אויס. דער חשובער גאַסט פון פיינע יידישע און נישט־יידישע סאַלאָנען, ווערט דאָס שוים־קינד פון קריטיקער, וווינט אין אַ שטיבל ערגעצווו אין פּעטערבורג און אין זיין נשמה פרעסט די שלאַנג פון יידישן צער און פון יידישן אור־געוויסן.

און אין יאָר 1884 זינגט יהודה־לייב גאָרדאָן, דער באַקאַנטער העברעי־שער דיכטער פון זיין צייט צום יונגן, צום גליקלעכן פרוגן:
עלה נבל אנכי, אתה ציץ פורח!
(איך בין אַ וויאַנענדיק בלאַט, און דו, דו ביסט אַן אויפבליענדיקע בליט!...)

1885 דערשיינט די ערשטע, 1887 די צווייטע, 1890 די דריטע זאַמלונג פון פרוגס רוסישע לידער.

אין יענע צייטן אַ זעלטענע דערשיינונג, אַזאַ מין ריזן־דערפאָלג. און ערשט אין 1896סטן יאָר, נאָכדעם ווי פרוג האָט שוין לאַנג געשריבן אויך יידיש און מיטגעאַרבעט אין אַ סך, יאָ כמעט אין אַלע, יידישע אויסגאַבן פון דער דעמאָלטיקער צייט, איז דערשינען פרוגס אַ יידיש בוך „לידער און גע־דאַנקען". אין יאָר 1904 האָט די גרויסע טעגלעכע יידישע וואַרשעווער צייטונג „דער פריינט", אַרויסגעגעבן די געזאַמלטע ווערק פון פרוגן אין יידיש; אין יאָר 1910 האָט דער אַמעריקאַנער־יידישער פאַרלאַג „היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני" אַרויסגעגעבן אַ נייע און גרעסערע זאַמלונג פון פרוגס ווערק.

פרוגס פּאָעטישע גלאַנץ־צייט פאַלט אין די יאָרן פון 1885 ביז 1895. דערנאָך האָט ער זיך פון זיין פעדער געמוזט מפרנס זיין און די פּאָעטישע שכינה איז געוואָרן אָפּגעטאָן. ער איז געוואָרן זשורנאַליסט.

עס איז געווען אַ לעבן פול־גלאַנץ און אַ לעבן פון טרויער. אַ לעבן פון פּאָעטישער גאַנצקייט און פון מענטשלעכער צעשלאָגנקייט. אַ לעבן, פאַראַנ־קערט אין דעם עבר און אין דעם עתיד אָבער נישט אין דעם הווה. אַ לעבן פון אַן אמתדיקן יידישן פּאָעט פון זיין צייט וועמענס ליכטשטראַל ס'איז דער דיכטערישער דערפאָלג, און דאָס האָט אונדזער דיכטער נישט געפעלט.

געשטאָרבן איז אונדזער דיכטער צו 56 יאָר, אין 1916.

איך האָב אין ביאָגראַפישן טייל פון דער הקדמה דערמאָנט, אַז דער חדר, די קאָלאָניע און דער גלות זיינען געווען די גרונטשטיינער פון פרוגס שאַפן. זיי האָבן זיך לאַנגזאַם אויסקריסטאַליזירט אין זיין ווערק. דער חדר,

דאָס איז געוואָרן ביבלישע לעגענדע און פאָלקס-לעגענדע; די קאָלאָניע איז געוואָרן נאַטור-ליד און ערדאַרבעט-ליד; דער גלות איז געוואָרן דאָס קריטישע ליד, דאָס ליד פונעם גראָטעסקן יידישן לעבן, און דער גלות אין זײַן נײַער געשטאַלט איז געוואָרן דאָס ציון-ליד. אין דער לידער-פאָרם פּאַסט זיך פרוג צו צו זײַן צײַט, אויך דאָס ביסל איז געווען שוין אַ רעוואָלוציאָנערער טאַט, אין דער דעמאָלטיקער יידישער ליטעראַטור. ער באַנוצט מיט פאָרליבע דעם איינמאָל געגראַמטן פירווערזער. גיט אַכטונג אויף די צעזורן, אויף דעם ריטם און אויף דעם גראַם וועלכן ער האַלט פאַר אַן עלעמענטאַרן באַשטאַנדטייל פון דער פּאָעזיע. פרץ, דער געניוס, האָט געבראָכן אַלע שראַנקען, אַז ער האָט געפונען פאַר נייטיק.

דער אינהאַלט פון פרוגס גאַנצן שאַפן זײַנען טרערן, כאָטש טיילמאָל בליצט אויף אַ קראַפט-געדאַנק, אַ האָפערדיקער טאָן, אָבער אויך דאַן איז פרוג ריינער ליריקער, געפיל-מענטש, געפיל-דיכטער, נישט ער שטעלט זיך דעם לעבן אַקעגן, ער לאָזט זיך פון דעם לעבן טראָגן.

פון אַן אויסערלעכער פּאָעטישער השפּעה איז שווער צו רעדן בײַ שמעון-שמואל פרוגן. אַז היינע איז אַריבער, איבערלאָזנדיק טיפע, טיפע שפּורן, איז נאָך נאַטירלעך, און דערפאַר טאַקע כמעט נישט ווערט צו דערמאָנען. זיכער איז, אַז פרוג, דער רוסישער דיכטער, האָט שטאַרק באַאײַנפלוסט פרוגן דעם יידישן דיכטער, און פרוג, דער רוס, איז געווען באַאײַנפלוסט פון דער רוסישער ליריק.

דער חדר איז געווען דער מקור פון פרוגס ליבע צו דער יידישער פאָלקס-לעגענדע און איז אויך אומדירעקט געווען די שטויסקראַפט צו די ביבלישע לעגענדן. אונדזער דיכטערס בלוטפולע ליבע צום יידישן פאָלק, זײַן ליבע-פולע התפעלות צו זײַן פאָלקס עתיד האָט וואָך געמאַכט אַ ווונדערלעכע פאַנטאַזיע, אָנגעפולט מיט לעבעדיקן פולסירנדיקן בלוט. און אַז ער לעבט זיך אַמאָל אַרײַן אין יענער צײַט, לעבט ער אַזוי גאַנץ אויסער זיך און זײַן הווה, אַז ער פאַרגעסט ממש אין דער האַנדלונג; ער שילדערט און שילדערט און שילדערט. עס איז אים גוט צו לעבן מיט יאָרטויזנטער צוריק, און זײַן נשמה האָט דעם גלות אויף זיך גענומען נאָר ווידערווויליק, ער איז דאָך אַ קאָלאָניסטן-קינד. אַזוי למשל אין דער מעשה „מחוץ למחנה". אָבער פרוג, דער מאָראַליסט, דער נאַציאָנאַלער קעמפער איז תמיד מנצח פרוגן דעם קינסטלער און איעדעס ליד פאַרענדיקט זיך דאָך מיט אַ דערשטיקטן גלות-זיפץ.

די שענסטע פון די פאָלקס-לעגענדן איז די שטאַרקע און דראַמאַטישע לעגענדע „דעם שמשס טאָכטער". דאָס פּראָבלעם פון ריינסטער ליבע, און פון ריינסטע קרבנות איז אין איר אויף אַ כמעט בײַ פרוגן, נישט-געוויינטלעך שטאַרקן אופן באַהאַנדלט. די בילדער פון דעם לעבן פון דעם שמשס טאָכ-

טער ביַיטן זיך מיט אַ וואַקסנדיקן כוח, די בילדער פון דעם לעבן פון אַ ייִדי־שער טאָכטער, ביז זיי קלינגען אויס געוואַלדיק אין איר לוויה, אין דעם קלאַפּן פון פּושקעס און קלאָג פון קינדער, אין אַן „אל מלא רחמים". געווים איז דאָס נישט קיין געניאַליטעט צו באַאַרבעטן אַ שטאָף וואָס רײַסט פּשוט די פעדער, אָבער דעם שטאָף אַלס אַזעלכן צו דערקענען און אַלס ערשטער זיך צו אים נעמען איז געווען פרוגס פאַרדינסט פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור.

עס איז נאָר זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער דיכטער פון נאַציאָנאַלער אויפלעבונג האָט אויך אַן אָפּן האַרץ צו אמתער ערלעכער אַרבעט, אַז ער סימפּאַטיזירט אויך מיט דעם סאָציאַליזם, ווען אויך אין דער פּרימיטיווער געשטאַלט, אַזוי ווי אין זײַנע לידער. און דאָך איז דאָס מערכטיקע ליד פון דער פאָן אַן אַרבעט פון אונדזער דיכטער. אַ ריינע, אַ רעוואָלוציאָנערע נשמה לעבט אין אים און דאָס ליד „פון דער אַרבעט" וואָס קלינגט אויס ווי אַ הימן אין די הזיכקלינגענדיקע ווערטער „געזונט זאָלן זײַן די הענט מיט מאַזאָ־ליעס, דער שטערן פון וועלכן עס גיסט זיך דער שוויים!" איז געוואָרן דורך די יאָרן דאָס האָפענונגס־ליד פון דעם ייִדישן פּראָלעטאַריאַט.

עס איז מאָדנע, דווקא דער פּאָעט וואָס איז געפּײַערט געוואָרן אַלס זינ־גער פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג שאַפט אין דעם פאַר אים אייגנטלעך וויכטיקסטן פּרט, בכלל אין די ריינע „ציון־לידער" (דער נאָמען פון אַ גרע־סערן ציקל אין פרוגס ווערק) דאָס שוואַכסטע שטיק פון זײַן דיכטערישער אַרבעט. און די תשובה איז דווקא אַ פּשוטע: אפשר וואָלט אונדז פרוג אויך אין דעם פּרט פאַרגעקומען גרויס און שטאַרק, ווען ער וואָלט געווען דער ערשטער. אָבער יהודה הלוי איז שוין געווען לאַנג, לאַנג פאַר פרוגן, געווען דער זינגער פון ציון־לידער.

עס מאַכט נישט.

דערפאַר קומט דער לאַנגער, דער מרה־שחורהדיקער צוג פון כל המינים גלות־לידער. דער מרה־שחורהדיקער צוג פון קלאָגנדיקע אָבער פון קינסט־לערישן שטאַנדפּונקט קלינגענדיקע לידער.

אָט דאָס איז די שטאַרקסטע זײַט פון פרוגן. דאָס איז דער געזאַנג, וואָס וועט אים אייגנטלעך מאַכן אייביק אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אָט דאָס איז דער כוס פון דיכטערישן קענען, פון דיכטערישן כוח בײַ פרוגן, וועלכער שוימט שטענדיק איבער, להיפוך צו יענעם לעגענדאַרישן כוס (אגב, איינס פון דעם דיכטערס שענסטע לידער), וואָס ווערט קיינמאָל נישט פול...

און אַז ער פרעגט: פאַרוואָס? ווייסט ער אַז די תשובה מוזן מיר, מיר דאָס פאָלק אַליין זיך געבן, און פרעגן, פרעגט ער נאָר, ווײַל דאָס האַרץ איז איבערפול, ווײַל ער איז אַ ליריקער, ווײַל ער מוז פרעגן, דאָס איז אַ קינסט־לערישער ווילן בײַ אים, און ווייסן, ווייסט ער, אַז די תשובה איז נישט די

שמד און די אַסימילאַציע, נאָר אַן אינערע, אַ נאַציאָנאַלע דערשטאַרקונג אויף אמתע אַלמענטשלעכע און אַלנאַציאָנאַלע יסודות פון שטאַרקער פאָלקס־קולטור און פאָלקסווירטשאַפט.

אָבער אויך דאָס אומגעזונטע, אייגנאַרטיקע, דאָס ריין־יידישע גלות־לעבן איז געווען שיין אין זיין טראַגישן מין, און דער דיכטער וואָס האָט אויס דעם לעבן געזונגען, זינגענדיק פון אַ נייעם לעבן האָט אַ טאָפּלטן קינסטלע־רישן פאַרדינסט.

דאָס וואָס מענדעלע איז אַלס ערשטער אין דער פּראָזע געווען, דאָס איז פרוג אַלס ערשטער געווען אין דער פּאָעזיע.

נישט קיין געניוס, נישט פליענדיקער אָדלער וואָס צייכנט הויך אין דער לופט מיט זיינע קרילעס* דעם וועג; ער איז געווען אַ טאַלאַנט, ער האָט דער ערשטער געליטן, און געליטן טיף פאַר אונדז, דאָס יידישע פאָלק (געגנוג איז דאָס ליד פון די פּאָגראָמען: האָט רחמנות!) און אַז איין העלער שטראַל האָט זיך אַמאָל באַוויזן אויף אונדזער הימל, האָט ער דער ערשטער מיט אונדז און פאַר אונדז געזונגען פאַר פרייד!

מ. פּינעס

## ש. ש. פרוג

אַז פרוג האָט אָנגעהויבן שרייבן לידער אין יידיש, איז ער שוין באַקאַנט געווען אין דער רוסישער ליטעראַטור אַלס אַ פּאָעט מיט אַ טאַלאַנט און די זווּנדערבאַרע קונסט, וועלכע ער האָט זיך אויסגעלערנט אין דער שול פון די בעסטע פּאָעטן, פּושקין און לערמאָנטאָוו, צו שרייבן לייכטע, נאַטירלעכע, פּראַכטפולע, גראַציעזע פּערזן, האָט זיך אַרויסגעוויזן אויך אין זיינע יידישע ווערק. פרוגס לידער האָבן באַוויזן דעם עולם אויף וויפל יידיש, וואָס מען דערקלערט פאַר אַ גראָבן און אומהאַרמאָנישן דיאַלעקט, קען, אין די הענט פון אַ פּאָעט מיט אַ טאַלאַנט און אַ פאַכקענער, ווערן אַן אינסטרומענט פאַר די זיסטע, פיינסטע און האַרמאָנישסטע טענער. קיינער פון די פּאָעטן פון דער פריערדיקער עפּאָכע איז נישט געווען אַזוי עמפּינדלעך פאַר דעם אי־נערלעכן ריטם פון דער שפּראַך, פאַר דער באַוועגלעכקייט, האַרמאָניע, פאַר דעם אַלץ, וואָס בילדעט דעם עסטעטישן ווערט פון דעם פּערז, ווי פרוג. אין דער לייכטקייט און פאַרשיידנאַרטיקייט פון זיין פּערזיפיקאַציע קען זיך מיט אים פאַרגלייכן, לויט שיינקייט און ריינקייט, נאָר איינער פון די פּאָעטן: מאָרים ראָזענפעלד.

* פליגלען.

די הויפּטשטימונג אין פרוגס לידער, סײַ די ייִדישע, סײַ די רוסישע, איז טרויעריקייט און קינה. דער ערשטער מאָדערנער פּאָעט אין ייִדיש האָט, פאַרבינדנדיק די ענגשאַפט פון איצט מיט די צרות פון אַמאָל, באַאַרבעט יענעם ספּעציעלן מין לידער, וואָס הייבט זיך אָן אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט „איכה" און האָט אין מיטלאַלטער געפונען זײַן אויסדרוק אין דער גאַנצער ליטעראַטור פון „קינות" און „סליחות".

אין דעם גרעסטן טייל פון זײַנע לידער רעדט זיך וועגן דעם נאַציאָנאַלן אומגליק און אינדיווידועלן עלנט פון די ייִדן, בײַ וועלכע מען האָט אָפּגענומען די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע רעכט. „קיין זאַך", שרײַבט ער אַליין אין איינער פון זײַנע „פאַנטאַזיעס", ווי פראָזע איז דורכגעמישט מיט לידלעך, האַלב־ערנסטע, האַלב־קאָמישע, „קיין זאַך אין אונדזער טרויעריקן לעבן טוט מיר נישט אָן אַזוי פיל האַרצווייטיק, אַזוי פיל עגמת־נפש, ווי דאָס אויסזען פון אַ ייִדן, זײַן אײַנגעבויגענער רוקן, זײַן אויסגעווייקט פּנים, זײַנע דאַרע הענט, זײַן אײַנגעפאַלענע ברוסט און דער טונקעלער שאָטן פון פּחד, וועלכער ליגט אייביק אויף זײַן גאַנצן געזיכט... אָט די אומרויִקע, האַלב פאַרטראַכטע, האַלב דערשראָקענע אויגן, וועלכע לויפן אַהין און אַהער, גלײַך ווי זיי זוכן וווּהין צו באַהאַלטן זיך, ניצול צו ווערן פון דער גרעסטער סכנה; אָט די בלייכע ליפּן וואָס ציטערן, און זייִנען אין אויגנבליק מוכן ומזומן אַרויסצורעדן: „אָט! אָט לויף איך!" — דער גאַנצער נפש, וואָס ווערט פאַרציטערט פאַר יעדן בלעטל, וועלכעס פאַלט אַראָפּ פון בוים, פאַר יעדער פליג, וועלכע טוט אַ „זום" פאַרבײַ זײַן אויער — אָט דאָס גאַנצע גאָטס באַשעפעניש, אין וועלכן עס זײַנען דאָ נישט נאָר רמ"ח, צוויי הונדערט מיט אַכט און פערציק, ניין, צוואַנציק טויזנט אברים, נאָר אָבער איז איינער נישט קיין גאַנצער — אָט דאָס ייִדעלע, אָט דער ישראליקל מאַכט מיר אָן די גרעסטע ווונד אין האַרצן"...

ש. דובנאָוו

# מיט פרוגן

צום לעצטן מאָל האָב איך געזען פרוגן אין דעצעמבער 1913, בעת איך האָב פאַרבראַכט אין אדעס. איך האָב אים געזען סײַ אין שטוב, אויפן קראַנקן־בעט, סײַ אויף צוויי ליטעראַרישע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ער איז געקומען, באַהערשנדיק זײַן שלאַפקייט, און סײַ אויפן „באַנקעט", וועלכן די חברים־שרײַבער האָבן געמאַכט לכבוד מיר. איך בין געזעסן ביים טיש צווישן דעם נעסטאָר פון אונדזער ליטעראַטור, מענדעלען, און פרוגן, און אין אַ ריי האָבן זיך אויסגעזעצט ביאַליק און די פאָרשטייער פונעם ייִנגערן דור שרײַ־

בער. איך האָב באַמערקט, אַז פון די אָנטיילנעמער אינעם לוסטדאָרפישן פּאָעטישן „סימפּאָזיאָן" פון יאָר 1891 זיינען געבליבן בלויז פיר: די איבעריקע האָבן שוין לאַנג געהאַט פאַרלאָזט רוסלאַנד. מיר זיינען געזעסן, דערציילט זכרונות; מען האָט אויך געהאַלטן די געוויינלעכע טישרעדעס. מיך האָט שטאַרק גערירט פרוגס רעדע. ער האָט דערמאָנט אונדזער צוזאַמענלעבן אין פּעטערבורג אין די יאָרן פון אונדזער ליטעראַרישער יוגנט, ער האָט גערעדט וועגן אונדזער דערנערוועג, וועגן דעם שווערן און גראַדליניקן גאַנג איבער דעם דאָזיקן וועג, וועלכן ס'האָט דורכגעמאַכט זיין „מער גליקלעכער" ליטעראַרישער חבר. אין מיין ענטפער אויף די חברישע רעדעס האָב איך אָנגעוויזן אויף די דאָ זיצנדיקע פאָרשטייער פון די דריי ליטעראַרישע דורות, און ווען איך בין צוגעקומען צו דער כאַראַקטעריסטיק פונעם פאָרשטייער פון מיטלסטן דור, פון דעם „פריינט פון מיין אומעטיקער יוגנט", האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מיר ביידע דאָ געזעגענען זיך מיט דער פאַרגאַנגענהייט. ס'האָט מיך נישט פאַרלאָזט דאָס פאָרגעפיל, אַז איך זע שוין פרוגן צום לעצטן מאָל...

אַ ביטערן ענטפער האָב איך באַקומען אין אָנהייב מאַי. מען דערלאַנגט מיר אַ קאָנווערט מיטן באַקאַנטן שיינעם כתב אויפן אַדרעס. איך עפן אויף: קיין בריוו איז נישטאָ, און אָנשטאָט דעם געפין איך צוויי לידער, געשריבן מיט פרוגס האַנט אויף העברעיש, אונטערגעצייכנט „דעם 30.3.1916" און „דעם 8.4.1916". דער אינהאַלט פון ביידע זאַכן האָט געמאַכט דעם אויפטרייסלענדיקן איינדרוק פון אַ ווידוי פאַרן טויט — אַ ווידוי פון אַן „אַוועקגייענדיקער" נשמה. אין איין ליד ווערט גערעדט וועגן דעם לעצטן טליענדיקן פונק, וועגן דעם איינציקן נאָך נישט פאַרגעסענעם טייערן אוצר — וועגן דער מאַמען, צו וועלכער ער ווענדט זיך מיט אַ תפילה, זי זאָל ראַטעווען דעם לעצטן פונק פון איר זונס לעבן. אין צווייטן ליד בעט דער דיכטער דעם „שליח פון דער אייביקייט", וועלכער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אים פון די הויכקייטן, ער זאָל אים לאָזן בלייבן אויף דער וועלט, „כדי נאָך צו אָטעמען דאָ אַביסל, צו וויינען דאָ, צו פאַרשעלטן זי, די וועלט, און אויסצוזינגען איר דאָס חופּה-ליד"... איך האָב פאַרשטאַנען די דאָזיקע שטימונג, וואָס האָט געשטויסן דעם דיכטער אָנצושרייבן זיינע תפילהדיקע געזעגנסטראָפן אויף דעם תנ"ך-לשון און צו פאַרבינדן אַזוי אַרום די צוויי פּאָלוסן פון לעבן — די וויג מיטן קבר... איך האָב געבעטן די אַדעסער פריינט מיר צו וויסן געבן וועגן דעם קראַנקנס צושטאַנד; איך האָב אים אַליין אויך געשיקט אַ גרוס פון טיף-פינלאַנד. אין אויגוסט האָב איך באַקומען צוויי ידיעות: איינע אַ באַרויִקנדיקע, די צווייטע אַן אויפטרייסלענדיקע. און דעם 7טן סעפּטעמבער איז געקומען די לעצטע טרויעריקע ידיעה: ס'האָט זיך געענדיקט דאָס לעצטע ליד פונעם 56-יעריקן פּאָעט.

ש. פרוג

# לייזקע

אַ משרת האָט בײַ אונדז אין דער קאָלאָניע געדינט, לייזקע האָט מען אים גערופֿן, לייזקעלע סיביריאַק, אַ בחור פֿון אַ יאָר אַכצן, אַ געזונטער, אַ פֿרישער, מיט אַ פּאָר קײַלעכדיקע און רויטע באַקן, דאָס פּנים אײַנגעפֿאַנצן מיט קלײַנע באַשאָטן, און האָר האָט ער געהאַט געקרײַזלטע און העל-געלע, ליי-מענע-קאָליר. גאַנצע טעג איז ער פֿאַרנומען געווען אין שטוב, אין הויף אין גאָרטן, אויפֿן טויק (שײַער) — געראַמט, גערייניקט, געגראָבן, געדראָשן, די פֿערד מיט די קי עסן און טרינקען געגעבן. און בײַ אים אַליין פֿלעגט זיך אויף אַ רגע דאָס מויל נישט צומאַכן: קײַען, די גאַנצע צײַט האָט ער גע-האַלטן אין איין קײַען — אַ שטיק ברויט מיט אַ זויערע אוגערקע, אַ שטיק ברויט מיט אַ פֿרישער אוגערקע, אַלץ, וואָס גאָט פֿלעגט צושיקן. און גע-זונט איז ער טאַקע געווען, פֿריש און שטאַרק, ווי דאָס בעסטע סטעפּ-פֿערד. אַלע בחורים אין קאָלאָניע פֿלעגן פֿאַר זײַן אָטעם ציטערן.

אויסער זײַן געוויינלעכער אַרבעט, פֿלעגט לייזקע צוויי מאָל אַ טאָג אין חדר מיך אָפּפֿירן און צוריק אַהיימברענגען. האָט ער בײַ אונדז אַ נאָמען גע-קראָגן — „לייזקע באַהעלפֿער!״.

ברענגענדיק מיך פֿאַרנאַכט פֿון חדר, פֿלעגט ער באַלד אָנהייבן מיך אונ-טערטרײַבן אויף זײַן אייגנאַרטיקן לשון:

— טיי טרינקען... וועטשערע צײַט... שלאָפֿן צײַט... מאָרגן אין חדר גיין...

גערעכט איז ער טאַקע. ווי אָבער, זאָגט אַליין, כאַפּט מען עס אָפּ די וועטשערע און מ׳גייט אַוועק שלאָפֿן, אַז אין דרויסן הייבט זיך אָן דער לי-בער, זיסער זומער-אָוונט, מיט דעם קילן מחיהדיקן אָוונט-ווינטעלע. דער גאָרטן גרינט און שמעקט מיט פֿײַנסטע בשמים. פֿון טײַך הילכט דער זשאַ-בעס-כאָר. אַ העלפֿט הימל איז ווי מיט רויזן-קווייטן אויסגעמאָלט און מיט דימענטענע פֿעדים באַצויגן. עס רופֿט, עס ציט אַהין, אין די גאָלדענע, מיט טוי באַשפּריצטע פֿעלדער, אין די ווײַטע, ווײַטע פֿעלדער, וואָס האָבן, דאַכט זיך, קיין גרענעץ נישט אויף דער וועלט. עס רופֿט, עס ציט... שרעטעלעך (פּיצינקע וואַלד-מענטשעלעך), ווי אַ פֿינגער די גרויס, לויפֿן דאָרט פֿרייִלעך אַרום, פֿלעכטן קרענצלעך פֿון וואַלד-ווײַנפּערלעך, פֿון פֿעלדבלומען און שפּי-נען זיסע מעשׂהלעך און גינגאָלדענע חלומות און לייזקע וויל דאָס גאָרנישט אָנהייבן צו פֿאַרשטיין. ער ווייסט זיך זײַנס:

— שלאָפֿן צײַט... מאָרגן אין חדר גיין!...

נאָך פון באַגינען־אָן האָט זיך דער הימל געכמאַרעט, אויף רעגן געקליבן, און דער ווינט האָט געבלאָזן פון מינוט צו מינוט אַלץ שטאַרקער און בייזער. לייזקע האָט מיך אויף די הענט אַרויפגעכאַפּט און איז מיט מיר אין חדר אַוועק.

צוקומענדיק צום חדר, האָב איך געטראָפן מײַן רבין, רב הערשן, לויפנדיק צום טויק מיט אַן אײַזערנער ווילע אין האַנט. גיך און גרינג, נישט געקוקט אויף זײַנע זיבעציק יאָר, האָט ער אַרויפגעקלעטערט אויף דער דראַבינע (אַ לאַנגער וואָגן) מיט סנאָפּעס, וואָס פּיניע, זײַן זון, האָט נאָר וואָס פון פעלד געבראַכט צופירן. אַ סנאָפּ נאָך אַ סנאָפּ האָבן אָנגעהויבן אונטער דעם אַלטנס הענט פון וואָגן צום סטויג אַריבערפליִען. דער ווינט האָט רב הערשן אין פּנים געבלאָזן, אָפּגעווייט אַהינטערצו, געמאַכט צעפלאַטערן די פּאות, די באָרד, דעם טלית־קטן מיט די ציצית, — און שטייענדיק אויפן וואָגן, האָט רב הערש אויסגעזען ווי אַ זעקס־פליגלדיקער מלאך, וואָס אָט־אָט וועט ער זיך אויפהייבן און אין דער לופטן אַוועקפליִען.

און די כמאַרע האָט זיך אָנגערוקט נעענטער און נידעריקער. אַ בליץ איינער נאָכן אַנדערן איז דורך איר דורכגעפלויגן — אַזוי ווי פײַערדיקע שלענג וואָלטן איר שוואַרצן דעק געשניטן און אויף שטיקער געריסן... פון דערווײַטנס האָט אַ דונער אַ קלאַפּ געטאָן, אַזוי ווי מיט שטיינער איבער אַן אײַזערנעם בלעך צעשאָטן זיך...

אין גיכן האָט זיך אַ שלאַקס־רעגן אָנגעהויבן — און רב הערש איז אין שטוב אַרײַנגעקומען.

נאַס פון קאָפּ ביז די פיס, כאָטש אויסצודרייען, האָט ער פריִער פון אַלץ די פושקע געעפנט און אַ געשמאַקן שמעק טאַבאַק גענומען (טאַבאַק, אַליין געריבן פון די זאַפּטיקע, פעטע פאַפּושעס — טאַבאַק־בלעטער — איז בײַ רב הערשן געווען דאָס ווינטיקסטע און דאָס טײַערסטע אין לעבן); אָפּגעהוסט זיך, פון באָרד און פּאות דאָס רעגן־וואַסער אויסגעקוועטשט, די יאַרמעלקע אָנגעטאָן און צום טיש זיך אַוועקגעזעצט.

— נו?... — רב הערש האָט אויפגעהויבן אויף מיר זײַנע גרויסע, בלויע אויגן, קוים צו באַמערקן, מיטן קאָפּ צו מיר אַ מאַך געטאָן — ס'הייסט: קום אָקאָרשט אַהער, בחור!

— ס'טו געהערט? — האָט רב הערש אָנגעהויבן — געהערט? הײַנט בײַנאַכט אַ חלום געחלומט זיך מיר: כ'זיץ כלומרשט בײַ אײַך און טרינק כלומרשט טיי. שפּעט אין אָוונט שוין און דו כלומרשט זיצסט בײַם טיש, זיצסטו, פּינטלסט מיט די אויגן, ווי אַ גאַנדז בין מנחה למעריב. די מאַמע זאָגט: צײַט שלאָפן גיין; דער טאַטע זאָגט: צײַט שלאָפן גיין, און דו כלומרשט הערסט זיי ביידן ווי דעם גרויען קאָטער, הערסטו זיי, זיצסט און זיצסט, ביז דו ווערסט דאָ בײַם טיש אַנטשלאָפן... פּע, יינגעלע, פּע! כ'וואָלט עס

אויף דיר קיינמאָל נישט געגלייבט. זיצט, פינטלט מיט די אויגן און וויל נישט שלאָפן גיין. אַ נימוס פון אַ באַלעבאַטיש קינד, זיבן יאָר געוואָרן, אַ בחור צו לייַטן גלייַך?...

---

די ערשטע צייַט האָב איך געגלייבט, אַז דאָס אַלץ זעט ווירקלעך רב הערש אין חלום. „שלעכט, האָב איך זיך געטראַכט, ווי באַלד אַז ער זעט אין חלום, איז דאָך מיט אים אַ ביטערע זאַך! פאַרן בעל־חלום קען דאָך קיין סודות נישט זייַן! וואָס איך זאָל נישט טאָן, וועט רב הערש באַלד אין חלום זען, יעדעס מאָל דערציילן מיט זייַנע „כלומרשטן" און שווארצן מיר דאָס פנים פאַרן גאַנצן חדר. שלעכט!"...

אין גיכן אָבער האָב איך אָנגעהויבן באַמערקן עפּעס אַ מאָדנע זאַך: ווי נאָר רב הערש הייבט אָן מיט זייַן געוויינלעכן שמייכעלע אַ חלום זייַנעם דערציילן, הייבט זיך לייזקע אויף און רוקט זיך באַלד אַרויס פון חדר און דערנאָך, גייענדיק מיט מיר אַהיים, קוקט ער דאָס אַהער, דאָס אַהין, די אויגן מיר נישט צו ווייַזן. ס'איז נישט גלאַט, עפּעס מוז דאָ זייַן... און מיטאַמאָל האָט ווי אַ בליץ מייַנע געדאַנקען דורכגעשייַנט: עהע! — האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן — לייזינקע! בעל־חלום מייַנער טייַערער! אַזוי, הייסט עס? נישט אומזיסט באַהאַלטסטו די גנבהשע אייגעלעך דייַנע!... דייַנע מסירהלעך זייַנען דאָס, הייסט עס? אַ מסור ביסטו? האַ? אַ מסור? און ווייסטו וואָס הייסט אַ מסור זייַן? געדענקסט, וואָס רב הערש האָט געזאָגט? — אַ מסור איז ערגער פון אַן אַפּיקורס, פון אַ ימח־שמוניק, אַ גנב און אַ גזלן, ערגער פון אַ הונט, טריפהר פון אַ חזיר, אויף אַ ייִדישער שוועל דערלאָזן טאָר מען אים נישט, אַ טרונק וואַסער נישט געבן און צו קבר־ישראל נישט ברענגען!...

באַלד ווי דער געדאַנק איז מיר אין קאָפּ אַרייַן, האָב איך זיך אַ לאָז געטאָן צו לייזקען — לכל־הפחות דאָס פנים אים פאַרשוואַרצן, און נישט אונטער פיר אויגן, נאָר טאַקע פאַר דער גאַנצער וועלט, ס'הייסט: פאַר יאַווטוכן דעם טאַבונשטשיק, דער גויה כיווריאַ, דער שיקסע האַפּקע, דעם קוטשער פעדאָט און פאַר נאָך צוויי־דרייַ ערלים, וואָס האָבן אויפן האָרמאַן בייַ אונדז געאַרבעט. אָט לאָמיר אָקאָרשט אַ קוק טאָן, וואָס פאַר אַ פנים וועט לייזינקע האָבן פאַרן גאַנצן עולם, אַז איך וועל פון אַלע זייַנע שיינע שטיק דערציילן...

---

נישט ווייַט פון טויק אָבער האָבן זיך מיר דערהערט עפּעס אומגעוויינלעכע קולות, געשרייען, אַ גערודער, אַ לויפעניש...

— וואָס איז דאָרט? — האָב איך אַ פרעג געטאָן האַפּקען, וועלכע כ'האָב באַמערקט לויפנדיק מיט אַן עמער צום ברונעם נאָך וואַסער.

— אוי אָן אומגליק — האָט האַפּקע אויסגעשריגן — ליעזקאַ (לייזקע הייסט עס) און סקירדו פּאַפּאַל!...*

— אין וועלכע, ווו?...

האַפּקע ענטפערט נישט, אין איין אויגנבליק אַ שליַידער געטאָן דעם עמער אין ברונעם אַריַין, אַ טוק געטאָן לינקס, אַ טוק רעכטס, אַ הייב אַרויס און מיט אַ פולן עמער האַסטיק געלאָזט זיך צום טויק לויפן.

און פאַרגעקומען איז אָט וואָס:

אויפן טויק זיַינען געשטאַנען צוויי הויכע און לאַנגע סקירדעס, אויסגעצויגן נאָענט איינע לעבן דער אַנדערער. צוגעשטעלט דעם לייטער, האָט לייזקע אַרויפגעקלעטערט אָנצוהייבן אַראָפּוואַרפן די תבואה אויפן האַרמאַן. שוין שטייענדיק פון אויבן האָט ער זיך פאַרקוקט אויף עפּעס, אויסגעגליטשט זיך און ווי אַ שטיין אין וואַסער צווישן די סקירדעס אַראָפּגעפאַלן. טרעפט עס, ווען קיינער איז נישטאָ דערביַי, וואָלט מיטן שלימזלניק דאָרט שוין אַ סוף געווען — אַרויסגראַבלען זיך פון צווישן די סקירדעס איז כמעט אוממעגלעך: דאָס שטרוי און די זאַנגען שטעכן אין די אויגן, דער שטויב פון זיי פאַרשטאָפּט דעם אָטעם, אַ קעלבל, אַ לאָשעקל, טרעפט זיך, פאַרקריכן און ווערן דערשטיקט דאָרטן.

צום גליק איז דערביַי געווען כיווריאַ, אַ גויה, אַ גבר, אַ קאָזאַק. איין אויגנבליק — פון וואַנען האָט זיך ביַי איר גענומען אַ שטריק אין האַנט? — אַזוי ווי אַ שטורעם-ווינט האָט זי זיך אויף דער סקירדע אויפגעהויבן... אַ וואָרף האָט זי זיך געטאָן פון איין עק סקירדע צו דער אַנדערער. אַ שלייף געמאַכט, אַראָפּגעוואָרפן — און לייזקען מיַינעם, אַ האַלב-פאַרחלשטן, אַ טויט-בלייכן, צוריק אויף דער ליכטיקער וועלט אַרויסגעבראַכט. אין אַ צעדריסענער העמד, אָן אַ היטל אויפן קאָפּ, די האָר צעשויבערט, און פון קאָפּ ביז די פיס מיט איַיז-קאַלט וואַסער אָפּגעגאָסן, איז לייזקע געלעגן פאַר מיַינע אויגן, טיף און שווער געאָטעמט, געקרעכצט און געציטערט, ווי אין קדחת. אין איין רגע איז ביַי מיר דער גאַנצער כעס אָפּגעגאַנגען. איך בין געשטאַנען, געקוקט אויף לייזקען, ווי ער מאַטערט זיך נעבעך. עפּעס האָט אָנגעהויבן אין האַלדז ביַי מיר קיצלען, שטעכן ווי מיט אַ נאָדל — און אַ שטראָם הייסע טרערן האָט זיך אַ גאָס געטאָן ביַי מיר פון די אויגן.

אַ טאָג דריַי האָט זיך לייזקע אָפּגעוואַלגערט אויף דער לעזשאַנקע. אין חדר בין איך די טעג געגאַנגען מיט האַפּקען — און קיינע חלומות האָבן זיך די גאַנצע ציַיט רב הערשן נישט געחלומט.

---

* איז אַריַינגעפאַלן אין סטאָג.

# לידער פון ש. פרוג

## מיין ליד

איך בין אַ חזן אָן אַ עמוד
כמעט שוין פינף און צוואנציק יאָר.
דאָך קלינגען מייַנע תפילות תמיד
און כ'האָב דערצו אַ שיינעם כאָר.

אַ גרויסן כאָר פון אַלע סאָרטן
פון אַלע שטימען אויף דער וועלט:
מיליאָנען פייגעלעך אין גאָרטן,
מיליאָנען קווייטלעך אין פעלד.

דער ווייַנשטאָק איז מיט מיר מתפלל
אויף טל־זמטר אין דער צייַט,
די וועלדער זאָגן מיט מיר הלל;
עס קלינגט און זינגט פון יעדער זייַט.

דער שטורעם העלפט מיר בלאָזן תקיעות —
ער האָט אַ שופר גאָר אַ פּראַכט —
און הערן ממש איז אַ חיות
זייַן בלאָזן אין אַן אָסיען־נאַכט;

מיר זינגט די זון מכלכל־חיים,
הושענות שלאָגט דער ווינט בײַם טײַך...
און מיט אַ ניגון גאָר אַ נייַעם
וויל איך די לידער זינגען אײַך.

מייַן האַרץ איז אָבער ווי אין רינגען
געפּאַסט, און וויינען ציט עס מיך;
מיט וואָס איך הייב נישט אָן צו זינגען, —
מיט „מן־המצר" ענדיק איך...

# האָט רחמנות

שטראָמען בלוט און טײַכן טרערן
זידן, פליסן טיף און ברייט...
אונדזער אַלטער, גרויסער אומגליק
האָט זײַן האַנט אויף אונדז פאַרשפּרייט.

הערט איר דאָרט, ווי מוטערס קלאָגן
און פון קינדער דאָס געשריי?
טויטע ליגן אויף די גאַסן,
קראַנקע פאַלן לעבן זיי...

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות!
גרויס און שרעקלעך איז די נויט —
גיט די טויטע אויף תכריכים,
גיט די לעבעדיקע ברויט!...

2

פון דער ווײַטן שוועך צו פילן:
ווײַטע טרערן — פרעמד געוויין,
ווײַטער אומגליק — פרעמדער אומגליק,
פרעמד בלוט... ניין, ברודער, ניין!

הערצער טויזנט — און איין ווייטיק
טויזנט הײַזער — און איין טיר;
אַלע, אַלע — איין פאַרקלאָגטער
קראַנקער יתום זײַנען מיר!...

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות!
גרויס און שרעקלעך איז די נויט —
גיט די טויטע אויף תכריכים,
גיט די לעבעדיקע ברויט!...

3

שטראָמען בלוט און טײַכן טרערן
זידן, פליסן אָן אַ שיעור...
אימת־מות קוקט אין פענצטער
און דער הונגער קלאַפּט אין טיר...

שלאָף איז אונדזער האַנט צו שטרײַטן,
שטאַרק און שווער איז אונדזער שמאַרץ...
קום־זשע, דו, מיט טרייסט און ליבע,
גוט, היים ייִדיש האַרץ!

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות!
גרויס און שרעקלעך איז די נויט —
גיט די טויטע אויף תּכריכים,
גיט די לעבעדיקע ברויט!...

# ד י  מ צ ב ה

קרבנות הייליקע און ריינע
פֿאַר אונדזער פֿרײַהייט, גליק און פֿרייד!
דער בייזער שונא האָט דעם חלף
נאָך נישט אַרײַנגעלייגט אין שייד.

דאָס בלוט איז נאָך נישט אָפּגעוואַשן
פֿון זײַנע מערדערישע הענט;
עס הענגען נאָך די אַלטע שלעסער,
עס שטייען נאָך די אַלטע ווענט.

נישטאָ קיין צײַט אײַך צו באַוויינען, —
מיט האַס איז אָנגעזאַפּט די לופט,
דאָס האַרץ מיט יאָמער און מיט צאָרן;
דער שטורעם גייט, דער שטורעם רופט!

נישטאָ, נישטאָ קיין צײַט צו קלאָגן
אויף אײַער בלוט, אויף אײַער לייד,
קרבנות הייליקע און ריינע
פֿאַר אונדזער פֿרײַהייט, גליק און פֿרייד!

עס קלאַפּט דער פּויק, די שופֿרות שאַלן,
עס ווייט און פֿלאַטערט אונדזער פֿאָן;
דער קאַמף דער שרעקלעכער, דער גרויסער,
ער גייט נאָך ערשט, ער הייבט זיך אָן —

און מיט די קולות פֿונעם שטורעם
רופֿט אויס דער שונא פֿלוך און שאַנד
און ס'זינגט נאָך אײַך „אל מלא רחמים"
דאָס גאַנצע פֿאָלק, דאָס גאַנצע לאַנד!

## שווער צו זינגען

לידער דורכגעגליט פֿון צאָרן,
לידער אָנגעזאַפּט מיט פּײַן;
אויסגעלאָשן איז געוואָרן
זייער היץ און זייער שײַן.

עלנט קינד מײַנס! שווער צו זינגען
ווען עס גייט די שטורעם־נאַכט,
ווען די שווערע קייטן קלינגען
און דער בייזער תלין לאַכט!...

זעסט? אַ שוואַרצער קברות־גאָרטן
האָט באַפֿלאַנצט אי באַרג, אי טאָל:
— נישט קיין ביימער וואַקסן דאָרטן
תליות, תליות אָן אַ צאָל...

קינד מײַנס, קינד מײַנס, שווער צו זינגען
ווען עס רוישט די שטורעם־נאַכט,
ווען, ווי גלעקער, קייטן קלינגען,
און דער בייזער תלין לאַכט!...

ס׳ברענט און פלאַמט דאָס האַרץ פון צאָרן, —
און דעם פלאַם פאַרלעשט דער ווינט,
ווי אַ שפינוועבס — פון אַ דאָרן
פלאַצט די סטרונע... עלנט קינד.

יתום מײַנער! שווער צו זינגען
ווען עס רוישט די שטורעם־נאַכט,
ווען די קייטן קלינגען, קלינגען,
און דער תלין — לאַכט און לאַכט!...

## זאַמד און שטערן

עס שײַנט די לבנה; עס גלאַנצן די שטערן;
די נאַכט שוועבט אויף בערג און אויף טאָל...
דאָס אַלטיטשקע ביכעלע ליגט פאַר מיר אָפן,
איך לייען עס, לייען עס טויזנטער מאָל.

איך לייען די הייליקע, טײַערע ווערטער,
מיר הערט זיך אַ שטימע: „איך שווער —
מײַן פאָלק, דו וועסט זײַן ווי די שטערן אין הימל,
ווי זאַמד אויפן ברעג פונעם מער...״

רבונו של עולם! עס ווערט נישט פאַרפאַלן
פון דײַנע הבטחות קיין איינציקעס וואָרט!
מקוים מוז ווערן דײַן הייליקער ווילן,
אַלץ קומט אין זײַן צײַט, אויף זײַן אָרט.

און איינס איז שוין טאַקע מקוים געוואָרן —
דאָס פיל איך, דאָס וויים איך געוויס:
מיר זײַנען געוואָרן ווי זאַמד, וואָס איז הפקר,
וואָס יעדערער טרעט מיט די פיס...

יאָ, גאָטעניו, אמת, ווי זאַמד און ווי שטיינער,
צעשפרייט און צעוואָרפן אויף שאַנד און אויף שפּאָט...
נו, אָבער די שטערן, די ליכטיקע, קלאָרע —
די שטערן, די שטערן — ווו זײַנען זיי, גאָט?

# ליד פון אַרבעט

פאַר איַיך, מיַינע אָרעמע ברידער און שוועסטער,
וואָס זיַינען צעזייט און צעשפּרייט אויף דער וועלט
וואָס קריכן און בלאָנדזשען אויף טויזנטער וועגן,
אין רעגן און שטורעם, אין היץ און אין קעלט,

פאַר דיר, אוי, דו אייביקער קרעכצער און זיפצער,
פאַרשוואַרצטער, פאַרקלאָגטער, פאַריאָמערטער ייִד,
טוט שאַלן און זינגען און הילכן און קלינגען
מיַין פרישם, מיַין לעבעדיק־פרייִלעך ליד.

אין טויזנטער שטראָמען גיסט זיך דאָס לעבן
און קומט פאָרט צום אַלטן, צום אייביקן ברעג...
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער, אַ זומפּיקער וועג.

אָ, לויב און געזאַנג דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן, ליבנד און הייס!
געזונט זאָלן זיַין די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכע עס גיסט זיך דער שווייס!

געבענטשט זאָלן זיַין די ווערקשטאַט, דאָס שפּינדל,
דער האַמער, די סאָכע, דער סערפּ און די זעג!
די וועלט איז פאַר איינעם אַ בליענדער גאָרטן,
פאַר טויזנט — אַ שווערער און זומפּיקער וועג.

געשמאַק זיַינען, ברידער, דעם שררהס מאכלים!
געשמאַקער פון אַלעם — דאָס שטיקעלע ברויט,
וואָס ציט זיך פון אייגענער, ערלעכער אַרבעט
מיט שווייס און מיט מי, אַבי נאָר אָן נויט.

געשמאַק איז דעם שררהס שלאָף אין זיַין צימער,
אויף ווייכינקע קישעלעך, וויַיס ווי דער שניי;
געשמאַקער — אַ שלומער פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט
אין פעלד, אויף אַ קאַפּיצע פרישינקע היי.

פיל ליכטיקער שײַנט די זון נאָך אַ רעגן;
די װאַרעמקייט — ליבער און זיסער נאָך קעלט;
נאָר די, װעלכע האָבן דאָס אומגליק געגאָסן,
פאַרשטייען װאָס גליקלעך־זײַן הייסט אויף דער װעלט.

די פײַל איז פון שטאָל, דער האַמער — פון אײַזן,
גאַנץ איינפאַך געמאַכט און נישט איבעריק שיין,
מיט זיי אָבער, מאַכט מען דאָס שװערד און דעם פּאַנצער
און טאַקע די הייליקע קרוינען אַליין.

דער סערפּ איז פון שטאָל, די סאָכע — פון אײַזן;
קיין צירונג קיין גרויסע זײַנען זיי נישט;
אין זיי אָבער ליגט אונדזער קראַפט, אונדזער לעבן,
אָן זיי איז אוממעגלעך איינאונאיינציקער טריט.

טאָ לויבט־זשע און זינגט דער מי און דער אַרבעט!
זינגט, גריסט זיי פון האַרצן, ליבנד און הייס!
געזונט זאָלן זײַן די הענט מיט מאַזאָליעס,
דער שטערן, פון װעלכן עס גיסט זיך דער שװייס!

## די פּאָן

נישט פון גאָלדשטאָף, נישט פון זיידנס
איז די פּאָן געמאַכט;
אין אַ שרעקלעכן געװיטער,
אין אַ שטורעמנאַכט

האָט געקרוישט דאָס אַלטע שפּינראָד,
און די בלייכע נויט,
אין אַ פײַכטן קעלער־װינקל,
בײַ אַ חלב־קנויט,

האָט געװעבט די גרויע פּעדים
רײַן און שטײַף און גוט,
און געפאַרבט זיי מיט די לעצטע
טראָפּנס אייגן בלוט.

אַלע וווייטיקן און לײַדן,
יעדע פרישע ווּנד
פון די טיפע תפיסה־גריבער,
פונעם שוואַרצן גרונט,

פון די הונגעריקע דערפער,
פון די דושנע שטעט,
ווּ עס איז פאַרבלענדט דאָס לעבן
ווי פון הינערפלעט;

אַלע וווייטיקן און לײַדן,
אַליץ, וואָס יאָרנלאַנג
האָט פאַרגיפטעט איר נשמה,
ווי די בייזע שלאַנג.

אַליץ מיט וואָס געדריקט איר לעבן
האָט די טיראַניי
אין געמיט איר גאַל געגאָסן
און אין האַרצן בלײַ —

האָט די פאָלקסנויט אין די רויטע
פאָדים אײַנגעוועבט...
זעסט? די פאָן — זי ווייט, זי פלאַטערט
און צום הימל שטרעבט.

## אַ מעשהלע פון אַ געוועזענעם ערדאַרבעטער

אַ דערפל איז פאַראַנען,
עס הייסט באָבראָווי־קוט;
אַמאָל איז דאָרט געשטאַנען
מײַן וויגעלע... און גוט

און זיס איז מיר געגאַנגען
אין יענער ליבער צײַט:
דאָרט האָבן געלע זאַנגען
געראַשט פון יעדער זײַט.

דאָרט האָט די גרינע בלעטער
אַ ווינטעלע געוויגט;
אַ ליב, זיס ווינטל
מײַן יונגע ברוסט געקוויקט.

עס האָרעווען דאָרט ייִדן
פון קינדהײַז ביזן טויט,
און עסן דאָרט אין פרידן
אַן אייגן שטיקל ברויט.

פאַרגאַנגען זײַנען יאָרן,
איך בין פון דאָרט אַוועק —
בין צוגעגרייט געוואָרן
גאָר צו אַן אַנדער צוועק:

נישט מיט דער סאָכע גיין
פון אָרעמקייט און נויט,
און אַקערן און זייען
אַליין פאַר דעם שטיקל ברויט.

נייַן: שטאַרק איז ווי אַ מעדער
און שטאָלץ מײַן האַרץ אין מיר;
מײַן סאָכע איז די פעדער,
מײַן פעלד איז דאָס פּאַפּיר!

די פעדער איז מײַן סאָכע,
מײַן פעלד איז דאָס פּאַפּיר,
און וואָס פאַר אַ מזל־ברכה
איז אָנגעגרייט פאַר מיר!

— מען לעקט פון מיר די פינגער,
עס קלינגט מיט מיר אַ וועלט;
כאָטש וואָס איז, דאַכט זיך, גרינגער —
מאַך לידלעך און נעם געלט.

יאָ, איך מעג זײַן צופרידן,
נישט ערגער ביזן טויט.
איינס פעלט נאָר, ליבע ייִדן,
נאָר איינס —
דאָס שטיקל ברויט!...

# דעם שמשס טאָכטער

שטיל און פינצטער איז געווען
אין דעם אַלטן ענגן שטיבל,
וווּ געלעגן און געשלאָפן
איז דער אַלטער גרויער שמש.

שטיל און רויִק שלאָפט דער שמש
און אין שלאָף דערהערט ער עפּעס
שווערע טריט ווי פון אַ קרומען,
וועלכער גייט אַרום אויף קוליעס.

און דערשראָקן און פאַרוווּנדערט
כאַפּט זיך אויף פון שלאָף דער שמש;
ער צינדט אָן דאָס אַלטע לעמפּל —
און וואָס זעט ער? גאָט, דו ליבער!

ער דערזעט פון וואַנט צו וואַנט
גייט אַרום אַליין זײַן שטעקן...
אוי, דאָס איז אַ שלעכטער סימן —
אַז אַ גוסס איז אין שטעטל...

אין דעם אויגנבליק דערהערט ער
שרײַט זײַן טאָכטער: גיכער, טאַטע,
וועק דעם עולם! אונדזער רבי,
אונדזער רבי איז פאַרבײַ!...

2

נאָך בײַנאַכט פון שטוב צו שטוב
גייט און קלאַפּט דער אַלטער שמש...
אָבער וואָס איז דאָס מיט דבורהן
מיט דעם אַלטן שמשס טאָכטער?

דבורה זיצט בײַם טיש, און הייסע
טרערן קאַפּען פון די אויגן;
ביטער וויינט זי, וויינט און שעפּטשעט:
„אַך, דער רבי איז פאַרבײַ!...

הייל אים, העלף אים, גאָט דו ליבער!"...
היים און ערנסט ווי אַ טאָכטער
האָט פון קינדהייט ליב דעם אַלטן,
קראַנקן רב די יונגע דבורה;

ווײַל דער אַלטער מורה־צדק
האָט דאָס קינד אויך ליב געהאַט
ווי אַן אייגענע: פלעגט רופן
אַלע שבת זי אינאיינעם

מיטן שמש ברכה מאַכן.
האָט זי אויסגעלערנט דאַווענען,
אויך געלערנט שרײַבן, לייענען;
ליבלעך זאָגנדיק דערבײַ:

„לערן דבורהקה, לערן, טאָכטער,
און דו וועסט איה"ש
ווערן גרויס און קלוג בײַ ייִדן,
גלײַך מיט דבורה די נביאה"...

און זי זיצט בײַם טיש, און הייסע
טרערן טריפן פון די אויגן;
ביטער וויינט זי, וויינט און שעפּטשעט:
„הייל אים, העלף אים, ליבער גאָט!"...

3

אין בית־מדרש שטייט דער עולם.
גרויס און קליין געקומען אַלע
תהילים זאָגן; וויינען, בעטן
צו דעם בורא... נאָר עס העלפט נישט.

שוין פון וואַקס אַ ליכט אַ גרויסע,
אַקוראַט די מאָס פון קראַנקן,
אויסגעגאָסן. אין תכריכים
אָנגעטאָן און, ווי דער מנהג

איז בײַ ייִדן פֿון פֿאַרצײַטן,
זי באַגראָבן אין אַ קבֿר
ווי אַ בר־מינן... עס העלפֿט נישט,
אַלץ געפּרוּווט און אַלץ אומזיסט...

אמת, איינס נאָר איז געבליבן,
איינס נאָר: יעדער פֿון דעם עולם
זאָל אַוועקשענקען אַ חלק
פֿון זײַן לעבן פֿאַר דעם חולה —

מענער, ווײַבער, קינדער, זקנים,
ווער אַ טאָג און ווער אַ חודש —
דאָס פֿאַרשרײַבט מען אויף אַ צעטל
און פֿאַרשליסט אין ארון־קודש...

4

אַז צום אַלטן שמשׂ שטיבל
איז מען מיט דעם כּתבֿ געקומען,
האָט זײַן טאָכטער די גבּאים
אָפּגעשטעלט, און שטיל און רויִק

זיי געזאָגט: „פֿאַרשרײַבט, איך בעט אײַך",
וויפֿל, דבֿורה, שענקסטו? — וויפֿל?
אַך, מײַן גאַנץ, מײַן גאַנץ לעבן!...
יאָ, פֿאַרשרײַבט — איך שענק אַוועק

אים מײַן גאַנץ לעבן! — דבֿורה,
האָבן זיי זי אָנגעהויבן
אָפּצורעדן; „נאַריש קינד,
ווי געשיקט זיך?"... אָבער אַלע

טענות האָבן נישט געהאָלפֿן.
נישט געהאָלפֿן האָבן דאָ
אויך דעם אַלטן טאַטנס בעטן,
זײַנע רייד און זײַנע טרערן.

און פֿאַרשריבן האָבן זיי
מיט איר חתימה אין דעם צעטל,
ווי זי האָט פֿון זיי געפֿאָדערט:
„דבורה שענקט איר גאַנץ לעבן!"

און בשעת דער שליח
האָט דעם כתב אין שול געבראַכט
און פֿאַרשלאָסן אים אין ארון,
אין דעם זעלבן אויגנבליק

איז דער חולה אויפֿגעשטאַנען
ווידער פֿריש, געזונט און יונג;
און די אומגליקלעכע דבורה
— דאָס אומשולדיק ריינע קינד —

איז דעם זעלבן טאָג געקומען
אין איר רו... דער אַלטער טאַטע
האָט זי ערנסט, היים באַוויינט
און געזאָגט דעם ערשטן קדיש.

אויף איר הערלעכער לוויה
איז געווען דער גאַנצער עולם
און געווינטשט פֿון פֿולן האַרצן
איר אַ ליכטיקן גן־עדן...

5

שטיל און רויִק גייט די צײַט
אין דעם קליינעם, שטילן שטעטל;
מענטשן לעבן, האָבן קינדער,
קינדער — ווערן יונגע לײַט,

וואַקסן, ווערן אַלט און שטאַרבן.
אויף דעם אַלטן בית־הקברות
זײַנען דאָ פֿיל נײַע קברים...
וואָס־זשע מאַכט דער אַלטער רב?

דאַנקען גאָט, ער לעבט אין פרידן
לערנט תּורה, פּסקנט שאלות
און געדענקט דאָס ליבע קינד.
ער געדענקט די טויטע דבורה,

ער פאַרגעסט נישט יעדן יאָרצייט
קויפן ליכט און זאָגן קדיש,
און אַזוי גייט שטיל און רויִק
טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר.

6

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פאָר, ער ווערט נישט עלטער,
אָבער טרויעריק נישט זעלטן
זעט ער אויס; דערציילט נישט קיינעם

וואָס ער פילט און וואָס ער טראַכט.
און עס ווייסט פון דעם נישט קיינער,
אַז בײַנאַכט בשעת ער
זיצט און לערנט, ווי געוויינלעך,

הערט זיך אים אַ פרויען־שטימע.
זיסע לידער, ליבע לידער
קלינגען, פליסן פון דערווײַטן,
און פאַר זײַנע אַלטע אויגן

שטייט אַ בילד... אָך, ער דערקענט,
ער דערקענט דאָס זיסע פּנים
פון זײַן תּלמידקע — פון דבורהן,
און ער בעט זי: „זײַ מיר מוחל!

זײַ מיר מוחל, ליבע טאָכטער,
וואָס דורך מיר ביסטו געגאַנגען
פון דער וועלט... ווען די וואָלסט לעבן,
וואָלסטו איצט געווען אַ כּלה"...

7

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פאָר, און איינמאָל הערט ער
אַ געשריי פון אַ יולדת...
און ער וויינט, באַגיסט מיט טרערן

די גמרא... — „זײַ מיר מוחל! —
בעט דער זקן — ליבע דבורה,
אַז דו וואָלסט געבליבן לעבן,
וואָלסטו איצט געווען אַ מוטער"...

און אַזוי אויך יעדע נאַכט
הערט זיך אים איר יונגע שטימע —
זיסע, ליבע וויגלידער
זינגט בײַנאַכט די טויטע מוטער...

8

דרײַצן יאָר גייט פאָר... ער הערט
ווי איר זון, שוין אַ בר־מצווה,
זאָגט אַ גרויסע, שיינע דרשה...
— ער וואָלט זײַן אַ גרויסער למדן.

— טראַכט דער רב — און וויפל פרייד
וואָלט געהאַט פון אים די מאַמע!...
ווײַטער הערט ער — כלי־זמר שפילן:
פידלען, טאַצן און קלאַרנעטן

קלינגען, זינגען פון דערווײַטן...
„זי מאַכט חתונה אַ טאָכטער —
טראַכט דער אַלטער — צו דער חופה
פירט זי איצט די טויטע מאַמע"...

9

און פון דעמאָלט אָן טאָג טעגלעך
הערט און פילט און זעט דער זקן
יעדן צושטאַנד פון איר לעבן,
און ער וויינט מיט הייסע טרערן

און ער בעט דעם בורא־עולם:
— גיב מיר, גאָט, איך זאָל דערהערן
איר געוויין, איר ביטער זיפצן,
אירע טרערן זאָל איך זען —

כאָטש די איינציקע נחמה
זאָל איך האָבן, אַז אין לעבן
וואָלט זי אויך געליטן צרות,
וואָלט זי אומגליק אויך געפילט

און עס וואָלט ביי איר געווען
כאָטש איין־איינציקע מינוט,
ווען זי וואָלט די וועלט פאַרשאָלטן
און געווונטשן זיך דעם טויט!"...

10

נאָר אומזיסט איז זיין בקשה:
זיסע ליהער, ליבע לידער,
הערט ער זינגען אין דער פינצטער,
גליקלעך וואָלט געווען איר לעבן —

יעניק שטיל פרויען־לעבן,
וועלכעס גלאַנצט נישט ווי די זון,
נאָר עס שיינט אָן ווינט און וואָלקן
ווי דער העלער מאָרגן־שטערן...

און עס גיסן זיך און גיסן
זיינע טרערן טעג און יאָרן.
— „ליבער גאָט! — איז ער מתפלל —
טו מיט מיר דיין גרויס גנאָד,

אָך, באַפרײַ, באַפרײַ מײַן אַלטע,
מײַן פאַריאָמערטע נשמה;
שטאַרבן, שטאַרבן העלף מיר גיכער,
ליבער פאָטער, גרויסער גאָט!"...

11

טאָג נאָך טאָג און יאָר נאָך יאָר
גייען פאָר. דאָס קליינע שטעטל
איז שוין לאַנג אַ שטאָט געוואָרן,
אַ באַקאַנטע, רײַכע שטאָט.

הונדערט מענטשן, צענדליק זקנים,
וועלכע ער געדענקט אַלס קינדער,
ליגן שוין אויף דעם בית־עלמין;
ער נאָר איינער לעבט און לעבט.

נײַע צײַטן, נײַע מענטשן,
נײַ לעבן און מנהגים;
פרעמד און איבעריק, ווילד און עלנט
איז דער זקן צווישן זיי.

טונקל זײַנען זײַנע אויגן,
אויסגעדאַרט דער גאַנצער קערפּער,
און ער קלאָגט צום בורא־עולם,
וויינט און בעט אויף זיך דעם טויט...

12

איין געדאַנק און איין געפיל
איז דעם זקן נאָר געבליבן:
שטאַרבן! שטאַרבן!... און צולעצט
האָט זיך גאָט אויף אים דערבאַרעמט.

פינצטער איז געווען די נאַכט,
שרעקלעך האָט געוווישט דער שטורעם;
ווי אַ קינד געקלאָגט, געיאָמערט
האָט די קאַלטע, שוואַרצע נאַכט.

אָפּגעוווינט שוין לאַנג פון אַלע
לעבנס־פריידן, לעבנס־שמערצן —
זיצט דער זקן אין בית־מדרש...
מיט אַמאָל דערהערט זיך אים —

אַ געוויין, אַ קלאָג פון קינדער...
פּושקעס קלאַפּן אין די גאַסן
און מען זינגט „אל מלא רחמים"...
„דאָס וואָלט זי געשטאָרבן איצט!"

האָט מיט פרייד געזאָגט דער זקן —
„אויס, אַ סוף צו מײַנע שמערצן!...
נעם מיך מיט, מײַן ליבע דבורה,
אויף די ריינע וואָרע וועלט"...

שטיל און רויִק האָט באַפרײַט זיך
פון דעם קערפּער זײַן נשמה...
און אויף מאָרגן האָט דער עולם
הייס און ערנסט אים באַוויינט.

## די נאַטור

ליכטיק שײַנט דער אָוונט־שטערן;
שאָטנס ליגן אויף די פעלדער;
פײַכטע קילקייט ווייט און גיסט זיך
פון די גערטנער, פון די וועלדער.

און די גרויסע, אַלטע ביימער
שאָקלען מיט די גרינע בלעטער,
און מיר דאַכט זיך, אַז זיי רוישן:
— „זע, ווי פריש איז דאָ דאָס וועטער!"

טראָפּנס טוי, ווי פּערל, גלאַנצן
אין די לעצטע אָוונט־שטראַלן,
אין די פײַכטע, גרינע טאָלן
שלאָגן פרישע, קאַלטע קוואַלן...

„קום אַרײַן אין וואַלד! מיר וועלן
דיך דערפרישן און דערקרעפטן...
ווי מיט ווייכע, גרינע פאָדים
דיך באַשפּינען און באַהעפטן...

מיט אַ שטילן, זיסן דרימל
וועלן מיר דײַן האַרץ באַווייען,
מיט אַ ליבן, זיסן חלום
דיך דערקוויקן און דערפרייען"...

און פון וואַלד, מיט זיסע פרישקייט
אָנגעטרונקען, אָנגעזויגן,
גיי איך צו דעם גרויסן אָפּגרונט,
וועלכער ליגט פאַר מײַנע אויגן.

ליכטיק שײַנען, ליכטיק גלאַנצן
אין דעם רויטן, פּורפּור־העלן
לעצטן אָפּשײַן פון די שטראַלן
די באַגאָלדטע, בלויע וועלן.

אויף די בלויע, שטילע וועלן,
וועלכע גלאַנצן ווי אַ שפּיגל,
שוועבט אַ זעגל, שוועבט און פלאַטערט
ווי אַ גרויסער, ווײַסער פליגל.

אויף די שטילע, בלויע וועלן
שווימט אַ שיפעלע אַ קליינע,
און פון שיפל הער איך שטימען,
יונגע שטימען, זיסע, ריינע...

יונגע, זיסע שטימען זינגען
פון די שטורעמס, פון די ווינטן,
פון די שיפערס, וועלכע שטרײַטן
מיט די גרויסע, בייזע אינדן.

װעלכע שװימען אין דעם אָפּגרונט
װײַט, אין יענע שײנע, פֿרײַע
לענדער, װוּ די זון שײַנט אײביק,
װוּ עס לעבן גוטע טרײַע,

ליבע מענטשן, גלײַך װי אײן
גרױסע, גליקלעכע משפּחה, —
און װי שטאַרק איז זײער פֿרײַנטשאַפֿט,
זײער פֿרידן און הצלחה...

— גוזשע, ברידער! — אין דעם זעגל
בלאָזט דער װינט!... נו, גיכער, גיכער!...
אונדזער שיפֿעלע װעט פֿליִען
אויף די אינדן, װי אַ װיכער...

„װאָלקנס שװעבן אויף דעם אָפּגרונט:
שװער אין שטורעם איז דאָס שװימען,
נאָר — פֿאָרויס, מיט האָפֿענונג, ברידער!"...
זינגען פֿרישע, יונגע שטימען

יונגע, זיסע שטימען זינגען,
און איך זינג מיט זײ צוזאַמען;
טיף אין האַרצן פֿיל איך פֿליסן
נײַע קרעפֿטן, נײַע פֿלאַמען:

נײַע האָפֿענונג טריפֿט, װי טראָפּנס
קאַלטע װאַסער אויף דעם גומען
פֿון דעם קראַנק... אָך, אַ דאַנק אײַך,
בײַמער, זאַנגען, גראָז און בלומען.

פֿרײַע פֿײגל, בלױע װעלן,
פֿונעם טיפֿן, הײסן האַרצן,
צװישן אײַך האָב איך פֿאַרגעסן
מײַנע אַלטע, גרױסע שמאַרצן!

## פרילינג־ליד

עס וואַרעמט זיך, עס פּיעסטעט זיך
דאָס גרינע אַקער־פעלד.
עס שפּראָצט אַרויס דאָס קערנדל,
דערזעט די ליבע וועלט,
דערפילט די זון, די ליכטיקע,
דעם פרישן פרייַען ווינט,
עס ציט זיך צו דער הימל־שייַן
און קוויקט זיך, ווי אַ קינד...
גענוג געלעגן טיף אין דער ערד,
פון ליכט און לעבן ווייַט,
די גרויע טעג, די שוואַרצע נעכט,
די לאַנגע ווינטער־צייַט!

שפּראָצט אויף, איר זאַנגען גאָלדענע,
און פילט זיך אָן מיט זאַפט!
פאַרגיס, פאַרפלייץ דאָס פרייַע פעלד,
אָ, יונגע פרישע קראַפט!
דער פרילינג גייט... ער בליצט... ער רוישט...
פאַרשווינדן וועלן ווייַט
די גרויע טעג, די שוואַרצע נעכט,
די לאַנגע ווינטער־צייַט!

## דער כוס

זאָג מיר, מאַמעשי, איך בעט דיך,
איז דאָס אמת, וואָס עס האָט
מיר דערציילט דער אַלטער זיידע,
אַז אין הימל דאָרט פאַר גאָט,

— אַז פאַר גאָט דאָרט שטייט אַ בעכער,
און ווען מיר קוועלן זיך דאָ שווער,
האָט דער גרויסער גאָט רחמנות,
לאָזט אין כוס אַרייַן אַ טרער?

— אמת, קינד מײַנס!

— אָך, מאַמע, מאַמע,
איז אויך אמת, איז אויך זיכער,
אַז משיח, דער וועט קומען,
קוים וועט ווערן פול דער בעכער?!

— אמת!

און דאָס קינד פאַרקלערט זיך,
וואַרט אַ ווײַל טרויעריק שטיל,
פרעגט דערנאָך: אָבער, מאַמע,
וועט דער בעכער זײַן שוין פול?

און ער הייבט די בלויע אויגן
טרויעריק צו דער מוטער אויף:
„צי איז אָן אַ דנאָ דער בעכער,
וואָס מיר לײַדן אָן אַ סוף?

ווי לאַנג מיר לײַדן שוין אין גלות,
און דער כוס וויל פול נישט ווערן!
אפשר טריקענען דורך די יאָרן
אינעם בעכער אויס די טרערן?"

און צערודערט בלײַבט די מוטער
איבערן פרומען קינד געבויגן,
און עס ציטערן די ברעמען...
פון די מוטערלעכע פײַכטע אויגן,

פאַלן טרערן — צוויי בריליאַנטן
אויפן קינדס פאַרקלערטן שטערן!
— — — — — — — — — — — —
גאָט אין הימל, האָב רחמנות,
נעם אין כוס אַרײַן די טרערן!



ש. ניגער

# שלום אַש

(ביאָגראַפיע)

שלום אַש איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1880 (לויט זײַן מוטערס חשבון — פיר טעג נאָך פּסח), אין קוטנע, פּוילן. זײַן פֿאָטער, ר׳ משה, האָט גע־שטאַמט פֿון אַ פֿאַמיליע שוחטים; אַליין איז ער געווען אַ פֿי־הענדלער און

האָט געהאַט אויך אַן אַרייַנפאָר־הויז. אַש׳ס מוטער, מלכה, געבוירענע ווי־דאָווסקי, ציט איר יחוס פון אַ לענטשיצער רב... אַש איז געווען דאָס צענטע קינד ביי זיין פאָטער, דאָס פינפטע — ביי זיין מוטער, זיין טאַטנס צווייטע פרוי. די גאַנצע משפּחה, מיט דעם אויסנאַם פון שלומען, האָט אַרום 1900 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, אָבער די עלטערן האָבן זיך אומגעקערט צו־ריק קיין פּוילן. זיי האָבן נישט שטאַרק אַכטונג געגעבן אויף שלומען, ווען ער איז געווען אַ קינד, דאָך האָט ער עפּעס פון זיי איבערגענומען. אַש אַליין דערציילט אונדז:

„...מייַן מאַמע קומט פון די (זומפּיקע) פעלדער (אַרום קאַליש), דורך דעם זייַנען אירע אויגן אַזוי טרוימעריש און איר גייַסט אַזוי אומרויִק און מעלאַנכאָליש. פון איר האָב איך געירשנט מייַן אומרויִקייט, און די פייַכט־קייט פון מייַן נשמה קומט פון דער פייַכטקייט פון די (טאָרף־) פעלדער... פון אַ פיל געזונטערן געגנט קומט מייַן טאַטע — פון די געזונטע, טרוקענע, פרוכטבאַרע פעלדער פון גאָמבין — און ווען היידיש (געצנדינעריש, ווילד) זייַנען די פעלדער, פון וועלכע מייַן מוטער קומט, זייַנען דערפאַר די רייַפע גערטנער, פון וועלכע מייַן טאַטע קומט, פול מיט אמונה און בטחון — דורך דעם די צעטיילונג פון מייַן נשמה" („פאָרווערטס", ניו־יאָרק, 28סטן מאַי, 1922)... אַט דעם אויסדרוק — „די צעטיילונג פון מייַן נשמה" — איז כדאי צו געדענקען. מיר וועלן נישט איינמאָל שפּירן די צעטיילטקייט פון אַש׳ס נשמה, די צעטיילטקייט, מיט וועלכער אַש האָט זיך זייַן גאַנץ לעבן גע־ראַנגלט...

פון איין זייַט — דער מוטערס „אומרויִקייט און מעלאַנכאָליע", פון דער אַנדערער זייַט — דעם פאָטערס „אמונה און בטחון".

אַש׳ס קינדהייט איז, לויט זייַן אייגענעם אויסדרוק, געווען „פול מיט אומעט". (אויך זייַנע ליטעראַרישע קינדעריאָרן — זייַנע סאַמע ערשטע סקיצן און דערציילונגען — זייַנען געווען אומעטיקע, האַלב־מעלאַנכאָלישע, טונקעלע). זייַן דערציִונג האָט ער, ווי אַלע יִדישע קינדער אין יענע יאָרן, געקראָגן אין חדר, דערנאָך אין אַ ישיבה. גאָר באַזונדערס טיפע שפּורן האָט איבערגעלאָזן אין אים די חסידישע לופט פון בית־מדרש, ווו ער האָט גע־לערנט. („ביי אונדז אין בית־המדרש איז שטענדיק דער זוהר געשטאַנען העכער פון רמב״ם" — „יִדישער קעמפער", 1 דעצעמבער 1942). ווי ער האָט דערציילט אַמאָל אין אַן אינטערוויו, האָט ער ייִנגלווייַז „געדאַוונט היים און אָפט צוגעגעבן צו די תפילות פון סידור זייַנע אייגענע געבעטן אויף פּראָסט ייִדיש: „גאָט, העלף מיר, שלומען פון קוטנע, אַז איך זאָל בייַקומען מייַנע ספקות און נישט אַראָפּ פון גלייַכן וועג" (ש. סיימאָן: „די קינדער־יאָרן פון יִדישע שרייַבער", באַנד 2, ניו־יאָרק, 1945). ווען ער האָט פאַרלאָזט דעם בית־מדרש, איז ער געווען שוין אַ בחור פון אַ יאָר זיבעצן. ער וואָלט

אפשר נישט אויפגעהערט צו לערנען גמרא, איז אים אָבער אַרײַנגעפאַלן אין האַנט אַרײַן עפּעס אַ דײַטשע (מענדעלסאָנס?) איבערזעצונג פון תהילים מיט יידישע אותיות, האָט ער זיך צוגעכאַפּט צום תהילים אויף דײַטש און איז געוואָרן אַ שטיקל משכיל. (ווער פון אונדז האָט אין די יונגע יאָרן נישט דורכגעמאַכט — אין מיניאַטור — די השכלה־עפּאָכע?) וויבאַלד ער האָט שוין געקענט אַביסל דײַטש מיט יידישע אותיות, האָט ער זיך צוגעלערנט דעם דײַטשן אַלפאַבעט און, פאַרשטייט זיך, גענומען לייענען דײַטשע קלאַסיקער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט — און מען האָט אים געכאַפּט לייענענדיק די טריפה־פּסולן. האָט ער שוין נישט געקענט בלײַבן אין דער היים. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אפיקורס. דערצו איז ער סתם געוואָרן אומרויִק און האָט נישט געקענט מער אײַנזיצן אויף איין אָרט. האָט ער זיך פאַרקליבן ערגעץ אין אַ דאָרף, ווו עס האָבן געוווינט זײַנע ווײַטע קרובים. ער האָט געלערנט מיט זייערע קינדער — און זיך צוגעקוקט דערוויַל צום לעבן פון די פּוילישע פּויערים. ער האָט געלערנט מיט אַנדערע — און זיך אַליין געלערנט. דאָס איז, ווי ער אַליין דריקט זיך אויס, געווען „די אָנפאַנגשול פון זײַן לעבן".

די ווײַטערדיקע צוויי יאָר פאַרברענגט ער אין וולאָצלאַוועק, ווו ער נעמט זיך פאַר אַלערליי אומזיכערע באַשעפטיקונגען. איינע פון זיי איז — בריוו שרײַבן, אַ פּרנסה, וואָס גיט „אַ מעגלעכקייט אַרײַנצוקוקן אין די פאַרבאַהאַלטענע ווינקעלעך פון לעבן". דאָס איז, ווי ער זאָגט, געווען זײַן „העכערע שול". אָבער דערמיט אַליין באַנוגנט ער זיך נישט. ער לייענט די ווערק פון טאָלסטאָי, הויפּטמאַן, באַלעסלאַוו פּרוס. ער לייענט העברעיִשע און יידישע ביכער.

אונטער די דאָזיקע און אַנדערע אײַנפלוסן נעמט ער זיך פאַר דער פּען... אין 1899 קומט ער קיין וואַרשע — קומט „אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע און אַ פּוילישן היטעלע", — ווי אברהם רייזען דערציילט אין זײַנע זכרונות — און ווײַזט י. ל. פּרצן זײַנע כתבים. זיי זײַנען געשריבן אויף העברעיִש. פּרץ „גיט אים צו חשק צו שרײַבן — אויף יידיש". ער שרײַבט אָן זײַן ערשטע סקיצע — „משהלע". מיט פּרצס הילף ווערט עס פאַרעפנטלעכט (אין „דער יוד", נומער 48, 1900), און שלום אַש ווערט אַ שרײַבער.

אין „יוד", ווי אויך אין דער „ייד. פאָלקסצײַטונג" און אין העברעיִשן „הדור" און „הצפירה", דרוקן זיך אַשס אַנדערע סקיצן, בילדער און קורצע דערציילונגען. אין 1903 און 1904 ווײַזן זיי זיך צום ערשטן מאָל אין בוכפאָרם (אויף העברעיִש: „סיפורים", פאַרלאַג „תושיה"; אויף יידיש: „אין אַ שלעכטער צײַט", פאַרלאַג „פּראָגרעס", וואַרשע). עס פילט זיך אין זיי, ווי געזאָגט, „דער אומעט", מיט וועלכן עס איז פול געווען אַשס קינדהייט, און אפשר אויך — די ווירקונג פון אברהם רייזען און ה. ד. נאָמבערג, די דאַן

נאָך יונגע דיכטער, מיט וועלכע ער האָט זיך אין וואַרשע באַפריינדעט און וועלכע האָבן געשריבן אין אַ טאָן פון טרויעריקייט.

עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד לעבט אַש אין אָט דעם קרייז פון י. ל. פרץ, ה. ד. נאָמבערג, אברהם רייזען, אינעם קרייז פון דער נײַ־אויפגעקומענער ייִדיש־פוילישער באָהעמע, לעבט זייער אָרעם — „געוווינט אין פינצטערע און נאַסע לעכער און געקומען אין באַרירונג מיט מענטשלעכער נויט" (אַשם אייגענע ווערטער). אַן ענדערונג קומט פאָר, ווען ער באַקענט זיך מיטן העברעישן ליטעראַט מ. ח. שאַפּיראָ און האָט חתונה מיט זײַן טאָכטער מאַטילדע. זײַנע לעבנס־באַדערפענישן וואַקסן, אויך זײַנע ליטעראַרישע השגות. ער פילט און גיט צו פילן אַנדערע, אַז ער גייט, לויט אברהם רייזענס אויסדרוק, „צו גרויסע זיגן און טריומפען". זײַנע דורכפאַלן, וואָס ער האָט לכתחילה דורכגעמאַכט, האָבן אים קיינמאָל נישט געקריבט זײַן מוט. אַ פײַער פלעגט זיך דאַן אין זײַנע ברוינע אויגן אָנצינדן, „אַ פײַער פון מוט און גלויבן אין זיך און אין זײַן צוקונפט" (עפּיזאָדן, 2, ז. 100). ער הייבט אָן אַרויסצוווײַזן די ענערגיע, די אַמביציע, דעם אימפעט און די שטרעבונג צו עקספּאַנסיע, וועלכע זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן גאַנצן לעבן און שאַפן. ער „צעפּלאַמט זיך, לויט פרצס אַ ווערטל פון יענער צײַט, אַלץ העלער און העלער"...

**ש. סיימאָן**

# שלום אַשם קינדער־יאָרן

שלום אַש איז געבוירן געוואָרן אין נאָוועמבער 1880 אין קוטנע, אַ קליין שטעטל אין פּוילן. זיַין מוטער, מלכּה, איז געווען די צווייטע פרוי ביַי זיַין פאָטער, ר׳ משה. די משפּחה איז געווען אַ גרויסע. פינף קינדער פון דער ערשטער פרוי און צען קינדער פון דער צווייטער פרוי. שלום אַש איז דאָס צענטע קינד ביַי זיַין טאַטן, און דאָס פינפטע קינד ביַי זיַין מאַמען.

שלום אַש איז געווען אַ פּעיִק און אַ פרום יִנגל. פריִער האָט ער געלערנט אין חדרים, נאָכדעם אין אַ ישיבה. גאָר יונג איז ער אַוועק פון דער היים און געוואָרן אַ לערער אין אַ דאָרף. פון דאָרף איז ער אַוועק אין שטעטל וולאָצלאַוועק, לעבן דער דיַיטשער גרענעץ און זיך פאַרנומען מיט שריַיבן בריוו פאַר די וואָס האָבן אַליין נישט געקענט שריַיבן. דערנאָך איז ער אַוועק אין דער גרויסער וועלט. גאָר יונג האָט ער אָנגעהויבן שריַיבן. צוערשט אין העברעיִש, דערנאָך אַ שלעכטן דיַיטש און נאָכדעם האָט ער ווידער גענומען שריַיבן העברעיִש.

אונטער דעם איַינפלוס פון י. ל. פּרץ האָט ער אָנגעהויבן שריַיבן יִידיש. זיַינע ביכער זיַינען איבערגעזעצט אויף אַ סך שפּראַכן, און זיַינע דראַמעס זיַינען געשפּילט געוואָרן אין אַ סך לענדער.

שלום אַש איז זייער פיל אַרומגעפאָרן און באַזוכט אַ סך לענדער. ער האָט געוווינט אין פּוילן, רוסלאַנד, פראַנקריַיך און אַמעריקע.

דעם פאָטערס שטאַרקסטער ווּנטש איז געווען, אַז איינער פון זיַינע זין זאָל אויסוואַקסן אַ ווילקענער, אַ לערנער, אפשר גאָר אַ רב. צו די זין פון דעם ערשטן וויַיב האָט זיך דאָס לערנען נישט געקלעפּט. זיַינען אויסגעוואַקסן פרומע יִדן, אָבער קנאַפּע קענער. פון די זין פון דעם צווייטן וויַיב האָט ער אויך קיין נחת נישט געהאַט. די יונגען האָבן ליב געהאַט זיך פאַרען אַרום די פערד, חברן זיך מיט שקצים. איינער פון די יונגען האָט געהאַדעוועט טויבן אויפן בוידעם און אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק האָט ער פאַרפירט אַ געשלעג מיט דעם בעקער פון שטעטל, וואָס האָט אויך געהאָדעוועט טויבן. דער איינציקער וואָס איז פרום און היט אָפּ שטרענג אַלע געבאָטן און האָט נאָך דערצו אַ שטאַרקן ווילן צו לערנען, איז שלום. ער איז אַ יִנגל מיט אַ פיַיערדיק קעפּל, און די מלמדים קענען זיך פון אים נישט אָפּלויבן.

דער טאַטע קוועלט אָן, גאָט האָט אים געהאָלפן. איין קינד וועט זײַן אַ למדן. איין קינד וועט זיצן און לערנען גאָטס תורה.

ער אַליין, משה סוחר, איז אַ פּראָסטער ייִד. ער קען קוים פאַרשטיין אין די שוואַרצע פּינטעלעך. פאָרן פאָרט ער צו אַ פּראָסטן רבין, וואָס מען רופט אים „דער תהילים־ייִד". אַז צו דעם רבין פלעגט קומען אַ ייִד און אויסגיסן זײַן ביטער האַרץ — פּרנסה איז געשלאָגן, דאָס ווײַב איז קראַנק, די קינדער זײַנען אין דער פּרעמד, — פלעגט זיך דער רבי אַוועקשטעלן מיט דעם ייִדן אין אַ ווינקל און אָנהייבן זאָגן תהילים מיט אים. דער רבי אַ פּסוק, און דער ייִד אַ פּסוק. ווען דער ייִד האָט דערהערט מיט וואָס פאַר אַ ברען דער רבי טענהט זיך אוים מיט גאָט, איז זײַן געמיט גרינגער געוואָרן און ער איז אַוועק אַ באַרויִקטער, אַ געטרייסטער. דערפאַר האָט מען דעם רבין גערופן „דער תהילים־ייִד". למדנים און גבירים האָבן פון דעם רבין נישט געהאַלטן, אָבער די פּרויען, בעל־מלאכות, סתם פּראָסטע באַלעבאַטים האָבן זיך נישט צוגע־הערט צו די שיינע ייִדן און זײַנען געפאָרן צו אים מחנותווײַז.

שלומס טאַטע איז אַ געהויבענער באַלעבאָס. די חסידים און די שיינע ייִדן האָבן אים געוואָלט צוציִען צו זיך, אָבער ער האָט זיי נישט ליב געהאַט. ער האָט געזאָגט: — איך נישט. אפשר מײַנע קינדער אַמאָל. מיינען האָט ער געמיינט דאָס ייִנגערע ייִנגל זײַנס — שלומען.

אָבער אויך שלום איז נישט אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט פון לערנען גמרא. ער האָט ליב צו זײַן אין הויף, דערהויפּט ווען מען ברענגט צו טרײַבן שעפּסן. נאָך מער ווי שעפּסן, האָט דאָס ייִנגל ליב געהאַט וואַסער און עפּל און פעלד און וואַלד. גאַנץ אָפט האָט ער פאַרפעלט אַ טאָג צו גיין אין חדר; אַוועק אין פעלד, געלעגן אין די הויכע גראָזן און זיך צוגעקוקט צום בלויען הימל, צו די לויפנדיקע וואָלקנס און צו די פליִענדיקע פייגל. אַמאָל פלעגט ער זיך אַראָפּכאַפּן באָדן אין טײַך אָדער אַרײַנגנבענען זיך אין אַ סאָד און רײַסן עפּל.

עס איז נישט געווען ווער עס זאָל אַכטונג געבן אויף אים. דער טאַטע איז אַלעמאָל געווען אונטערוועגנס, אַרומגעפאָרן איבער די דערפער אײַנ־צוקויפן שאָף און רינדער. ער פלעגט נאָר קומען אַהיים אויף שבת. די מאַמע איז געווען שטענדיק פאַרנומען מיט דער גרויסער שטוב און מיט די קינדער.

די אײנציקע וואָס האָבן אויף אים געהאַלטן אַן אויג זײַנען געווען די ברידער. ווען זיי האָבן אים געזען אין הויף אַרום די שעפּסן, אָדער אַרום די הינט, האָבן זיי געהויבן הענט — געגעבן פּעטש. זיי האָבן זיך געקאָכט: דו אויך? מילא מיר — פאַרפאַלן. אָבער דו ביסט דאָך דער לערנער. דיך וויל דאָך דער טאַטע מאַכן פאַר אַ רב, און דו שפּילסט זיך גאָר מיט שעפּסן, מיט הינט. אין חדר אַרײַן, צו דער גמרא גיי!

אָבער שלום איז געווען אַ פלינק ייִנגל און האָט זיך גאַנץ גרינג אַרויס־געדרייט פון זיי.

דער טאַטע האָט זיך געשפּיגלט אין שלומען. ער האָט אים אַפילו גע־קליידט אַנדערש פון אַלע זײַנע יינגלעך. שלום האָט געמוזט טראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, פּאות און אַ קליין פּויליש ייִדיש היטעלע.

שלום איז געווען פרום, אָבער אַ טאָג אין חדר האָט ער גאַנץ אָפט פאַר־פעלט. טרעפט איינמאָל, אַז ער גנבעט זיך אַרויס פון חדר און גייט אַוועק צום טײַך זיך באָדן. נאָכן באָדן זיך איז ער אַוועק אין פעלד און זיך אַוועק־געלייגט מיטן פּנים אַרויף, צווישן די הויכע גראָזן. ער איז געלעגן און גע־קוקט אויפן הימל, מיטאַמאָל איז אָנגעלאָפן אַ גאַנצע כאַפּטע שקצים און אָפּ־געשטעלט זיך לעבן שלומען. שלום האָט זיך נישט דערשראָקן. ער איז גע־ווינט געווען צו נישט־ייִדישע יינגלעך אין טאַטנס הויף. אָבער פּלוצלינג טוט איינער פון דער כאַפּטע אַ זאָג:

— טוט נאָר אַ קוק אויף דעם קליינעם ייִדעלע. זעט נאָר ווי ער איז אָנ־געטאָן. זאָג נאָר מיר, ייִדליק: פאַרוואָס האָסטו געהרגעט יעזוסן?

קוקט אים אָן שלום מיט זײַנע גרויסע ברוינע אויגן און שווײַגט. ער פאַרשטייט נישט אַפילו וואָס מען רעדט צו אים. ווער איז דאָס יעזוס?

טוט אים דער שייגעץ אַ שטורכע:

— ענטפער דו, ייִדל, אַז מען רעדט צו דיר!

שווײַגט שלום.

טוט אים דער שייגעץ אַ פּלאַם גלײַך אין פּנים און טוט אַ געשריי:

— ענטפער!

צעוויינט זיך שלום:

— איך האָב קיינעם נישט געהרגעט.

— אַזוי, וועסט נאָך דערצו ליגן זאָגן, — צעקאָכט זיך דער שייגעץ, — זאָג דעם אמת, האָסטו געהרגעט יעזוסן, אונדזער גאָט?

— ניין! — שרײַט שלום.

— שלאָגט, — זאָגט דער שייגעץ.

חברה האָט געשלאָגן ביז שלום האָט געמוזט צוגעבן, אַז ער האָט גע־הרגעט יעזוסן. זיי האָבן אים אָפּגעלאָזן. דאָס ייִנגל איז אַוועקגעלאָפן אַהיים אַ צעקײַלטער, אַ צעבײַלטער און אַ וויינענדיקער, מער פון פאַרדרוס ווי פון ווייטיק. פאַרוואָס האָבן זיי אים געשלאָגן? ווער איז דאָס יעזוס? און פאַר־וואָס האָט גאָט באַשאַפן ייִדן און גוייִם?

שלום איז עלטער געוואָרן. ער ווייס שוין, אַז נישט אַלע קריסטן זײַנען אָרעם און דינען בײַ ייִדן. פאַרקערט, ער ווייס אַז די גוייִם באַהערשן די וועלט און אַז ייִדן זײַנען אין גלות, ייִדן ווערן געפּלאָגט: ייִדן מוזן זיך האַלטן נידעריקער פון גראָז און שטילער פון שעפּסן. דאָס וואָס די שקצים האָבן אים געשלאָגן אין פעלד איז נישט קיין צופאַל. אַלעמאָל און אומעטום לײַדן די ייִדן. נישט נאָר ייִדישע ייִנגלעך האָבן מורא פאַר גוייִם, נאָר אויך דערוואַק־

סענע ייִדן. ווען עס קומט דער „גרינער דאָנערשטיק" (אַ קריסטלעכער יום־טוב) פאַלט אַן אויף אַלע ייִדן אַ שרעק. די גויִים לאָזן זיך איבער די גאַסן מיט פּאַראַד, מיט קירכלעכע פֿאָנען און געזאַנג. די ייִדן פֿאַרהאַקן טיר און טויער און פֿאַרהענגען די פֿענצטער. זיי האָבן מורא אַפילו אַרויסצוקוקן אויף דער גאַס.

שלום ווייס אַז די קריסטן זײַנען די באַלעבאַטים פֿון דער וועלט. ער איז זיי אָבער נישט מקנא. ער איז זיכער, אַז צוליב דעם וואָס עס איז זיי גוט אויף דער וועלט, פֿאַרלירן זיי יענע וועלט. אויף זיי וואַרטן די שרעקלעכע לײַדן פֿון גיהנום. ער זיצט אַ פֿאַרשפּאַרטער אין שטוב אין דעם „גרינעם דאָ־נערשטיק". פֿון דרויסן הערט זיך אַ קירכלעך געזאַנג און אַ טופּען פֿון הונ־דערטער פֿיס. דאָס ייִנגל שעפּטשעט שטיל: פֿאַרוואָס האָסטו זיי, גאָט, אומ־גליקלעך געמאַכט און זיי באַשאַפֿן נישט קיין ייִדן? וואָס איז זייער שולד וואָס זיי זײַנען אַזוי געבוירן געוואָרן? איך אַליין האָב דאָך, חלילה, געקענט ווערן נישט קיין ייִד. גאָט, גאָט, האָב רחמנות אויף זיי.

## שלום הייבט אָן שרייבן לידער און דראַמעס

דאָס לערנען גמרא איז אים אַלץ מער מיאוס געוואָרן. אַן אומרויִקייט איז באַפֿאַלן דאָס ייִנגל. ער האָט דערפֿילט אַז עס איז דאָ אַ גרויסע וועלט פֿול מיט שטעט און מענטשן. ער האָט געוואָלט זיך באַקענען מיט דער וועלט. אָבער ווי אַזוי? קיין אַנדערע ביכער אַחוץ די אַלטע רעליגיעזע ספֿרים האָט ער נישט געקענט לייענען. די דיקע גמרות און די אַלטע פֿאַרגעלטע ספֿרים דערציילן זאַכן פֿון אַלטע צײַטן. דאָס וואָס ער האָט געוואָלט וויסן פֿון דער איצטיקער וועלט האָט ער נישט געקענט אויסגעפֿינען.

ער איז נאָך אַלץ געווען פֿרום, אָבער מאָדנע געדאַנקען האָבן זיך אים געפּלאָנטערט אין קאָפּ. ער האָט געדאַוונט הייס און לאַנג צוגעגעבן צו די תּפֿילות פֿון סידור זײַנע אייגענע געבעטן אויף פּראָסט ייִדיש: גאָט, העלף מיר, שלומען פֿון קוטנע, אַז איך זאָל בײַקומען מײַנע ספֿקות און איך זאָל נישט אַראָפּ פֿון גלײַכן וועג.

אין יענער צײַט האָט ער אָנגעהויבן שרײַבן לידער. ער האָט זיי גע־שריבן אין שלעכטן העברעיִש מיט אַ געמיש פֿון אַראַמעיִשע ווערטער (די שפּראַך פֿון תּלמוד). ער האָט אין זײַנע לידער נאָכגעמאַכט די געזאַנגען פֿון תּהילים. קיין פּאַפּיר האָט ער נישט געהאַט. ווו צו שרײַבן אויך נישט. אַ ייִדיש ייִנגל וועט זיך דאָך נישט זעצן אין שטוב גלאַט אַזוי שרײַבן. מען וועט דאָך אים האַלטן פֿאַר אַ צעדרייטן. האָט דערפֿאַר שלום געשריבן אויף די ליידיקע בלעטער וואָס קומען פֿאַר די שערבלעטלעך פֿון די גמרות. ער האָט די לידער געשריבן אין בית־מדרש, ווען קיינער איז דערבײַ נישט געווען.



דורך אַ צופאַל האָט שלום באַזוכט דרײַ טעג אַן אַלגעמײנע שול. אין די דרײַ טעג האָט ער זיך אויסגעלערנט דעם דײַטשן אַלף־בית און אויך דעם פּוילישן. דאָס איז פאַר אים געווען גענוג זיך אויסצולערנען דײַטש. ס׳איז אַזוי געשען: צווישן די געציילטע ביכער, וואָס זײַנען געשטאַנען אין דעם גלעזערנעם ספרים־שענקל בײַ זיי אין שטוב, האָט זיך געפונען אַ תהילים איבערגעזעצט אין דײַטש פון משה מענדעלסאָן. דער דײַטשער טעקסט איז געווען געדרוקט מיט יִדישע אותיות. שלום האָט זיך צוגעכאַפּט צו דער איבערזעצונג ווי צו אַן אוצר. דעם אינהאַלט פון תהילים האָט ער גוט גע־קענט אין העברעיִש, איז פאַר אים געווען גרינג אויפצוכאַפּן די דײַטשע אי־בערזעצונג. ער האָט אָנגעהויבן אויסחזרן דעם דײַטשן טעקסט אויף אויסנ־ווייניק. אַזוי האָט ער זיך אויסגעלערנט אַביסל דײַטש.

אין יענער צײַט האָט ער זיך באַפרײַנדעט מיט אַ רײַך יִנגל מיטן נאָ־מען אברהמל. זײַן פאָטער איז געווען אַ הײַנטוועלטיקער. ער האָט געקענט דײַטש און פאַרמאָגט דײַטשישע ביכער. שלום האָט אָנגעהויבן נעמען בײַ זײַן חברס טאַטן דײַטשישע ביכער צום לייענען.

שלום האָט זיך צוגעכאַפּט צו די פרעמדע ביכער ווי אַ הונגעריקער צו פרישע בייגל. ער האָט געלייענט לעסינג, היינע, שילער און געטע. איבער־הויפּט זײַנען אים געפעלן געוואָרן צוויי דראַמעס: שילערס „די רויבער" און געטעס „פאַוסט". די ביכער האָבן אין אים דערוועקט דעם אמתן דראַנג צו שרײַבן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז קיין גראַמען קען ער נישט שרײַבן, אָבער דראַמעס, אַזעלכע ווי „די רויבער" און „פאַוסט" קען ער זיכער שרײַבן.

## שלום ווערט געכאַפּט

אָבער די עלטערע ברידער, וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף דעם לער־נער, האָבן דערשפּירט אַז עפּעס איז נישט גלאַט מיט אים. זיי האָבן אים אָפּ־געהיט און אויסגעפונען, אַז שלום, וועמען דער טאַטע וויל מאַכן פאַר אַ רב, באַהאַלט גאָר טריפה, גוייִשע ביכלעך אונטער דער גמרא. ער פאַלשעוועט אין לערנען. ער שאָקלט זיך כלומרשט איבער דער גמרא און לייענט גאָר נישט געשטויגענע און נישט געפלויגענע מעשיות אין דײַטש. ער איז אַראָפּ פון גלײַכן וועג. זיי האָבן אָנגעהויבן פאָרשן, זוכן, אָנגעהויבן טרייסלען די קעשענעס.. ווייי און ווינד! נישט נאָר געדרוקטע ביכלעך אין דײַטש האָבן זיי געפונען, נאָר אויך אייגענע פאַרפאַסונגען אין דײַטש. זיי האָבן דעם יונג געגעבן פעטש, אַז פונקען זײַנען געפלויגן. נאָך די קלעפּ האָבן זיי פאַרברענט די דײַטשישע ביכער אינאיינעם מיט די פאַרשריבענע העפטן. נאָכן פאַר־ברענען האָבן זיי ווײַטער געשלאָגן.

ס׳איז שלומען געוואָרן שלעכט און ביטער. זײַן חברס פאָטער האָט צו־

ליב דעם שאָדן וואָס ער האָט געהאַט אים מער נישט אַנטליען קיין ביכער. אָן ביכער האָט שלום געפילט אַז זײַן לעבן איז קיין לעבן נישט. ער מוז אָדער באַגיין זעלבסטמאָרד אָדער פאַרלאָזן דעם טאַטנס שטוב. „זעלבסטמאָרד באַגיין, נעמען זיך דאָס לעבן", דערציילט שלום אַש, „האָט ער נישט געהאַט קיין חשק", האָט ער פאַרלאָזן דאָס הויז און אָנגענומען אַ שטעלע פון אַ לערער אין אַ דערבײַיִקן דאָרף, בײַ אַ לײַבלעכן קרוב.

## אין דאָרף

אין דאָרף האָט זיך שלומען געלעבט גוט. די אַרבעט איז אים נישט געפאַלן שווער. צײַט פאַר זיך האָט ער געהאַט גענוג. אין די פרײַע שעהן האָט ער שפּאַצירט אין וואַלד און אין פעלד. צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן האָט ער זיך באַקענט מיט דער שיינקייט פון דער נאַטור. זומער איז געווען שיין אין דאָרף. נאָך שענער איז געווען ווינטער. ער האָט ליב געהאַט צו שפּאַצירן איבער די שניי-באַדעקטע פעלדער און אין ווײַסע וועלדער. נאָכן שפּאַצירן פלעגט ער אָפט פאַרגיין צו אַ פויער. ער האָט זיך נאָענט באַקענט מיט דעם פויערישן לעבן. עס איז געווען אַ גליקלעך יאָר. ער איז געווען נאָענט צום בוים און זאַנג, וואַלד און פעלד און קיינער האָט אים נישט געשטערט.

עס האָבן אָבער אים אויסגעפעלט ביכער. קויפן האָט ער נישט געקענט, ווײַל ער האָט באַשלאָסן קלײַבן געלט כדי ער זאָל האָבן מיט וואָס אַוועקצופאָרן אין אַ גרעסערער שטאָט. אָבער מער ווי צוויי חדשים האָט ער זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן. ער האָט אָנגעהויבן אויסשרײַבן ביכער. קיין סך ביכער האָט ער פון זײַן אָרעמען געהאַלט נישט געקענט זיך אײַנשאַפן. אָבער ער איז שפּעטער אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער אַרומיקער נאַטור און פון נײַעם לעבן פון די פויערים, וואָס האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט, אַז די ביכער האָבן אים נישט אַזוי שטאַרק געפעלט.

## שלום ווערט אַ בריווּשרײַבער

נאָך אַ יאָר אָפּזײַן אין דאָרף האָט שלום נישט געוואָלט אומקערן זיך צוריק אַהיים צום טאַטן. אין יענער צײַט איז דער טאַטע געווען שטאַרק פאַראָרעמט. ער איז פאַראָרעמט געוואָרן צוליב זײַן ערלעכקייט. ער האָט קיינמאָל נישט געפירט קיין ריכטיקע געשעפט-ביכער, געגלייבט יעדן אייגעם אויפן וואָרט. ער האָט זיך געהיט נישט פאַרנעמען יענעמס אַ גראָשן. איינמאָל ווען ער האָט געפירט אַ שיף מיט אָקסן קיין דײַטשלאַנד האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה צווישן די רינדער. ער האָט פאַרלוירן זײַן גאַנץ פאַרמעגן.

אָבער זײַנע חובות האָט ער געצאָלט. האָט ער פאַרקויפט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט, אַפילו די זילבערנע לײַכטער, און אויסגעצאָלט יעדן איינעם וואָס האָט געמאָנט.

די שטוב האָט פאַרלוירן איר אַמאָליקן גלאַנץ. די פרײַטיק-צו-נאַכטן און מלווה-מלכּות האָט אָבער דער טאַטע אָנגעהאַלטן.

שלומען האָט געצויגן אין דער ווײַטער וועלט. און ער איז אַוועק אין דער שטאָט וולאָצלאַוועק, האַרט בײַ דער דײַטשישער גרענעץ. דאָרטן האָט ער געקענט קריגן וויפל ביכער זײַן האַרץ האָט געגלוסט, אָבער קיין פּרנסה האָט ער נישט געהאַט. צום אָרעמען טאַטן האָט ער נישט געוואָלט שרײַבן, האָט ער טאַקע אונטערגעהונגערט.

אַ שטעלע אַלס לערער, אָדער קריגן „שטונדן" האָט ער נישט געקענט באַקומען. אין אָט דער פּראָווינץ-שטאָט זײַנען געווען מער דערפאַרענע לע־רער ווי ער. באַלד אָבער האָט ער זיך אָפּגעזוכט אַ נײַע פּרנסה — בריוו שרײַבן. דורך אַ צופאַל איז צו אים געקומען אַ לעדער-אַרבעטער און אים געבעטן אַז ער, שלום אַש, זאָל אָנשרײַבן פון זײַנעטוועגן אַ בריוו צו זײַן כּלה. אַש האָט אים נאָר געפרעגט דעם נאָמען פון דער כּלה, דאָס איבעריקע האָט ער שוין אַליין באַזאָרגט. עס איז אַרויסגעקומען אַ שיינער בריוו, וואָס האָט געווירקט אויף דער כּלה. דער לעדער-אַרבעטער האָט צעטראָגן די נײַעס איבערן שטאָט און עס האָבן אָנגעהויבן קומען צו שלום אַשן אַלע פאַרבענק־טע און פאַרליבטע יינגלעך, אַלע פאַרזאָרגטע מיידלעך. באַלד האָבן אויך אָנגעהויבן קומען צו אים טאַטעס און מאַמעס, וואָס האָבן געהאַט זייערע קינדער אין אַמעריקע און נישט דערהאַלטן קיין אָפּטע בריוו. שלום אַשס בריוו האָבן דערוועקט דעם אמתן געפיל פון רחמנות בײַ די קינדער.

שלום אַש האָט גוט פאַרדינט. דערצו האָט ער זיך נאָענט באַקענט מיט אַלערליי מענטשן. שרײַבט אַש: „דאָס יאָר אויפן דאָרף, ווו איך האָב זיך באַקענט מיט דער נאַטור, איז געווען מײַן עלעמענטאַר שול, אָבער די צײַט וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין וולאָצלאַוועק אין בריוו-שרײַבערײַ איז געווען, ווי גאָרקי דריקט זיך אויס, „מײַן אוניווערזיטעט".

געלערנט האָט ער ווייניק, געלייענט האָט ער אַ סך. ער האָט געלייענט וואָס עס איז אים געקומען אונטער דער האַנט. ער האָט אויך אַ סך געשריבן. איצט אָבער האָט ער שוין געשריבן אין העברעיִש. ער האָט גאָרנישט גע־וווּסט, אַז עס איז פאַראַן אַ יידישע ליטעראַטור אויף דער וועלט. אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז ער געקומען קיין וואַרשע און געוויזן י. ל. פּרצן אַ פּאָר דער־ציילונגען אין העברעיִש. פּרץ האָט אים געהייסן עפּעס וואָס אָנשרײַבן אויף יידיש.

אַש האָט זיך דורך פּרצן באַקענט מיט ה. ד. נאָמבערגן און אברהם רייזענען, וואָס זײַנען געווען מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון אַשן. רייזען האָט

גלײַך דערקענט אַז דאָס פּראָווינציעלע בחורל פאַרמאָגט אַ גרויסן טאַלאַנט, אויפגעמונטערט פון די חברים איז אַש אַוועק צוריק קיין וולאָצלאַוועק און אָנגעשריבן זײַן ערשטע זאַך אין יידיש, די דערציילונג „משהלע".

ווי אַזוי שלום איז געוואָרן דער גרויסער שלום אַש איז גאָר אַ באַזונדערע מעשה.

ש. ביקל

## שלום אַשס סטיל

איך האָב אַ סך מאָל געהערט זאָגן, אַז אַש האָט נישט קיין סטיל. דער פאַרניינער פון אַשס סטיל איז מיר אויסגעקומען ווי יענער טוריסט, וואָס האָט פאַרמשפּט דעם באַרג, ווייל עס זײַנען אים נישט וווילגעפעלן די שטעכלינקעס וואָס וואַקסן אויף אים.

און שטעכלינקעס-ווערטער און זאַצן, וואָס בריִען מיט זייער קרומען סינטאַקס ווי מיט קראָפּעווע, זײַנען פאַראַן לרוב בײַ אַשן. אָבער זיי קענען נישט מינערן דאָס, וואָס הייסט סטיל בײַ אַ שרײַבער, פּונקט ווי די פאַרוואָרלאָזטקייט פונעם באַרג קען בײַ אונדז גאָרנישט צונעמען, נישט פון זײַן גרויס און נישט פון די האָריזאָנטן, וואָס עפענען זיך פאַר אונדז.

עס איז שטענדיק דאָ אין אַשס סטיל עפּעס אַזוינס, וואָס דינאַמיזירט און צעטרייסלט דאָס געפיל בײַם לייענער. דער „עפּעס" בלײַבט אָפט שורות-ווײַז, זײַטנווײַז פאַרבאָרגן ביז פלוצים גיט זיך אַ ריס אויף אַ שפּראַכווענדונג, אַ מעטאַפאָר, אַ בילד, אַ רעפלעקסיע, און דער „עפּעס" גיט אַ בליץ אויף מיט ליכט און דערעיקרשט מיט עמאָציאָנירנדיקן פּאַטאָס.

דאָס געזאַנג צו דער „מאַמעס טעפּ" וועל איך עפּעס לענגער ציטירן וואָרום איך וויל עס זאָל מיר העלפן עדות זאָגן אויף אַשס אין דער יידישער ליטעראַטור, דאַכט זיך, נישט איבערגעטראָפענער מײַסטערשאַפט צו פּאָעטיזירן די מאַטעריע.

דער „מזמור-לטעפּ" —

„עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פאַרמאָגן שוין גאָרנישט אויף זייער באָדן און אין זייערע ראַנדן — האָט דאָך די מאַמע געקענט אַרויסקריגן פון זיי אַן אָוונט-עסן. די מאַמע האָט געקענט „מעלקן" אירע טעפּ, אַזוי ווי מען מעלקט, להבדיל, אײַטערס פון אַ קו. קיינמאָל האָבן איר די טעפּ נישט אָפּגעזאָגט. זי האָט זיי געגעבן וואַסער — און די טעפּ האָבן איר צוריקגעגעבן זופּ, נעכטיקן באָרשטש; געזאָטן וואַסער — און זיי האָבן איר צוריקגעגעבן מאכלים מעדני מלכים. איין סגולה האָט די מאַמע געהאַט צו די טעפּ —

**אַ קרעכץ. אַזוי ווי די טעפּ האָבן נאָר געהערט די מאַמע קרעכצן, איז עס געוועזן ווי די מאַמע וואָלט איבער זיי אַ געהיימען שפּרוך געזאָגט, מיט וועלכן זי האָט באַשוואָרן די טעפּ אַרויסצוגעבן פון זיך דאָס ביסל בידנע חיונה, וואָס זי האָט געדאַרפט מפרנס צו זײַן אירע נפשות.״**

די באַשרײַבונג איז דאָ געמאַכט ווי אין מענדעלעס נוסח, אַשם סטיל איז בלויז אין געזאַנג, וואָס שוועבט איבער די פּרעמדע ווערטער. עס קומט אויס גלײַך אַש זאָל האָבן געשריבן מוזיק צו מענדעלעס אַ טעקסט און גע־וויזן דערמיט דעם חילוק צווישן באַשרײַבערישן נוסח, וואָס דאַרף זײַן אַלע־מענס און אַשם מזמור אין פּראָזע, וואָס קען נאָר זײַן אַשם אייגענער סטיל. אויב עס איז טאַקע געדעכט בעל־מחשבות דערמיט, וואָס ער פּאַררעכנט אַשן פאַר מענדעלעס אַ ליטעראַריש איניקל, דאַן באַשטייט די קרובהשאַפט צווישן זיי דערעיקרשט אין דעם וואָס אַש האָט דעם זיידנס קולטור־היסטאָ־רישע באַשרײַבונגען פאַרטאַנט, זיי פאַרוואַנדלט אין ברויזנדיקע „אז ישיר״־אָדעם.

ש. ניגער

## אַשם פּאָעמע „דאָס שטעטל“

אַשם פּאָעמע „דאָס שטעטל״ איז געבליבן און וועט בלײַבן אין דעם אוצר, אין דעם אייביקן אוצר פון דער ייִדישער ליטעראַטור... נישט קיין גאַנץ ווערק פונעם שטאַנדפּונקט פון דרויסנדיקער אַרכיטעקטאָניק, — בלויז אַ בינטל סקיצן, בילדלעך, עפּיזאָדן, פּאָעטישע שטימונגען, — איז עס אי־נעווייניק גאַנץ און איינהײַטלעך, עדות זאָגנדיק אויף דער גאַנצקייט און איינהײַטלעכקייט פונעם געמיט־צושטאַנד, אין וועלכן עס איז געשריבן גע־וואָרן.

דאָס איז געוועזן דער געמיט־צושטאַנד פון אַ יונגן דיכטער, וואָס איז געוועזן נאָך מער מאָלער, ווי אַרכיטעקט און מער ליריקער, ווי דראַמאַטיקער, כאָטש ער האָט דאַן שוין געמאַכט זײַנע ערשטע דראַמאַטישע פּרוּוון. דאָס איז געוועזן ליריזם פון יוגנטלעכקייט, די פּאָעזיע נישט פון שיינקייט, נאָר פון חן. מער צערטלעך, ווי לײַדנשאַפטלעך, ווי אַ קוש פון אַ שוועסטער. ווי אַ לינד ווינטל אין אַ זומער־פאַרנאַכט: ס׳קילט און גלעט און באַרויִקט...

און ס׳איז אַלץ איינס, צי עס שײַנט די זון איבערן שטעטל אָדער דער הימל איז פאַרוואָלקנט; צי עס איז שטיל אין שטעטל, אַ מחיה, באַלעבאַטים זיצן אויף גאַנקעס בײַ דעם ווייכן שײַן פון דער לבנה, אָדער עס ווערט אין מיטן נאַכט אַ טומל, אַ הו־האַ, גוואַלד־געשרייען, ס׳ברענט, ס׳גייט אַוועק

מיטן רויך דאָס ביסל האָב־און־גוטס, ווײַבער ברעכן מיט די הענט, קינדער וויינען, — אַלץ איינס איז דאָס שטעטל באַשײַנט און באַחנט. איז עס דער־פֿאַר, וואָס אַשם מאָדעל איז געווען נישט דאָס אָרעמע האַלב־פֿאַרהונגערטע ליטווישע אָדער ווײַסרוסישע שטעטל, נישט אברהם רייזענס שטעטל, ווו „בײַ איטלעכער טיר נאָר אַ בערגעלע מיסט", דאָס שטעטל, ווו אַלץ איז פֿאַר־יאָמערט, פֿאַרקלאָגט, מען זעט נישט קיין פֿרײַע מינע? איז עס דערפֿאַר, וואָס קוטנע, דאָס שטעטל, ווו אַש איז געבוירן געוואָרן, געפֿינט זיך „צווישן גרויס־פּוילן און מאַזאָוויעץ"? אַש אַליין דערציילט וועגן יענער געגנט, אַז „דער ייִד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דער דאָרטיקער ערד, האָט אין זיך מער פֿעלד־געשמאַק און עפּל־געשמאַק, ווי בית־המדרש און מקווה... דאָס לאַנד איז רײַך אין פֿאַשע, האָדעוועט דאָרט דער פּויער דאָס פֿי, דעם אָקס מיטן שעפּס"...

**ש ל ו ם  אַ ש**

## דאָס קוילער־געסל

צווישן גרויס־פּוילן און מאַזאָוויעץ ציט זיך אַ דרײַעקעדיק־שטיק לאַנד. פֿון איין זײַט גרענעצט עס זיך מיט די זאַמדיקע ווײַסל־בערג, וואָס ציִען זיך האָרט בײַ דער זילבערנער ווײַסל־סטענגע אַרום פּלאָצק און וולאָצלאַוועק; צו דער צווייטער זײַט, בײַ ליענטשיץ צו, האָט עס אין שכנות די פּראָווינץ קאַיאָווע, וואָס איז פֿול מיט מוראַדיקע סודות, און לינקס פֿון דאָרט האָט עס דאָס רײַכע אין פֿאַרבן און טענער „קשענסטוואָ" לאָוויטש. דאָס שטיק לאַנד אין וועלכן עס גייען אַרײַן די שטעט: קוטנאָ, זשאַכלין, גאַסטינען, גאָמבין און נאָך איניקע קליינע שטעטלעך, איז פּראָסט און אייגנאַרטיק, ווי דער פּויער, וואָס וווינט אין אים, אָרעם אין וואַסער, אָרעם אין וועלדער, ציט זיך דאָרט אויס דער האָריזאָנט גאַנץ ברייט און ווײַט, דאָס אויג האָט אויף גאָר־נישט באַזונדערס אָפּצושטעלן זיך: לאַנגע, אייגנאַרטיקע פֿעלדער, באַוואַקסן מערסטנטייל מיטן אָרעמען ברויט,בלאָנדזשען זיך אויף מײַלן אַוועק. טייל־מאָל שנײַדט דורך די אומענדלעכע, גלײַכע באַזייטע פֿעלדער אַ ווײַסע סטעג־גע פֿון אַ פֿור־וועג, באַזעצט שיטער מיט וויינענדיקע ווערבעס, וואָס פֿירט פֿון איין שטעטל אין דאָס צווייטע אַרײַן. נישט דאָס לאַנד האָט אין זיך די סודות פֿון איר שכנה קאַיאָווע, וואָס מען דערציילט פֿון איר פֿאַרשיידענע לעגענדן, אַז טויטע נשמות שפּאַצירן איבער אירע שוואַרצע וועגלעך, וועל־כע בלאָנדזשען זיך אין די פֿעלדער אַרום, און זיי פֿאַרנאַרן מענטשן אין זומפּן אַרײַן; נישט עס האָט אין זיך די רײַכקייט פֿון פֿאַרבן און טענער פֿון איר שכנה, דער „פּרינצעסין פֿון לאָוויטש", וועלכע האָט אויף איר ערד אַרויס־

געגעבן דעם גרעסטן פּוילישן מוזיקער און באַשעפער פון דער פּוילישער פאָלקס־מאַזורקע — שאָפּענען. נאָר פּראָסט און אייגנאַרטיק איז דאָס פעלד, און פּשוט איז דער פּויער, וואָס אַרבעט אויף דעם פעלד, ווי דער קאַרטאָפל, וועלכן עס גיט פון זיך אַרויס.

דער ייִד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף דער דאָרטיקער ערד, האָט אין זיך מער פעלד־געשמאַק, ווי בית־המדרש און מקווה... דאָס לאַנד איז רייַך אין פּאַשע, האָדעוועט דאָרט דער פּויער דאָס פי, דעם אָקס מיטן שעפּס. ייִדן קויפן עס אויף און פירן דאָס פי קיין לאָדזש, אָדער איבער דער גרענעץ, וואָס איז פון דאָרט נישט ווייַט. עס געפינען זיך דאָרט צווישן די ייִדן די באַרימטע פישער פון די לאָנסקער סטאַוון, וואָס באַזאָרגן מיט פיש לאָדזש און די אַרו־מיקע געגנט. אין קאַלישער און אין פּלאָצקער גובערניע, ווו עס גייט נאָך קיין באַן נישט, געפינען זיך די גרויסע פּורמאַנעס, וועלכע שטעלן צו די ליט־וואַקעס צו דער גרענעץ. דער פּויער האָדעוועט דאָס פערד און שאַנעוועט עס, געפינען זיך דאָרט די גרויסע ייִדישע פערד־הענדלער, וואָס שטעלן צו סחורה פאַרן „דייַטש“, וועלכער קומט אַראָפּ פון טאָרן און בערלין. די אָרעמע ייִדן דינגען ביים פּויער איבערן זומער דעם פּרוכטגאָרטן אָפּ. ווינטער וואַשן זיי פאַר אים די פעלכלעך אין שטאָט־סטאַוו, און פירן עס אויף די ירידן קיין לאָוויטש, אָדער קיין גאָמבין. דער ייִד איז די גאַנצע וואָך אין דאָרף, וווינט מיטן פּויער און לעבט מיט אים צוזאַמען. אויף שבת קומט ער אין שטאָט אַריין, צו דער חברה „דריי פּייען“ (פישער, פליישער, פורמאַנעס) דאַווענען. שבת נאָכן עסן גייט מען אויפן פעלד ווו מען פיטערט די פערד און ווו יונ־גען שפּילן „פּאַלענט און באַלעם“. און פאַרנאַכט זעצט מען זיך אויף די בענק פאַר די הייַזער און מען דערציילט זיך ווייַטער מעשיות.

---

אין איינעם פון די אויבנדערמאָנטע שטעטלעך איז געווען אַ געסל, וועל־כעס מען האָט גערופן דאָס „קוילער־געסל“. קויל איז אַ שטעטל דערנעבן, און דאָס געסל ליגט אויפן טראַקט, וואָס קומט אָן פון זשאַכלין און פירט דורך קראַשנעוויץ קיין קויל. די חברה „דריי פּייען“ האָבן זיך געפונען אין קוילער־געסל. דאָס קוילער־געסל איז נישט געווען אין גלות. דאָרט האָט מען ייִדן נישט געשלאָגן; האָט זיך עפּעס געמאַכט אַ נאָך־סוכות, ווען רעקרוטן זייַנען דורכגעגאַנגען דורכן שטעטל און האָבן אָנגעהויבן אָנצוגעבן, האָבן זיך געפונען חברה־לייַט, — די דישלען האָט מען פון די וועגענער אַרויסגע־נומען, פּרענטן אייַזן האָט מען פון די לאָדנס אָפּגעריסן, ביימער וואָס וואַקסן פאַר די טירן, האָט מען פון דער ערד אַרויסגעריסן, און מיט דעם אין גאַס אַריין, ווייַזן: „ווער איך בין!“

דאָס בית־המדרש־געסל, ווו דער רב וווינט מיט די שוחטים און אַלע

מלמדים, און ווו עס איז די מקווה מיטן שעכטהויז פאַר עופות, האָט זיך זייער געשעמט מיטן קוילער־געסל: „גראָבע מענטשן, קצבים, פישער־יונ־גען!" און כאָטש דאָס בית־המדרש־געסל האָט אינגאַנצן נאָר געלעבט פון דעם „כבוד־יום־טוב"־געלט, וואָס דאָס קוילער־געסל פלעגט דאָרט אַהין אַרײַנ־שיקן, און כאָטש, וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכן אין שול־געסל, דער שעפער רייצט דעם הונט אָן, אָדער אַ שיכורער גוי שלאָגט, פלעגן ייִדן, גרויס ווי קליין קומען צו לויפן אין קוילער־געסל אַרײַן: „גוואַלד, אַ גוי שלאָגט!" — דאָך אין האַרצן האָבן זיי עס אינגאַנצן מבטל געווען: גאָרנישט מעשה ייִד, האָבן זיי זיך געזאָגט, און אַז משיח וועט קומען, וועלן זיי דאָך מוזן אָנקומען צו אונדז... די „פײַנע מענטשן" פון דער ברייטער גאַס אַ ר' ברכיה ליכוויאַרש, למשל, האָט גאָרנישט „געהאַלטן" פון זיי: „ווילדע ברואים, זאָגן אַלעמען „דו", נאָר מען דאַרף אַמאָל די שקצים מחמת שלום וועגן, ווען די רעקרוטן גייען דורך, אַז זיי זאָלן נישט די שויבן אויסהאַקן".

אין קוילער־געסל איז געשטאַנען געבויט אַ הויז: פון האָלץ, פון איין שטאָק, מיט לאַנגע בענק פאַר דער טיר, וואָס מען האָט גערופן „אויף דער באַנק", וואָרום דאָרט זײַנען חברה זיך צוזאַמענגעקומען, און פאַר דער טיר זיך געזעצט. אין דעם הויז האָט געוווינט ר' ישראל זשאָכלינער.

ר' ישראל איז געווען דער עלטסטער און מכובדסטער פון אַלע אײַנוווי־נער אין קוילער־געסל. ער איז געווען אַ ייִד אַ זקן... אַ זיבעציק־יעריקער, דאָך איז ער געגאַנגען נאָך אָן אַ שטעקן און האָט נאָך קיין ברילן נישט געטראָגן, — אַ רעשטל פון פאַרצײַטיקע יאָר, ווען אַ פערטל אָקעוויט האָט אַ פינפער געקאָסט. אַז ר' ישראל פלעגט זיך אַ צוויי שעה אַרומיאָגן נאָך אַן אָקס, וועל־כער האָט זיך פון שטריק אָפּגעריסן, און פלעגט אים צום סוף בײַ די הערנער אָנכאַפּן, אַזוי אַז דער אָקס האָט זײַן שווערן נאַקן געבויגן פאַר אים, פלעגט ער קרעכצן מיט אַ געלעכטערל: „ע, נישטאָ די פאַרצײַטיקע כוחות!" ער איז געווען אַ גרויסער פּי־הענדלער, וועלכער האַנדלט מיטן „דײַטש" אין די טויזנטער אַרײַן, און קויפט אויף דאָס גאַנצע פּי אין דער אַרומיקער געגנט. ווי אַ מענטשן, וואָס האָט פון זיך געלאָזט אַ גראָשן פאַרדינען, האָבן אים אַלע ייִדן, ווי גויִים, שטאַרק כבוד אָפּגעגעבן. בײַ אים האָבן זיי געהאַט דאָס געלט שטיין, בײַ אים האָבן זיי געלט געבאָרגט, ווען עס איז אויסגעקו־מען, און צו אים זײַנען זיי געקומען שואל־עצה־זײַן און אויסגלײַכן זיך, און דאָס, וואָס ר' ישראל האָט געזאָגט, איז, ברודער, געווען געזאָגט. ר' ישראל האָט געקענט טיילן פּעטש דעם גרעסטן שטאַרקסטן „ווילן יונג" (אַז עס איז אויסגעקומען). — ר' ישראלן וועט מען נישט אַנטקעגן רעדן. האָט עס אַ יונג געוואַגט, האָט ער געקענט געהרגעט ווערן אויפן אָרט פון קוילער־געסל. בײַ ר' ישראלן אין הויז האַלטן זיך אויף אַלע יונגען און שקצים פון קוילער־געסל — טרײַבן די אָקסן קיין לאָדז אָדער צו דער גרענעץ. אין די

שטאַלן, ווו עס זײַנען געשטאַנען די פערד, אָקסן און שעפּסן, האָבן חברה גענעכטיקט. עסן איז בײַ ר׳ ישראלן פרײַ און אָפן געווען פאַר אַלעמען. תמיד איז דאָס ברויט מיט פּוטער אויפן טיש געשטאַנען, — אַרײַנגעקומען, אָפּגע־שניטן אַ „המוציא״ און געגאַנגען זיך זײַן וועג. דאָס הויז האָט זיך געבאָדן אין שפע: קי, אָקסן, פערד, ציגן, שעפּסן, גענדז און יונגען מיט שקצים. בײַ ר׳ ישראלן איז אַלץ געשטאַנען אָפן. דאָ וועט מען, ברודער, נישט גנבענען: געהרגעט אויפן אָרט וואָלט מען געוואָרן. האָט מען וועמען געטאָן אין שטאָט אַן עוולה, איז מען זיך געקומען קלאָגן פאַר ר׳ ישראלן, און ר׳ ישראל איז אַרויסגעגאַנגען און געטיילט פּעטש.

קומט אַרײַן אַ יונג אין שטוב בײַ ר׳ ישראלן און שטעלט זיך אַנידער בײַ דער גרויסער שאַנק.

— וואָס ווילסטו, שנײַדער־קאָפּ? — גייט צו צו אים ר׳ ישראל און קלאַפּט אים איבערן פּנים, — שלאָגסט די מאַמען, זאָגט מען מיר, דו ווילער יונג איינער. ווער האָט דיר ביז איצט צו פרעסן געגעבן? און אַז אַן אַנדערער זאָגט איר אַ וואָרט, נעמסטו צו אים אַ מעסער אַרויס!

— ר׳ ישראל, עס איז מײַן מאַמע, איך מעג, דאָס איז מײַן מאַמע, אָבער אַ פרעמדער — אַ מכה, די בעבעכעס וועל איך אים אַרויסנעמען, — נישט רעכט, ר׳ ישראל?

אַהיימגעקומען אַ ייִד ווי ר׳ ישראל פּרײַוואַטיק פּאַרנאַכט פון וועג, האָט ער זיך געגעבן אַ זעץ אַנידער פאַר דער טיר אויף דער באַנק מיט אַ פולער קעשענע קליינגעלט, און גאָט געבעטן אין האַרצן: „טאַטע, שיק מיר צו ייִדן, וואָס דאַרפן אויף שבת״, און איז נישט אַרײַן אין שטוב, ביז ער האָט נישט די קעשענע קליינגעלט אויסגעטיילט אָרעמעלײַט. אָפּגעוואַשן זיך, אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, און געגאַנגען אין חברה „דרײַ פייען״ צו קבלת־שבת. אורחים, וואָס זײַנען געגאַנגען אויף דער מדינה, זײַנען דווקא אין דעם שטעטל אָפּגעטראָטן איבער ר׳ ישראלס שבת. דער טעם פון ר׳ ישראלס קוגל ליגט זיי אַ גאַנץ יאָר אין מויל. די חברה איז תמיד פול געווען מיט אורחים. ר׳ ישראל האָט זיך געגעבן אַ שטעל אַנידער בײַ דער טיר מיט די אורחים וואַרטן וויפל עס וועט איבערבלײַבן — קיין שום ייִדן ליבן נישט אַזוי אורחים אַהיים צו נעמען אויף שבת, ווי קצבים און פישער, — און וויפל עס זײַנען איבערגעבליבן, האָט ר׳ ישראל מיט זיך מיטגענומען. נישט איין מאָל איז אויסגעקומען, אַז דער שמש פון דער חברה „דרײַ פייען״ האָט אויסגערופן: „דרײַ גילדן אַן אורח״, ווי מען פאַרקויפט די עליות אין דער שול. אַזויפיל בעלנים זײַנען געווען אין דער חברה „דרײַ פייען״ אויף אורחים. צומאָרגנס אינדערפרי נאָכן דאַווענען, האָט זיך דער רבי פון דער חברה אַני־דערגעשטעלט און געלערנט מדרש פאַר דער חברה. ר׳ ישראלן האָבן זיך געוויזן טרערן אין די אויגן. דערנאָך האָט ער אַהיים געבעטן דעם עולם צו

זיך אויף קידוש. און בשעת „לחיים" האָט ר' ישראל געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש:

— טרינקט, ייִדן, אונדזער טאַטע יעקב! אונדזער רבי משה!

די שטוב האָט געציטערט פון די זעץ מיט די פויסטן אין טיש אַרײַן.

ר' ישראל האָט געקענט מעביר זײַן די סדרה, און אין רש"י געווען היימיש דאָרט, ווי ער „טשעפּעט" נישט תרגום-ווערטער. רש"ין האָט ר' ישראל ליב געהאַט ווי דאָס לעבן, אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער רש"י איז עפּעס אַ נאָענטער קרוב, וואָס קער זיך אָן מיט אַלע ייִדן אין משפּחה. און נאָך אַ ייִדן האָט ר' ישראל ליב געהאַט: דאָס איז געווען דוד המלך, זײַנע קאַפּיטלעך תהילים צעגייען זיך דאָך אין די אברים פאַר זיסקייט, — און גלאַט אַ ייִד, דוד המלך. דיר דאַכט זיך, אַז דו גייסט אַרויס אויף דער גאַס, און דו טרעפסט דוד המלכן, גיסט אים אָפּ שלום עליכם:

— שלום עליכם אַ ייִד, דוד המלך!

— ווי גייט עס?

און מען הייבט אָן צו שמועסן פון מאַרק...

אַז בײַ ר' ישראלן איז אויפגעוואַקסן געוואָרן אַ טאָכטער, איז ער אַרונטערגעגאַנגען צום רב:

— רבי, קלײַבט מיר אויס אָן איידעם פאַר מײַן קינד פון אײַערע בחורים.

גענומען דעם איידעם, אַוועקגעזעצט אין זײַן הויז אויף כל ימיו: נאַ דיר דײַן עסן, דײַן טרינקען, דײַן שבת-בגד און דײַן טאַשן-געלט, און דו לערן מיר אין דער הייליקער תורה.

פאַר די איידעמס מיט די גרויסע גמרות פלעגט דער ייִד אַזוי דרך-ארץ האָבן, אַז אויף די נעגל איז ער פאַר זיי געגאַנגען, פון דעם טײַערסטן און בעסטן האָט ער פאַר זיי באַהאַלטן. אַז ער פלעגט הערן, ווי דער קול-התורה קלינגט אָפּ אין זײַן שטוב, האָט זיך דער אַלטער ייִד דער ווי אַ קינד צעוויינט פאַר שמחה...

---

זינדלעך האָט ער געהאַט ר' ישראל — ריזן. „זשאַבלינסקים גוואַרדיע" האָט מען זיי גערופן. זיי זײַנען שוין קיין „לערן-קינדער" נישט געווען. זיי אַלע איז איבערגעגאַנגען ר' ישראלס בן-זקונימל נאָטעלע. נאָטע איז געווען אַ בחור, וואָס האָט געגעבן אַ גיי אַרויס אינדערפרי מיט באָרעקן זײַן הונט, מיט באַשקען זײַן שעפּס און מיטן פײַפער. אַ טויב איז אים געשטאַנען אויפן אַקסל, די גאַס האָט געציטערט פאַר אים. מיטן שטרויענעם היטעלע אויף דעם שפּיץ „גזשיווע" און מיט דער בלײַענער בײַטש אין דער האַנט, האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אַנידער פאַר דער טיר, און אָנגעהויבן צו פײַפן. אויף זײַנע טויבן, וועלכע האָבן זיך אין אַ ראָד געהויבן איבער זײַן קאָפּ. די יוזעפע האָט אים דעם בולאַן (זײַן פערד) פון שטאַל אַרויסגעפירט: איז ער

נישט געווען ריין אויסגעפּוצט, אָדער אַז די האָר פאַר דער „גזשיזוע" זײַנען נישט געווען פאַרקעמט מיט טראָלדלעך, האָט ער איר געגעבן אַ „פײַף" מיט דער בײַטש איבערן לײַב...

די יוזעפע איז געווען אַ דינסט בײַ ר' ישראלן, אַ שיקסע, וואָס מ'האָט זי געבראַכט פון דאָרף, און איז פאַרבליבן בײַ ר' ישראלן אין הויז שוין לעולם ועד. געזונט־אײַזן: זי פּאַסט אַרײַן אין דער משפּחה. אין הויז איז זי אַ גאַנצער „בן־בית", מישט זיך אַרײַן אין אַ געשפּרעך, גיט עצות און בייזערט זיך, אַז עס געפעלט איר עפּעס נישט. נאָטע קאַטעוועט זי, טיילמאָל מוראדיק...

און אין אַ האַלבע שעה אַרום, אַז זי האָט אים אויפן פערד דערזען, האָט זי זיך געגעבן אַ שטעל אַרויס פאַר דער טיר, פאַרלייגט די הענט אונטער די באַקעס, און די אויגן האָבן אַרויסגעשמייכלט פון אונטער די רויטע, בלויע פלעקן, וואָס ער האָט איר אויפן פּנים אָנגעמאַכט: ווי דאָס רײַט זיך אויפן פערד!

אַז ער איז צוריק געקומען, איז ער אַרויף אויפן בוידעם צום טויבנשלאַק.

נאָטע האָט געהאַט אַ טויבנשלאַק. דער בוידעם, אויף וועלכן עס ליגט דער האָבער פאַר די פערד, האָט שוין געהאַט אַ טראַדיציע פון אַ טויבנשלאַק, אַז ווי מ'זאָל נישט די טויבן אַוועקפירן און אָפּלאָזן זיי — קומען זיי צוריק צופליִען און שטעלן זיך דאָרט אויפן דאַך. אויף דער צווייטער זײַט שטאָל האָט געוווינט אַ גויִישער בעקער, האָט ער אויך געהאַט אַ טויבנשלאַק. נאָטע מיטן בעקער האָבן געפירט אַ באַשטענדיקע מלחמה. נאָטע האָט אַרויסגעלאָזט זײַנע טויבן, דער בעקער — זײַנע. פלעגט טרעפן, אַז איין פּאַרטיע האָט פון דער צווייטער אַ טויב אַוועקגענומען, עס איז געקומען אַ „זי" פון דער צווייטער פּאַרטיע און האָט אָנגעהויבן קאָמפּלימענטן צו מאַכן און אײַנרעדן דעם „ער", אַז ער זאָל מיט איר מיטפליִען אין איר טויבנשלאַק.

צו דעם האָט געדינט די „חברה". נאָטע האָט געהאַט זײַן חברה, יונגען און שקצים, וואָס האָבן געגעכטיקט בײַ אים. דער בעקער האָט געהאַט זײַן קאָמפּאַניע בעקער־שקצים. האָט איין פּאַרטיע געבראַכט אַ טויב פון דער צווייטער, איז געוואָרן אַ שמחה, אַזוי ווי מ'וואָלט די וועלט אײַנגענומען, און די צווייטע פּאַרטיע איז אַרומגעגאַנגען מיט די קעפּ אַראָפּגעלאָזט, קלערנדיק ווי נקמה צו נעמען. דורך דעם פלעגן אַרויסקומען געשלעגן צווישן נאָטעס און דעם בעקערס קאָמפּאַניעס, אַז גאָט דער איינציקער זאָל אָפּהיטן.

## וועגן „קידוש השם"

אונטער דער ווירקונג פון די אוקראַיִנישע שחיטות אין די יאָרן 1918-1919 האָט אַש זיך געווענדעט צו די כראָניקעס און לעגענדעס פון גזרות ת"ח ות"ט און אָנגעשריבן „קידוש השם" — אַ ראָמאַן, וואָס שטיצט זיך צום טייל אויף היסטאָרישע ווערק און צום טייל אויף כראָניקעס, אין וועלכע עס זיַינען פאַרצייכנט געוואָרן די הייליקע און שווידערלעכע פּאַסירונגען פון כמעלניצקיס ציַיטן. אין יענעם אויפשטאַנד פון די אוקראַיִנער פּויערים און קאָזאַקן קעגן די פּוילישע פּריצים זיַינען, אַזוי ווי נאָכן ערשטן וועלט-קריג, בעת די פּאָגראָמען און דעם בירגער-קריג, חרוב געוואָרן הונדערטער יִידישע ישובים און צענדליקער קהילות קדושות זיַינען אומגעקומען על קידוש השם...

וואָס איז דער זין פון דעם דאָזיקן הייליקן און שווידערלעכן בלאַט יִידישע געשיכטע? קיינמאָל האָבן מיר נישט געדורשט אַזוי צו וויסן דעם זינען דערפון, ווי דאַן, ווען עס האָבן זיך צוריק אומגעקערט יענע פינצטערע און ביטערע ציַיטן...

צופּאַסונג און טיפסטע דערנידערונג אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, און שטאָלצע, הייליקע עקשנות ביז מסירת-נפש, ווען עס קומט דער יום-הדין — דאָס איז די וואָך און דער שבת פון דער יִדישער געשיכטע.

קיין אַנדער פאָלק ווייסט נישט פון אַזאַ צוויי-געשטאַלטיקייט. די פּסיכאָלאָגיע פון פעלקער און מענטשן איז: אָדער שקלאַפישקייט, אָדער העראָיִזם. נאָר מיר זיַינען פעיִק צוגליַיך אי אויף דערנידעריקונג פון הכנעה, אי אויף דער הייליקסטער מסירת-נפש... יאָרן, דורות-לאַנג זינגען מיר: „מה יפית", אָבער אַז עס קומט צום לעצטן נסיון, שריַיען מיר אוים: „שמע ישראל, ד' אלוקנו, ד' אחד!"

דאָס איז, לויט אַשן, דער זין פון אונדזער געשיכטע. דאָס איז אויך דער זין פון זיַין היסטאָרישער דערציילונג, ווי איך האָב זי פאַרשטאַנען.

שלום אַש

# קידוש השם

### עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן

זעקס יאָר איז שלמה אָפּגעווען אין דער לובלינער ישיבה און צוגעגרייט זיך פאַר דעם, וואָס ער האָט באַדאַרפט פאַרנעמען אין לעבן, צו זיַין אַ פּרנס ביַי יִדן. ער האָט געלערנט ביַים ראש-הישיבה, ביַים לובלינער רב,

און געוווינט האָט ער אין אכסניא מיט אַנדערע באַלעבעסלעך ביַי דער גברת האשה שרה יפה, וואָס האָט געהאַט אַ דרוקעריַי פון ספרים אין לובלין. ביַי איר האָט ער אויך געגעסן שבתים און יום־טובים, און ביַי איר טיש האָט ער זיך אָפּגעלערנט מידות טובות ומנהגים טובים, וויַיל זי איז געווען אַ גרויסע גברת און אַ בת נדיבים.

פון דער היים פלעגט אים די מאַמע צושיקן מיט סוחרים וואָס זיַינען גע־פאָרן אויף דעם יאַרמאַרק געטריקנטע קעזלעך, אַ טינטל האָניק, און דער טאַטע — אַ פּאָר ניַיע שטיוועלעך, אַ פּעלצל אויף ווינטער, אַ בריוול מיט אַ גרוס פון „זוגתך", וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסרופן ביַי אים אויסטערלישע געפילן אין זיַין האַרץ און אַ רויטלען אויף זיַינע באַקן.

נאָך זעקס יאָר, ווען שלמהלע האָט געענדיקט די הוראה, און האשה מרת דבורה, זיַין וויַיבל אין דער היים, איז שוין געוואָרן אויסגעוואַקסן, זיַי־נען זיך די מחותנים צוזאַמענגעקומען און באַשטימט: היות עס איז נישט גוט, וואָס מאַן און וויַיב זיַינען צעשיידט, אַזוי זאָל מען שלמהלען אַהיים ברענגען פון דער ישיבה.

מענדל איז געפאָרן אויפן יאַריד קיין לובלין אַהיים ברענגען זיַין זון. דער טאַטע האָט אים נישט דערקענט. שלמהלע איז דורך דער ציַיט אויס־געוואַקסן, אויסגעזען ווי אַ יונג רבל, מיט שטריימל און פּאות, און דער טאַטע האָט אָנגעהויבן דרך־ארץ קריגן פאַר אים. שלמהלע האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אַלעמען, אויף דער מאַמען און אַפילו, להבדיל, אויף דער דינסט מאַרו־שאַ, נאָר נישט אויף זיַין וויַיבל.

— און פאַרוואָס פרעגסטו נישט אויף זוגתך? — האָט דער טאַטע גע־שמייכלט. שלמה איז רויט געוואָרן.

— זי איז אַן עין־הרע אויסגעוואַקסן אַ פּאַרשוין, וועסט זי נישט דער־קענען. זי איז אין דער היים ביַי אירע עלטערן.

— פאַרוואָס נישט ביַי דער מאַמען? — פרעגט שלמהלע.

— זי האָט מורא פאַר דיר, אַז דו וועסט אַהיימקומען זאָלסטו איר נישט דאָס הייבל פון קאָפּ ריַיסן, ווי דו פלעגסט עס טאָן ווען דו ביסט געווען אַ קינד.

שלמהלע האָט געשוויגן. דעם פאָטער האָט באַנג געטאָן וואָס ער האָט אים פאַרשעמט.

— עס איז דער מנהג אַזוי, פאַר יום־טוב, איידער דער מאַן קומט אַהיים, גייט דאָס וויַיבל צו טאַטע־מאַמע. אם ירצה השם ווען דו וועסט אַהיימקומען וועט זי קומען צו אונדז וווינען.

שלמה האָט שוין געוואָלט רעדן וועגן עפּעס אַנדערש, נאָר דער טאַטע האָט אים ווידער דערמאָנט:

— נאַ דיר געלט און קויף עפּעס מיט אַהיים דײַן זוגתך אַ שײנע מתנה אויף יום-טוב.

שלמה האָט גענומען געלט פון פאָטער, עפּעס אַהיים קויפן פאַרן ווײַבל. איז ער געגאַנגען אויפן יאַרמאַרק, און געטראָפן שטײן אַ ייִדן, וואָס האָט אויסגערופן:

— וואַרשעווער גאָלדענע שיכלעך צו פאַרקויפן, מתנות אויף יום-טוב פאַר די נשים צדקניות.

שלמה האָט זיך דערמאָנט אין די גאָלדענע שיכלעך, וואָס ער האָט צוגעזאָגט זײַן ווײַבל אײדער ער איז אַוועקגעפאָרן אין ישיבה אַרײַן.

ער האָט באַצאָלט דעם סוחר פאַר די שיכלעך און דער ייִד האָט אים צוגעווונטשן:

— גאָט זאָל העלפן, אַז די צדיקת וואָס וועט טראָגן די שיכלעך, זאָל זוכה זײַן צו טראָגן זײ בקדושה ובטהרה.

ער האָט דעם ייִדן אָנגעקוקט. דער ייִד איז אים פאָרגעקומען באַקאַנט, ווי ער וואָלט אים ערגעץ ווו געזען.

דערנאָך האָט זיך שלמה דערמאָנט, אַז דער ייִד איז געווען דאָס שנײַדערל, און די זאַך האָט אים פאַרוווּנדערט.

## שבועות

צומאָרגנס באַגינען, דעם צווײטן טאָג יום-טוב, איז שלמהלע געזעסן בײַ זיך אין שטיבל און האָט געלערנט זײַן שיעור. די פענצטערלעך זײַנען געווען אָפן און עס האָבן אַרײַנגעקוקט אין דעם נידעריקן שטיבל אַרײַן די בײמער וואָס זײַנען געוואַקסן הינטערן פענצטערל. אַ זיס קול פון די פײגל האָט זיך געהערט פון דרויסן. און אַ זיסער האָניק-געשמאַק האָט זיך געטראָגן פון די ווײַסע האָניק-בלומען פון דער סטעפּ און האָט אָנגעפילט דאָס קלײנע נידעריקע שטיבל פון דעם יונגן פאָרפאָלק. דאָס ווײַבל איז געשטאַנען איבערן קופערט און האָט פון דאָרט אַרויסגענומען אירע שײנע קלײדער און אירע צירונג-שטיקער, און מיט זײ זיך אויסגעפוצט און אויסגעצירט צו גײן מיט דער שוויגער אין שול אַרײַן. אַ גרויסער חן איז געלעגן אויף איר אין דעם יום-טובדיקן פרילינג-פרימאָרגן. אירע באַקן זײַנען אײדל געווען. עס האָט נאָך גערוט אויף זײ די פרײד פון דער נאַכט, און אירע גרויסע אויגן זײַנען באַצויגן געווען מיט אַ גלאַנציקן טוי, אַזוי ווי זײ וואָלטן זיך נאָך נישט אויפגעוועקט פון דעם נאַכט-חלום פון וואַנען זײ קומען. און אַ גרויס ליבשאַפט האָט אין דעם יונגנמאַנס האַרץ זיך אָנגעצונדן צו זײַן ווײַב, און אַ גרויס רחמנות און אײדלקײט האָט ער געפילט צו איר. און איר האַרץ איז אויך פול געווען מיט ליבשאַפט צו אים, ווײַל זײַן קול התורה יום-טוב אין דער פרי האָט געקלונגען זײער זיס אין אירע אויערן, ווי דאָס קול פון די

פייגל וואָס זײַנען גליקלעך, וואָרים זיי האָבן זיך ביידע זייער ליב געהאַט, אַזוי ווי עס איז די טבע פון יונגע מענטשן די ערשטע צײַט נאָך דער חתונה. אַזוי האָט ער מער לערנען נישט געקענט, האָט ער זײַן שטרײַמל אויף דער גמרא אַרויפגעלייגט און האָט זיך אין שטוב אַרויף און אַראָפּ געדרייט. און זי, דאָס יונגע ווײַבל, האָט זיך געטאָן פּוצן און צירן פאַר אים מיט אירע שיי־נע זאַכן. און ווען זי איז שוין געווען גאָר שיין אויסגעצירט, האָט זי זיך פון קאַסטן אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צו איר מאַן, אַז ער זאָל זי בענטשן פאַרן שול־גיין. אַזוי האָט ער זײַנע צוויי הענט אַרויפגעלייגט אויף איר שיי־נעם קאָפּ און אַזוי געזאָגט:

— דײַן שיינער חן זאָל קיינמאָל נישט ווערן אָפּגעטאָן פון דיר ווי פון אונדזער מאַמע רחל.

און דאָס ווײַבל האָט גענומען איר קרבן־מנחה סידור, מיט די זילבערנע טאָוולען, וואָס דער שווער האָט איר געשאָנקען, און איז מיט גרויס פּאַראַד, אויסגעצירט אין אירע יום־טובדיקע קליידער, אין שול געגאַנגען.

דער עולם איז געווען אין שול פאַרזאַמלט. אויסגעצירט לכבוד יום־טוב שטייען די ווײַבער אין דער ווײַבערשער שול, און דורך די קליינע פאַרהאַנגע־נע שטאַכעטלעך קוקן זיי אַראָפּ אין דער מענער־שול אַרײַן. צווישן דער מאַמען און דער שוויגער שטייט דבורהלע, אויסגעפּוצט אין דעם נײַעם שטערנטיכל, מיט דעם גרויסן שמוקשטיק באַהאָנגען, וואָס דער שווער האָט איר געשאָנקען ווען זי איז געקומען צו אים לכבוד יום־טוב, אָנגעטאָן אין די גאָלדענע שיכלעך, וואָס שלמהלע האָט איר פון דער ישיבה געבראַכט. זי קוקט אַראָפּ און זי זעט דורך די שטאַכעטלעך ווי שלמהלע, אײַנגעהילט אין גרויסן טלית, שטייט אויפן באַלעמער און האַלט די ספר־תורה אין דער האַנט מיט זייער פיל ליבע און זינגט אַ ליד לכבוד יום־טוב. מיט זײַן זיסער שטים צערטלט ער ווי אַ זינג־פויגל דעם ניגון פון אקדמות און לייגט אין וואָרט אַרײַן אַלע טעמים פון טראָפּ. און ווי דבורה הערט זיך אַזוי אײַן אין שלמה־לעס קול, קומען זייער זיסע געדאַנקען וואָס גנבענען זיך אַרײַן און רופן אַרויס צערטלעכע רויטלעכקייט אויף דעם ווײַבלס באַקן און אַ פײַכטן שע־מעדיקן בליק אין די אויגן. זי באַהאַלט אירע אויגן אין דער פלאַכקייט פון אירע הענט, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז די מאַמע זאָל נישט אַראָפּלייענען פון איר פּנים דעם זיסן געדאַנק וואָס זי קלערט...

און נאָך ווי אין חלום הערט זי דאָס געזאַנג פון איר מאַנס שטים, ווען פון דרויסן רײַסט זיך אַרײַן אַ גוואַלד און פאַרטויבט דאָס יום־טוב־געזאַנג. קיינער דערוועגט זיך אָבער נישט דעם טלית אָפּצולייגן, אַרויסצוגיין זען וואָס עס איז געשען. און שלמהלע מיט זיך העכער אויפצוהייבן זײַן שטים און נאָך מיט מער טעם צו באַזיסן זײַן געזאַנג, אָבער דער רעש פון גאַס קומט נענטער אַרײַן אין שול און פאַרטרײַבט דעם יום־טוב. דאָ און דאָרט

רוקט זיך שוין ווער אַרויס פון שול. עס קלאַפּט דער גבאי אויפן באַלעמער, און באַלד רײַסן זיך אין שול אַרײַן ווײַבער, קינדער און מענער, און אַ געמורמל גייט דורך:

— שלוחים געקומען!

— פון קארסון צוויי שלוחים געקומען!

— אויף פערד געקומען צו רײַטן, יום-טוב מחלל געווען!

— עס איז סכנת נפשות.

עס הערט שוין נישט קיינער שלמהלעס צערטלען זיך, פאַרשטומט איז געוואָרן דאָס יום-טוב-געזאַנג. מענדל קלאַפּט אויפן באַלעמער, דער עולם לויפט אַרײַן און אַרויס פון שול.

מיטאַמאָל דערהערט זיך אַ וויינען.

— וואָס איז געשען?

— שאַ, שאַ, — קלאַפּט מענדל אין באַלעמער.

אין דעם רײַסט זיך די טיר פון שול אויף און אַ שרעקעדיק קול רופט:

— ייִדן, זײַט אײַך מציל דאָס נפש!

פלוצים האָט זיך ווער אויפגעהויבן פון אַ ווינקל און איז צוגעקומען צום באַלעמער. עס איז געווען דאָס שנײַדערל. קיינער האָט ביז איצט נישט באַמערקט, ווי ער איז געזעסן די גאַנצע צײַט אין אַ ווינקל און זיך געזאָגט זײַנע קאַפּיטלעך תהילים. מענדל מיט די ייִדן האָבן זיך פאַרוווּנדערט ווען זיי האָבן אים דערזען. דאָס שנײַדערל האָט זיך צוגעקוקט צו די ייִדן און אַזוי געזאָגט:

— איר היט די שול? מיט וואָס וועט איר זי באַשיצן? מיט גבורה? באַדאַרף דען גאָט אײַער גבורה? איז דען נישט אַ שטיין, אַ שטיק האָלץ שטאַרקער פון אײַך? פעלט דען גאָט גבורה?

קיינער האָט אים נישט אָפּגעענטפערט.

האָט זיך פלוצים געזען פון ווינקל, פון וואַנען דאָס שנײַדערל איז אַרויסגעקומען, אַ בלאַס פײַער אויפפלאַמען. דאָס פײַער האָט אונטערגעכאַפּט דאָס פּרוכתל וואָס איז געהאָנגען פאַרן ארון וואָס איז געווען דערבײַ. און באַלד האָט דער עמוד אַ דורכגעווייקטער אין אייל געפלאַקערט אין פײַער.

— פײַער, פײַער, די שול ברענט!

— ווער האָט עס געטאָן? — האָבן זיך די ייִדן אויפגעכאַפּט און געוואָלט צולויפן צום פײַער.

— שטייט, איך האָב עס געטאָן! — דאָס דאָס שנײַדערל צוריקגעהאַלטן דעם עולם. — אַז דער רבונו-של-עולם איז געגאַנגען די ייִדן אַרויסטרײַבן פון ארץ-ישראל, זאָגט די גמרא, זײַנען די ייִדן חייב מיתה געווען. אַזוי האָט גאָט אויסגעגאָסן זײַן צאָרן אויף שטיינער און אויף העלצער. ער האָט דאָס בית-המקדש פאַרברענט און ייִדן מציל געווען. וואָס ווילט איר בעסער זײַן

פון רבונו־של־עולם? וואָס זענט איר געגאַנגען באַשיצן, שטיינער און העל־צער? באַהאַלט אײַער גבורה, גאָט וועט דאַרפן אײַער גבורה פאַר אַ העכערן ענין, ווען עס וועט קומען די צײַט, ווען מיר וועלן זוכה־זײַן דערצו. זײַט מציל די נפשות, זיי געהערן נישט צו אײַך, זיי געהערן צו גאָט!

די ייִדן האָבן זיך דערשראָקן פאַר דעם שנײַדערס רייד. איינציקוויַיז האָבן זיי זיך אָנגעהויבן אַרויסצורוקן פון דער שול, און עס איז שוין נישט געווען וואָס צו באַשיצן אויך. פּרוכתן, דורכגעזאַפּטע מיט אייל, און דאָס האָלץ האָבן זיך געצונדן ווי קינעלעך.

— גלײַכער אַזוי! מיר האָבן זי פאַרברענט אַליין איידער די גויִים האָבן זי אומריין געמאַכט. קומט, ייִדן, לאָמיר שפּאַנען די וועגן! — האָט דער פּרנס געשריגן, און האָט גענומען די אייגענע און איז אַרויס פון דער שול.

— שטיי אויף, אַלטע, העלף בינדן די זאַכן, עס ווערט שפּעט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין הלל צוגעפּאָרן מיט דער בויד פאַר דער קרעטשמע, און פון שטוב האָט מען אָנגעהויבן צו טראָגן די ספרים און די קופערטן. עס איז שוין געווען די העכסטע צײַט, וואָרום אין קרעטשמע האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט דער פּאָפּ מיט אַ פּאָר קאָזאַקישע פּויערים און האָבן אָנגעהויבן צו ראַבעווען דעם בראָנפן פון קרעטשמע.

— איך האָב דיר שטענדיק געזאָגט, אַז די ברידערלעך וועלן קומען פון סטעפּ. אויף לײַכטע פערדלעך קומען זיי צו פליִען, דער מלאך מיכאל באַ־גלייט זיי — האָט דער פּאָפּ, אַ שיכורער שוין פון בראָנפן, געוואַקלט זיך און געשריגן גוטמוטיק צו מענדלען.

— דו הינטישער זון, — קלאַפּט מאַרושאַ מיט אַ פּאַנטאָפל דעם שיכורן פּאָפּ איבערן קאָפּ — אַז דער פּאַן איז נישטאָ, קריכן די חזירים פון דער הרובע אַרויס.

און ווען דעם פּרנסעס בויד האָט די לעצטע פאַרלאָזן זלאָטשעוו, האָט זיך מענדל אומגעקוקט צום לעצטן מאָל אויף דער שטאָט. ער האָט געזען ווי די שול ברענט אָן איינזאַמע און עס האָט אים דערמאָנט אין אַ ברענענדיק ליכט נאָך אַ טויטן.

## דער געפאַנגענער

— וואָס האָסטו געכאַפּט, קאָזאַקל?

— אַ ייִדל, אַ יונגס. כ׳האָב געמיינט ס׳איז אַ ווײַב, אַזוי האָט עס זיך אויסגעדוכט פון דער ווײַטנס. אָקאָרשט איך זע, עס איז אַ בחור מיט צי־טערדיקע פּאות, — האָט געזאָגט דער קאָזאַק, וואָס האָט שלמהן אַרויסגע־שלעפּט פון וואַסער, צו אַ צווייטן קאָזאַק וואָס האָט אים אָפּגעוואַרט בײַם ברעג.

— וואָס וועסטו טאָן מיט אים? — האָט דער קאָזאַק געפרעגט.

— איך ווייס נישט. אים טויטן איז אַ שאָד, בחינם אין וואַסער געקראָכן און גאָרנישט געהאַט.
— לעבן לאָזן, ווּעסטו אים מוזן געבן צו עסן.
— דאָס איז אויך וואָר, — האָט דער קאָזאַק געזאָגט מיט אַ קרעכץ.

לעבן דעם קאָזאַק איז געלעגן שלמה אַ נאַסער, אַ צוזאַמענגעדרייטער. ער האָט זיך איַינגעהערט צו די רייד פון די קאָזאַקן. און עס איז אים גאָר־נישט אָנגעגאַנגען. ער איז גרייט געווען צו שטאַרבן, און ער האָט איצט ווידוי געזאָגט פאַר זיך. אַ מינוט האָט ער אפשר באַדויערט זיַין יונג לעבן און דאָס גליק וואָס ער האָט ערשט אָנגעהויבן צו געניסן. נאָר ער איז געווען אַזוי זיכער, אַז ער וועט זיך אויף דער צווייטער וועלט צוזאַמענטרעפן מיט דבורהן און זיי וועלן אָנהייבן לעבן דאָס גרויסע און אייביקע לעבן אין איי־ביקער רוּיקייט, אַז ער איז גליקלעך געווען וואָס ער קומט אַזוי נאָענט דערצו. און האָט ער עפּעס באַדויערט, איז עס געווען וואָס דבורה איז נישטאָ לעבן אים און זיי שטאַרבן נישט ביידע צוזאַמען. די אומבאַוווּסטקייט, וואָס קען זיַין מיט דבורהן און פאַרוואָס ער האָט זיך צעשיידט מיט איר, האָט אים אין דער לעצטער מינוט געפּיַיניקט. נאָר באַלד איז איבער אים געקומען די רוּיקייט פון בטחון אין רבונו־של־עולם וואָס זעט און ווייסט אַלץ.

דער קאָזאַק האָט אים געהאַלטן ביַי דער קאַפּאָטע און אַרום זיי האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַנדערע קאָזאַקן. די נאַכט איז געווען אַ טונקעלע און אַ רוּיקע. דער סטעפּ און דאָס וואַסער זיַינען ערגעץ ווו געווען ביידע צוזאַמען פאַרפאַלן אין דער נאַכט. נאָר דער ברעג פון וואַסער איז באַלויכטן געווען מיט פיַיערלעך. די קאָזאַקן זיַינען איינער נאָכן אַנדערן צוגעקומען צום קאָ־זאַק. אַלע זיַינען געווען נײַגעריק צו וויסן וואָס דער קאָזאַק האָט אַרויסגע־שלעפּט פון וואַסער.

— אַ יונגע צי אַן אַלטע באַבע? — האָט איינער געפרעגט און מיט אַ שטורקאַץ באַלויכטן שלמהס פּנים. דערזען גאָר די לאַנגע ציטערדיקע פּאות אויפן בלייכן יונגן פּנים, האָבן זיי אָנגעהויבן הויך צו לאַכן מיט ווילדע קולות.

— האַ־האַ־האַ! די יִדענע האָט ער געלאָזט אַריבערשווימען דעם טײַך און דעם יִיד האָט ער אַרויסגעצויגן. זעט, קאָזאַקן, וואָס ער האָט געפאַנגען. זעט דעם פאַנג, אַ דו פישעריונג איינער!

דער קאָזאַק, אַ יונגער, מיט אַ גוט פּנים און שאַרפע קליינע צוויי איי־געלעך, האָט באַקוקט זײַן קרבן. ער האָט שוין אַ פּאָר מאָל געבריקעט שלמהן מיט די פיס נישט פון בייזקייט, נאָר נישט ווּיסנדיק וואָס פאַר אַן עצה זיך צו געבן מיטן יִדן. צום סוף האָט ער באַשטימט:

— איך וועל אים שמדן, צו דער צערקווע וועל איך אים געבן. כאָטש עפּעס זיך פאַרדינען ביַי גאָט פאַר מײַן אַרבעט.

דאָס זאָגנדיק האָט דער קאָזאַק אַראָפּגענומען פון האַרץ אַ קליינעם מע־טאַלענעם צלם און האָט אים צוגעשטופּט צו שלמהס פּנים.

— קריסטוסן בעט, אויף די קני פאַר אים, וועל איך דיך לאָזן לעבן.

שלמה האָט אים נישט געענטפערט. אַזוי ווי ער איז געלעגן צוזאַמענ־געוויקלט אַרום זיך, איינגעגנאָרעט דאָס פּנים אין קערפּער, אַזוי איז ער גע־בליבן ליגן.

פון דער ווייַטנס הערט זיך אַ לירע שפּילן. אַן אַלטיטשקער קומט צו צו די קאָזאַקן, אונטערגעלענט אויף אַ שטעקן, גרימפּלענדיק אויף די סטרונעס.

— אַך, קאָזאַקן, וואָס לאַכט איר דאָ?

— זעסט דאָך, אַלטער, אַ ייִדל געפאַנגען און מען ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט אים.

— פאַרקויף אים צו מוראַד־כאַן. ער קויפט אַלע ייִדעלעך אויף. פאַר אַן אַלטן צאָלט ער אַ זילבערשטיק און פאַר אַ יונגן — אַ גאָלדשטיק. אפשר וועסטו קענען אויסהאַנדלען נאָך אַ טאָפּ טאַטעריש ביר פאַר חברה קאָזאַקן צו טרינקען. אַ כיטרע יונג, דער מוראַד־כאַן. אַ שלל מיט פּערסישע טעפּי־כער און טערקיש געווער וועט ער קריגן פאַר די ייִדעלעך דאָרט אין טער־קייַ. און אונדזערע ברידערלעך, די קאָזאַקן, ווייסן נישט צו שאַנעווען זייער אייגענע סחורה. הרגענען אַוועק די ייִדעלעך. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל גיט מען פאַר זיי געלט.

— קלוג רעדסטו, אַלטיטשקער. זיי ווייסן נישט, אונדזערע ברידערלעך קאָזאַקן, ווי אומצוגיין מיט זייער אייגענער סחורה — שטימט מיט אים אייַן אַן אַנדער קאָזאַק.

— היי, אַלטיטשקער, ברענג אונדז צו מוראַד־כאַן, ווו איז ער? — זאָגט דער קאָזאַק, אָננעמענדיק שלמהן בייַם רוקן און שלעפּנדיק אים נאָך זיך.

— דו לאָז אים אָפּ, ליבער, שאַנעווע אים. פאַר אַ טויטן ייִדן וועט מוראַד־כאַן גאָרנישט וועלן געבן, — זאָגט דער אַלטיטשקער.

— מאַך אים אונטערשפּרינגען אַביסל ווי אַ פערדל. אָקעוויט גיב אים צו טרינקען, ער זאָל אויסזען לעבעדיקער.

איינער פון די קאָזאַקן האָט גענומען אַ קופּערנע כלי פון אָקעוויט און צוגעבויגן צו שלמהס מויל און געגעוויט דעם האַלב־טויטן יונגנמאַן צו טרינקען.

— שמע ישראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד! — האָט שלמה געהערט אין זייַן אויער רופן. האַלב אין חלום, האַלב אויפגעוואַכט פון בראָנפן, האָט ער זיך אומגעקוקט און דערזען דעם אַלטיטשן, וואָס האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און גערופן צו אים:

— אָך, וואָס, דו ייִדל, דו שלאָפסט? וואַך אויף, גאָט לויב!

שלמהן איז די שטים פאַרגעקומען באַקאַנט, זייער באַקאַנט, נאָר ער האָט נישט געדענקט ווו ער האָט זי געהערט.

די קאָזאַקן האָבן שוין אָפּגעוואָרט אין דרויסן. זיי האָבן אַרומגערינגלט די ייִדן און אָנגעהויבן זיי צוזאַמענטרייַבן אַזוי ווי שאָף און געיאָגט זיי אין אַ גרויסן סאָד אַרייַן וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פּלויט. עס זייַנען געווען אַרום צוויי טויזנט ייִדן מיט פרויען און קינדער. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען אַ פּאָר רבנים. דער אַלטער רב, ר׳ אהרן, דער ראש־הישיבה פון טולטשין און אַנדערע רבנים וואָס זייַנען געווען גרויסע בעלי־קבלה, און זיי מיט דעם הייליקן שנייַדערל, וואָס איז שוין אויך געגאַנגען אָנגעטאָן אין זייַנע תכריכים, מיטן טלית איבערן קאָפּ, האָבן געפירט די ייִדן. די חזנים האָבן אַלץ נישט אויפגעהערט צו זינגען, כדי די ייִדן זאָלן נישט אַרייַנפאַלן אין עצבות און זאָלן חלילה נישט קומען צו קיין שוואַכקייט. און דער עולם נאָך זיי:

אם תחנה עלי מחנה, לא ייראׂ לבי;
אם תקום עלי מלחמה, בזאת אני בוטח.

עס האָבן נישט געוווּסט די ייִדן וואָס די קאָזאַקן ווילן מיט זיי טאָן: צי זיי ווילן זיי לאָזן לעבן, צי אויסהרגענען. עס איז זיי געווען אַלצאיינס. עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכער מוט האָט זיי באַגייַסטערט צום שטאַרבן. זיי האָבן געזען די טויערן פון גן־עדן, ווי זיי עפענען זיך פאַר זיי. און נישט פאַרן טויט האָבן זיי זיך געשראָקן, נאָר אַ טיפע שרעק האָט זיי אַרומגענומען אַז מען זאָל זיי נישט צעשיידן, אַז מען זאָל חלילה פון זיי די פרויען, די קינדער נישט אַוועקנעמען. זיי זייַנען גרייט געווען אַליין זייערע אייגענע צו טויטן, איידער זיי זאָלן חלילה פאַרשוועכט ווערן. עס האָבן געקוקט די פרויען אויף די מענער, און אין זייער בליק איז געווען דאָס פאַרשטענדעניש פאַרן טויט. זיי האָבן נישט געוויינט, אַפילו די קינדער האָבן נישט געוויינט. דאָס געזאַנג פון די חזנים האָט זיי אַרייַנגעבראַכט אין אַזאַ דערהויבנקייט, אין אַזאַ נשמה־פרייד, אַז עס איז פאַרלוירן געגאַנגען פון זיי יעדער ערדיש געפיל, און אַ טייל פון זיי האָבן שוין געלעבט אין דעם ווייַטן אומבאַגרענעצטן לעבן פון יענער זייַט.

דער גאָרטן איז פול געווען מיט צייַטיקע פרוכטן. עס איז שוין געווען אין די אלול־טעג. און די זון האָט געשייַנט. און די וועלט האָט אויסגעזען יום־טובדיק. און אַלע זייַנען געווען צוזאַמען. און די חזנים האָבן געזונגען. האָבן אַ טייל פון זיי געזען בלוי ליכט, ווי דער הימל עפנט זיך פאַר זיי. און זיי שווימען שוין אַרייַן אין דער אומענדלעכקייט. און אַ טייל פון זיי האָבן געהערט דאָס געזאַנג וואָס דרינגט פון יענער וועלט, ווו גאָט זיצט מיט די צדיקים און לערנט מיט זיי תורה. און די קינדער האָבן געמיינט אַז אַ גרויסער, גרויסער יום־כיפור איז געקומען, און אָט באַלד וועט משה רבינו קומען,

און דוד המלך וועט שפּילן אויפן פידעלע. און אָט רײַט דער מלך המשיח אויף אַ ווײַס פֿערד! ער רײַט, ער רײַט פון די וואָלקנס אַרויס, און אַלע וואַרטן אויף אים, און אָט באַלד קומט ער אָן... און באַלד שטײַגט ער אַראָפּ פון די וואָלקנס.

און שרעק איז איבערגעגאַנגען אין פרייד. אַן אומענדלעכע טיפע פרייד האָט געהערשט צווישן מענטש און מענטש. פֿאָטערס, מוטערס און קינדער זײַנען זיך צוזאַמענגעקומען און די גאַנצע עדה איז געוואָרן ווי איין משפּחה. די ייִדן האָבן זיך אָנגעהאַלטן איינער אין אַנדערן בײַ די גאַרטלען, און די קינדער האָבן זיך געקלאַמערט אַרום די מוטערס. און די גאַנצע עדה ייִדן האָט זיך געקליבן אַרום די רבנים און די חזנים. און באַלד איז דער יום־טוב געוואָרן אומגעהויער גרויס. און קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי עס האָט פּלוצים ווער פון עולם אָנגעהויבן הלל צו זאָגן:

הללויה הללו, עבדי יי, הללו את שם יי!

די ייִדישע שטימען האָבן זיך אויסגעמישט אינאיינעם מיטן צערקווישן כאָר, און עס איז געווען ווי דער מערדער און דער קרבן זינגען צוזאַמען זייער לויב פֿאַר גאָט אין דעם הערלעכן זוניקן טאָג. באַלד איז דאָס צערקווישע זינגען פֿאַרשטומט געוואָרן. דער פּאָפּ האָט גענומען די פֿאָן מיטן הייליקן בילד און אַרײַנגעשטעקט אין דער ערד, אויף אַ גרין בערגל לעבן דער פֿאָן האָט זיך אַוועקגעשטעלט דער קרענקלעכער נידעריקער קאָזאַק וואָס האָט זיך געמוטשעט אין דעם לאַנגן פוטערנעם מאַנטל.

קריוואָנאָסעס פּנים איז געווען טרויעריק און קאַלט ווי דאָס פּנים פון אַ קראַנקן מענטשן. אַ מינוט האָט ער זיך אומגעקוקט אויף די צונויפגעגעפּרעסטע ייִדן, ווי זיי האַלטן זיך אַרום בײַ די הענט אַלע אינאיינעם, און זייער זינגען שטייגט וואָס אַמאָל העכער מיט מער פרייד און באַגײַסטערונג, און זיי זעען נישט אים, נישט דאָס הייליקע בילד און נישט די קאָזאַקן אַרום מיט די שווערדן און פּיקעס און בולאַוועס — ווי זיי וואָלטן ערגעץ ווו אַוועקגעגאַנגען און געזען אַנדערע זאַכן און געהערט אַנדערע שטימען, און ווייסן נישט וואָס עס טוט זיך אַרום זיי.

קריוואָנאָס האָט זיך דערשראָקן פֿאַר דעם שטורמישן געזאַנג פון די ייִדן. ער האָט זיך דערשראָקן פֿאַר דער פרייד וואָס שײַנט אַראָפּ פון די ייִדישע פּנימער און ער איז שטיין געבליבן אַ פֿאַרווּנדערטער און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. זײַן קרענקלעך פּנים איז באַלעבט געוואָרן און זײַנע קליינע אויגן האָבן זיך ברייט אויפגעעפנט און אויסגעדריקט שרעק. דער פּאָפּ האָט אים געגעבן דעם צלם אין דער האַנט אַרײַן.

— צום לעצטן מאָל רוף איך צו אײַך: דער וואָס וועט אָננעמען די קריסטלעכע אמונה וועט בלײַבן לעבן. — קומט אהער צום צלם!

זה היום עשה ה׳ נגילה ונשמחה בו,
זה היום עשה ה׳ נגילה ונשמחה בו.

האָבן די ייִדן אָפּגעענטפערט מיט געזאַנג.

און ווידער איז קריוואָנאָס געבליבן שטיין און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן און געקוקט מיט פאַרוווּנדערונג אויפן פּאָפּ.

— טו גאָטס זאַך, — האָט דער פּאָפּ אים געהאַלטן אין איין צלמן.

— קאָזאַקן, אויף די ייִדן, הורא!

און אַ געשריי „הורא" האָט פאַרהילכט דעם גאָרטן, און פון אַלע ווינקעלעך פון גאָרטן האָבן זיך די קאָזאַקן געלאָזט לויפן אויף די גרופּעס ייִדן. טייל האָבן געהאַלטן אין האַנט קרומע שווערדן, אַנדערע לאַנגע פּיקעס, און גאָר אַנדערע באַנעגלטע בולאַוועס — און געוואָרפן זיך אויף די ייִדן.

די ייִדן האָבן זיך אַרומגענומען, מענער, ווײַבער און קינדער האָבן זיך געהאַלטן געאָרימט, און האָבן געשריגן אינאיינעם:

שמע, ישראל, ה׳ אלהינו ה׳ אחד!

באַלד האָט זיך געדאַכט אַז דאָס רופן צו גאָט האָט איבערגעשטיגן דאָס געשריי פון די קאָזאַקן. נאָר איינציקווײַז זײַנען זיי פאַרשטומט געוואָרן, אויסגעלאָשן געוואָרן אין מיטן, ווי ברענענדיקע ליכטער. און עס האָבן זיך אַוועקגעלייגט צווישן דעם צעטראָטענעם גראָז און צעבראָכענע צווײַגן גאַנצע משפחות, פאָטער, מוטער און קינדער. זייער בלוט איז געוואָרן צוזאַמענגעמישט און זייערע נשמות זײַנען אויסגעגאַנגען אינאיינעם, אַרומהאַלטנדיק זיך פעסט בײַ די אָרימס און אינאיינעם רופנדיק: „שמע ישראל!"

פערצן הונדערט מאַן, ווײַב און קינד, זײַנען אין דעם טאָג אין גאָרטן אין טולטשין אויסגעשאָכטן געוואָרן פון די קאָזאַקן. די איבעריקע האָבן די טאָטערן אַוועקגעפירט אויף די שקלאַפנמערק. נאָר קיין איינער פון זיי האָט נישט געקויפט זײַן לעבן מיט זײַן אמונה.

---

אונטער אַ בוים צווישן צעטראָטן גראָז און אָפּגעהאַקטע צווײַגן האָט זיך געוואַלגערט דער קערפּער פון פּרנס פון זלאָטשעוו. די אויגן זײַנע האָט ער געהאַלטן אָפן און געווענדט צום הימל. דאָס פּנים זײַנס וואָס איז דורך די לעצטע פּאָר מאָנאַטן פאַרעלטערט געוואָרן האָט אַפילו נאָך איצט, בײַ דער בלייכקייט פון די ליפּן, געוויזן שטאַרקייט און לעבעדיקייט, און עס האָט זיך גאָרנישט געוואָלט גלייבן אַז דאָס אָפּגעברענטע פּנים מיט דער אָפּגעשיילטער הויט איז טויט, ווײַל אויף דעם פּנים האָט געשײַנט דער רויִקסטער און געזונטסטער שמייכל.

און אפשר איז עס געווען דערפאַר, ווײַל לעבן אים איז יוכבד געלעגן.

נאָר ווי איר פּנים האָט אויסגעזען קען מען נישט וויסן, ווייל זי האָט געהאַלטן איר פּנים איינגעגראָבן אין זיין ברוסט...

אין גאָרטן איז שטיל געווען ווי אין סטעפּ. צווישן גראָז און אָפּגעהאַקטע צווייגן, צווישן צעטראָטן אויבסט און טרוקענע בלעטער, האָבן זיך געוואַלגערט קערפּערס, צעטראָטענע און צעשפּאָלטענע, ווי די פרוכט פון די ביימער. מען האָט געקענט מיינען אַז עס ליגן גאָר פּעקלעך אָנגעטועכץ, באַשמוצט מיט בלאָטע און בלוט. נאָר דאָרט ווו עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ פּנים, צי פון אַ מאַן מיט פאַרגליווערטע פּאות אין בלוט, צי פון אַ פרוי מיט פאַרשלאָסענע טויבנאויגן, צי פון אַ שלאָפנדיק קינד, — האָט אַרויסגעשיינט אַ שטילער, צניעותדיקער שמייכל פון באַהאַלטן אינעווייניקסט גליק. ווי די מענטשן וואָלטן ווייטער געלעבט, און זיי זעען עפּעס אין זייער לעבן, הערן עפּעס, נישט פון דער וועלט און נישט פון דער ערד...

---

אויפן גרינעם בערגל האָט אַ פאַרשעמטע געפלאַטערט די קריסטלעכע פאָן. קריוואָנאָס האָט זי פאַרגעסן מיטצונעמען, ווען ער איז געגאַנגען אין שטאָט אַריין אויסמאָרדן די קריסטלעכע פוילישע באַפעלקערונג.

### ב ט ח ו ן

אין לובלין האָט שלמהלע געטראָפן נרדפים פון טולטשין און פון באַר און פון אַנדערע שטעטלעך. דאָרט איז ער געוווּיר געוואָרן פון די אַנוסים פון זיין פאָטער און מוטערס טויט, וואָס זיינען געשטאָרבן על קידוש־השם מיט די אַנדערע ייִדן אין טולטשין. נאָר קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס עס איז געוואָרן מיט דבורהן, נישט מיט דבורהן און נישט מיט דער קריסטלעכער דינסט.

נאָר שלמה האָט יאָ געוווּסט. ער האָט געוווּסט אַז זי איז אַרויפגעגאַנגען אין הימל בקדושה ובטהרה. זי איז אויבן אין הימל און וואַרט אויף אים.

ער האָט נישט געטרויערט נאָך איר. נאָר אַ גרויסע בענקשאַפט האָט אים אַרומגענומען נאָך איר, נאָך די טעג פון זיין מיט איר אינאיינעם.

איז ער אַרומגעגאַנגען אין לובלין אויפן יאַרמאַרק צווישן די נרדפים און די גרושים און די עגונות מיט די אלמנות און יתומים. ער האָט געוואָלט פאַרשטיין דעם טעם פון די צרות. ער האָט אויף איין מינוט פאַרלוירן דעם טעם און נישט פאַרשטאַנען, און איז אַריינגעפאַלן אין עצבות. דאָס האָט אים געבראַכט צו גרויס שברת־הלב, ווייל עס איז ידוע אַז פון עצבות צו ספקות איז נאָר איין מדרגה.

איז ער אַמאָל געגאַנגען אין אַן ענגער גאַס אין לובלין, דאָרט ווו עס זיינען די קראָמען. אַזוי האָט ער געזען עס שטייט אַ זקן פאַר אַ לײדיק גע־

וועלב און רופט אַרײַן קונים־אין געוועלב אַרײַן. אַזוי האָט ער זיך זייער פאַרוווּנדערט, ווײַל דאָס געוועלב איז געווען ליידיק און עס איז גאָרנישט געווען צו פאַרקויפן. איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין געוועלב אַרײַן און געפרעגט דעם זקן:

— וואָס פאַרקויפט איר דאָ? אײַער געוועלב איז דאָך פּוסט און ליידיק און עס איז גאָר קיין סחורה נישטאָ.

— איך פאַרקויף בטחון.

האָט ער אָנגעקוקט דעם אַלטן, איז ער אים פאַרגעקומען באַקאַנט, ווי ער וואָלט אים שוין געווען אַמאָל געזען...

ש. ניגער

## וועגן תהילים־ייד

נאָך „גאָטס געפאַנגענע" — „דער תהילים־ייִד". ער האָט גענומען שרײַבן דאָס בוך אין די יאָרן, ווען דער היטלעריזם און מיט אים אינאיינעם דער רשעותדיקסטער ייִדנהאַס האָט זיך געריסן צו מאַכט. אַש האָט דאַן ווידער זיך אָפּגערופן אויף די צײַט־געשעענישן מיט אַ היסטאָרישן ראָמאַן, אַזוי ווי ער האָט עס געטאָן באַלד נאָכן ערשטן וועלט־קריג, ווען ער האָט אָנגעשריבן זײַן „קידוש השם"... אין אַן אינטערוויו, וואָס ער האָט געגעבן אַ פאַרשטייער פון „פאָרווערטס"*, האָט ער דערקלערט:

„פּונקט ווי די אוקראַיִנער פּאָגראָמען און שחיטות פון 1918־1919 האָבן אין מיר דעמאָלט געשאַפן דעם ווילן צו שרײַבן אַזאַ ווערק ווי „קידוש השם" פון כמעלניצקיס צײַטן און צו געבן די פאַרהערלעכונג פון דעם אַמאָליקן ייִדישן „קידוש השם", אַזוי זײַנען איצט דאָ טרויעריקע דערשײַנונגען אין דעם אַרומיקן לעבן, וועלכע האָבן מיך געשטויסן צו שרײַבן אָט דאָס נײַע ווערק. לעצטנס קומען אָנפאַלן, נידערטרעכטיקסטע אָנפאַלן פון דער פאַלשער דײַטשער וויסנשאַפט און כלומרשטער קולטור נישט נאָר אויפן לעבעדיקן ייִדן, נאָר אויך אויף דעם ייִדישן גײַסט, אויף דער ייִדישער מאָראַל און עטיק. דאָס האָט אַרויסגערופן בײַ מיר דעם דראַנג צו שרײַבן און באַשרײַבן אַ קידוש השם, אָבער נישט בלויז פון דעם לעבעדיקן ייִדישן מענטש, נאָר דעם קידוש השם פון דער ייִדישער אידייע, פון ייִדישן גײַסט, ווי ער איז פאַרקערפּערט געוואָרן אינעם לעבעדיקן ייִדישן לעבן. אַ דענקמאָל דעם ייִדישן לעבן וואָס גייט אַוועק און וואָס וואָלט געקענט די ייִדישע יוגנט העלפן איר זוכן דאָס אידעאַלע, דאָס דערהויבענע, דאָס שיינע און גאַנצע אין אונדזער פאַר־

* ייִדישע צײַטונג אין צפון־אַמעריקע.

גאַנגענהייט... איך גלייב און בין זיכער, האָט ער שטאַרק אַקצענטירט דעם דאָזיקן געדאַנק, אַז אין אַזאַ גאָטלאָזער, מוטלאָזער, פאַרצווייפלטער צײַט, אין וועלכער מיר לעבן איצט, איז גוט צו געבן אַזאַ בוך, אין וועלכן עס ווערט אָפּגעשפּיגלט דער בטחון. דאָס קען באַגײַסטערן און אינספּירירן דעם דור, דעם יינגערן מענטש, פּונקט ווי עס האָט מיך אַליין אינספּירירט און באַגײַסטערט בײַם שרײַבן".

דאָס האָט אים אָן קיין שום ספק אינספּירירט און באַגײַסטערט, ווען ער האָט געשריבן דעם „תהילים־ייִד" און דאָס איז זיכער איינע פון זײַנע טיפסטע כוונות.

ווער איז ער, אָט דער „תהילים־ייִד", דער העלד פון אַש׳ס נײַעם, האַלב־רעאַליסטישן, האַלב־ראָמאַנטישן ייִדישן פאָלקס־עפּאָס? ווער איז ער און וואָס ווערט דערציילט וועגן אים?

ער האָט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון פאַריקן יאָרהונדערט און די געשעענישן, די לעבנספּירונגען און אַ סך פון די רעליגיעזע השגות, וואָס ווערן באַשריבן אינעם בוך, געהערן שוין לאַנג צו דער פאַרגאַנגענהייט. דאָך איז דאָ אינעם ראָמאַן — אויפן ערשטן און אויפן לעצטן בלאַט — אַן אָנצוהערעניש אויף אונדזער צײַט.

די געשיכטע הייבט זיך אָן, ווען די „נאַפּאָלעאָנישע חיילות האָבן נאָר וואָס דאָס לאַנד (פּוילן) אַדורכגעצויגן"... „די מלחמות פון גוג און מגוג זײַנען שוין אַדורכגעגאַנגען, און די טריט פון דעם פאַרשפּעטיקטן משיח הערן זיך נאָך אַלץ נישט"... איז עס נישט ענלעך צו אונדזער אייגענער תקופה? חבלי־משיח אָן משיחן... בלויז אַ פאַרשטאַרקטער און אַ פאַרטיפטער גלויבן קען אין אַזעלכע אומשטענדן ראַטעווען מענטשן פון פאַרצווייפלונג און אומקום. אַזוי איז עס געווען מיט הונדערט יאָר צוריק. איז עס נישט אַזוי אויך אין אונדזערע „משיחס צײַטן"? איז אויך איצט נישט נייטיק אַ פאַרטיפטער און אַ פאַרשטאַרקטער גלויבן?

נאָך די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות און רעוואָלוציעס זײַנען בײַ ייִדן אין פּוילן געווען „קינסטלער פון גלויבן", אַזעלכע, ווי דער תהילים־ייִד. איצט זײַנען זיי נישטאָ מער, — און נישט נאָר איצט. גלײַך נאָך דעם, ווי ר׳ יחיאל, דער תהילים־ייִד, איז נסתלק געוואָרן, האָבן ייִדן, ווען זיי זײַנען געגאַנגען צוריק פון זײַן לוויה און האָבן געזען די אײַזנבאַן, וואָס מען האָט דאַן אָנגעהויבן בויען, — אויסגעדריקט אַ געפיל פון מורא, אַז — „אַ נײַע צײַט שטייט אויף, און ווער ווייס, צי דער נײַער דור וועט ראוי זײַן, אַז אַזאַ צדיק זאָל געבוירן ווערן אין אים"... נאָר (און אָט דאָס איז דער שלום פונעם „תהילים־ייִד") איינער איז דאָרט געווען צווישן דעם עולם, האָט ער געזאָגט: „איך שרעק זיך נישט. יעדער דור האָט זײַנע צדיקים! ווי עס איז געזאָגט: „דער צדיק איז דער פונדאַמענט פון דער וועלט"...

געשטאָרבן דער אַמאָליקער צדיק — זאָל לעבן דער צדיק, ווי מיר שטעלן זיך אים פאָר איצט! אויסגעלאָשן געוואָרן דער פאַרצײַטיקער גלויבן — זאָל אַ נײַער גלויבן זיך אָנצינדן, זאָל אַ נײַער רבי זיך ווײַזן — און זאָל ער נאָר זײַן אַזוי גאַנץ, אַזוי עכט און אַזוי מסירת-נפשדיק, ווי דער תהילים-ייִד איז געווען, וועט ער זײַן אַזוי געבענטשט ווי יענער און מיר וועלן אויסגעלייזט ווערן פון אונדזערע לײַדן און אויפגעהויבן ווערן פונעם תהום, אין וועלכן מיר זינקען...

דאָס איז דער פאָדים, דער שטראַל ליכט, וואָס ציט זיך צו אונדז פון „תהילים-ייִד". דאָס איז זײַן שײַכות צו אונדזער צײַט — און צו אַלע צײַטן.

שלום אַש

# דער תהילים-ייִד

## יחיאל ווערט אַנטפּלעקט

יחיאל האָט זיך דערנסטמאָל געפונען אין זײַן גלות-אָפּריכטן אין אַ שטאָט אויף יענער זײַט ווײַסל אין די פּלאַצקער קאַנטן. ער האָט זיך אויפגעהאַלטן אין בית-המדרש אַ פּאָר טעג וואָרים עס איז געווען אינמיטן ווינטער, אין דרויסן איז געווען אַ גרויסער פראָסט, אַ סכנה ממש צו לאָזן זיך אין וועג אַרײַן. ער איז שוין געווען אַזוי באַוואַקסן און פאַרנאַכלעסיקט, אַז קיין מענטש וואָלט נישט געווען געזאָגט, אַז דער צעשויבערטער, פאַרקאָלטנטער, באַוואַקסענער מענטש האָט אַמאָל אַן אַנדער לעבן געפירט ווי די וואַגלעניש, דאָס אַרומוואַלגערן זיך איבער דער מדינה. אויף זײַנע דיק-באַוואַקסענע האָר איז געזעסן אַ פּויעריש אויסגעקראָכן פוטערן היטל, וואָס ער האָט ערגעץ ווו באַקומען. זײַן קאַפּאָטע איז באַשטאַנען אויס לויטער שליצן מיט פאַרלאַטעטע שמאַטעס, פאַרבונדן מיט אַ שטרויענעם גאַרטל, אויף די פּיס זײַנען געווען צונויפגעבונדענע אָניטשעס*. דאָס פּנים און די הענט זײַנען געווען געשוואָלן, אָפּגעשיילט, מיט ווילדפלייש באַוואַקסענע רויטע פלעקן.

ער איז געשטאַנען הינטערן אויוון, נישט געוואַגט אַרויפצוקריכן אינדערהויך, אײַנגעגראָבן דאָס באַוואַקסענע פּנים אין אַ ספרים-שאַנק און געמורמלט אין זיך אַרײַן. עס זעט אויס, אַז פאַר עקסטאַז האָט ער נישט געוווּסט, אַז ער הייבט די הענט צום הימל. אָבער זײַן קאָפּ האָט ער געהאַלטן פאַרוואָרפן אינדערהויך, און ער איז אַזוי לאַנג געשטאַנען אויף די פּיס. האָט דאָס געצויגן אויפמערקזאַמקייט, צוערשט פון די בית-המדרש-ייִנגלעך, שפּע-

* פוסטיכער.

טער פון די אַנדערע ייִדן אויך. מען האָט זיך געדרייט אַרום אים, מען האָט געוואָלט אויפכאַפּן וואָס ער זאָגט. ווען מען האָט געהערט, אַז ער זאָגט גאָר תהילים, האָט מען אים צורו געלאָזט.

נאָר ווען די אַנדערע האָבן אים צורו געלאָזט, האָט אים געהאַלטן אין איין נאָכקוקן אַ מאַן מיט אַן אויסגעבויגענער, לאַנגער גרווילעכער באָרד, אויך אַן אורח ווי ער. שוין שעהן־לאַנג שטייט ער פון דערווייַטנס און וואַרט אַלץ אויף אַ געלעגנהייט צו קוקן יחיאלן אין פּנים אַרייַן. מען זעט נישט יחיאלס פּנים, וויַיל ער איז באַהאַלטן אין דער ספרים־שאַנק. דער מאַן שפּירט אים שוין נאָך פון נעכטן־אָן. ער לאָזט אים אויף איין מינוט פון די אויגן נישט אַרויס. גייט־נאָך יחיאלן פון דערווייַטנס. ער איז געשלאָפן אין בית־המדרש אינטער אַ באַנק און צוגעקוקט זיך, וואָס יחיאל טוט בייַנאַכט. איצט שטייט ער שוין נאָענט פון יחיאלן, הינטער אים. אין זייַנע פאַרמאַכטע ליפּן, אין זייַנע שטאַרע, דערשראָקענע אויגן, אין זייַן ערנסטן שאָקלען זיך זעט מען אַן, אַז דער פרעמדער האָט בדעה עפּעס צו טאָן. ער וואַרט מיט אייַזערנער גע־דולד, ביז יחיאל זאָל זיך אויסדרייען פון דער ספרים־פּאָליצע, אַז ער זאָל אים אין פּנים אַרייַנקוקן. ער וואַגט עס נישט צו טאָן אַליין, און ער וואַרט ביז יחיאל וועט זיך אויסדרייען. אַזוי געדויערט עס שעהן און שעהן. ענד־לעך, ענדלעך, אַז יחיאל האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים פון דער ספרים־שאַנק און געוואָלט ערגעץ גיין, איז אים דער פרעמדער דעם וועג פאַרלאָפן, האָט זיך געשטעלט יחיאלן אין פּנים־אַרייַן און לאַנג און טיף אים אין די אויגן געקוקט. דאַן האָט ער פון זיך אַ קוויטש אַרויסגעגעבן, באַגלייט מיט אַ הענט־פּאַטשן.

— איך האָב דאָך געוווּסט, אַז דאָס איז ער! שלום עליכם, רבי! — האָט ער אויסגעשטרעקט צו יחיאלן אַ ציטערדיקע האַנט.

אַז יחיאל האָט אים אָנגעקוקט מיט ווונדער און געוואָלט אויסמייַדן זייַן בליק און זייַן גאַנג פון אים, האָט אים דער פרעמדער כמעט צוגעהאַלטן.

— איך וועל אייַך נישט אָפּלאָזן, איך זוך אייַך שוין אַרום זינט וואָכן. איר זייַט דאָך ר׳ יחיאל, דער „תהילים־ייִד"!

— איר זייַט אייַך טועה, ר׳ ייִד! — זאָגט יחיאל, און וויל ווייַטער גיין.

אַ מינוט קוקט נאָך דער פרעמדער, פאַרכאַפּט אין דער נעץ פון ספק, אָבער באַלד גיט ער זיך אַ רייַס אַרויס פון דער נעץ.

— ניין, איך בין זיך נישט טועה! איר זייַט ר׳ יחיאל, דער „תהילים־ייִד", און איך זוך אייַך טאַקע! רבי, איך בין אייַך געקומען אָנזאָגן די בשורה, אַז זעליג דער פערד־סוחר איז געהאָלפן געוואָרן. זייַן ווייַב האָט מיט מזל גע־בוירן אַ מיידל, און מען האָט איר אַ נאָמען געגעבן רייזל, נאָך אייַער פרום ווייַב, עליה־השלום!

— געבוירן אַ מיידל? פון וואַנען ווייסט איר? — האָט יחיאל אַ בלייכער פון שרעק אויסגערופן.

— דאָס זוך איך אײַך טאַקע איבער דער גאַנצער מדינה, אײַך אָנצוזאָגן די בשורה, אַז אײַער תפילה איז אָנגענומען געוואָרן, און אײַער צײַט איז געקומען, איר זאָלט נתגלה-ווערן!

— אָבער ווער זײַט איר? — האָט זיך שוין יחיאל צוריקגעפונען.

— איר דערקענט מיך נישט, רבי? איך בין דאָך עזריאל, דער ייִד, וואָס איר האָט אים די פיס געהיילט אין קרעטשמע!

ערשט איצט האָט זיך יחיאל דערשראָקן מיט דער אַנגסטיקער שרעק, וואָס עס באַפאַלט אַ מענטשן, ווען ער זעט זײַן באַשערטקייט באַלויכטן פאַר זיך מיט דער ליכט פון אַ בליץ-שטראַל. ער האָט געזען אַ צייכן פון הימל, וואָס מען וויל אויבן פון אים, און אַ טיפע פאַרשעמטקייט האָט אים ווי אַ וואָלקן אַרומגעהילט, — אַ פאַרשעמטקייט און אַ דערציטערונג. זײַן האַרץ האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן הויך. ער איז בלייך געוואָרן, זײַנע ליפּן — אָן אַ טראָפּן בלוט. ער האָט די אויגן געווענדט צו דער ערד, ווי מען וואָלט אים געכאַפּט בײַ אַ שרעקלעכער זאַך, בײַ אַן עבירה. אין האַרץ האָט ער גאָט געדאַנקט פאַר דעם חסד, און מיט די ליפּן האָט ער געהאַלטן אין איין פאַרלייקענען זיך:

— אָבער איך בין דאָך גאָרנישט דער, וועמען איר זוכט...

— רבי, איר וועט זיך נישט אַרויסמאַכן. איר זײַט עס! ייִדן! ייִדן! איר ווייסט, ווער דאָס איז? — האָט שוין דער ייִד, ר׳ עזריאל, גערופן אַרום זיך דעם עולם צוזאַמען, — ייִדן, איר ווייסט ווער עס איז מיט אונדז? דאָס איז דאָך דער קדוש-וטהור, ר׳ יחיאל, דער „תהילים-ייִד"!

אין אַ מינוט אַרום איז שוין יחיאל געווען אַרומגערינגלט פון הונדערטער בחורים און ייִדן, וועלכע האָבן אים מיט גרויס יראת-הכבוד ציטערדיקע הענט אויסגעשטרעקט:

— שלום-עליכם, רבי!...

## ע ב ו ד ה

אַכצן יאָר זײַנען פאַרבײַ, זינט מיר האָבן דאָס לעצטע מאָל יחיאלן באַגעגנט. הײַנט איז ער דער באַקאַנטער יאַנאָווצער רבי, וואָס דאָס פאָלק האָט געקרוינט מיטן נאָמען „דער תהילים-ייִד".

ער איז צוריקגעפאָרן אין זײַן שטעטל אַרײַן. ער איז געוואָרן רבי. און ר׳ עזריאל דער ייִד מיט די אָפּגעפרוירענע פיס, וואָס האָט אים דער ערשטער דערקענט, איז געוואָרן זײַן שמש.

ער האָט זיך באַזעצט צווישן דער אָרעמקייט. זײַן הײַזל שיידט זיך מיט גאָרנישט אונטער פון די אַנדערע, עס שטייט אײַנגעהויקערט, די ווענט צע-

קרימט אונטער דעם שווערן קאַפּל פון אַ דורכגעווייקטן שינדל־דאַך. ציגן דערגרייכן אַהין מיט זייערע פאַדערשטע פיס און גריזשען חוצפּהדיק די פּאַר גרעזער, וואָס וואַקסן־אַרויס פון אַ טיפן מאָך, וואָס האָט זיך אָנגעזעצט אויפן דאַך. דאָס געסל איז אַ המשך פון דעם לאַנגן וועג, וואָס ציט זיך פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, און די הײַזלעך שטייען שיטער פאַנאַנדער־געשאָטן איבער ברייטע פּײַכטע פעלדער. הינטער די הײַזער רינט דאָס קלייִנע שטילע טײַכל, די פּיאַסטעווקע, וואָס אַ גאַנץ יאָר איז עס באַשיידן, נאָר אויפן פרילינג און האַרבסט צעגיסט זיך עס און פאַרפלייצט דאָס שטעטל. אין די שטובן זיצן אָרעמע, באַשיידענע מענטשן, וואָס גייען־אַן מיט זייער טאָג־טעגלעכער אַרבעט, בעלי־מלאכות: מענער־שנײַדער, קירזשנער, שוס־טערס, בלעכערס, דאָרפסגייער און סעדער־ייִדן.

אין הײַזל וווינט ער אַליין, האַלטן זיך אויף אַרום אים אָרעמלײַט, אור־חים. זיי ווייסן, אַז בײַם „תהילים־ייִד" קען מען שטענדיק אַ נדבה באַקומען, און צו עסן און טרינקען פעלט אויך נישט. אָפטמאָל מאַכט זיך, אַז אַ רײַכער קצב ברענגט צום רבין אַ מתנה אַ זײַטל פלייש, די פישערס — די גרעסטע העכט און קאַרפּן, די אַרענדאַרן, די מילכיקער ברענגען אים עופות, פּוטער, אייער. און נישט זעלטן טרעפט, אַז אויך די פּויערים און פּויערטעס פון די אַרומיקע דערפער פאַרפאָרן, מיט זייערע חולאים אויף די פורלעך שטרוי אויסגעבעט, צום ייִדישן רבין, לאָזן זיי אים איבער אייער אָדער אַ זעקל קאַרטאָפל, אַ בינטל ציבעלעס, — שיקט דאָס דער רבי אויפן הויף אַרויס צו די אָרעמלײַט. און וויפל מאָל קומט פון אַן אַנדער שטאָט אַ באַלעבאָס צו־פאָרן מיט אַ קוויטל, הייסט דער רבי, ער זאָל נדבות די אָרעמלײַט צע־טיילן, וועט ער געהאָלפן ווערן. האַלטן זיך דעריבער תמיד אַרום אים אויף מאות שנאָרערס, ווי קראָען אַרום אַ שטויס תבואה.

וואָרים פאַר זיך אַליין באַדאַרף ער גאָרנישט. קודם־כּל איז ער אַליין, אָן משפּחה. ער האָט אַפילו אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט, נאָכדעם ווי זײַן ערשטע ווײַב רייזל איז געשטאָרבן. די אשה, וועלכע איז געווען פון גרויס יחוס, אַ בת תלמיד־חכם, אַ רבינס אַ טאָכטער, אָפּגעשטאַמט פון בלויזן קוגל־פּעטס, רבנים פון טאַטנס און מאַמעס צד, האָט דורכאויס געוואָלט פירן גרויס שטאַט. זי איז צו דעם געוווינט געווען פון דער היים, בײַ איר פאָטער דעם רבין, און אויך בײַ איר ערשטן מאַן, וועלכער איז געווען אַ רבינס אַן אייניקל. יחיאל אָבער, געוווינט צו אַ באַשיידן, אָרעם לעבן, האָט נישט גע־קענט שלום־מאַכן מיט דעם פּאַראַד, וואָס זײַן ווײַב האָט געוואָלט אײַנפירן. ער האָט זי דעריבער פאַרלאָזט און געוווינט אין בית־המדרש צוזאַמען מיט די אָרעמלײַט. סוף־כּל־סוף איז געקומען צו אַ גט.

פון דענסטמאָל־אָן לעבט יחיאל אָן אַ ווײַב. די למדנישע און רבנישע וועלט האָט אַפילו גרויס תרעומות אויף אים: „שרוי בלא אשה", אַ ייִד אָן

א ווייַב איז אַן דער שכינה. אָבער יחיאל מאַכט זיך נישט דערויס: „מייַן משפחה זייַנען די אָרעמעלייַט". און ער איז שוין פון דענסטמאָל־אָן געבליבן אליין. האָט זיך געקליבן אַרום אים די אָרעמקייט און פאַרלאָזנקייט, געגעבטיקט אין זייַן בית־המדרש, אין זייַן שטוב, דערגאַנגגען צו זייַן בעט, באַלאַגערט זייַן טיש. זי, די אָרעמקייט און פאַרלאָזנקייט, איז געוואָרן זייַן ווייַב, זייַן מוטער, — מיט איין וואָרט, זייַן משפחה, וואָס ער האָט געטיילט מיט איר זייַן לעבן.

אויף די ימים־טובים, ווען דאָס אָנגעלויף בייַם „תהילים־ייִד" ווערט זייער גרויס, נעכטיקן זיי אין די קאַמערן און אין די שטאַלן, וואָס זייַנען אַרויסגעוואַקסן אַרום זייַן שטיבל. אויפן הויף מאַכן זיי אַ פייַער און שטעלן אַרויף אַ קעסל מיט געקעכטס, וואָס זיי האָבן פאַר אים אין שטיבל אַרייַנגעבראַכט.

נאָר נישט אָרעמעלייַט אַליין זייַנען אַרום אים. עס האָבן זיך געקליבן אַרום אים כלערליי פאַרלאָזענע מענטשן, עס האַלטן זיך אויף אַרום אים נאַראָנים און משוגעים. איינער, חיים נאַר, אַ הויכער יונג מיט אַן אויסגעשטרעקטן האַלדז ווי אַ שטעקן, אָנגעטאָן אין אַ מאָדנעם קאַפּעלושל, האָט זיך גענומען דאָס רעכט דעם רבין מוסר צו זאָגן, צו זידלען אים, צו שטראָפן און פאַרשעמען אים בפני כל עם ועדה, פאַר אַלעמען אין די אויגן. קודם־כל האָט ער יחיאלן נישט אַנדערש גערופן, נאָר בייַ זייַן צונאָמען: „יחיאל דאָרפּס־יונג". — „וואָס מיינסטו, אַז דו ביסט געווען אַ פּעקל־טרעגער פאַר די פּויערים אויף די דערפער, קענסטו שוין זייַן אַ רבי?" — זאָגט ער צום רבין, ווען דער רבי פּראַוועט טיש. די חסידים און די אורחים האָבן אים געוואָלט שלאָגן פאַר אַזעלכע רייד. יחיאל לאָזט אים נישט קיין שלעכטס טאָן. יעדן מאָל, ווען עס האָט ווער דעם נאַר אַן עוולה געטאָן, האָט ער אָנגעהויבן הויך צו רופן: „טאַטע, טאַטע!" — און יחיאל איז געקומען צו לויפן פון זייַן שטיבל.

מען האָט געוווּסט, אַז דער רבי איז דעם נאַר זייער מקרב, ער האַלט אים נאָענט בייַ זייַן טיש, ער גיט אים דעם ערשטן ביסן שיריים. האָט מען דעם נאַר געדולדעט און איבערגעטראָגן פון אים אַלע צרות. וואָרים ווי נאַריש ער איז נישט געווען, איז ער דאָך אויף אַזוי פיל קלוג, ער זאָל וויסן, אַז עס איז בייַם „תהילים־ייִד" אַ יחוס צו זייַן אַ נאַר, און ער האָט געצויגן נוצן פון זייַן פּריווילעגיע. ער פלעג זיך דערלויבן פרייַקייטן, וואָס קיין אַנדערער האָט זיך נישט דערלויבט: אַז ער האָט שוין דעם רבין אַליין געקענט זאָגן אַלצדינג, ווער איז דען שוין ניצול־געוואָרן פון זייַן צונג?

---

פון פרימאָרגן־אָן האָבן אין דעם פאָדערשטיבל געוואָרט אויף אים נויט־באַדערפטיקע מיט פאַפּירענע קוויטלעך אין דער האַנט. די טיר האָט געהיט

דער אַלטער עזריאל. אויסגעמאָגערט, אַ סקעלעט, מיטביינער איבערגעצויגן מיט הויט און באַוואַקסן מיט גרויע האָר, איינגעקאָרטשעט, אויפגעגעסן פון אַלטקייט, — איז ער געזעסן, ר׳ עזריאל, ביי אַ קליין טישל, האַרט ביי דער וואַנט, און ביי דעם שיין פון אַ ברענענדיק ליכט האָט ער פאַר יידן אָדער ווייבער קוויטלעך געשריבן מיט אַ ציטערדיקער האַנט... יעדערער האָט אַריינגעלייגט אַ גראָשן אין אַ טעלערל, וואָס איז געשטאַנען פאַרן שמש. מען האָט אין עזריאלס טויבע אויערן אַריינגעשריגן דעם אייגענעם נאָמען און דעם נאָמען פון דער מאַמען, די בקשה, אָדער די קרענק, וואָס מען האָט געזוכט פון איר געהאָלפן צו ווערן: „זיי׳טן-ברעכעניש", „די קינדער זאָלן באַגערן צו לערנען", „אַ גרינגע פרנסה", אָדער „אַ טאָכטער חתונה צו מאַכן".

דאָס פאָדערשטיבל איז וואַרעם און אָנגעשוויצט פון די פיל צעבראָכענע הערצער, פון די טרערן און קרעכצן, וואָס מען פאַרשטיקט אין זיך מחמת יראת-הכבוד פאַרן רבין, וועלכער געפינט זיך אויף דער צווייטער זייט טיר. נאָר עס העלפט נישט. דאָ-און-דאָרט רייסט זיך ביי אַ יידענע, אַן איינגעהיל-טער אין אַ טוך, אַ פאַרשטיקט געוויין אַרויס: „טאַטע אין הימל, מיין אָרעמע שוואַלב!" ביז עזריאל דערמאָנט איר מיט אַן אויפהייב פון זיינע ברעמען: „שאַ, שטיל, דער רבי!"

אויף דער צווייטער זייט טיר, איינגעהילט אין זיין טלית איבערן קאָפּ, שטייט יחיאל און גראָבט זיין פנים אין דעם האַלץ איין... ער האָט נישט געדאַוונט, וואָרים עס איז שוין נאָכן דאַוונען. איצט איז ער זיך מכין פאַר דער הייליקער עבודה אויפצונעמען די יידן, וואָס וואַרטן מיט זייערע בקשות אויף אים אויף יענער זייט טיר. יעדן מאָל איידער ער נעמט אויף דעם עולם נויטבאַדערפטיקע, וואָס קומען צו אים מיט קוויטלעך, אַרבעט ער זיך איין אין אהבת-ישראל, כדי ער זאָל זיין ביכולת די יידן צו העלפן.

„העם בחר לנחלה לו" — דאָס פאָלק, וואָס גאָט האָט אויסגעקליבן פאַר זיין אייגענער נחלה, — ברומט ער אין דער טיר אַריין, וואָס עס וואַרטן אויף אים הינטער איר די נויטבאַדערפטיקע. — „ווער בין איך און וואָס בין איך, אַז איך זאָל זיין אַ מליץ-יושר פאַר איין, ישראל, דאָס הייליקע פאָלק, גאָטס אויסדערוויילטע זין?" און ער האָט גאָט געבעטן אַז ער זאָל אויפעפענען זיין האַרץ, עס זאָל קענען אַריינעמען אין זיך די אַלע ליידן און צרות, וואָס וואַרטן אויף אים הינטער דער טיר. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ר׳ לוי-יצחק באַרדיטשעווער, וועלכער האָט אַריינגענומען דעם צער פון אַ יידן אין זיין האַרץ און נישט פריער אַרויסגעלאָזט, ביז גאָט האָט אים נישט געהאָלפן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן ר׳ נחמן בראַסלאַווער, וועלכער פלעגט האַרץ צע-ברעכן פאַרן רבונו-של-עולם, און זיין טלית איז געוואָרן אדורכגענעצט פון טרערן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן ר׳ פנחס קאָריצער, וועלכער זאָגט אין מדרש-פּנחס: „גאָט איז כולל אַלע נשמות צוזאַמען; אין יעדער נשמה געפי-

נען זיך אַלע נשמות. ווען דער מענטש טוט תשובה, טוען אַלע מענטשן תשובה..." זיי, וואָס זײַנען געשטאַנען אויף אַזאַ מדרגה, זײַנען געווען ראוי פאַר דער עבודת־הקודש. וואָרים זייער האַרץ איז געווען איין ברענענדיק פײַער מיט ליבע פאַר ייִדן. אָבער ווער איז ער און וואָס איז ער, אַז ער זאָל ראוי־זײַן אײַנצושטעלן זיך פאַר ישראל? נאָר ער דערמאָנט זיך אין פסוק: „קרוב ה׳ לנשברי לב ואת דכאי רוח יושיע" — גאָט איז נאָענט צו די צע־בראָכענע הערצער, און די געפאַלענע געמיטער העלפט ער. און ער האָט זיך געמיט און זײַן האַרץ צעבראָכן, כדי צו פילן זיך קליין, כדי ער זאָל אין זיך פילן די נאָענטקייט פון גאָט.

פּלוצלינג הייבט ער אויף די הענט און שרײַט־אויס פון זײַן ווינקל מיט אַ פרייליך קול: „לב טהור ברא לי אלהים ורוח נכון חדש בקרבי" — גאָט, באַשאַף מיר אַ ריין האַרץ און אַן אויפריכטיק געמיט באַנײַ אין מיר. אַז ער האָט דערפילט דעם „לב טהור", האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער פאָדלאָגע, געקושט די שוועל, וואָס ישראל וועט איבער איר אַדורכגיין, געקושט די מזוזה, די לײַסטלעך און אויסגערופן מיט אויפגעהויבענע הענט: „הייליק פאָלק ישראל, וואָס דו טראָגסט מיט ליבע אַלע פײַלן פון גאָט פון זײַן ליבן נאָמענסוועגן! גוט־מאָרגן דיר, הייליק פאָלק ישראל!" ער האָט אויפגעשלאָסן דעם שלאָס פון דער טיר און געזאָגט: „אַזוי ווי איך עפן־אויף די טיר פאַר דיר, אַזוי זאָל גאָט אויפעפענען די טויערן פון רחמים פאַר דײַנע טרערן, ישראל!" — דאַן ערשט האָט ער אויפגעעפנט ברייט די טיר און אויסגע־רופן צום עולם: „ליבע קינדערלעך, קומט אַרײַן! קומט אַרײַן! גאָטס חסד איז אָפן פאַר אײַך!"

יחיאלס קערפּער איז שוין געווען אַדורכגעווייקט אין שווייס און אַנגסטן, ווי ער וואָלט אַ שווערע פיזישע אַרבעט געווען געטאָן... דאָס העמד האָט זיך אים געקלעפּט אויפן לײַב און דער שווייס איז אים גערונען פון שטערן איבערן פנים אין זײַן באָרד אַרײַן. ערשט איצט האָט ער זיך גענומען צו זײַן עבודה... ער האָט פאַרשלאָסן די טיר הינטער זיך. ווען ער איז געבליבן אַליין, איז ער צוגעגאַנגען צום באַלעמער, וואָס איז געשטאַנען אין זײַן שטוב, האָט אַרויסגענומען פון ארון־קודש אַ זאַק, אַ געווײנלעכן זאַק, וואָס ייִדן טראָגן איבער די דערפער אַרום, גענומען די קוויטלעך, וואָס זײַנען געלעגן אויפן טיש, סײַ די ייִדישע, סײַ די גויִישע, און אַרײַנגעלייגט אין זאַק.

דער זאַק האָט מיטאַמאָל משא באַקומען... טויזנטער צענטנער משא האָט געוויגן דער זאַק מיט די מענטשלעכע נויטן, מיט די מענטשלעכע געבעטן נאָך אַביסעלע געזונט, נאָך דער אָרעמער פרייד, נאָך תכלית און צוועק, נאָך דעם לעבן אויף יענער וועלט. און ווי אַמאָל אין זײַנע ייִנגלשע יאָרן, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דעם זאַק אויף די פּלייצעס און האָט זיך אָנגעהויבן לאָזן אין וועג אַרײַן. און אַ געפערלעכער וועג איז דאָס געווען. שניי־ווינטן האָבן

געבלאָזן, זאַווערוכעס האָבן זײַן לײַב דורכגענומען. ווי אַמאָל אין די שנײ־פּעלדער האָבן זיך טײַכן אויפגעעפנט פאַר זײַנע פיס, מלאכי־חבלה זײַנען אויסגעוואַקסן, מלאָכים מיט פײַערדיקע שווערדן האָבן זיך געשטעלט קעגן אים אויף זײַן וועג. מניעות־ווענט זײַנען אויסגעוואַקסן פאַר זײַנע אויגן, שטורעם־ווינטן האָבן אים געכאַפּט צווישן זייערע אײַנגעדרייטע פינגער און אים נישט מער אָפּגעלאָזט. אָבער יחיאל האָט זיך געראַנגלט מיט די מלאכי־חבלה, ווי אַמאָל יעקב מיטן מלאך. ער האָט דורכגעשפּרײַזט פײַערדיקע ימים, צעבראָכן ווענט, אויסגעמיטן בערג און טאָלן, אויפגעפּראַלט פאַרשלאָסענע טירן און גרענעצן איבערגעשטיגן. קיין שום ווינטן, קיין שום שטורעמס האָבן אים נישט געקענט צוריקהאַלטן.

— אַראָפּ פון מײַן וועג! איך טראָג יִדישע צרות אויף מײַנע פּלייצעס! אַראָפּ פון מײַן וועג! תּפילות, געשרייען און טרערן טראָג איך אין מײַן זאַק!

זײַן קערפּער האָט זיך געבויגן פון דער שווערער משא, זײַנע פיס האָבן זיך געשניטן. געבאָדן אין אַנגסטן און שווייס, טרעט ער די גרענעצן דורך. און אָט דערזעט ער שוין די פײַערדיקע טויערן פון דער בלויקייט אַרויסלײַכטן. דער לעצטער שריט, אַ האַנט וועט זיך צו אים אויסשטרעקן, ער וועט דערזען אַ געזיכט, — „חסד". אין שוואַרצן געהילט שטייט זי הינטער דעם טויער פון שער־הרחמים. איר וועט ער איבערגעבן דעם שווערן זאַק, זי וועט אים אויסשיטן פאַר גאָטס שטול... נאָך איין שריט, דער לעצטער שריט! יחיאל שטאַרקט זיך. מיט די לעצטע כּוחות, געבאָדן אין אַנגסטן, ברענגט ער דעם זאַק צום ארון־קודש־צו, וויקלט זײַן פּנים אין פּרוכת אײַן, — ער איז אָנגעקומען צו זײַן ציל!

פּלוצלינג קלאַפּט מען אין זײַן טיר אָן, מען וועקט אים פון זײַן חלום אויף. ניין, ער האָט קיין כּוחות נישט מער, זײַן האַרץ איז שוין פול, איבערגעפילט, ער קען מער קיין נײַע צרות אין זײַן האַרץ נישט אַרײַננעמען. „איך האָב נאָך די אַלטע נישט אויסגעוואַרעמט גענוג, איך קען נישט מער, מײַן זאַק איז פול!" — טראַכט ער זיך. אָבער די קלעפּ אין דער טיר הערן נישט אויף. איצט ווייסט ער, אַז עס איז עפּעס געשען. מען רופט אים צוריק. זאָל מען זײַן זאַק נישט וועלן אָננעמען הײַנט? דורכדעם שיקט מען אים צוריק פון דעם לעצטן שריט? מיט געבייזער און אַנגסט גיט ער אַ פּראַל־אויף די טיר. אַ ברייטביינעקער ייִד, מיט אַ נחת־באַשטראַלט פּנים, שטייט פאַר אים מיט אַ גרויסן לעקעך אויף אַ טאַץ.

— הייליקער רבי, איך בין אײַך געקומען בעטן אויף דער חתונה פון מײַן קינד! — זאָגט דער ייִד.

— אויף דער חתונה פון דײַן קינד? ווער ביסטו דען?

— איר דערקענט מיך נישט, רבי? איך בין דאָך זעליג פערד־סוחר. איך מאַך דאָך רייזל, מײַן טאָכטער, מאָרגן, אם ירצה השם, התונה!...

— רייזל?

— יאָ, דאָס קינד, וואָס איר האָט אויסגעבעטן פאַר אונדז בײַ גאָט. זי הייסט דאָך נאָך אײַער ווײַב, עליה־השלום, רייזל.

— אָ, רייזל, רייזל! נאָך מײַן ווײַב, עליה־השלום! יאָ, יאָ, — וועקט זיך יחיאל פון זײַנע וועלטן אַרויס. — סײַ־ווי־סײַ איז עס אַ גוטער סימן, — זאָגט יחיאל אָן אויפגעריכטער. — כלה איז בבחינת חסד... גיב, עזריאל, אַ ביסעלע בראָנפן!

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט דעם אָטעם אָפּכאַפּן. זײַנע אויגן האָבן זיך אויסגעלײַטערט. ער האָט עפּעס־וואָס געזען. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זײַן ווײַב, עליה־השלום... און ער איז געווען זיכער, מען האָט געגעבן אַ צייכן פון הימל, אַז זײַנע תפילות זײַנען אָנגענומען געוואָרן...

ער האָט געטרונקען לחיים צו זעליגן. ער האָט טועם־געווען אַ שטיקל לעקעך, און דאָס איבעריקע האָט ער אַרויסגעשיקט צו די אָרעמעלײַט אינדרויסן.

### דערטראָגן דעם פּאַק

זיי האָבן אים געפונען ליגן מיטן פּנים פאַרן ארון־קודש. דעם זאַק, אין וועלכן ער האָט געטראָגן די תפילות פון די ייִדן, האָט ער אײַנגעקרעמפּט אין דער האַנט געהאַלטן. עס איז געווען נאָך פאַר יציאת־הנשמה. דערפאַר ווײַל ער האָט זיך געשטאַרקט און געוואַרט מיט גסיסה ביז נעילה, כדי ער זאָל די ייִדנס תפילות מיטנעמען מיט זיך. האָבן זיי אים אין בעט אַרײַנגעלייגט.

זײַן פּנים איז רויִק געווען און עס האָט געלויכטן ווי אַ פײַער, אָבער זײַנע אויגן זײַנען גרויס געווען און אָפן. אַ שלימותדיקייט נישט פון־דער־וועלט האָט זיך געשטעלט איבער אים. מען האָט נישט געוווּסט, אַז ער גוססט, וואָרים מען האָט קיין איין צוק אויף זײַן פּנים נישט געזען, קיין הויך... נאָר אַזוי ווי ער וואָלט געווען געקוקט אין אַן אַנדער וועלט אַרײַן, אין אַ וועלט, אויף וועלכער עס זײַנען פרעמד די מענטשלעכע באַגריפן און געפילן. דורך דעם האָט מען גאָרנישט אָנגעזען אויף אים, נישט קיין צער און נישט קיין פרייד, נאָר אַ גרויסע אויסלײַטערונג, אַן ערנסטע דערשטוינטקייט האָט אים באַהערשט. אַזוי איז ער געלעגן ביז צו נעילה. בײַ נעילה האָט זיך אָנגעהויבן די גסיסה. עס האָבן אים באַלד אַרומגערינגלט אַ פּאָר פון די „יודעי־הן", פון די אורחים, וואָס זײַנען געקומען אים מבקר־חולה־זײַן. זיי האָבן קיינעם מער נישט צוגעלאָזט צו אים. אָנגעטאָן אין זייערע קיטלען און טליתים, האָבן זיי בײַ זײַן טויט צוזאַמען מיטן חזן נאָכאַמאָל דערינען דערמאָנט די אייניציקייט פון גאָט: „איינציק און עס איז נישטאָ קיין איינציקייט ווי זײַן אַליין־זײַן; פאַרבאָרגן, און עס איז נישטאָ קיין סוף צו זײַן אייביקייט; דער ערשטער צו יעדער זאַך, וואָס ער האָט באַשאַפן; דער ערשטער פון אַלע

זאָגן — און עס איז נישטאָ קיין אָנהייב צו זײַן ערשטקייט..." אַז עס האָט אָנגעהויבן צו טונקלען, האָבן זיי געזאָגט איין מאָל: „הער, ישראל, גאָט אונדזער גאָט, גאָט איז איינציק!" — דרײַ מאָל: „געלויבט זאָל זײַן דער כבוד פון זײַן קעניגרײַך אויף אייביק!" — זיבן מאָל: „ה׳ איז גאָט" — און איין מאָל: „ה׳ קעניג, ה׳ האָט געקעניגט, ה׳ וועט קעניגן אויף אייביק". זיי האָבן אַביסל געוואַרט, ביז עס האָט זיך דער שטערן אויפן הימל באַוויזן, און זיי האָבן געבלאָזן אַ תקיעה אין אַ האָרן פון אַ שעפּסן־באָק צום צייכן און זכרון, אַז זייערע עלטערן, אברהם, יצחק און יעקב, וועלכע זײַנען געווען שאָף־פּאַסטוכער, צום צייכן און זכרון פון דעם ברית, וואָס אברהם האָט געשלאָסן מיט גאָט בײַ דער עקדה, און צום צייכן און זכרון פון דעם גרויסן טאָג, ווען דער געזאַלבטער פון גאָט וועט אויפשטיין די וועלט צו באַפרײַען, און די טויטע וועלן צוריק פון זייערע קברים זיך אויפהייבן אין אייביקן לעבן אַרײַן.

דער טאָג פון „פאַרגעבן" איז געווען פאַרבײַ... און דער רבי ר׳ יחיאל איז נישט מער געווען. און זיי האָבן געזאָגט אויף אים, ווי אויף דעם צדיק חנוך: „ער איז נישטאָ, גאָט האָט אים צוגענומען צו זיך..."

---

אַ גאַנצע נאַכט זײַנען פורן געפאָרן. וואָרים עס האָט זיך באַלד דערטראָגן אויף די פליגלען פון ווינט די שרעקלעכע ידיעה: „דער תהילים־ייִד איז פאַררופן געוואָרן אין דער אויבערשטער ישיבה, ער איז אויסגעגאַנגען צוזאַמען מיטן יום־כיפור". און עס זײַנען אָנגעקומען לײַט פון אַלע געגנטן אַרום יאַנעווצע און פון דער אַנדערער זײַט ווײַסל, ווו דער שם פון רבין איז געווען ווײַט און ברייט באַקאַנט און באַרימט . ווער עס האָט נאָר באַוויזן דורך דער נאַכט אָנצוקומען, איז אָנגעקומען. וואָרים מען האָט זיך געאײַלט מיט דער לוויה. און זיי זײַנען טאַקע געווען די ריכטיקע אבלים, זײַן נאָענטסטע משפחה. פאַר זיי האָט ער דאָך געלעבט. צומאָרגנס אינדערפרי איז די שטאָט געווען באַלייגט מיט וועגענער, עס האָט זיך געשוואַרצט מיט ייִדן און ווײַבער, נאָר געוויינט האָט מען נישט, און טרויעריק איז מען אויך נישט געווען. וואָרים, ווי מען האָט געפונען אין זײַן צוואה פאַרשריבן, ער האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל נישט וויינען בײַ זײַן קבר און מען זאָל נישט טרויעריק זײַן, און מען זאָל נאָך אים קיין שיינע שבחים נישט נאָכזאָגן, נאָר דער עולם זאָל זיך צונויפקומען אין בית־המדרש און זאָל בשעת זײַן טהרה תהילים זאָגן. איז דער עולם געווען פאַרזאַמלט אין בית־המדרש, אָבער נישט אַלע האָבן געקענט אַרײַנגיין. זײַנען גרויסע מענגעס אין דרויסן געשטאַנען און אָנגעפילט די גאַסן אַרום. אויך ווײַבער זײַנען געקומען און זייער פיל פאָלק און זיי האָבן נאָכגעזאָגט אויף דער גאַס די פסוקים תהילים, וואָס האָבן זיך געהערט פון בית־המדרש.

דערווײַל האָבן זײַנע מקורבים, די פרעמדע אורחים, וואָס זײַנען געקו־מען אים מבקר־חולה־זײַן, אַרום אים זיך מתעסק געווען. זיי האָבן זיך אָפּ־געשלאָסן מיטן טויטן רבין אין זיין בית־דין־שטיבל און קיינעם נישט אַהין צוגעלאָזט, קיינעם נישט, וואָס האָט נישט געהערט צו זיי. און איידער זיי האָבן זיך מיטן מת אָפּגעשלאָסן, זײַנען זיי געגאַנגען אין מקווה אַרײַן און האָבן זיך דאָרט לאַנג און פיל מאָל טובל געווען, לויט כוונות און שמות. זיי האָבן אויסגעזוכט זײַן צוואה, כדי זיי זאָלן וויסן, וואָס זײַן ווילן איז געווען. זיי האָבן זי געפונען אין דעם תהילימל, וואָס איז תמיד געלעגן אויף זײַן טיש, אַרײַנגעלייגט בײַם פּסוק „וגם כי אלך"... אין זײַן צוואה האָט ער גע־בעטן, אַז אַלע זאָלן אים מוחל זײַן, טאָמער האָט ער, חלילה, וועמען פּוגע־בכבוד־געווען און וועמען אומרעכט געטאָן, אַזוי ווי ער איז אַלעמען מוחל במחילה גמורה, און מען זאָל זיבן מאָל זײַן גוף אַרויסוואַרפן פון דער מיטה, און בײַ יעדן מאָל זאָל מען זאָגן, „אַז דאָס איז לטובה פון מײַן נשמה, אַז עס זאָל זײַן אַ כפרה פאַר מײַנע זינד..." און נאָך האָט ער געזאָגט, אַז די אָרע־מעלײַט זאָלן זײַן די נאָענטסטע, וואָס זאָלן נאָכגיין נאָך זײַן מיטה, ווײַל זיי זײַנען זײַן נאָענטסטע משפחה. און זיי האָט ער איבערגעלאָזט העמדער און לײַלעכער, נאָר זײַנע מלבושים האָט ער געהייסן געבן זײַן שמש ר' עזריאלן; און מען זאָל פאַרקויפן די כלים פון זײַן שטוב און אַלץ וואָס ער האָט, און מען זאָל דעם שמש ר' עזריאל אויסהאַלטן דערפאַר בכבוד גדול אין מושב־זקנים. מען זאָל אים זייער ליב האַלטן, ווײַל ער איז אַן ערלעכער ייִד. נאָר די ספרים בלויז האָט ער איבערגעלאָזט זײַן זון. דאָס הויז און דאָס בית־המדרש האָט ער אָפּגעזאָגט דער שטאָט, וועלכע זאָל מאַכן דאָרט אַ ישיבה פאַר די בית־המדרש־בחורים.

נאָר זיי האָבן אים נישט געפאָלגט. זיי האָבן אים נישט אַרויסגעוואָרפן פון דער מיטה זיבן מאָל, ווי ער האָט זיך געבעטן, און האָבן נישט אָנגעטאָן קיין שטריק אויף זײַן האַלדז, כדי ער זאָל אָפּקומען די פיר טויטן אויף דער וועלט. עס האָט זיך אויפגעהויבן טאַקע דאָס שנײַדערל, וואָס אַלע האָבן אים געקענט ביז איצט פאַר אַ זייער שטילן און צוריקגעהאַלטענעם, און ער האָט אויסגערופן פאַר זײַנע לײַט: „איך היים נישט! אַ מענטש מאַכט זיך נישט אַליין פאַר אַ רשע, און מיר זאָגן עדות אויף דיר, אַז דו ביסט אַ צדיק..." — און זיי האָבן אים נאָר אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, אויף די זיבן שטרויען, ווי דער דין איז, און אָנגעצונדן אַ ליכט צו זײַן צוקאָפּנס און באַדעקט אים נישט מיט דעם שוואַרצן טוך, וואָס מען באַדעקט אַלע מתים, נאָר מיט זײַן אייגענעם שלאָפראָק, ווײַל זיי האָבן נישט צוגעלאָזט, אַז עפּעס אַ זאַך זאָל זיך צורירן צו אים פון דרויסן, וואָס איז נישט זײַן אייגנס. זיי האָבן אַ גאַנצע נאַכט לעבן אים משניות געלערנט און אויס דעם הייליקן ספר זוהר און פאַר־שיידענע תפילות געזאָגט און שמות אין דעם אַראַמעיִשן לשון. מאָרגנס

באַגינען זײַנען זיי אַלע געגאַנגען ווידער אין דער מקווה אַרײַן און טובֿל־געווען זיך... און אַרײַנגענומען דאָס טהרה־ברעט, וואָס מען האָט בײַנאַכט געמאַכט אַ נײַס, כדי קיינער זאָל זיך נישט האָבן צוגערירט דערצו, און האָבן אים מטהר געווען, און הויך געשריגן: „טהור הוא! טהור הוא! טהור הוא!" אַז מען האָט עס אין בית־המדרש געהערט, האָט דאָס גאַנצע פֿאָלק אינדרויסן נאָכגערופֿן און עדות־געזאָגט, אַז ער איז ריין. און זיי האָבן אים אָנגעטאָן די תכריכים, וואָס פֿרומע שנײַדערס פֿון דער חברה־תהילים האָבן אויפֿגענייט פֿון נײַער לייוונט בײַ קאַפּיטלעך תהילים, און זײַן קיטל, און אַרומגעוויקלט אים מיט זײַן טלית. און אויס זײַן טיש, בײַ וועלכן ער איז געזעסן און געלערנט דאָס גאַנצע לעבן און אויף וועלכן ער האָט געגעסן, וואָס איז געווען זײַן מזבח, האָבן זיי אַן ארון פֿאַר זײַן גוף געמאַכט. עס איז באַשטאַנען נאָר פֿון דעם הינטערשטן ברעט און די צוויי זײַטן־ברעטער. אין דעם ארון האָבן זיי אים אַרײַנגעלייגט און צוגעדעקט אים מיט זײַן שבתדיקער זײַדענער זשיפּיצע, אין וועלכער ער האָט זיך אָנגעטאָן צו קבלת־שבת. און אַזוי האָבן זיי אים אַרײַנגעטראָגן אין בית־המדרש, ווו דער גאַנצער עולם, כּײַ דער היימישער, סײַ דער פֿרעמדער, איז געשטאַנען אין גרויס ציטערניש און האָט תהילים געזאָגט. און כדי קיינער, וואָס איז נישט ריין און פּאַסיק, זאָל זיך נישט צו זײַן מיטה צורירן, האָבן די פֿרעמדע לײַט געמאַכט אַן ענגע קייט אַרום אים און קיינעם נישט צוגעלאָזט צו זײַן ארון.

און זיי האָבן גענומען דעם ארון אין זייערע הענט און האָבן געמאַכט מיט אים זיבן הקפֿות אַרום דעם ארון־קודש און האָבן געזאָגט „הלל". און „שיר המעלות" האָבן זיי נאָכאַמאָל איבערגעחזרט: „אַ שטופּן־געזאַנג צו דוד: איך האָב זיך געפֿרייט, ווען מען האָט מיר געזאָגט, אַז מיר גייען אין גאָטס הויז..."

און ווען דאָס פֿאָלק, וועלכן ער האָט אַזויפֿיל געהאָלפֿן, האָט דערזען דעם ארון מיט זײַן טויטן רבין, האָט עס אָנגעהויבן זייער צו וויינען און צו קלאָגן און עס האָט געזאָגט: „רבי, אויף וועמען לאָזטו אונדז?" — האָט זיך אָנגערופֿן איינער פֿון די מקורבים, וואָס האָט געטראָגן דעם ארון: „פּאַסט עס זיך דען צו וויינען, בשעת מען גייט אַרום מיט אַ ספֿר־תורה הקפֿות?" — האָט זיך דאָס פֿאָלק פֿאַרשעמט און אויפֿגעהערט צו וויינען.

און זיי האָבן גענומען דעם ארון אַרויסגעפֿירט אויפֿן בית־הקברות. און אַזוי ווי ער האָט געזאָגט אין זײַן צוואה, זײַנען די אָרעמעלײַט און די קאַליקעס און די געשלאָגענע געגאַנגען פֿאַר זײַן מיטה און זיי האָבן געזאָגט: „די גערעכטיקייט גייט פֿאַראויס פֿאַר אים". און ערשט, ערשט דאָס פֿאָלק איז נאָכגעגאַנגען נאָך זיי.

און זיי האָבן געגראָבן אַ קבֿר, וואָס זעקס איילן צו יעדער זײַט האָט זיך קיין מת נישט געפֿונען, כדי עס זאָל אים קיינער נישט מטמא זײַן, נאָר

אויף דעם פּלאַץ, ווו מען באַגראָבט די אָרעמע און די פאַרגעסענע, וואָרים אַזוי האָט ער געהייסן.

און זיי האָבן גענומען שאַרבנס פון אַ נײַעם טאָפּ און האָבן דערמיט צוגעדעקט זײַנע אויגן און זײַן מויל, ווי מען טוט צו יעדן ייִד. ווײַל די אויגן, וואָס האָבן שלעכטס געזען, און דאָס מויל, וואָס האָט שלעכטס גערעדט, זאָלן צוגעדעקט ווערן.

און דעם זאַק, וואָס מען האָט געפונען אין זײַן האַנט, אין וועלכן ער האָט געטראָגן די תּפילות פון ישראל צו דער שטול פון רחמים, האָט מען אים אין קבר אַרײַנגעגעבן, כּדי ער זאָל זײַן אַן עדות בײַם געריכטן משפּט, אַז ער האָט געטאָן זײַן שליחות בשלימות.

און זיי האָבן דער ערד אָפּגעגעבן דאָס איריקע און צוגעדעקט זײַן קבר, און דאָס גאַנצע פאָלק האָט נאָך אים קריעה־געריסן, אַזוי ווי דער דין איז, און געהייליקט גאָטס נאָמען בײַ זײַן קבר.

און עס איז געווען איידער זיי האָבן אים נאָך פאַרשיט מיט דער ערד, אַזוי איז געפאַלן אַ שניי מיט באַשריבענע קוויטלעך אין זײַן קבר אַרײַן און האָט אים אינגאַנצן צוגעדעקט. דאָס האָט דאָס פאָלק זײַנע געבעטן מיט אים צום שער־הרחמים געשיקט.

און עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט דאָ בײַם קבר אויסרופן זײַן זון פאַר זײַן שטעלפאַרטרעטער, כּדי זיי זאָלן קענען זייער רבין בײַם קבר מזל־טוב ווינטשן און דאָס פאָלק זאָל האָבן אין שעה פון נויט צו וועמען צו ווענדן זיך נאָך הילף. אָבער די פרעמדע לײַט, וואָס האָבן זיך מיט אים מתעסק געווען, האָבן עס נישט צוגעלאָזט און זיי האָבן געזאָגט: „זײַן אָרט מוז זײַן לעדיק אין ישראל. עס איז קיינער נישטאָ, וואָס זאָל זײַן ווערט צו פאַרנעמען זײַן אָרט".

---

ווען טייל פון די לײַט פון יענער זײַט ווײַסל־ברעג האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, אַזוי האָבן זיי געפונען זייער וועג פאַרשטעלט. וואָרים מען האָט דענסטמאָל אָנגעהויבן צו בויען די אײַזנבאַן. און די ייִדן האָבן זייער גע־קרעכצט אויף דער נײַער גזרה, וואָס שטייט אויף. און בעל־עגלות האָבן גע־רעדט, אַז עס וועט קיין קיום נישט האָבן, און אַנדערע האָבן געזאָגט: „ווי עס זאָל נישט זײַן, אַ נײַע צײַט שטייט אויף, און ווער ווייס, צי דער נײַער דור וועט ראוי זײַן, אַז אַזאַ צדיק זאָל געבוירן ווערן אין אים..."

נאָר איינער איז דאָרט געווען צווישן דעם עולם, האָט ער געזאָגט:

— איך שרעק זיך נישט. יעדער דור האָט זײַנע צדיקים! ווי עס איז גע־זאָגט: דער צדיק איז דער יסוד פון דער וועלט.

# משה

מיטן געקרײַזלטן קאָפּ האָר און מיט דער שוואַרצער באָרד, וואָס האָט אַרומגעזוימט אַ פּנים, ווי אויסגעהאַמערט אויס קיזלשטיין, מיטן שטאַרקן נאַקן, געזעצט אויף ברייטע פּלייצעס, און מיט הענט ווי צוויי האַמערס, האָט משה אויסגעזען ווי אַ שקלאַף, אַ ריז, ווען ער איז געקומען זיך מעלדן צום יִדישן שוטר איבער איינער פון די פיל ליים־גריבער.

— פון וועלכן שבט? — האָט אים געפרעגט דער יִדישער אויפזעער, אָנקוקנדיק דעם אומבאַקאַנטן מיט זײַנע שפּיזיקע אויגן אויפן לענגלעכן פּנים, וואָס דאָס שפּיציקע געלע סגל־בערדל האָט נאָך לענגער געמאַכט.

— געקומען פרײַ מאַכן דעם שוואַכן פּנחס בן דוסי פון שבט בנימין. די פיס זײַנען בײַ אים געשוואָלן, ער קען נישט אַרבעטן, — האָט משה געזאָגט, אָנגשטאָט צו ענטפערן אויף דעם שוטרס פראַגע.

פון דער גרוב, פון צווישן די צען נאַקעטע גופים, וואָס האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמענגעשלאָסן, ווי רינגען אין אַ קייט, און געטראָטן צוזאַמען די מאַסע ליים, האָט אַ דאַרער, אויסגעמאַטערטער גוף זיך אויסגעשטרעקט און אויפגעהויבן מיט ווונדער זײַן שוויס־געווייקט פּנים. ווער האָט עס אַרויסגעזאָגט זײַן נאָמען?

— איך האָב נישט באַקומען קיין רשות פון ציגל־אויפזעער אהארנים, צו באַפרײַען פּנחס בן דוסין פון דער אַרבעט — האָט דער יִדישער אויפזעער געזאָגט.

— איך בין געקומען אים פרײַמאַכן, אויפזעער. דער חומר פאַר די ציגל וועט דיר צוגעשטעלט ווערן אין דער פולער מאָס, — האָט משה געזאָגט.

— מײַן באַפעל איז צו האַלטן פּנחס בן דוסין אין ליימגרוב און זען, אַז ער זאָל נישט אָפּשטיין פון דער אַרבעט אויף קיין איין רגע.

— איך וועל פאַרנעמען זײַן פּלאַץ! — האָט משה אויסגערופן און מיט איין שפרונג איז ער שוין געווען אין גרוב, האָט אויפגעהויבן דעם דאַרן, לײַכטן עברי, וואָס האָט זיך געבראָכן אין זײַנע הענט, און אים אַרויסגעזעצט פון גרוב. נאָך דעם האָט ער צוריק אַ שפרונג געגעבן און זיך אײַנגעשלאָסן אין די רייען פון די טרעטערס.

— ניין, טאָרסט עס נישט טאָן, עס איז פאַרווערט, — האָט דער אויפזעער גענומען שרײַען. ער איז צוגעלאָפן צום שווער אָטעמענדיקן, האַלבטויטן פּנחס בן דוסי, וואָס איז אַזוי ווי משה האָט אים געהאַט אַוועקגעלייגט אין זאַמד, און אים גענומען פּאַסעווען דאָס לײַב מיטן קאַנטשיק, וואָס די אויפזעערס האָבן קיין מאָל נישט אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט.

— צוריק אין גרוב אַרײַן!

אָבער פון דער גרוב האָט זיך דערהערט משהס שטים פון אַ לייב:

— רשע, פאַר וואָס שלאָגסטו דײַן ברודער?

און דער געל באַבערדלטער ייִד האָט דערזען אַ פּאָר אויגן, וואָס שיסן מיט פײַער, און אַ האַנט, ווי אַ האַמער, אויסגעשטרעקט צו אים פון דער גרוב אַרויס. אַן אימת־מוות איז אים באַפֿאַלן פאַר דעם מעכטיקן פויסט און דעם פײַערדיקן בליק, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט אויף אים, און ער האָט אָפּגעלאָזט דעם האַלב־טויטן פּנחס.

משה האָט זיך אײַנגעשלאָסן אין דעם רינג פון די אַנדערע נײַן עברים אין גרוב און אָנגעהויבן טאָן, וואָס זיי האָבן געטאָן. מיט אַ ריטמישער באַוועגונג, ווי אין טאַנץ, האָבן זיי געטראָטן אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ אין דעם געדיכטן שליים, וואָס איז געווען אָפּגעזעצט אויפן דנאָ פון גרוב. פון צײַט צו צײַט האָט מען צוגעשאָטן אין גרוב אַרײַן שטרוי און זאַמד־שטויב, אויסגעמישט מיט פאַרטריקנטע בלעטער און שפּענער, וואָס טרעגער האָבן געבראַכט אַהין. דאָס איז אַרײַנגעקנאָטן געוואָרן אין דעם ליים אויף צו מאַכן די ציגל מאַסיווער, האַרטער. באַלד האָט משה דערפילט ווי זײַנע פיס הייבן אָן ברען גלײַך ווי אויפן דנאָ פון דער גרוב וואָלט געברענט אַ פײַער און אָנגעהייצט דעם חומר. פון צײַט צו צײַט האָט ער אויך דערפילט אַ שאַרפן שטאָך, ווי אַ האָלץ־שפּליטער וואָלט זיך אין זײַן פלייש אײַנגעגעסן. נאָר דער פיזישער ווייטיק, וואָס האָט זיך געשטאַרקט מיטן ווײַטערדיקן טרעטן, איז פאַרטרונקען געוואָרן אין דער אינעווייניקסטער צופרידנקייט, אַז ער טוט אַ זאַך, וואָס ער באַדאַרף טאָן. די גײַסטיקע באַפרידיקונג האָט געלאָשן דעם פיזישן ברען, געשטילט דעם ווייטיק. ער האָט זיך געמיט צו טרעטן מיט התמדה, צו טאָן די אַרבעט בשלימות, נישט אָפּצושטיין פון די אַנדערע, כדי אויסצופילן די מאָס חומר, וואָס זײַן חברותא האָט געמוזט צושטעלן.

מיטאַמאָל האָט ער דערפילט ווי אַ נערוועזער שטראָם גייט אַדורך דורך די נאַקעטע, פאַרשוויצטע לײַבער פון זײַנע מיטאַרבעטערס. די לײַבער קאָרטשען זיך אײַן, שליסן זיך ענגער אין דער קייט, און די פיס הייבן אָן טרעטן מיט נערוועזער ענערגיע, שנעלער און האַרטער. אַ כוואַליע פון שרעק גיסט אָפּ פאַרשוויצטע לײַבער מיט אַ נײַעם שווייס. אויך דער אויפזעער אויפן ראַנד פון גרוב ווערט נערוועז און נעמט אָנטרײַבן די שקלאַפן מיט באַנײַטער פוריע. ער צעלאָזט זיך מיטן באַטעק איבער זייערע קעפּ, נאָר ער האָט מורא אַראָפּצולאָזן זײַנע שמיץ אויף די לײַבער: אַ פּחד איז אים באַפֿאַלן פון דעם ריז, וואָס האָט זיך אײַנגעשפּאַנט מיט די שקלאַפן אין גרוב.

— רירט זיך, רירט זיך! איינס, צוויי... איינס, צוויי... אַרײַן רעכטס, אַרויס לינקס, רעכטס, לינקס! — האַלט דער אויפזעער אין איין אָנטרײַבן

די שקלאַפֿן, וואָס שטייען פֿאַרזונקענע אין דער גרוב מיטן קלעפּיקן ליים, און אַנגסטן זעצן אַרויס בײַ אים אויפֿן שטערן.

באַלד דערזעט ער דעם מענטשן, וואָס האָט אַזוי צערודערט די געמיטער פֿון שקלאַף און אויפֿזעער צוגלײַך. בײַם ראַנד פֿון גרוב איז געשטאַנען אַ הויכער מצרי. ער איז געווען נאַקעט, נישט מער ווי אין אַ שערץ, וואָס האָט באַדעקט זײַן שאַנד, מיט אַ ליסן, געגאָלטן קאָפּ. איבער דער ברוסט בײַ אים הענגט אויף אַ קייט אַ מעטאַלן שילדל. אין האַנט האַלט ער אַ באַמבו-שטעקן מיט אַ קופּערנעם קנײַלעך — ער האָט זיך אָנגעבויגן איבער דער גרוב, און זײַנע רונדיקע, גרויע אויגן, נאַקעטע, אָן ברעמען, וואָס זײַנען בײַ אים אויך געווען געגאָלט, ווי דער קאָפּ, האָבן גענישטערט אין דער גרוב. נאָך דעם האָט ער אַרויסגעברומט פֿאַרן פֿאַרציטערטן אויפֿזעער:

— איך זע דאָ נישט פּנחסן. איז ער געפֿאַלן אין גרוב?

— ניין, פּרעהס פֿאַרטרעטער, אים פֿאַרבײַט איצט אַן אַנדערער.

— אויף וועמענס באַפֿעל?

דער ייִדישער אויפֿזעער האָט געציטערט און געפּלאַטערט און נישט גע־קענט קיין וואָרט אַרויסברענגען.

— אויף וועמענס באַפֿעל? — האָט דער מצרי איבערגעפֿרעגט אין גרויס צאָרן.

דער אויפֿזעער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף משהן. ביזן גאַרטל אין ליים, האָט משה אַרויסגעקוקט פֿון דער גרוב מיט אַ בליק פֿון אַ באַפֿעלער.

— אויפֿן באַפֿעל פֿון אַ שקלאַף? — האָט דער מצרי אויסגערופֿן. — גיי און דערלאַנג אים מיטן קאַנטשיק איבערן קאָפּ!

דער ייִדישער שוטר איז מיט אונטערגעהאַקטע פֿיס צוגעגאַנגען צו דער גרוב. און ווי ער האָט געפּרוּווט אויפֿהייבן די האַנט מיטן קאַנטשיק, האָט ער אָנגעטראָפֿן דעם בליק פֿון משהס אויגן, און די האַנט האָט זיך בײַ אים אַרונטערגעלאָזט, ווי זי וואָלט פּלוצלינג געליימט געוואָרן.

— פּרעהס אויפֿזעער, ער איז נישט קיין שקלאַף, — האָט דער ייִדישער שוטר געשטאַמלט אין שטײַגנדיקער אימה.

— ער איז נישט קיין שקלאַף, ער איז נישט קיין שקלאַף. דאָס וועלן מיר באַלד זען.

ער איז צוגעגאַנגען נעענטער צום ראַנד פֿון גרוב און אויפֿגעהויבן דעם שטעקן מיטן קופּערנעם קנײַלעך איבער משהס קאָפּ. פֿון גרוב האָט אַרויס־געשטעקט דאָס אויבערשטע האַלבע לײַב פֿון אַ מעכטיקן ריז, וואָס פֿון אונ־טער זײַן הויכן שטערן האָבן אַ פּאָר פֿלאַמיקע אויגן געשאָסן מיט צאָרנדיקע פֿײַער־פֿונקען.

אויף דעם מצרים אויסגעשטרעקטע האַנט מיטן שטעקן איז געבליבן

הענגען אין דער לופט אַן אומבאַוועגלעכע, ווי זי וואָלט מיטאַמאָל פאַר־שטיינערט געוואָרן.

— נישט קיין שקלאַף? ווער דען איז ער? זאָג, ווער איז ער? — האָט דער מצרי אויסגעשריגן און אַראָפּגעלאָזט מיט רציחה דעם געגאָסענעם קו־פּערנעם קײַלעך אויף דעם ייִדישן שוטרס קאָפּ.

— פּרעהס אויפזעער, פּרעה וועט גאָרנישט פאַרלירן. אויפן אָרט פון אַ קראַנקן האָט ער באַקומען אַ געזונטן אַרבעטער, אויפן אָרט פון אַ שוואַכן — אַ שטאַרקן. די צאָל ציגל וועט נישט געמינערט ווערן. פאַרוואָס זאָלסטו שלאָגן פּרעהס אַ געטרײַען דינער, וואָס האָט זיך מיט קיין זאַך נישט פאַר־שולדיקט? — האָט משה גערופן פון גרוב צום מצרי.

— ווער ביסטו, אַז דו זאָלסט זיך דערוועגן צו זאָגן פּרעהס אַן אויפ־זעער, וואָס ער האָט צו טאָן? אַלע זענט איר פּרעהס קנעכט, אַלע געהערט איר דעם גרויסן קיניג, סײַ די געזונטע, סײַ די קראַנקע, סײַ די שטאַרקע, סײַ די שוואַכע. טרײַב דעם פּוילאַק צוריק אין גרוב אַרײַן! — האָט דער מצרי באַפוילן דעם ייִדישן אויפזעער.

דער ייִדישער אויפזעער האָט איצט אויסגעלאָזט זײַן שווער האַרץ צום קראַנקן פּנחס, וואָס איז געלעגן האַלב אײַנגעגראָבן אין זאַמד און האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן. די קלעפּ, וואָס דער אויפזעער האָט געקראָגן פון דעם מצרים שטעקן, האָט ער איצט אויסגעטיילט מיטן קאַנטשיק דעם אויסגע־דאַרטן, קראַנקן לײַב פון דעם פאַרשמאַכטן פּנחס.

— שנעלער אין גרוב אַרײַן, דו פּוילאַק! פויל ביסטו, נישט קראַנק. אַרײַן אין ליים אַרײַן, געשווינד! — האָט דער אויפזעער געטריבן דעם קוים־פּוי־זענדיקן פּנחס צו דער גרוב־צו.

— וואָס טוסטו ווײ דײַן חבר? — האָט משה געשריגן. — זעסטו נישט, אַז ער איז קראַנק, אַז זײַנע פיס זײַנען באַדעקט מיט וווּנדן? איך פאַרנעם דאָך זײַן פּלאַץ, איך אַרבעט פאַר אים, — האָט משה געהאַלטן אין איין רופן פון גרוב אַרויס.

— דו וועסט אַרבעטן און אויך ער וועט אַרבעטן! אַלע זענט איר פּרעהס קנעכט! — האָט דער מצרי געשריגן און מיטן שטעקן צוגעהאָלפן דעם ייִדישן אויפזעער אַרײַנצוטרײַבן פּנחסן אין גרוב אַרײַן.

נאָר קוים איז פּנחס בן דוסי אַרײַן אין גרוב, האָט אים משה אויפגעכאַפּט אויף די הענט און אים געהאַלטן ווי אַ מוטער האַלט איר קינד. און אַזוי, מיטן קראַנקן אַרבעטער אויף די הענט, האָט משה ווײַטער געטאָפּטשעט אין דעם קלעפּיקן ליים.

— לאָז אים אָפּ, לאָז אים אַרבעטן!

— ער קען נישט אַרבעטן, ער וועט פאַלן פון די פיס.

— זאָל ער פאַלן און זאָל ער ווערן צעטראָטן און אײַנגעקנאָטן אין דעם

ליים. אין ליים אַרײַן! איך, פרעהס פֿאַרטרעטער, באַפֿעל אַזוי! — האָט דער מצרי געדופֿן אין גרוב אַרײַן צו די אַנדערע שקלאַפֿן.

ווען זיי האָבן דערזען דעם בליק אין משהס אויגן, האָט אַ פּחד אַרומ־געכאַפּט די קנעכט אין גרוב, און דעם אויפֿזעער אין דרויסן.

משה האָט דעם קראַנקן, דערשראָקענעם פּנחס אַרויסגעטראָגן פֿון גרוב, אים אַוועקגעלייגט אויפֿן זאַמד און געזאָגט מיט אַ באַפֿעלערישן טאָן:

— דאָ וועט ער זיצן און דאָ וועט ער זיך אָפּרוען. איך וועל טאָן די אַר־בעט פֿאַר אים. — און משה איז צוריק אַרײַנגעגאַנגען אין גרוב אַרײַן און זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער קייט פֿון די ליימקנעטער.

דער צוזאַמענגעקאָרטשעטער פּנחס איז דערווײַל געלעגן ווי אַ שטיק טויטער חומר. ער איז געלעגן אײַנגעגליווערט, נישט צו באַוועגן מיט קיין אבר.

— איך האָב מורא, אַז ער טויג שוין נישט פֿאַר דער אַרבעט, — האָט דער ייִדישער אויפֿזעער געזאָגט צום מצרי.

— אויב ער טויג נישט פֿאַר דער אַרבעט, איז ער גוט פֿאַר עפּעס אַנ־דערש, — האָט דער מצרי געזאָגט און מיט אַלע כּוחות דערלאַנגט מיטן קו־פּערנעם קײַלעך אַ זעץ דעם קראַנקן עברי איבערן קאָפּ. פּנחסעס קערפּער האָט זיך געגעבן אַ צאַפּל און איז געבליבן ליגן אומבאַוועגלעך, טויט.

— נאַט, דאָ האָט איר שטרוי פֿאַר ציגל, — האָט דער מצרי געזאָגט, אַרײַנשאַרנדיק מיטן שטעקן דעם עברים טויטן קערפּער אין דער ליימיקער געדיכטעניש אַרײַן.

דער קערפּער איז באַלד נעלם געוואָרן אונטער די פֿיס פֿון די פֿאַרפּײַ־ניקטע ליימטרעטערס.

מיט איין שפּרונג איז משה געווען אין דרויסן פֿון גרוב. די הענט האָבן זיך פֿאַרדריקט בײַ אים אין פֿויסטן, די אָדערן האָבן אַרויסגעזעצט אויף זײַן דיקן האַלדז. זײַן פּנים איז בלייך געוואָרן און פֿון די אויגן האָט געשפּריצט מיט פֿײַער. ער איז צוגעגאַנגען צום מצרי. דער מצרי האָט אָנגעהויבן שווער אָטעמען. זײַן הויכע פֿיגור איז קלענער געוואָרן, ווי די פֿיס וואָלטן זיך גע־בראָכן אונטער אים פֿאַר דער ריזנפֿיגור, וואָס איז געשטאַנען איבער אים. ער האָט געציטערט ווי אַ בלאַט.

— אויב דו ביסט איינער פֿון אונדז, אַן עברי, האָב רחמנות אויף דײַנע ברידער. טאָמער וועסטו הרגענען דעם מצרי, וועלן מיר אַלע טיילן דעם גורל פֿון פּנחס בן דוסי, — האָט דער ייִדישער אויפֿזעער געזאָגט מיט שרעק צו משהן.

משה האָט אַרײַנגענומען דעם שפּיץ באָרד צווישן די ציין און דערווײַ־טערט זיך מיט גיכע טריט.

— ווער איז ער? — פֿרעגט דער מצרי דעם ייִדישן שוטר.

— מיר ווייסן נישט ווער ער איז, נאָר ער איז נישט פון די שקלאַפן.

— פון וואַנען ווייסטו?

— ער רעדט און האַנדלט ווי אַ בן-חורין.

— ווער ער זאָל נישט זײַן, איז ער אַ מורד. לאָז גלײַך ווייסן דתן און אבירם, אַז אַ געפערלעכער בונטאָווש טשיק איז געקומען צווישן די שקלאַפן און בונטעווט זיי קעגן פרעהן. זאָלן זיי אויסגעפינען, ווער דאָס איז, און אָננעמען מיטלען קעגן אים. איר אַלע וועט ענטפערן פאַר זײַנע מעשים!



# יוסף אָפּאַטאָשו

**געבוירן געוואָרן דעם 24סטן דעצעמבער 1886. געשטאָרבן דעם 7טן אָקטאָבער 1954.**

ער וועט אויף אייביק פאַררעכנט ווערן צווישן די גרויסע קינסטלערישע געשטאַלטן. מיט דעם יידישן וואָרט איז ער געגאַנגען פון דעם „ניו־יאָרקער געטאָ" דורך „די פוילישע וועלדער" און צוריק, אַזש ביז צו ר' עקיבא און בר כוכבא און אומעטום האָט ער פאַרפלאַנצט דאָס יידישע וואָרט.

**(יעקב גלאַטשטיין)**

יוסף אָפּאַטאָשו אָדער, ווי ער האָט געהייסן אין דער אמתן יוסף אָפּאַ־מאָווסקי, איז געבוירן געוואָרן אין 1886, אין מלאַווע, פּלאָצקער גובערניע, פּוילן. דער פֿאָטער — אַ וואַלד־סוחר, אַ ייִד אַ למדן. די מאַמע האָט געשטאַמט פֿון וואַלד־ייִדן, געבוירן און אויפֿגעצויגן געוואָרן אין וואַלד.

אין חדר איז יוסף אָפּאַטאָשו כמעט ווי נישט געגאַנגען. דער פֿאָטער אַליין האָט מיט אים געלערנט. שפּעטער האָט יוסף אָפּאַטאָשו באַזוכט די רוסישע שטאָט־שול. צו פֿערצן יאָר איז אָפּאַטאָשו אַוועקגעפֿאָרן קיין וואַרשע און אַרײַנגעטראָטן אין אַ האַנדלסשול. ווען די רעגירונג האָט געשלאָסן די האַנדלסשול איז יוסף אַוועקגעפֿאָרן שטודירן קיין פֿראַנקרײַך. ער איז אַרײַנגעטראָטן אין פּאָליטעכניקום אין דער שטאָט נאַנסי.

אין פּאָליטעכניקום האָט ער נישט לאַנג געלערנט. ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים.

אין 1907 האָט יוסף אָפּאַטאָשו אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע. אין אַמעריקע, ווי אַלע אימיגראַנטן, האָט ער זייער שטאַרק געליטן די ערשטע צײַט. ער האָט געאַרבעט אין אַ שאַפּ, דערנאָך געוואָרן אַ צײַטונגס־פֿאַרקויפֿער, שפּעטער־צו געוואָרן אַ העברעיִשער לערער אין אַ תּלמוד־תּורה. זײַן שטודיום האָט ער אָבער פֿאָרגעזעצט. אין 1914 האָט ער געענדיקט אַלס ציווילער אינזשיניער. ער האָט אָבער לאַנג זיך נישט באַשעפֿטיקט מיט זײַן פּראָפֿעסיע. ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן צום שרײַבן.

# דריי חברים

דרײַ חברים זײַנען זיי געווען: יוסף (אָפּאַטאָשו), יקיר, דער שפּעטער־דיקער העברעיִשער שרײַבער יקיר וואַרשאַווסקי, און דער שפּעטער גאָר באַוווּסטער אינזשיניער מערקער — דער מערקער, וואָס האָט אַנטדעקט ווי צו שיקן דרײַ טעלעגראַמעס מיטאַמאָל אויף איין און דעם זעלבן דראָט. אָט די דרײַ חברים פלעגן אַרומשפּאַצירן טאָג און נאַכט איבערן שטאָט און רעדן און מאַכן פּלענער ווי זיך אַרויסרײַסן אין דער גרויסער, ברייטער וועלט קריגן בילדונג.

אָבער קריגן בילדונג איז געווען שווער פאַר יִדישע יִנגלעך. די אַמאָליקע רוסישע, צאַרישע רעגירונג האָט געמאַכט גרויסע שוועריקייטן פאַר יִדישע קינדער אָנצוקומען אין די מיטלשולן. זײַנען די יִנגלעך אַרומגעגאַנגען און געחלומט, אַז מיט זיי וועט טרעפן עפּעס אַ נס און זיי וועלן אָנקומען אין מיטלשול. טאָמער נישט, וועלן זיי זיך לאָזן אין די גרויסע שטעט און לערנען פאַר זיך און דערנאָך אָפּגעבן עקזאַמענס אויף אַ גאַנץ מיטלשול, מיט איין קלאַפּ.

געשען איז עס אַזוי:

אין יענער צײַט האָט די צאַרישע רעגירונג צוגעלאָזן זייער ווייניק יִדישע קינדער אין די שולן. אָבער יעדער יִיד וואָס איז געווען אַ סוחר פון ערשטן ראַנג („פּערווי גילדי קופּעץ" — האָט זיך עס גערופן אין רוסיש) האָט געהאַט אַ רעכט צו שיקן איין קינד אין אַ האַנדלסשול. דער סוחר יִדל יאָפּע איז געקומען פון וואַרשע קיין מלאַווע אויף אַ באַזוך. ער האָט צוגענומען יוספן אַלץ געהילף־בוכהאַלטער. דאָס יונגע יִנגל האָט באַדאַרפט אַרבעטן אומזיסט און דערפאַר האָט אים יִדל יאָפּע אַרײַנגעגעבן אין האַנדלסשול.

דער קליינער יוסף איז געווען אין זיבעטן הימל. ער האָט געפירט די ביכער, געטאָן נאָך אַרבעטן פאַרן באַלעבאָס און אין דער זעלבער צײַט באַזוכט די האַנדלסשול. געווען פון די גאָר גוטע תלמידים און געלייענט, וואָס ער האָט נאָר געקענט קריגן אין רוסיש, פּויליש, יִדיש און העברעיִש.

געלעבט האָט דער יונגער יוסף פון די פּופּצן רובל אַ חודש וואָס דער טאַטע האָט אים געשיקט. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט ער זיך אָבער אָפּגעזאָגט אָננעמען דעם טאַטנס שטיצע. ער האָט נישט געוואָלט לעבן אויפן טאַטנס פּראַצע. און אַ גאַנצן חודש האָט דאָס יִנגל געלעבט אויף זעמל און

מילך. אויפן סוף חודש האָט ער געקראָגן אַ פּאָר לעקציעס און דערפון פאַרדינט געגנוג צום לעבן.

לאַנג איז ער אָבער אין וואַרשע נישט געווען. די רעגירונג האָט געשלאָסן די האַנדלסשול און דער יונגער אָפּאַטאָשו האָט זיך געלאָזן קיין פּאַריז. פון פּאַריז — קיין נאַנסי. דאָרטן איז ער אַרײַנגעטראָטן אין פּאָליטעכניקום.

פּלוצים האָט די רוסישע רעגירונג פאַרווערט האַקן וועלדער אין פּוילן. מען האָט געשריבן יוספן ער זאָל קומען אַהיים. די משפּחה איז געבליבן אָן מיטלען צום לעבן.

## די משפּחה וואַנדערט אויס

ווען יוסף איז געקומען אַהיים האָט ער שוין נישט געטראָפן דעם פאָטער. דער טאַטע איז אַוועק קיין אַמעריקע. און פּײַוול, יוספס ברודער האָט דערציילט:

— „זינט די רעגירונג האָט פאַרווערט האַקן וועלדער אין פּוילן איז דער טאַטע אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצטערטער. ער האָט געראָוויכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן און געשוויגן. מיט אַ דרײַ טעג איידער ער איז אַוועק קיין אַמעריקע האָט ער מיך אויפגעוועקט גאַנץ פרי, עס האָט זיך נאָך נישט געשײַערט אויף טאָג. איך האָב זיך דערשראָקן. ער האָט מיך באַרויִקט און געזאָגט: קום, פּײַוול, איך וויל דיר עפּעס ווײַזן. מיר זײַנען אַרויס הינטערן שטאָט אין אַ וועלדל. מיר האָבן זיך פאַרשטעקט צווישן די קוסטעס און באַלד האָבן מיר דערזען פאַרבײַגיין אַ פּאַרטיע שמוגלאַרעס. דער פאָטער האָט געזאָגט שטיל:

— פּײַוול, זעסט, פון אָט דעם מוילעכן (שמוגלען) ציט חיונה אַ האַלבשטעטל. איך בין געבליבן בײַ די לעצטע עטלעכע הונדערט רובל. באַלד וועל איך דאָס געלט אויפעסן. אַז מען עסט פון גרייטן צעגייט זיך דאָס געלט ווי צוקער אין וואַסער. נאָכדעם וואָס וועל איך טאָן? אויך שמוגלען? נישט איך, פּײַוול. איך וויל בעסער אַוועק קיין אַמעריקע. שרײַב יוספן ער זאָל קומען אַהיים. איר ביידע וועט אַכטונג געבן אויף דער פאַמיליע ביז איך וועל קענען שיקן נאָך אײַך.

דרײַ טעג שפּעטער איז ער אַוועק קיין אַמעריקע".

לאַנג איז די משפּחה נישט געבליבן אין פּוילן, אין נײַנצן הונדערט און זיבן זײַנען די אָפּאַטאָווסקים אַריבערגעקומען קיין אַמעריקע. מיט זיי איז אויך געקומען יוסף.

# אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן

1 — כ'בין געבוירן געוואָרן אין סטופּסקער וואַלד, הינטער מלאַווע, אין ניטל, דעם 24סטן דעצעמבער 1886.
(כ'האָב אָנגעשריבן אַ צענדליק דערציילונגען: „ניטל", „אין דער נאַכט פון ניטל").

2 — כ'היים: יוסף מאיר אָפּאַטאָווסקי.
יוסף — נאָך מײַן טאַטנס זיידע פון דער מוטערס צד. ר' יוסף טוכ-הענדלער, אַ קאָצקער חסיד און אַ רײַכער שניט-סוחר. געוווינט האָט ער אין טשעכאַנאָווע.
מאיר — נאָך מײַנס אַן עלטער-עלטער זיידע, דער לאַסקער און פּיעטערקאָווער רב, רב מאיר בר' אליקום געץ. ער האָט אָנגעשריבן די הקדמה צו זײַן פאָטערס ספר: „שו"ת אבן השהם". אין 1886, ווען איך בין געבוירן געוואָרן איז פּונקט געווען 200 יאָר פון ר' מאירס געבורט.
אָפּאַטאָווסקי — איינער פון מײַנע זיידעס, ר' אליקום-געץ, איז געווען אַן אַפּטער איידעם (אַן ערך 1785) — אַפּט-אָפּאַטאָוו — דערפון דער נאָמען אָפּאַטאָווסקי.

3 — אַז כ'בין אַלט געוואָרן פינף יאָר, אין 1891, זײַנען מײַנע עלטערן אַוועק פון סטופּסקער וואַלד און האָבן זיך צוריק באַזעצט אין מלאַווע. מײַן פאָטער האָט געהאַנדלט מיט וואַלד.

4 — מײַן פאָטער — דוד אָפּאַטאָווסקי.

5 — מײַן מוטער — נאַנטשע (פון דער היים דאָמבקעוויטש).

6 — מײַנע צוויי ברידער — משה געבוירן אין 1880 און פּײַוול-שרגא — 1883. ביידע זײַנען אומגעקומען מיט זייערע משפחות אין קאָנצענטראַציע-לאַגערן.

7 — מײַן פאָטער, געבוירן 1858, אין טשעכאַנאָווע, איז געווען אַ למדן אַ משכיל. ער האָט געשריבן העברעיִשע לידער. אַלע העברעיִשע שירים אין מײַנע כתבים זײַנען זײַנע. ער איז געווען פון די ערשטע טעטיקע חובבי-ציון. ער האָט געצויגן זײַן אָפּשטאַם פון ר' מאיר פון טאַנהויזן, מיטל פראַנקאָניע (1530). דאָס האָב איך באַשריבן אין דערציילונג: „אַ שבת נאָכמיטיק" („ווען פוילן איז געפאַלן", זײַט 214), אין 1906 איז מײַן פאָטער געקומען קיין ניו-יאָרק. דווקא אין אַמעריקע איז ער שטאַרק פרום געוואָרן און האָט זיך אָפּגעגעבן מיט קבלה. געשטאָרבן איז ער אין 1912 („טויט", באַנד 8, זײַט 81).

8 — מײַן מוטער, נאַנטשע, האָט געשטאַמט פון וואַלד-ייִדן. איר פאָטער, אברהם דאָמבקעוויטש, אַ רײַכער אַרענדאַר, האָט נישט געקענט שרײַבן. איך מאָל אים אין מײַן דערציילונג „אין חשוונדיקע רעגנס"

(„ווען פוילן איז געפאַלן", זײַט 208). מײַן מוטער האָט יעדן שבת גע־לייענט די סדרה אין פּויליש, אין צילקאָווס תנ"ך־איבערזעצונג.

9 — כ'האָב כמעט אין קיין חדר נישט געלערנט. ביי פּנחס דעם מלמד האָב איך געלערנט עברי. חומש האָב איך שוין געלערנט אין אַ ליט־ווישן חדר־מתוקן, בײַ יוזשעלעווסקין, ווען מײַן פאָטער האָט אַראָפּ־געבראַכט פון וואַרשע. ווען כ'בין אָנגעקומען אין דער רוסישער פּאָלקסשול, צו סאָנינאַן, צען יאָר אַלט, האָב איך שוין געלערנט בײַם טאַטן, געלערנט העברעיִש און תנ"ך. צו צוועלף יאָר האָב איך געענ־דיקט די רוסישע פּאָלקסשול. דער טאַטע האָט מיט מיר גענומען לער־נען גמרא, מיט מיר און מיט מײַן עלטערן ברודער פּײַוויש. אי זומער, אי ווינטער, זײַנען מיר זעקס פּאַרטאָג שוין געזעסן און געלערנט. צו פערצן יאָר האָב איך שוין געלערנט „מורה נבוכים", דעם „כוזרי", גע־קענט אַ שטיקל אבן־עזרא. צו פופצן יאָר בין איך אָנגעקומען קיין וואַרשע אין אַ האַנדלסשול. מײַן ברודער פּײַוויש, וואָס איז שוין דע־מאָלט געווען אין אַדעס אויף לערער־קורסן, האָט געשריבן אין ייִדיש און אין העברעיִש. די העברעיִשע דערציילונגען האָט ער געדרוקט אין לאָנדאָן אין סובלסקים „הדגל". איך האָב דעמאָלט נאָך נישט געשריבן. איך האָב אַ סך געלייענט. מײַן פאָטערס העברעיִשע ביבליאָטעק האָב איך געקענט פון אויסנווייניק. געווען פאַרליבט בין איך אין בערדי־טשעווסקין, אין פּרצן. דעם ווינטער פון 1900 האָב איך זיך אַרומגע־טראָגן מיט ר' אבי עד שר שלום באזילהס „אמונת חכמים", מיט זײַ־נע ראיות, אַז דער שכל איז נישט אַלץ, אַן אינטערעסאַנטער איטאַ־ליענער. כ'האָב שוין דעמאָלט געקענט די פּוילישע ליטעראַטור, די רוסישע.

10 — פון 1905 בין איך אַוועק קיין נאַנסי, פראַנקרײַך. כ'בין אָנגעקומען אויפן פּאָליטעכניקום, האָב גענומען לערנען אויף אינזשינער. סוף 1906 בין איך צוריקגעקומען קיין פוילן, נישט געהאַט קיין מיטלען צו שטודירן. דעמאָלט האָב איך אָנגעשריבן מײַן ערשטע דערציילונג „אויף יענער זײַט בריק" און בין אַוועק מיט דער דערציילונג צו י. ל. פּרצן. כ'האָב עס באַשריבן אינעם אַרטיקל: „ווי כ'האָב י. ל. פּרצן גע־זען" (זאַמלבוך — „י. ל. פּרץ", ליטעראַרישער פאַרלאַג, ניו־יאָרק, 1915, זײַט 43).

11 — דעם עלפטן מערץ 1907 בין איך אָנגעקומען מיט דער שיף טראַווע קיין ניו־יאָרק, דאָ האָב איך געאַרבעט אין שעפּער, בײַם פאַנאַנדער־טראָגן צײַטונגען (מײַן ראָמאַן: „פון ניו־יאָרקער געטאָ"), בין אָנגע־קומען אין קופּער־יוניאָן אויף אינזשינער.

12 — סוף 1910 האָב איך אָפּגעדרוקט אַ צווייטן וואַריאַנט פון מײַן ערשטער

נישט געדרוקטער דערציילונג: „אויף יענער זײַט בריק״ (זאַמלבוך „ליטעראַטור״ 2).

13 — אין 1912 האָט זיך מײַן: „אַ ראָמאַן פון אַ פערד־גנב״ געדרוקט אין זאַמלבוך: „שריפטן 1״. דער ראָמאַן איז געווען ברייטער פאַרטראַכט. רחל, זאַנוולס געליבטע, איז געווען שרהקה פון „אַליין״. דער „פערד־גנב״ און „אַליין״ — איין ראָמאַן. קאָלעגן, וואָס האָבן געלייענט דעם ראָמאַן, זײַנען באַשטאַנען, כ׳זאָל שרהקן, ס׳וואַלד־מיידל, צונעמען פון זאַנוולען. כ׳האָב זיך געלאָזט איבעררעדן. זאַנוול־שפּורן זײַנען אָבער געבליבן אין „אַליין״, וואָס האָט פריִער געהייסן: „אַ ראָמאַן פון אַ וואַלד־מיידל״ (געדרוקט אין „צוקונפט״, 1918).

14 — אין 1913 האָב איך אָפּגעדרוקט אין „שריפטן 2״, „מאָרים און זײַן זון פיליפּ״. דאָס זעלבע יאָר בין איך אַוועק פון די „שריפטן״ און האָב אַרויסגעגעבן דאָס זאַמלבוך: „די נײַע היים״, 1914, וווּ מײַן ראָמאַן: „פון ניו־יאָרקער געטאָ״ האָט זיך געדרוקט.

15 — אין די יאָרן 1912־14 האָב איך אַ סך געלייענט די כראָניקעס: „סדר החכמים וקורות הימים״, וואָס נויבאַוער האָט אַרויסגעגעבן. כ׳האָב זיך אַרײַנגעלייענט אין גרעצן, אין דובנאָוון.

דער מיטלאַלטער — גזירות, רדיפות, קידוש־השם. ווי האָבן ייִדן עס דורכגעלעבט? און אַז כ׳האָב בײַ דובנאָוון סוף נײַנצנטן יאָרהונדערט אָנגעטראָפן די זעלבע גזירות און רדיפות, איז עס מיר געוואָרן קשה? האָב איך דאָך געלעבט אין דער פּויליש־רוסישער גרענעץ־שטאָט מלאַווע און זיך געחברט מיט ייִדישע און קריסטלעכע קינדער, מיר האָבן זיך צוזאַמען געבאָדן, צוזאַמען געשפּילט אין „פּאַלאַנט״, צוזאַמען זיך געגליטשט און געשפּאַצירט און אַז גזירות — זײַנען זיי געווען אויפן פּאַפּיר — ייִדן האָבן די גזירות נישט אָפּגעהיט. מלאַווע איז געווען אַ חסידיש־מולכישע שטאָט. און אַז ס׳איז געקומען שבת, ס׳איז געקומען אַ יום־טוב, זײַנען די קריסטן געווען אין גלות בײַם ייִד. און איך האָב זיך געטראַכט: „אויב דאָס נײַנצנטע יאָרהונדערט ווערט אַזוי פינצטער באַשריבן פון אונדזערע היסטאָריקער, ווער ווייסט צי זיי טרײַבן אויך נישט איבער מיטן מיטלאַלטער?״ און זיי האָבן איבערגעטריבן. חוץ דעם האָבן זיי אונדז בלויז געגעבן דעם „שבת״ און דעם „קידוש־השם״. די זעקס וואָכעדיקע טעג האָבן זיי דורכגעלאָזט. דער דורכגעלאָזטער „אינדערוואָכנס״ האָט מיך געטריבן צום היסטאָרישן ראָמאַן, האָט מיך געטריבן כ׳זאָל אָנשרײַבן „אַ טאָג אין רעגענסבורג״, כ׳זאָל געבן דעם עם־הארץ פון ר׳ עקיבאס צײַט, כ׳זאָל געבן דאָס אינדערוואָכנס נישט בלויז פונעם עם־הארץ, נאָר אויך פון ר׳ עקיבאן און פון זײַנע תלמידים.

# די מלאַווער עדה

די שאָסייען, די וועגן האָט מען נישט געקענט דורכגיין, געווען פאַרנו מען מיט רוסיש מיליטער, — האָט זיך די מלאַווער עדה געשלעפּט קיין וואַרשע מיטן גאַנצן האָב־און־גאָב אויף די פּלייצעס איבער פעלדער, איבער וועלדער.

פון פאָרנט האָט געשפּרייזט משה שמש, אַ הויכער, שווערער ייִד, פעסט געהאַלטן אין די אָרימס אַ ספר־תורה, גלייַך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, מען זאָל זי אים נישט אַרויסכאַפּן. אָנגעשפּאַרט די גאָמבע אָן די עץ־חיימס און זייַן לאַנגע, צעכמאַליעטע באָרד האָט זיך געשוואָנקען אונטערן רעגן.

הונגעריק, דורכגעווייקט פון די האַרבסט־רעגנס, וואָס האָבן, ווי אויף צו להכעיס, שוין אָנגעהאַלטן איבער אַ וואָך — האָט געבלאָנדזשעט די מלאַווער עדה ווי אַ סטאַדע שעפּסן, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, נישט געפילט, ווי די אָפּגעהאַקטע זאָנגען, די סאָסנאָווע נאָדלען קריכן דורך די צעווייקטע, האַלב־צעריסענע פּאָדעשוועס, שטעכן ביז צום בלוט און נאָר געחלומט, ווו צו געפינען אַ טרוקן, וואַרעם פּלאַץ און זיך צוזשפּאַרן.

און פון הינטן איז נאָכגעגאַנגען הערמאַן, דער שבת־גוי, אַ געזונטער דייַטש, וועמענס זיידע האָט זיך נאָך געשפּייַזט פון ייִדישע חלות און געפירט אויף אַ שטריקל אַ הונגעריקע, מעלקנדיקע ציג, די איינציקע בהמה, וואָס איז פאַרבליבן בייַ דער גאַנצער עדה.

און אַז אַ קינד איז פון מידקייט געפאַלן איבער די פּיסלעך און די שוואַכע מאַמע האָט עס נישט געקענט אויפהייבן, האָט הערמאַן געכאַפּט דאָס קינד, ווי אַ פאַסטעך כאַפּט אַ מיד שעפּעלע, עס אָנגעטרונקען מיט אַביסל ציגן־מילך, געשפּרייַזט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געבורטשעט צו זיך דורך די פאַרקוועטשטע ציין:

— רוסישער שוויַין!

האָבן זיך די ווייַבער איבערגעקוקט:

— דאָס האָט אין זיך קיין בייז „לב״ נישט! בעסער ווי אַ ייִד.

און אַז די נאַכט האָט אָנגערוקט און מען האָט אויסגעזוכט אַ פּלאַץ, ווו צו נעכטיקן, האָט די עדה אָנגעהויבן צו גראָבן די פּייַכטע ערד. טייל האָבן געגראָבן מיט שפּאַדלעס, טייל מיט ־נעגל, געגראָבן, ווי קראָטן, קברים פאַר די ווייַבער און קינדער. די קברים האָבן זיי אויסגעבעט מיט דורכגעווייקטע לאַכעס, מיט געלע וואַלדבלעטער, און די מענער האָבן זיך צעשאָטן איבער די פעלדער, געזוכט נישט־אויסגעגראָבענע קאַרטאָפל. און אַז בייַ איינעם זייַנען די פּיס געשוואָלן געוואָרן פון צופיל גיין, די קישקעס אייַנגעשרומפּן, און שטייענדיקערהייט איז אים באַפאַלן אַ שלאָף, האָט ער שטאַרק אייַנגע־

קוועטשט די קאַרטאָפֿל אין זײַנע פֿאַרשטאַרטע פֿינגער, זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער פֿײַכטער ערד, זיך איבערגעגעבן די מחנות שוואַרצע קראָען, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבער פֿעלדער, איבער וועלדער און געזען אין חלום אַ טאָפּ פֿאַריקע קאַרטאָפֿל. און אַז די טאַטעס האָבן אויסגעפֿונען, דאָס זייערע זין פֿעלן, און די זין — אַז זייערע טאַטעס פֿעלן, האָבן די זין מיט אַ שטיל געוויין זיך אַוועקגעלאָזט מקבר זײַן די טאַטעס, און די טאַטעס — די זין. און די ייִדן געבויגענע, מיט פֿאַרקוועטשטע ליפּן, חושכדיקע פּנימער, ווי די נאַסע ערד, אַרײַנגעמאַכטע פֿאָלעס אין די דיקע גאַרטלען, האָבן זיך ווײַטער געשלעפּט און געבלאָנדזשעט. און אַזוי איז די מלאָווער עדה קלענער געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג.

---

אויפֿן זיבעטן טאָג האָט דער רעגן אויפֿגעהערט, אַ קאַלטער ווינט האָט געטריקנט די פֿעלדער, זיי באַצויגן מיט אַ האַרטלעכער קאָרע, אָנגעיאָגט אין וואָלקן אויפֿן צווייטן ווי אַ טרעפּ און זיי פֿאַרטריבן איבערן וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן אויף דער צווייטער זײַט ווײַסל.

און די לבנה, אַ פֿולע, איז געשטאַנען איבערן וואַסער, געוואָרפֿן ווייבע, קרענקלעכע שטיקער ליכט, געשראָקן. אַרום קליינע פֿײַערלעך איז געזעסן די מלאָווער עדה, עלטערע באַוואַקסענע ייִדן, געטוליעט די קינדער צווישן די פֿיס, אויפֿגעשטעלטע ווי קראָקוועס, געגאַרטלט די האָריקע הענט אַרום די קניען, געבויגענע האָבן זיי זיך געוואַרעמט אָן די קליינע פֿײַערלעך, אָן די קאַלטע לבנה-שטראַלן.

טויזנטער ריחות האָבן זיך געטראָגן פֿון וואַלד, פֿון דער ווײַסל, מיטגעבראַכט מיט זיך עפּעס פֿאַרגעסנס, פֿון דור-דורות — האָט דער האַלבמשוגענער בעריש, דער מלאָווער פּרוש, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די מלבושים, און אַ הויכער, אַ ברייטער, ביז אין דער העלפֿט אַ נאַקעטער, מיט אַ באַוואַקסענעם קאָפּ ווי אַ לייב, מיט אַ לאַנגער, געדרייטער באָרד ווי פֿון שטאָל, זיך פֿאַרקוקט מיט זײַנע פֿײַערדיקע אויגן, ווי צעגליטע קוילן, אויף דער לבנה, אויף די שטערן און דערזען, אַז אויך דאָרט צווישן די שטערן בלאָנדזשען אַרום געבויגענע ייִדן, וואַרעמען זיך אָן די קאַלטע לבנה-שטראַלן — האָט ער ברייטער צעעפֿנט זײַנע גרויסע אויגן, אַ וואָרף געטאָן מיטן קאָפּהאָר און זיך צעלאַכט.

האָט זיך די עדה פֿאַנאַנדערגעטרייסלט, זיך דערמאָנט, ווו זי איז, אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס, וואָס אַ משוגענעם קען אײַנפֿאַלן, טיף אָפּגעזיפֿצט, צוריק אַראָפּגעלאָזט די מידע קעפּ און קוים, קוים געוואַרעמט דעם ייִדישן חלום.

טיף אין פֿינצטערן וואַלד האָבן גרינע פֿײַערלעך זיך געטיקט, און אַ יונגע מאַמע, נאָך אַליין אַ קינד, האָט געשפּרײַזט פֿון אַ פֿײַערל צו אַ פֿײַערל

מיט אַ קראַנק קינד אויף דער האַנט, שטיל און ביטער געוויינט, געבעטן די עלטערע ייִדן, זיי זאָלן תפילה טאָן, גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען איבער איר עופהלע.

און אַז דאָס שטילע געוויין, וואָס האָט זיך אַלעמען אײַנגעגעסן, האָט מיטאַמאָל אויפגעהערט — האָבן זיך אַלע פון דער שטילקייט אויפגעכאַפּט, זיך אַרומגעקוקט און דערזען, ווי די יונגע מאַמע שטייט אַ בלאַסע, מיט פאַר־קוועטשטע ליפּן, גלײַך זי וואָלט נישט געהאַלטן דאָס קינד, נאָר אַ שטיק אַנגעגליט אײַזן און געציטערט.

הערמאַן, דער שבת־גוי, איז דער ערשטער אויפגעשפרונגען, צוגענומען דאָס קינד בײַ דער מאַמען. האָט די מאַמע אים אַרומגעכאַפּט מיט אַלע כוחות, זיך צעשריגן מיט אַן אויסטערליש פרעמד קול, אַז אַלעמען איז אַ שרעק באַ־פאַלן. זי האָט ברייט צעעפנט די אויגן, געשטשירעט די ציין, פעסטער אַרומ־געכאַפּט דעם דײַטש און מיטאַמאָל זיך צעלאַכט, אַזוי אַז הערמאַן האָט זיך שוין נישט געוווּרט און אַליין פון שרעק זיך צעשריגן.

און די ייִדן איז אַן אימה באַפאַלן, האָבן זיי טיפער געבויגן די מידע קעפּ, געביסן פון ווייטיק די ליפּן.

און די יונגע מאַמע האָט געכאַפּט איר טויט קינד, עס געדריקט צו דער נאַקעטער ברוסט, זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַלע פיר אַנטקעגן דער לבנה, פאַרריסן דעם קאָפּ און געוואָיעט ווי אַ הונגעריקער וואָלף, ווי אַ סאָווע.

## י. אָפּאַטאָשו

## פּוילישע וועלדער

די וועלדער אין פּוילן האָבן גענומען ווערן שיטערער. דער אַלטער שררה, דער לאַנג־וואָנסיקער שליאַכטשיץ מיטן פאַרמעטענעם הערב אויף דער וואַנט, מיט דער צוויי־רעריקער ביקס איבער זײַן בעט, דער אמתער טאַטע פון דאָרף, איז געוואָרן אַלץ זעלטענער. דער אַלטער שליאַכטשיץ האָט גע־היט זײַן וואַלד, ווי זײַן פאַרמעטענעם יחוס, ווי זײַנע שווערע, מיט מעש גע־שמידטע קופערטס, ווו אַלט־פרענקישע, זילבערנע קריגלעך מיט פּוילישע מטבעות זײַנען געלעגן. און אַז בײַ איינעם האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ זיל־בערנע מטבע מיט העברעיִשע אותיות פון מיעשקאָ סטאַרים צײַטן, וואָס ייִדן, פּילײַכט די ערשטע אמתע באַלעבאַטים פון דער ווײַסל, האָבן געמינצט — האָט מיט דעם שליאַכטשיץ געקלונגען די גאַנצע געגנט.

דער וואַלד איז געווען אַן אַלטער, אַ געמישטער. די ביימער, ווי צוויי־לינגס, זײַנען געוואַקסן איינס לעבן אַנדערן, פון ענגשאַפט געשפּאַרט פון דער ערד אַרויס זייערע אָפּגעסמאַליעטע וואָרצלען, ווי אײַנגעקרעמפטע גלידער.

די צעצווײַגטע דעמבעס, וואָס האָבן זיך איבערגעוואָלד אַרויסגעשפּאַרט אין דעם געדיכטן וואַלד, געהויקערט און אויסגענאָגט די אַרומיקע ביימער ביז צום אײַנדאַרן, האָבן געבליט מיט קליינע ווײַסע בלימלעך. טיף אין וואַלד, וווּ די זון איז כמעט קיינמאָל נישט צוגעקומען און שטיקלעך שניי, ווי אַלטע אויסגעקראָכענע שטיקלעך שעפּסן־פּעל, זײַנען נאָך געלעגן, האָבן רויט־צע־בליטע נים־ביימלעך זיך געפּלאָכטן און געפּלאָנטערט מיט אָשינע־ביימער און צעטיילט דעם וואַלד אויף שררהשן און פויערשן.

באַרג־אַראָפּ, אין פויערשן וואַלד, האָט די ערד אַ בייגיקע, אַ פּאַריקע געשמעקט מיט פריש געבאַקן ברויט, מיט געווייקטע דעמבאָווע קאָרע. די אָשינע־ביימער מיט קרומע צעיוירענע צווײַגן, ווי לאַפּעס, האָבן זיך גע־ווייקט אין דער פעטער, זומפּיקער ערד און די תמיד־שוואַרצלעכע קאָרע איז פון פײַכטקייט אַזש רויטלעך געוואָרן.

באַרג־אַרויף, אין שררהשן וואַלד, ווו די ערד איז זאַמדיקער, האָבן די סאָסנאָווע ביימער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שניי, געצויגן דורך די וואָרצ־לען, ווי דורך אָדערן, פון דער מאַמע־ערד און פרישער געוואָרן. פולע, אָנגע־קוואָלענע, ווי פול־אייטערדיקע בהמות, האָבן די סאָסנעס ווי זיך געבעטן בײַ די צעהיצטע וואַלד־העקער, בײַ די מידע דורכגייער זיי זאָלן צולייגן די ליפּן און טרינקען.

מרדכי מיטן פאָטער זײַנען געשטאַנען אין וואַלד, געציילט די אַראָפּגע־לאָזטע ביימער און זיי געצייכנט מיט רויטן קרײַט. דער אַלטער אברהם אין אַ פּאָר לאַנגע שטיוול, אין אַ ווינטער־רעקל, איז געלאָפן אַן אָנגעכמורעטער פון איין בוים צום צווייטן, געהאַלטן אין איין שמעקן טאַבעק פון אַ זילבער־נעם שקעטעלע, געקרימט מיט דער דאַרער נאָז, אָפּגעווישט דעם טאַבעק פון די שפּיץ פינגער אָן דער לאַנגער, גרויער באָרד און געערעדט אָפּגעהאַקט, ווי מען לאָזט פאַרע פון אַ קעסל:

— אַלץ הייסט ביימער! אַז ס'איז נישטאָ אויף וועמען צו פאַרלאָזן זיך! ביסט דאָך געשטאַנען בײַם אַראָפּלאָזן? ווו איז דײַן קאָפּ געווען? אַז דו ביסט שטענדיק פאַרחושט! צום לערנען, מײַן זונדל, האָסטו דײַן טאַטנס חשק! האָב איך צו דיר גאָרנישט! אלא מה? בין איך דאָך אָבער אין דײַנע יאָרן שוין אַ סוחר געווען! געפּאָרן מיט באַלעבאַטים אויף מבינות! און דו? גאָרנישט!
— האָט אברהם אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען — שפּענער האָבן זיי אַראָפּ־געלאָזט די „פּסובראַטעס", נישט קיין ביימער!

— אַז דאָס איז שפּענער — האָט מרדכי אַ געזונטער, אַן אָפּגעברענטער געצײַגט מיטן האַנט אויף די ליגנדיקע ביימער און געשמייכלט — וועסטו, טאַטע, אַ צווייטן מאָל זיך אַליין מטריח זײַן און הייסן די פויערים אַראָפּלאָזן ביימער, נישט קיין שפּענער!

— וואָס דען, ביימער איז עס! — האָט דער אַלטער אויסגעשאָסן, אָנגע־

כאַפּט דעם זון פֿאַרן אָרבל און אים געצייַגט אויף אַן אַראָפּגעלאָזטן בוים — ווי אַלט אַ שטייגער רעכנסטו איז דאָס ביימל? וואָס, צוילסט גאָר די רינגען? לאָ׳מיך שוין, לאָ׳מיך, חמור דו!

— אַוודאי צייל איך! קיין נביא בין איך נישט! — האָט מרדכי געענטפֿערט.

— איך אין דייַנע יאָרן האָב אויפֿן אויג געטראָפֿן ווי אַלט אַ בוים איז! — האָט דער אַלטער זיך געבייזערט, אָפּגעשטופּט דעם זון און זיך אייַנגעבויגן, אַז דער רויטער קאַרק האָט זיך אָנגעצויגן ביז צום פּלאַצן — קוק זיך אייַן, ווי מען מעסט: פֿינף צאָל, צען — — — נו, כ׳פֿרעג דיך? עטלעכע פֿערציק יאָר אַ ביימל, מעגן זיי נישט פֿאַרשרפֿעט ווערן?

— איך האָב קיין עלטערע ביימער דאָ נישט געזען! — האָט מרדכי זיך פֿאַרענטפֿערט.

— האַקט מען נישט! — האָט דער אַלטער אויסגעשאָסן — דער הולטייַ מאַכט דאָך אַ תּל פֿון וואַלד! אַז ס׳שנייַדט בייַם האַרץ! בייַ זייַן פֿאָטער, אַז מען האָט דורך אַ טעות אַראָפּגעלאָזט אַ הונדערט-יעריקן בוים, האָט מען אים געמוזט באַהאַלטן! צו יונג געווען! און הייַנט — — — אַז ס׳אַרט אים נישט! ער האָט שווער געאַרבעט, דער הולטייַ, אויף דעם אַלעם גוטס. זיצט ער דאָרטן, דער זולל וסובא, אין פּאַריז, שרייַבט וועקסלען, פּטרט אַ פֿאַרמעגן אויף שטרויענע פֿאַנפֿאַראָנקעס און דעם אַלטנס פּראַצע גייט מיטן רויך! און ס׳איז נאכל ונשתה כי מחר נמות!

מרדכי האָט געוווּסט, אַז ענטפֿערן דאַרף מען נישט. דער אַלטער וועט אָפּשרייַען, זיך פֿאַרגעסן און אַנטשוויגן ווערן. איז אָבער בייַ זיי געווען אין בלוט, בייַ דער גאַנצער משפּחה, נישט צו פֿאַרשווייַגן, סתם אַזוי, צוליב קריגערייַ. און כאָטש מרדכי האָט באַשלאָסן נישט צו ענטפֿערן, האָט עס אָבער נישט ווילנדיק פֿון אים אַרויסגערעדט:

— וואָס קאָכסטו זיך, וואָס? ער וויל האַקן — לאָז ער האַקן! ס׳איז דאָך נישט דייַן וואַלד!

— איך וויל אָבער נישט! — האָט דער אַלטער אויסגעשאָסן און צוגעפּייַפֿט מיט דער נאָז.

— דאָס איז ווייניק — האָט מרדכי געשמייכלט — דו ביסט נישט דער באַלעבאָס, טאַטע!

— ווי לאַנג כ׳וועל לעבן בין איך באַלעבאָס! — האָט אברהם געשריגן אויפֿן זון און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז דער אַלטער פֿליט אים אין די אויגן אַרייַן — כ׳האָב געשריבנס פֿון אַלטן שררה, אַז ווי לאַנג כ׳וועל לעבן טאָר מיר קיינער נישט אָפּזאָגן! פֿאַרשטייסט, כאַמוליע דו!

— וואָס פֿאַר אַ סמיכות הפּרשה? — האָט מרדכי זיך געהיצט — ווער

רעדט וועגן אַפּזאָגן? איך טענה, אַז וועלדער זײַנען באַשאַפן געוואָרן, אַז מען זאָל זיי האַקן!

דער לעשניק, אַ פּופּציק־יעריקער פּויער, אָנגעטאָן אין אַ בלויע טוכענע קאַפּאָטע מיט צוויי שורות הילצערנע קנעפּ, איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן.

— אָט איז מאַרטשין — האָט אברהם אָפּגעהוסט און געווונקען מיט אַ פינגער צום לעשניק ער זאָל צוגיין — וואָס זאָגסטו, מאַרטשין, דאַרף מען אויסהאַקן די וועלדער?

דער לעשניק האָט געשמייכלט, געהאַט הנאה, וואָס דער „פּאַן־שרײַבער" פרעגט אים און זיך געקראַצט אַ ווײַלע דעם קאָפּ:

— באַ, האַקן אַ וואַלד — האָט מען אייביק געהאַקט! אַז דער וואַלד איז געדיכט, איז וואָס מער מען האַקט — וואַקסט מער! מיט אַ מענטש איז פּונקט דאָס זעלבע — אַז ס'צענעמט אַ מענטשן, ס'בריט, דאַרף מען לאָזן אָדער, נישט אמת? כאַ, כאַ, כאַ, ס'איז געזונט! אויסהאַקן אָבער אינגאַנצן אַ וואַלד, דאָס, פּאַנאָוויע, איז אַ זינד! האַקסטו אויס אַ וואַלד, צעלויפן זיך די נישט־גוטע און ברענגען אַלע שלעק אויפן מענטש!

— מיט אַן אמת? — האָט מרדכי פאַרוווּנדערט געפרעגט דעם לעשניק.

— פאַרוואָס זאָל דאָס נישט זײַן אמת? — האָט מאַרטשין געשמייכלט

— ע, „פּאַניע מלאָדי" — ווי מיינט דער פּאַן זײַנען די בערן אַהינגעקומען? און נאָך אַ פּאָר יאָר וועלן שוין קיין הירשן אויך נישט זײַן! האַקט מען אויס אַ וואַלד, צעלויפן זיך די חיות, פּגרן אויס און אין יעדער חיה זיצט אַ נישט־גוטער. — — —

### ר' מענדעלע קאָצקער

צומאָרגנס איז מרדכי אָפּגעזעסן דעם גאַנצן פרימאָרגן בײַם רבין אין בית־המדרש און זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס דער עולם שטעלט זיך נישט דאַווענען. ס'איז שוין געווען נאָך צוועלף. איבערן לײדיקן בית־המדרש האָבן עטלעכע אָפּגעריסענע, באַוואַקסענע חסידים אַרומשפּאַצירט אײַנציקווײַז, ווי זיי וואָלטן געווען ווילד־פרעמדע, געמאַכט משונהדיקע הוויות און זיך גע־מוחט. מרדכי האָט אָפּגעשטעלט איינעם פון זיי און זיך געפרעגט:

— ווען שטעלט מען זיך דאָ דאַווענען?

דער חסיד האָט פון געוווינהייט אָנגעשטעלט אַן אויער, ווי ער וואָלט בעסער געוואָלט באַגרייפן וואָס מען פרעגט אים, בייז געווען, פאַרוואָס מען האָט אים איבערגעריסן די רעיונות און זיך אַ וואָרף געטאָן:

— אין קאָצק דאַוונט מען נישט!

מרדכי האָט פון גרויס חידוש אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען, נאָכגע־

קוקט אַ ווײַלע דעם חסיד און איז צוגעגאַנגען צו אַן אָפֿן פֿענצטער, וואָס האָט אַרויסגעפֿירט אויפֿן הויף. דער הויף איז געווען שוואַרץ מיט חסידים. טייל זײַנען געזעסן אויף קלעצער, אויף שטיינער, אַנדערע געלעגן אויפֿן גראָז, געמיטלעך געשמועסט איבער פֿאַנאַנדערגעעפֿנטע פּעקלעך און געגעסן צו־זאַמען. אַן אַלטער חסיד איז אַרומגעגאַנגען צווישן עולם מיט אַ קויש פּלעצ־לעך, וואָס איז געווען גרעסער פֿון אים און געשריגן — כל דכפין ייתי וייכול! דער עולם האָט צעכאַפּט די פּלעצלעך ווי מצה־וואַסער. דאָס איז געווען משהלע חסיד, אַ ייִד, וועמענס עובֿדה ס׳איז געווען צונויפֿצונעמען יעדן פֿרי־מאָרגן בײַ די שטאָט־בעקערס אַ קויש מיט פּלעצלעך און זיי צעטיילן צווישן דעם אָנגעקומענעם עולם.

אָן אַ זײַט, קעגנאיבער דעם רבינס הויז, זײַנען געזעסן דאָרפֿסייִדן אין שוואַרצע קאַפּאָטעס, עלטערע ייִדענעס מיט טעכטער, יונגע ווײַבלעך, מאַמעס מיט קראַנקע קינדער, קאַליקעס. זיי זײַנען זיך צונויפֿגעקומען פֿון גאַנץ פּוילן, יעדער מיט זײַן שווער געמיט, יעדער מיט זײַן ביטער האַרץ, געגאַנגען צו־פֿוס צענדליקער וויאָרסטן, און געהאָפֿט, אַז דער רבי וועט זיי העלפֿן. און כאָטש זיי האָבן געוווּסט, אַז ר׳ מענדעלע נעמט שוין יאָרן נישט קיין קוויט־לעך, זײַנען זיי פֿון דעסטוועגן געקומען פֿון איבער גאַנץ פּוילן, געזעסן גאַנ־צע טעג הינטער דעם רבינס פֿענצטער און געווען זיכער, אַז פֿון אַ בלויזן קוק זײַנעם קען בעסער ווערן. דערשלאָגענע מיט פֿאַרחושכטע פּנימער, זײַ־נען זיי געזעסן אַלע צוזאַמען, די קעפּ אַראָפּגעלאָזט, ווי חולאים בײַ אַ דאָק־טאָר אין פֿאָדערהויז, אויסגעהערט איינער דעם צווייטנס אומגליק, מיטגע־זיפֿצט און זיך עצות געגעבן.

מרדכי האָט מיטאַמאָל דערהערט אַ בילערײַ, אַז ס׳איז אים אַזש קאַלט געוואָרן. צווישן די חולאים האָט זיך אַ יונג מיידל אַוועקגעשטעלט אויף אַלע פֿיר, פֿאַרריסן דעם קאָפּ, פֿאַרגלייזט די אויגן און גענומען בילן ווי אַ הונט. דער עולם האָט זיך אָפּגערוקט, געשטאַנען אומבאַהאָלפֿן, ווי פֿאַר אַן אומ־גליק, און זייערע טעמפּע, חושכדיקע פּנימער האָבן געקוקט אין אַלע זײַטן אַזוי צעשראָקן, אַז אַ רחמנות האָט אַרומגענומען. דאָס מיידל האָט זיך גע־פֿילט באַקוועמער, וואָס דער עולם האָט זיך פֿאַנאַנדערגערוקט, צעעפֿנט דעם קאַפּטן, העכער פֿאַרריסן דעם קאָפּ, און מיט אַ בילערײַ פֿון אַ הונט, וואָס דערשמעקט ערגעץ־ווו אַ פֿײַער, שטעלט זיך אַוועק אויף די הינטערשטע פֿיס, באַהאַלט דעם עק, צעוויינט זיך, ווי דאָס פּײַפֿן פֿון אַ ווײַטן ווינט, זאָגט אַן מענטשן אַ שלעכטע בשׂורה, פּונקט אַזוי איז דאָס מיידל זיך פֿאַרגאַנגען.
די חסידים האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זייערע פּלעצער, אַרומגערינגלט די קראַנקע.

— ס׳איז דאָך אַ דיבוק, רחמנא ליצלן, גיסט זי אָפּ מיט נעגל־וואַסער!
— האָט אַ חסיד אַן עצה געגעבן.

— יִדן, טשעפּעט נישט מײַן קינד! — האָט אַן אַלטע פּאַרווײנטע מו־טער זיך געבעטן, אַרומגעכאַפּט די טאָכטער און זי גענומען קושן — לאָהשי, האָב רחמנות אויף דײַן קראַנקע מאַמע, פאַרשוואַרץ מיר נישט ס׳פּנים פאַר אַ גאַנצע וועלט, נו, באַרויִק זיך, קינד מײַנס!

דערווײַל האָט אַ חסיד געבראַכט פון בית־המדרש אַן עמער מיט נעגל־וואַסער און זי אָפּגעגאָסן. די קראַנקע האָט אַ קוויטש געטאָן, צעטומלט גע־וואָרן, אויפגעהערט צו בילן און אַן אָפּגענוצטע איז זי געבליבן ליגן אין זאַמד אָן אָטעם, בלויז געדריגעט מיט די פּיס.

די מוטער האָט גענומען מונטערן די טאָכטער, זי געריסן פאַר די האָר, פאַר דער נאָז, נישט געקענט דערמונטערן, איז זי אויפגעשפּרונגען, פאַר־בראָכן די הענט און געשריגן צום עולם מיט אַ ניגון, ווי מען באַווײנט אַ טויטן:

— וואָס האָט איר געװאָלט פון מײַן טאָכטער? גיט מיר אָפּ מײַן טאָכ־טער!

זי איז מיטאַמאָל צוגעלאָפן צום רבינס פענצטער, גענומען קלאַפּן מיט בײדע הענט, אַז די שויבן האָבן אַזש געציטערט, געוויינט און זיך געבעטן:

— רבישי, הייליקער רבי, האָט רחמנות אויף אַן אָרעמער מאַמע! איין אײנציקע טאָכטער איז זי בײַ מיר! פון צען געבליבן איין אויסגעוויינט קינד! רבי!...

בשעת די יִדענע איז געשטאַנען בײַם רבינס פענצטער און געוויינט, איז געוואָרן אויפן הויף אַזוי שטיל, אַז מען האָט געהערט, ווי די קראַנקע דריגעט מיט די פּיס. אַלע האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן, געשטאַנען מיט צע־עפנטע מײַלער, געוווען זיכער, אַז דער רבי וועט הייסן ברענגען די קראַנקע צו זיך.

דער רבי, אַ קליינער, אַ גרויער, אַזוי באַוואַקסן, אַז מען האָט אַפילו דאָס פּנים נישט אַרויסגעזען, איז געשטאַנען אין פענצטער מיט צונויפגע־קוועטשטע פויסטן און געשריגן צום עולם:

— אַקסן, אַוועק, אַוועק פון מײַנע אויגן! כ׳בין קיין דאָקטער נישט!

אַלע האָבן פאַרגעסן אָן דער קראַנקער, געציטערט פון רבינס רייד, איז זי דערווײַל געקומען צו זיך, זיך צוריק אַוועקגעשטעלט אויף אַלע פיר און, ווי אויף צו להכעיס, אַזוי הינטיש זיך צעוויינט דעם רבין גלײַך אין פּנים אַרײַן, אַז בײַ יעדן אײנעם איז דורך אַ שוידער.

מרדכי האָט געקוקט אויף די צעקרומטע פּנימער, וואָס האָבן געבעטן רחמים בײַ יעדן חסיד, אויף די אויסגעצערטע קינדער, וואָס האָבן זיך גע־שאַרט אויף די עלנטע מוטערס, אויף די קאַליקעס, וועמענס צעוויטיקטע אויגן האָבן זיך געצונדן, געקוקט מיט ביטול אויף די אַרומיקע חסידים, ווי זיי וואָלטן זיך גערייצט — זי בילט אויפן רבין, זי בילט אויפן רבין...

ש. ניגער

# י. אָפּאַטאָשוס „אין פּוילישע וועלדער“

שלום אַשס „תהילים־ייִד“ איז, אַזוי ווי י. אָפּאַטאָשוס „אין פּוילישע וועלדער“, אַ היסטאָרישער ראָמאַן. אָבער נישט דאָס, וואָס ביידע שרײַבערס האָבן גענומען זייערע טעמעס פון דער פאַרגאַנגענהייט, מאַכט, אַז מיר זאָלן זיך דערמאָנען אָן אָפּאַטאָשוס „אין פּוילישע וועלדער“, ווען מיר לייענען אַשס „תהילים־ייִד“. עס איז דאָ צווישן זיי אַ גרעסערע ענלעכקייט. זייער ביידנס שטאָף איז פאַרבונדן מיט איין היסטאָרישער סביבה, מיט איין עפּאָכע, — מיט דעם לעבן פון פּוילישן ייִדן אין דער ערשטער העלפט אָדער, ריכטיקער, אין דעם צווייטן דריטל פון נײַנצנטן יאָרהונדערט. אין ביידע ראָמאַנען רעדט זיך וועגן חסידות, וועגן חסידים; דער באַרימטער חסידישער רבי, ר׳ מענדעלע קאָצקער, פיגורירט אין ביידע ביכער. און ווען שרײַבן אַ היסטאָרישן ראָמאַן זאָל הייסן שרײַבן געשיכטע אין דער פאָרם פון אַ ראָמאַן, וואָלטן איינציקע קאַפּיטלעך אין „תהילים־ייִד“ געמוזט זײַן אַן איבער־חזרונג אָדער אַ וואַריאַנט פון יענעם טייל „אין די פּוילישע וועלדער“, אין וועלכן אָפּאַטאָשו האָט „באַאַרבעט“ דעם זעלביקן שטאָף. עס וואָלט געקענט זײַן אַן אונטערשייד אין סטיל, אין פאָרם, נישט אין תוך.

לייענט, אַ שטייגער, די קאַפּיטלעך וועגן ר׳ מענדעלע קאָצקער.

י. אָפּאַטאָשו איז געווען דער ערשטער אים אַרײַנצוברענגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור. דער ערשטער, וועלכער האָט פון צעוואָרפענע ווערטלעך און מעשהלעך, וואָס די חסידים דערציילן וועגן קאָצקער, געפּרוּווט שאַפן אַ געשטאַלט, און די קאַפּיטלעך פון „אין פּוילישע וועלדער“, ווי עס ווערט דערציילט וועגן דעם קאָצקער, געהערן געוויס צו די קוואַלן, פון וועל־כע אַש האָט געשעפּט, ווען ער האָט געשריבן זײַן „תהילים־ייִד“. נישט איין איינצלהייט אין אַשס באַשרײַבונג פון דעם קאָצקער, פון זײַן אויפפירונג און זײַנע תורה־ווערטלעך דערמאָנט אָן י. אָפּאַטאָשוס „אין פּוילישע וועלדער“. און דאָך בלײַבט פון אַשס ר׳ מענדעלע קאָצקער גאָר אַן אַנדער אײַנדרוק, ווי דער, וואָס מיר האָבן געהאַט פון אָפּאַטאָשוס קאָצקער. בײַ אַשן איז ער נישט שווה בשווה מיט זײַנע חסידים און מקורבים, בײַ אָפּאַטאָשון האָלט ער מלחמה מיט זיך אַליין. בײַ אַשן איז ער פול מיט גלויבן און זיכערקייט; בײַ אָפּאַטאָשון — מיט צווייפל און פאַרצווייפלונג.

בײַ ביידן זונדערט ער זיך אָפּ פון די חסידים, ווייל נישט נעמען בײַ זיי קיין פּדיונות, ווייל נישט זײַן בײַ זיי קיין רבי; בײַ ביידן איז ער אַרײַנגעטאָן אין זײַנע אייגענע רעיונות; בײַ ביידן שטעלט ער מידת־הדין העכער פון מידת־הרחמים; בײַ ביידן האָט ער עליות און ירידות, — און דאָך איז ער איין סאָרט מענטש בײַ אָפּאַטאָשון און גאָר אַן אַנדערער — בײַ אַשן. בײַ

אַפּאַטאַשון איז ער אַ צעריסענער, אַ צעטומלטער מענטש, ביַי אַשן איז ער גאַנץ און קלאָר. ביַי אַפּאַטאַשון איז ער אַ בייזער, אַ ביטערער, אַן אומגליק־לעכער, און נישט נאָר ביַי אַנדערע איז ער נישט קיין רבי, ער איז ביַי זיך אַליין אויך נישט קיין רבי. ביַי אַשן בליַיבט ער אַ רבי, כאָטש ער שילט די חסידים, וועלכע פאַרשטייען אים נישט און מאָנען ביַי אים זאַכן, וועלכע זיַינען גאָרנישט ווערט... ביַי אַשן האָט ער, אגב, מער עליות, ווי ירידות...

אַש האָט באַנוצט דעם זעלבן שטאָף, וואָס אַפּאַטאַשו, און אפשר האָט ער אַ טייל פון דעם שטאָף ביַי אַפּאַטאַשון גופא גענומען, — און דאָך וואָס פאַר אַן אונטערשייד אין די רעזולטאַטן! אַ צעריסענער מענטש, אַ מטושטשע און ווירקונגסלאָזע געשטאַלט ביַי י. אַפּאַטאַשון; אַ גאַנצער מענטש און אַ קלאָרע מאַכטפולע געשטאַלט ביַי אַשן...

פון איין־ און־דעמזעלביקן לייִם זיַינען אויסגעקנאָטן געוואָרן צוויי גאָר באַזונדערע פיגורן. פאַרוואָס? וויַיל צוויי באַזונדערע קינסטלער האָבן זיי גע־קנאָטן. יעדער האָט געשאַפן אַזאַ ר׳ מענדעלע, וואָס ער האָט געוואָלט, וואָס ער האָט גערדאַרפט אַזאַ. אַפּאַטאַשו האָט געשאַפן אַ סתירותדיקן, אַ בלאָנ־דזשענדיקן און אַן אומבאַשטימטן כאַראַקטער, וויַיל דער גאַנצער ראָמאַן „אין פוילישע וועלדער" איז אַ בוך פון סתירות, בלאָנדזשענישן, זוכענישן, אומבאַשטימטקייטן. מרדכי אַליין, די צענטראַלע פיגור פונעם בוך, איז גע־צייכנט אין גערדרייטע, אומקלאָרע און אומבאַשטימטע ליניעס. דעם דיכטער, איז, ווי עס וויַיזט, נישט קלאָר געווען, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן מיט זיַין ראָמאַן. ער האָט נישט געהאַט קיין באַשטימטע אידייע. ער האָט גע־האַט אימפּעט; ער האָט נישט געהאַט קיין ציל. ער האָט זיך ברייט פאַר־מאָסטן, אָבער נישט צוליב עפּעס אַ כוונה, נאָר צוליב דעם עצם פאַרמעסטן זיך... קבלה, השכלה; אַלערליי חסידים, אַלערליי משכילים: כוחות, וואָס ראַנגלען זיך צווישן זיך; וועגן וואָס קרייצן זיך... צוליב וואָס? די פראַגע האָט זיך אַפּאַטאַשו נישט געשטעלט. און אַזוי ווי ער האָט זי נישט געשטעלט אין זיַין גאַנצן ראָמאַן, האָט ער נישט געזוכט אויף איר קיין ענטפער אויך אין דעם טייל, וואָס הייסט: „קאָצק". אַנדערש איז אַש. ער האָט מיט זיַין „תהילים־ייִד" געהאַט אַ גאַנץ באַשטימטע כוונה. ער האָט נישט געוואָלט סתם אַזוי מאָלן מענטשן און דערציילן מעשיות. ער האָט געוואָלט לאָזן זיך אויסלעבן פאַר אונדז אַ גאַנץ באַשטימטע געשטאַלט, — די געשטאַלט פון אַ מענטשן, וואָס לעבט מיט רחמנות און ליבע; די געשטאַלט פון אַ מענטשן, וואָס די הויפּטשטריכן פון זיַין כאַראַקטער זיַינען פשוטקייט און מענטש־לעכקייט, די געשטאַלט פון דעם תהילים־ייִד, ר׳ יחיאל. ער האָט געוואָלט געבן אונדז אַ מוסטער פון אַ מענטשן, ווען ער האָט געמאָלן דעם הויפּט־העלד, — און ווען ער האָט אונדז דערציילט וועגן דעם קאָצקער — האָט ער אויך געוואָלט געבן אַ קאָנסטרוקטיוון, נישט קיין דעסטרוקטיוון טיפּ. זיַין

קאַצקער האָט זיך אַרײַנגעפּאַסט אין „תהילים־ייִד”, אַזוי ווי דער קאַצקער, וואָס אָפּאַטאָשו האָט אונדז געגעבן, פּאַסט זיך פאַר „אין די פּוילישע וועלדער”.

## יוסף אָפּאַטאָשוס גאַנג

האָבן מיר דאָ, אין די „פּוילישע וועלדער”, אַרויסגעפירט די גאַנצע ייִדיש־פּוילישע פּאַנאָראַמע פון אַלע קלאַסן, קרײַזן און מינים ייִדן, און אַ היפּש ביסל אויך פון די ריין פּוילישע מינים: וואַלד־ייִדן און וואַלד־גויִים, ייִדישן המון־עם און פּויערטום, חסידישע הויפן און שליאַכטשיץ־פּויערשע אויפשטאַנדן, חסידים־סוחרים און פּריילעכע קבצנים, וואָס זייער גאַנצע עשי־רות איז זייער אמונה אין רבין.

י. אָ פּ אַ ט אָ ש ו

## פּ אַ ר ט י ז אַ נ ע ר

### א.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. קיין לבנה, קיין שטערן. דער עראָ־פּלאַן, וואָס איז געווען זעקס און צוואַנציק טויזנט פוס איבער דער ערד, איז געפלויגן „בלינד”.

אַזוי אַ שעה, אַזוי צוויי.

ס׳איז שוין געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווען ביידע פּאַרטיזאַנער, קאָליע און אַבראַשע, האָבן דערפילט אַז זייער עראָפּלאַן דערנענטערט זיך צום וואַלד.

דאָס מאָל וועלן זיי נישט בלויז אַראָפּוואַרפן קאָנסערוון און אַמוניציע און צוריקפליִען, נאָר זיי וועלן זיך אַראָפּלאָזן מיטן עראָפּלאַן און אָפּטאָן אַ שטיקל אַרבעט. דער בלויזער געדאַנק, אַז מען וועט אָפּטאָן אַ „שטיקל אַר־בעט” האָט ביידן צוגעגעבן פרייד.

קאָליע און אַבראַשע — ביידע אין די צוואַנציקער, ביידע קיִעווער, פון־נעם פּאָדאָל, וואָס לויפט באַרג־אַראָפּ, גרענעצט זיך מיטן דניעפּער. ווען ייִדן האָבן בײַם צאַר אין קיִעוו נישט געטאָרט וווינען, איז פּאָדאָל געווען די ייִדי־שע געטאָ. פאַר קאָליען און אַבראַשען איז דער פּאָדאָל געווען אַ טייל פון קיִעוו. און מיט קיִעוו האָבן זיך די יונגעלײַט איבערגענומען. גאַסן ברייטע, געפּלאַסטערטע, ציִען זיך באַרג־אַרויף, באַרג־אַראָפּ. פאַר די הײַזער ביימער, גערטנדלעך. איצט, אָנהייב מאַי, איז די גאַנצע שטאָט אײַנגעדעקט אין גרינס.

אזוי האָט קיעוו אויסגעזוען אָנהייב מאַי ניַינצן הונדערט איין און פער־ציק. און היַי־יאָר ניַינצן הונדערט צוויי און פערציק? קרעשטשאַטיק ליגט אין חורבות, פּאָדאָל איז אָפּגעברענט. אויף די צעבליטע ביימער הענגען ייִדן, אוקראַינער. דאָס נעמט דער שונא, דער דיַיטש, נקמה פון יעדן ייִד, פון יעדן אוקראַינער, אויב ער איז חושד, אַז דער וויַיטסטער קרוב איז אַ פּאַרטיזאַן. און דער דיַיטש האָט נקמה גענומען פאַר אַבראַשעס „חטאים", אויפגעהאָנגען אַבראַשעס זיבעציק־יאָריקן פאָטער, אים אויפגעהאָנגען אויף אַ קאַשטאַנ־בוים, לעבן אַלטן בית־עולם. שוין די דריטע וואָך ווי דער זקן הענגט. און דער דיַיטש פאַרזיכערט, אַז דער זקן וועט אַזוי לאַנג הענגען, ביז הינט וועלן אים אויפפרעסן.

אַז אַבראַשע האָט זיך דערוווּסט פונעם פאָטערס טויט, האָט אַ הייסע קנויל אים אַ שפּאַר געטאָן אין האַלדז אַריַין, געטריבן ס'בלוט אין די שלייפן:

— פאַר וואָס שריַיט ער נישט מען זאָל הערן אין אַלע הימלען?

און בשעת אַבראַשע האָט געפירט אין וואַלד אַריַין פאַר די חברים־פּאַר־טיזאַנער קאָנסערוון און אַמוניציע, האָט ער מיטאַמאָל אָפּגעלאָזט איין האַנט פונעם האַלבן רעדל און אַ זאָג געטאָן צום חבר מיט אַ פרעמד, אָפּגעשפּאַלטן קול:

— קאָליע?!

— וואָס, אַבראַשע?

— כ'וויל מקבר זיַין דעם טאַטן.

ביידע האָבן געוווּסט, אַז מען שטעלט אין קאָן דעם עראָפּלאַן, ס'איי־גענע לעבן, אַז מען שטעלט איַין אין קאָן ס'לעבן פון די פּאַרטיזאַנער.

ביידע האָבן געשוויגן, זיך געטוליעט אין די שמוישענע פעלצן און גע־שוויגן.

ב.

און אַז זיי זיַינען שוין געווען איבערן וואַלד האָבן ביידע געזוכט אין דער פינצטערניש אַ פיַיערל, געזוכט אַ פלעמל — אַ צייכן, אַז מען קען זיך אַראָפּלאָזן. ס'איז גאָרנישט געווען צו זען. קאָליע האָט געוויזן מיט אַ פינגער אויפן ציפערבלאַט און געהייסן האָט עס:

אַראָפּלאָזן זיך צו פופצן טויזנט פוס.

דער עראָפּלאַן איז אַ פאַל געטאָן צווישן געדיכטע וואָלקנס און האָט זיך גענומען טראָגן איבערן וואַלד. ערשט איצט האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז ס'רעגנט. ס'פינצטערניש איז געשטאַנען, ווי אַ וואַנט. דער עראָפּלאַן האָט זיך געדרייט איבערן וואַלד פינף מינוט, צען מינוט, פופצן מינוט. קאָליע און אַבראַשע האָבן מיט די אויגן געעגבערט ס'פינצטערניש, געזוכט אינעם חושך

אַ פלעמל. ס'איז גאַרנישט געווען צו זען. אַבראַשע האָט זיך נידעריקער אַראָפּ־געלאָזט. דער וויַיזער אויפן ציפערבלאַט האָט געשלונגען טויזנטער, און אַז ער האָט דערגרייכט פינף טויזנט פוס, האָט פון וואַלד אַ פלעמל זיך אַ צינד געטאָן, באַלד אַ צווייטס.

אַבראַשע און קאָליע האָבן אָפּגעאָטעמט.

— דער ווינט בלאָזט, דאַכט זיך, צו מערב צו? — האָט אַבראַשע גע־פרעגט, נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער און האָט אַ דריי געטאָן דעם עראָפּלאַן קעגן ווינט, צו מזרח צו.

ער האָט אָפּגעשטעלט דעם מאָטאָר.

פון דער פּלוצלינגדיקער שטילקייט זיַינען די אויערן געוואָרן טויב. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן אַ וויַיל. באַלד האָט זיך געהערט ווי דער רעגן לויפט אי־בערן עראָפּלאַן, קלאַפּט מיט קינדערשע טריטלעך. און דער עראָפּלאַן, ווי אַ ריזיקער פויגל מיט צעשפּרייטע פליגל, האָט זיך געגליטשט צווישן רעגן און פינצטערניש. פון אימפּעט אַ לויף געטאָן איבערן וואַלדאויסהאַק און איז געבליבן שטיין אָן אָטעם.

טירלעך האָבן זיך געעפנט. חברשע הענט האָבן זיך געדריקט און אַז פּאַרטיזאַנער האָבן גענומען אויסלאָדענען דעם עראָפּלאַן, האָט אַבראַשע אַ נעם געטאָן אָן אַ זיַיט דאווידן, וואָס האָט געוווינט אויפן פּאָדאָל אַ טיר אי־בער אַ טיר מיט אַבראַשען.

— דער, טאַטע הענגט נאָך?

— ער הענגט נאָך.

— איך וויל אים אַראָפּנעמען.

— איך וועל גיין מיט דיר.

און אַז ביידע האָבן זיך איבערגעטאָן, געהאַט מיט זיך דערלויבענישן אויף דיַיטש, אַז זיי גייען אויף נאַכטאַרבעט, האָט אַבראַשע אַרומגענומען קאָליען:

— אויב איך וועל ביז פיר אַזייגער נישט זיַין צוריק, זעץ זיך אַריַין אי־נעם עראָפּלאַן און פלי אַוועק.

זיי האָבן זיך צעקושט.

## ג.

דאָס קלאַפּן פון דעם רעגן אין די ביימער, אין די צוויַיגן, האָט אַריַינ־געזאַפּט אין זיך די אַרומיקע קולות. ס'איז שווער געווען אויפצוכאַפּן וואָס עס טוט זיך אַרום. און אין די אויערן איז געשטאַנען ס'רויש פון וואַסער. פון מאָל צו מאָל האָט אַ קראָ זיך צקראַקעט. זיי זיַינען געגאַנגען מיטן וואַלד אי־בער אַ שעה, געגאַנגען און כמעט געשוויגן. דערנאָך זיַינען זיי אַרויס אויף אַ זיַיטיקן וועג, אויסגעזעצט פון ביידע זיַיטן מיט קאַשטאַנביימער.

די נאַכט, אַ צעלעכצטע, אַ צעוויינטע, איז פול געווען מיטן קאַפּען פון רעגן.

— נאָך ווײַט? — האָט אַבראַשע געפרעגט.

— ניין, — האָט דאַוויד געענטפערט. — אָט איז דאָס בית-עולם.

ס'האָבן זיך געהערט טריט. עמיצער האָט אַ געשריי געטאָן:

— האַלט! — און צוגעגעבן אויף רוסיש: — שטוי!

אַ דײַטשישער זעלנער, מיט אַן אָנגעשטעלטער ביקס צום שיסן, האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ צוואַנציק טריט פון זיי.

— וווּהין גייט איר?

— אויף נאַכטאַרבעט.

— ווו איז אײַער „פּראָפּוסק”?

— אָט איז ער — האָט דאַוויד אים אַרויסגענומען פון דער אויבערשטער רעקל-קעשענע.

— שטעך אָן דער „פּראָפּוסק” אויפן שפּיץ פון מײַן באַגנעט.

און ווי דאַוויד איז צוגעגאַנגען צום זעלנער און מיט דער רעכטער האַנט אַרויפגעשטאָכן ס'פּאַפּירל אויפן באַגנעט, האָט ער מיט דער לינקער האַנט אַ זעץ געטאָן איבער דער ביקס. ס'איז געווען אַזוי אומדערוואַרט, אַז דער דײַטש האָט פאַרלוירן דאָס גלײַכגעוויכט. אין דער זעלבער רגע האָט אַבראַשע זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן דײַטש. און ווי ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן האָט ער זיך געיישובט צי ער זאָל דעם דײַטש דערשיסן, צי דערשטיקן. פון פרייד און גבורה האָט ער געוואָלט בילן ווי אַ הונט, וואָיען ווי אַ וואָלף. דאָס אַלץ האָט געדויערט ווייניקער ווי אַ סעקונדע. ער האָט אַליין נישט געוווּסט ווען ער האָט געהאַט אַרויסגעכאַפּט דאָס יעגער-מעסער פון דער כאָליעווע און עס אַרײַנגעשטעקט זיך צווישן די ציין. אַזוי איז ער געלעגן אויפן דײַטש, אים געקוקט אין די קאַלטע, שטאַלענע אויגן. דערנאָך האָט ער אַ צי געטאָן מיטן מעסער, איבערגעשניטן בײַם דײַטש דעם האַלדז פון רעכטן אויער ביז דעם לינקן און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— דאָס האָב איך, דער ייִד אַבראַשע, נקמה גענומען פאַר מײַן טאַטן.

אַבראַשע און דאַוויד האָבן געשפּרײַזט מיטן טויטן דײַטש איבער קיִע-ווער בית-עולם. זיי האָבן געשפּרײַזט איבער די צעוויקטע קברים.

דער רעגן איז געוואָרן שטאַרקער, געפאַלן איבער די מצבות מיט אַ פּאַטשערײַ.

אַבראַשע האָט אַראָפּגענומען דעם טאַטן פון בוים און אויף אים אויפגע-האַנגען דעם דײַטש.

געבויגענע האָבן ביידע, אַבראַשע און דאַוויד, געטראָגן דעם מת אין וואַלד אַרײַן.

אַ שטיק פֿאַר פֿיר איז אַבראַשע, אַן אָנגעפּעלצטער, שוין געזעסן אין עראָפּלאַן הינטערן האַלבן ראָד. לעבן אים קאָליע.

די מאָטאָרן האָבן געסאַפּעט. דער וויַיזער אויפֿן ציפֿערבלאַט האָט זיך געהויבן: פֿינף טויזנט, צען טויזנט, פֿופֿצן טויזנט. קאָליע, אַ צעשטראַלטער, האָט געהויבן מיט דער האַנט. געהייסן האָט עס:

— אַבראַשע, האַרציקער אַבראַשע, העכער, הייב זיך העכער.

ס'פּנים ביַי אַבראַשען האָט אויפֿגעלויכטן.

די נאַכט איז אַנטקעגנגעריטן אין אַן עראָפּלאַן פֿינף און צוואַנציק טויזנט פֿוס איבער דער ערד.

# אינהאַלט

## שלום עליכם



## י. ל. פּרץ



## יעקב דינעזאָן

## אברהם רייזען



## חיים־נחמן ביאַליק



## מאָרים ראָזענפעלד

## שמעון־שמואל פרוג



לידער פון ש. ש. פרוג:



## שלום אַש



## יוסף אָפּאַטאָשו